מרדכי שטריגלער

# אינזלען אויף דער ערד

נאָוועלן

פאַרלאַג אידישער קעמפער

תשי״ז ניו-יאָרק 1957

# א י נ ה אַ ל ט :

***

די זעקס נאָוועלן אין בוך זיינען נישט צופעליק אונטער איין דאַך. אַנדערש לויט דער טעמאַטיק, געשטאַלטן און סביבה — זיינען זיי אָבער צווישן זיך נאָענטע משפחה. עס פֿעדעמט זיי צונויף די אינערלעכע איינזאַמקייט פֿון זייערע העלדן.

„אינזלען אויף דער ערד" — ווייל אומעטום האָב איך זיי באַגעגנט, געזען ווי זיי זיינען ארומגענומען פֿון אייגענעם אומעט און ארומגערינגלט פֿון אייגענעם קול.

צו דער זעלבער נאָוועלן־משפחה וועט אויך געהערן אַ צווייטער באַנד, וואָס נעמט אַרום אַנדערע יידישע ווינקלען און יחידים.

קען זיין, אַז זיי פּרעטענדירן טיילווייז אויף דאָקומענטיק נישט ווייניקער ווי אויף ליטעראַטור. בכל אופן איז דער רוקנביין געבאָרגט ביי אַלערליי אָנבאַגעגנטע ווירקלעכקייטן.

צום סוף — עפּעס פּערזענלעכס: דאָס דאָזיקע בוך עפנט דעם צווייטן צענדליק פֿון מיינע ביכער אין יידיש. ביים גאַנצן יאוש, וואָס באַפאַלט היינט דעם יידישן שרייבער, איז עס אַ שטילע טרייסט־סטאַציע. בין איך דאַנקבאַר מיין פּען־וואַרשטאַט, דעם פֿאַרלאַג „אידישער קעמפער", פֿאַרן דערמעגלעכן די דאָזיקע התחלה.

# דער גרוס איז אָפגעגעבן געוואָרן

.1

ווי נאָר די רויטע אַרמיי האָט זיך גענומען צוריקציען צום טייך בוג, האָט אַ האַלב שטעטל געפּאַקט די זאַכן. ווען די דייטשן זיינען צום צווייטן מאָל אַריין קיין שיטאַניעץ האָבן זיי שוין אָנגעטראָפן האַלבליידיקע גאַסן און הויפנס ברוכוואַרג ביי יעדער הויז. דערפאַר זיינען עטלעכע ווערמאַכט־אָפיצירן אַרומגעגאַנגען מיט ברוגזע פנימער פון טיר צו טיר: דאָ האָבן געוואוינט יודען, דאָנערוועטער!

נאָך ביי זייער ערשטן אַריינמאַרש קיין שיטאַניעץ האָבן זיי געהאַט אַ גענויעם פּלאַן, וויפל קאָנטריבוציע די דאָרטיקע יידן דאַרפן צאָלן. כמעט יעדער דייטש, וואָס איז מיטגעשלעפּט געוואָרן צום „אָסטן" האָט געהאַט אַ פעטן חלום וועגן פולע שטעט מיט יידן, וואָס גיבן אַוועק דאָס לעצטע פאַר אַביסל דייטשן חסד. צום סוף גאָר — אַזויפיל ליידיקע הייזער! זיי זיינען ערשט אויפגעהייטערט געוואָרן, ווען עטלעכע פוילישע יינגלעך האָבן זיך חניפהדיק געריבן ביי זייערע שטיוול מיט שטאַמלדיקע וואונקען: אָט דאָרט... אין יענעם הויז וואוינען יודען...

אייניקע פון זיי האָבן די ערשטע מינוט געוואָלט אָפּטרייבן פון זיך די ברודיקע מוסרימלעך. ווער ווייסט, אויב זיי קענען נישט פאַרנאַרן אין אַ פינסטער הויז און אַריינזעצן אַ מעסער אין רוקן. דאָך האָבן זיי נישט געקענט גובר זיין די הנאה: הייסט עס, אַז עס איז געבליבן אַ יידיש הויז אין שטעטל! און וויבאַלד עס איז נאָר פאַראַן איינער, מוזן שוין צו אים קלעפּן אַ סך אַנדערע. יידן קענען נאָר בלייבן אין אַ פולער נעסט. האָבן זיי זיך געלאָזט פירן איבער יידישע הייזער מיט געלאַדענע רעוואָלווערן, אַרומגעקוקט זיך איבער אַלע ווינקעלעך און געפּאַרשט די דערשראָקענע פנימער. זיי האָבן תחילת אַליין נישט געוואוסט וואָס צו טאָן: דערשיסן אָדער לאָזן אויף שפּעטער? פון גרויס צערודערטקייט האָבן זיי אַ כאַפּ געטאָן אַ בינטל זאַכן און אַרויסגעשליידערט דורכן פענסטער. די פאַרזאַמלטע פּאָליאַקן האָבן געיובלט און אויפגעכאַפּט די פליענדיקע זאַכן מיט גיריקע הענט. דערנאָך האָבן די דייטשן אַוועקגעשפּרייזט מיט צופרידענע פנימער צו די קאַזאַרמעס.

דער ווינטער האָט זיך דאָס יאָר געשטעלט אַ פריער און אַ טרוקענער. עס איז נאָך געווען אַ מורא צו לאָזן זיך אין די באַוואָפנטע וועל־

דער נאָך האָלץ. די פּאָליאַקן פון שיטאַניעץ האָבן זיך דערפאַר גענומען באַצייטנס צום רייסן געהילץ פון די ליידיקע, יידישע דירות. דייטשע זעלנער האָבן רואיק צוגעזען, וויאַזוי זיי צעהאַקן די דעכער און לייגן איין די ווענט. דאָס איז געווען דער אמתער סיגנאַל, אַז איצט איז אַלץ הפקר. עס האָט אויסגעזען, אַז פּאַר יידן שטעלן זיך אָפּ אַלע מענטש־לעכע געזעצן. צומערשט דאַרף מען נאָר אויספּרואוון די העזה אויף טויטע חפצים און דערנאָך וועט מען זיך שוין קענען נעמען צום בינטל לעבעדיקע. דערפאַר האָבן זיך אויפן צווייטן טאָג באַוויזן מער בעלנים אויף יידישן געהילץ און בעטגעוואַנט. אפילו דאָרפישע איינוואוינער האָבן מיט תמימותדיקער פּאַרביסנקייט גענומען ציען אין שטאָט אַריין אויף גרייטע פורלעך און געבישטערט אין די איבערגעלאָזטע הייזער. אויך אַ מחנה אַלטיטשקע באַבעשיס האָבן זיך געשלעפּט מיט אָנגעלאָ־דענע זעק און עטלעכע העפּלעכע זעלנער האָבן מיט טרויעריקע מינעס זיי געהאָלפן נעמען די שווערע משאות אויף די ביינערדיקע פּלייצעס.

ערשט אין איינעם פון די שפּעטערדיקע טעג האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט די פּאָליאַקן גאָר איבעראַשט. עפּעס אַ לייטענאַנט איז פאַרבייגעגאַנגען אַ יידיש הויז און געזען ווי אַ יינג שייגעצל רייסט די ווענט. דער דייטשער אָפיציר האָט זיך אַ רגע צוגעקוקט בייגעריק צום שפּיל, אפילו אַ שמייכל געטאָן. דערנאָך האָט ער געמיטלעך אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און אַריינגעיאָגט דעם יינגל אַ קויל אין קאָפּ. שפּעטער האָבן זיך געהערט ענלעכע שיסערייען אין אַלע שטאָט־ווינקלען. עטלעכע פּאָליאַקן מיט אָנגעלאָדענע זעק זיינען גע־לעגן מיט אויפגעריסענע, פאַרוואונדערטע אויגן צום הימל.

אין אַזעלכע מינוטן איז שוין די פּוילישע האַלאָטע גרייט געווען צו גלויבן די אויסטערלישסטע שמועות. עפּעס האָבן זיי פּלוצים דערזען גאָר אַן אַנדער „היטלער" ווי זיי האָבן געמיינט. ווער ווייסט, אויב די יידן אַליין האָבן זיך נישט פאַרשטעלט אין דייטשע מונדירן. זיי האָבן זיך דערפאַר בלויז פרום איבערגעצלמ'ט און זיך צעלאָפן. ערשט ווען דער אַפּטייקער יאַניצקי האָט איבערגעלייענט די פרישע פּלאַקאַטן, וואָס זיינען צעקלעפּט געוואָרן אויף אַלע ווענט, האָבן זיי עס אָנגעהויבן באַנעמען אויף זייער שטייגער: דער דייטש וויל אַלץ פאַר זיך. די מלחמה קאָסט זיי געגוג, און זיי ווילן זיך אויסשלאָגן די הוצאות. זיי ווילן ווערן די יידישע יורשים און מער טאָר קיינער נישט געניסן... אַזויווי דאָס וואָלט אויף זייער מיסט געוואַקסן! דערנאָך האָבן זיי געמוזט צוזען, וויאַזוי די דייטשן פאַנגען אַרויס פון אַלע לעכער די קליינע גנבים'לעך מיט פעקלעך יידיש האָב אונטערן אָרעם. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז בלויז געציילטע טעג איז יום־טוב. האָבן אַ טייל געזעצטע פּאָליאַקן מקנא געווען די הפקר־יינגען, וואָס האָבן שכל געהאַט אויסצו־נוצן די ערשטע בהלה.

עס האָט אויסגעזען, אַז די ערשטע פּראָפּאַגאַנדע האָט אָפּגענאַרט. פרישע פלאַקאַטן האָבן אָנגעזאָגט, אַז אויך פּאַר יידן וועלן איינגעפירט ספּעציעלע געזעצן. עפּעס ווערט געשאַפן אַ באַזונדער ראַט פאַר יידן — און ווי שווער דאָס זאָל זיי נישט טרעפן, וועט דער פּאָליאַק מוזן שטיין מיט אַן אַרויסגעשטרעקטער צונג. געזעצן פאַר יידן... דאָס איז עפּעס געוועזן אַזוי אויסטערליש, נאָך דער ערשט-צעפּלאָמטער הפקרות! מוז מען טאַקע גיין צו דער דייטשער קאָמאַנדאַ בעטן אַ דערלויבעניש אויפן מינדסטן יידישן חפץ? די דייטשע מעלדונגען האָבן אַלץ אָנגעזאָגט מיט זייער גראָב-בייכיקער און געדרייטער שריפט. דער קאָפּ פון יעדער פלאַקאַט איז באַוואַכט געוואָרן פון אַ שוואַרצן אָדלער מיט אַ האַקנקרייץ אין אַ ראָד... איז גלייכער מיט אים נישט צו פאַרטשעפּען. אַ סך פּאָליאַקן האָבן אָבער נישט באַהאַלטן זייער בייזן חשד. אין די שטובן האָבן זיי זיך פינסטער פאַרטראַכט און דורך האַלבע רייד געטרייסט זיך און די שכנים: מען קען גאָרנישט וויסן. מען מוז אָפּוואַרטן נאָך אַ שטיקל צייט, ביז די אמתע דייטשן וועלן קומען. דערווייל זיינען עס בלויז די ערשטע... און די ערשטע דייטשן איז אוממעגלעך געווען צו פאַרשטיין.

.2

ווער עס האָט געגעבן דעם גראָבן לאַנדראַט די ערשטע ליסטע פון געבליבענע יידן, האָט קיינער נישט געוואוסט. דאָך האָבן אַלע געהערט, וויאַזוי מען האָט אַרויסגערופן עטלעכע אַמאָליקע ראַטמענער און זיי באַפעלעריש אָנגעזאָגט: איר זיינט די יידישע פאָרשטייער. מיט אייך וועלן מיר שטיין אין קאָנטאַקט... איר קענט שוין גיין!

די פּאָר מענטשן האָבן אַליין נישט געוואוסט, אויב זיי דאַרפן זיך דערמיט פרייען אָדער שרעקן. די האַרבקייט פון די קורצע דיבורים האָט קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט. דאָך איז עס געווען אַ בשורה, אַז אַ שטיקל סדר גייט דאָ פּאָרט איינגעפירט ווערן. מען וועט קענען ריידן, פאַרהאַנדלען מיט דער מאַכט און דאָרט וואו די צונג קען אַריינדרינגען ווערט די מורא קלענער. זיי האָבן זיך דערפאַר הכנעהדיק פאַרנויגט און אַרויסגעגאַנגען. וואָס זיי וועלן דאַרפן טאָן געגנוי האָט קיינער נישט געוואוסט. ערשט פאַרטאָג איז עס איינעם פון זיי קלאָר געוואָרן. אַ הויכער זעלנער מיט אַ סקעלעט אויפן היטל איז צו אים האַסטיק אַריינגעפאַלן און געמאָלדן: דער קאָמענדאַנט וויל צוויי קילאָ גאָלד ביז פאַרנאַכט...

דערנאָך האָט מען געמאַכט אַן אַסיפה. מען האָט שוין געוואוסט וועגן וואָס צו שמועסן און ביי וועמען מען דאַרף פאַרלאַנגען געלט. דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן קענען נישט דאָס וואָרט „געגנוג". איין טאָג האָבן זיי געפאָדערט פופציק צימערן ניי מעבל פאַר דייטשע אָפיצירן און אַ צווייטן טאָג האָט מען זיי געמוזט ברענגען 25 קילאָ עכטע קאַפע. די אַרבעט פון די פאָרשטייער איז שוין קלאָר גע-

וואָרן פון זיך אַליין. עס האָט נאָך געהאַלטן ווייט דערפון, אַז מען זאָל זיך קענען אַוועקזעצן מיט די דייטשן און שמועסן. יעדע פּאַדערונג איז באַגלייט געוואָרן מיט נאַגייקע־קלעפּ און אַ געלאָדענעם רעוואָלווער. מען האָט געדאַרפט האָבן אייזערנע נערוון און געדולד. דערווייל איז נאָך מעגלעך געווען נאָכצוגעבן אַלע זייערע פאַרלאַנגען. אין די נעכט זיינען די פאָרשטייער געזעסן אין יודנראַט, געמאַכט ליסטעס פון רייך און אָרעם, געציילט די קעפּ און דאָס פאַרמעגן — אַבי אָפּצושרייען די גזירות אויף נאָך אַ מעת לעת.

די שענסטע גאַסן זיינען באַזעצט געוואָרן פון דייטשע אונטעראָפיצירן און לייטענאַנטן. די יידישע איינוואוינער האָבן באַקומען עטלעכע מינוט צייט צו פאַרלאָזן זייערע דירות. זיינען די פאַרלאָזטע הייזער, מיט אויסגעריסענע טיר און פענסטער, באַלד באַזעצט געוואָרן, כאָטש עס האָט שוין געהאַלטן אין מיטן פון פרידיקן אָקטאָבער. דעם הויכן אונטערשטורמבאַנפירער פענקאָווסקי האָט דאָס נאָך אַלץ נישט צופרידנגעשטעלט: נישט צעלייגן זיך ברייט אין די דירות! עס וועלן דאָ קומען נאָך יידן... מוז דאָ ענג ווערן ווי אין אַ פּוילישער הינערשטייג. פאַרשטאַנען?

און מכלומרשט־פאַרזאָרגט האָט ער צוגעגעבן: קיין האָלץ אָדער קוילן וועלן יידן נישט באַקומען. מוזט איר אייך כאָטש מאַכן וואַרעמער דורך ענגשאַפט...

אין שטעטל האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די דייטשן האָבן שוין אַ געניטעם פּלאַן וועגן יידן. פון דער גאַנצער לובלינער געגנט וועט מען אַרויסטרייבן די פּאָליאַקן און אוקראַינער. אַהער וועט מען ברענגען אַ סך יידן פון פאַרשידענע לענדער און מאַכן אַ יידישע טעריטאָריע. דערפאַר וועט דאָ אַפילו קיין פערד־שטאַל נישט בלייבן אָן מענטשן. די אַלע קלאַנגען האָבן אויסגעזען נאָענט צום אמת. ווי נאָר דער ווינטער האָט זיך צעבושעוועט און די שנייען האָבן באַדעקט די געסלעך איז געקומען דער ערשטער גרוס: אַ באַן מיט יידן האָט זיך געשטעלט אויף דער סטאַציע. זיי זיינען באַוואַכט פון ס.א.־מענער אין שוואַרצע מונדירן... דערנאָך האָט זיך געצויגן איבערן שטעטל אַ לאַנגע פּראָצעסיע פון האַלב־געפרוירענע יידן און אַ מיטגליד פון יודנראַט האָט זיי פאַרטיילט צווישן אַלט־איינגעזעסענע משפחות. נאָכן ערשטן צוג איז געקומען אַ צווייטער, אַ דריטער. די אַרויסגעטריבענע האָבן דערציילט מיט דערשראָקענע שטימען: מען טרייבט... די דייטשן יאָגן אַרויס פון לאָדזש און פון קויל, פון וולאָצלאַוועק און פון קראָקע. עטלעכע טויזנט יידן זיינען אָנגעטריבן געוואָרן אינעם קליינעם שיטאַניעץ. צומערשט זיינען עס געווען בלויז פּוילישע. דערנאָך האָבן די פאַרשנייטע באַנען זיי געברענגט פון דייטשלאַנד און עסטרייך, טשעכישן פּראָטעקטאָראַט און סודעטן. אַפילו קוילן־קאַמערן און הינער־שטייגן

האָבן אָנגעהויבן שפּירן דעם מענטשלעכן אָטעם צווישן זייערע ווענט. די חרובסטע הייזלעך האָבן זינט זייער לעבן נישט געהאַט אַזאַ חשיבות.

עס האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען צו די רעגיסטראַציעס אין יודנראַט: מען האָט פאַרשריבן די סומעס געלט וואָס יידן פאַרמאָגן, מען האָט געפירט אַ שטילן חשבון וויפל גאָלד און וואַלוטע עס באַהאַלט זיך נאָך אין געטאָ, מען האָט אויך איינגעשריבן יעדער קוואַדראַט־מעטער דירה, וואָס געהערט צום יידישן שטח. וואו נאָר מען האָט גע־קענט, האָט מען אַריינגעזעצט אַ משפּחה און יידן האָבן זיך צונויפגע־דריקט בשתיקה, אָן דער מינדסטער תרעומת. די ענגשאַפט איז גע־וואָרן נאַטירלעך ווי גורל און לופט.

די פּאָר פאַרהאַוועטע סעקרעטאַרן פון יודנראַט האָבן עטלעכע מאָל געמוזט איבערפרעגן יעדן איינעם, אויב ער וועט זיך אַליין קענען אויס־האַלטן אָדער מוזן נעמען שטיצע. ס'איז זייער וויכטיק צו וויסן, נישט בלויז צוליב סטאַטיסטיק. אַנדערע האָבן אַפילו צוגעגעבן מיט אַ שטיל קול: ס'איז גלייכער אַז איר זאָלט אייך מעלדן ווי זעלבסטשטענדיק... זאָגט אויס דעם אמת, ווייל דער באַפעל הייסט מאַכן צוויי באַזונדערע ליסטעס. טייל האָבן זיך דערשראָקן פאַר אַזאַ שטילער דראָאונג. אַנ־דערע האָבן עס אָבער אויפגענומען מיט חשד'יקן הפקר: זיי כיטרעווען, די יודענראַטלער! זיי ווילן זיך לייכטער מאַכן און נישט דאַרפן טראָגן אַזויפיל מענטשן אויפן קאָפּ... ס'וועט זיי בלייבן ווייניקער...

און די ליסטע פון די נויטבאַדערפטיקע האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן.

.3

דאָס אַלט־איינגעפונדעוועטע שיטאַניעץ האָט ראַפּטום פאַרלוירן דאָס היימישע פּנים. איבער די געסלעך האָבן זיך אַרומגעדרייט מענטשן, וואָס האָבן איינס דאָס אַנדערע נישט געקענט. אַ סך פון זיי האָבן באַלד אין אָנהויב געמוזט זוכן איבעם פרעמדן ים אַ שטיקל פאַרדינסט, מיט וואָס איבערצולעבן דעם טאָג. עס איז אַפילו געווען אַ מורא עמעצן צו פאַרקויפן דאָס לעצט־באַהאַלטענע פאַרמעגן. דאָס מינדסטע איז איצט געווען אומלעגאַל און די דייטשן האָבן שוין פאַרזייט אַלע געסלעך מיט זייערע אונטערטראָגער. זיינען הונדערטער אַרומגעגאַנגען מיט פאַר־לאָפענע בליקן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעקוקט תחנונים און צאָרן. דאָס יידישע וועלטל, וואָס איז אַריינגעקוועטשט געוואָרן אין עטלעכע געסלעך, האָט זיך גענומען שפּאַלטן אין צווייען.

עטלעכע ריר־עווודיקע מענטשן מיט גאָט אין האַרץ, האָבן ערגעצוואו אויפגעזוכט אַן אויסגעדינטן, מיליטערישן קעסל אויף רעדער. זיי האָבן אים אַוועקגעשלעפּט צו דער געביידע פון יודנראַט, אים אויסגעריבן און אויסגעשייערט. דערנאָך האָבן זיי זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער שטאָט,

צונויפגעזאַמלט אַביסל געלט און פּראָדוקטן. נאָך איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, זיינען צוויי פון זיי געשטאַנען ביים קעסל, אונטערגעלייגט אַ פריילעך פייערל אונטערן געפרוירענעם הימל און גענומען קאָכן שיטערע קאַרטאָפל־גריץ. זיי האָבן ביי קיינעם נישט געפרעגט, אויב ער פאַרמאָגט עפּעס אָדער נישט. ער האָט בלויז געדאַרפט זיך פאַר־שרייבן אין יודנראַט, באַקומען אַ צעטל און זיך שטעלן אין דער ריי.

מער האָט שוין דאָס קעסל פון קיין רו ניט געוואוסט. טויזנטער ניי־געקומענע האָבן שוין געוואָרט פונעם בלויעם פרימאָרגן אָן אויפן ביסל וואַרעמס. דער האַרבער ווינטער האָט די מענטשן אַרויסגעטריבן פון די לעכער. האַלץ איז געווען טייער, קוילן זעלטן און נישט יעדער האָט געהאַט פאַרוואָס צו קאָכן. און ווען יאָ — האָט נישט יעדער זיך גע־קענט צובאַקומען צו די ליימענע קיכלעך אָדער געוואוסט, וויאַזוי מיט זיי אומצוגיין. זיינען גאַנצע משפּחות געשטאַנען אין דער ריי מיט די אויסגעשייערטע בלעכלעך, ביז מען וועט זיך צורוקן צום קעסל. עס האָבן זיך דאָ געבליכט די באַקן פון נעכטיקע ישיבה־עילויים, ביי וועמען דאָס פּנים האָט נאָך געבענקט צו די געקרייזלטע פּיאות. דאָ זיינען גע־שטאַנען דינע כלה־מיידלעך מיט ציטערדיקע הענט פון לאַנגן פאַסטן, הגם די סאַמעטענע חופּה האָט אויף זיי נישט געוואָרט. עס האָבן זיך גע־דריקט אין דער ריי נעכטיקע סוחרים און פאַרקלערטע וויסנשאַפטלער, ביי וועמען דער אויסזען האָט נאָך נישט שלום געמאַכט מיט דער אומ־זיכערקייט פאַרן ביסן. זייער בליק האָט דערציילט, אַז זיי וואַרטן דאָ נאָר איבער עפּעס אַ טעות. דערנאָך וועלן זיי זיך ווידער אומקערן צו זייערע באַקוועמע דירות און קאַבינעטן. אָבער דער ווינטער, דער פראָסט מיטן הונגער האָבן זיך פינסטער איינגעטוליעט אין זייערע גלידער. האָט זייער מאָגער געשטאַלט ביסלעכוויז גענומען שרייען מיט אַ יאוש, נישט בלויז צו דער וואַסערדיקער זופּ, וואָס האָט זיך יחסנ׳דיק געבלאָזן צו דער הויך.

די אינטעליגענטע סילועטן האָט מען דערקענט פון ווי ווייט. זיי האָבן אויסגעזען אָפּגעריסענער און פאַרלוירענער פון אַנדערע. אָבער אויך אין זייער פאַרפאַלנקייט האָט זיך דער חן פון אַ זעלטענעם שטאַם אויסגעגליט צום לעצטן מאָל פאַר גסיסה. דער קהל׳ישער קעסל איז געוואָרן דער גרויסער ענטפער אויף גאָר אַ סך פראַגעס. אָבער די לויות אין שטעטל האָבן זיך סיווי געמערט מיט יעדער נייעם טאָג.

## .4

דער פאָרזיצער פונעם יודנראַט, עזריאל זאַלץ האָט זיך דערוואָרט אויף זיין צייט. זינט ער האָט אָנגעהויבן זיין לעבן ווי אַ שניידער־געזעל האָט ער חשק געהאַט צו זיין אַ גרויסער מענטש. אין וואָס זיין גרויסקייט דאַרף באַשטיין האָט ער נאָך אַליין נישט געוואוסט, ביז דאָס לעבן האָט אים געעפנט די אויגן. זיין שניידערישער ווערקשטעל איז ביסלעכוויז

אַריין אין דער מאָדע. ער איז געווען פון די ווייניקע יידן, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דאַמען־שניידעריי. פאָרן אויפנייען אַ קליידל ביי זאַלצן זיינען די פרויען פון קריסטלעכע באַאַמטע גרייט געווען צו צאָלן אַלע פרייזן. דורך דעם האָט ער זיך געשאַפן גוטע קאָנטאַקטן אויף יענער זייט פון די יידישע געסלעך. האָט ער זיך גענומען קליידן שיין, לייענען אַ פוילישע צייטונג און שפּילן אין קאָרטן מיט די העכערע פונקציאָנאַרן.

עס האָבן זיך אָנגערוקט די צייטן פון פוילישע גזירות און עזריאל האָט געקענט אָנקלאַפּן אין טירן, וואָס זיינען פאַר אַנדערע געשלאָסן. דערפאַר איז נישט מעגלעך געווען צו פאַרגעסן אים ביי פאַרשידענע שטאָט־וואַלן. ער איז געוואָרן דאָזאָר אין דער יידישער קהילה און ראַטמאַן אין דער שטאָטישער פאַרוואַלטונג. ער האָט שוין מער נישט געדאַרפט האַלטן די שער אין די אייגענע הענט. דאָס האָט ער געלאָזט פאַר זיינע געזעלן. ער גופא האָט בלויז אַרומשפּאַצירט איבער די רייַ־נערע געסלעך, געצויגן עלעגאַנט דעם הוט פאַר פוילישע דאַמען און קיינער האָט רעכט נישט געוואוסט, זינט ווען זאַלץ איז געוואָרן פון די העכסטע פיגורן אין שיטאַניעץ.

זיין טאָכטער, לייקע, האָט שוין נישט באַוויזן צו ווערן אַזאַ איינ־טעליגענטקע ווי דער פאָטער האָט געוואָלט. זי האָט בלויז אַריינגע־כאַפּט די פאָלקסשול און אַ גוטן פויליש. דערנאָך איז זי אַוועק אַרבעטן אינעם איינציקן שיינהייטס־סאַלאָן פון שטעטל. זי איז געווען אַ גוט־מוטיק, צעלאָזט מיידל און דעם פאָטערס פּלענער זיינען זי ווייניק אָנ־געגאַנגען. האָט זאַלץ אַריבערגעטראָגן אַלע זיינע חלומות צום בן יחיד זיינעם, קובוש. יענער האָט זיך שוין קליינערהייט געוואָרפן מיט אייפער צום שטודירן אין דער פוילישער גימנאַזיע. מיט אַלע כוחות האָט ער זיך באַמיט צו חברן מיט די פוילישע ייִנגלעך פון די חשובסטע הייזער. דאָס איז אים אויך געלונגען. דעם טאַטנס טאַשן־געלט און דאָס אייגענע, געשליפענע מויל האָבן אים לייכטער געמאַכט דעם וועג. ווען ער איז שוין גרייט געווען, נאָך מאַטורע, צו פאָרן שטודירן קיין וואַרשע האָט דאָס שטעטל וועגן אים געהאַט אַ סך נייעס. מען האָט שטילערהייט גע־שמועסט, אַז דעם סאַמאָראָדנע סטאַראָסטעס טאָכטער וואַרט אים אָפּ אין די פאַרנאַכטן.

קובוש אַליין האָט זיך ווייניק געטראָפן מיט יידישע בחורים און מיידלעך. מען האָט געשמועסט, אַז אין דער גרויסער אוניווערזיטעט־שטאָט קען ער געבן אַ בייט דאָס רענדל אָן אַ פּינטל מיטן אויג. ער האָט זיך אַרומגעפירט מיט די פּריצישע זינדלעך, אַזוי ווי זייערס גלייכן און זאַלצן גופא האָט עס נישט ווייניק הנאה געטאָן. ער איז שוין געווען אַ לאַווניק אין מאַגיסטראַט און אידן האָבן געדאַרפט זיין טובה. האָט ער ווייניק געפרעגט נאָך זייערע כעס'ן און רכילותן. סייווי האָבן זיי אים געמוזט חנפ'ענען.

קובוש איז איצט געוואָרן דער צווייטער טייל פון זיין אייגן לעבן, וואָס ער האָט נישט געקענט דערגרייכן. ער האָט צוגעהאָלפן יאַדוויגאַן, דעם סטאַראָסטעס טעכטערל, אין די לעקציעס און פיינע פוילישע הימען האָבן אים גערן פאַרבעטן. עזריאלן איז אַפילו געפעלן, וואָס קובוש גייט זיך לערנען שיסן אויפן שטאָטישן שיס־פּלאַץ צוזאַמען מיט די ייִנגלעך, וואָס גרייטן זיך צו ווערן פוילישע אָפיצירן. דערנאָך איז אַלץ געשען אַזוי פּלוצים און אומגעריכט. אין אַ גאָלדענעם פאַרנאַכט איז מען געקומען אָנזאָגן זאַלצן, אַז ער זאָל קומען אָוועקנעמען זיין זון. עפּעס אַ פאַרבלאָנדזשעטע קויל האָט אים געטראָפן...

וויאַזוי דאָס איז געשען האָט שוין זאַלץ קיינמאָל נישט געקענט וויסן, כאָטש די פוילישע פּאָליציי האָט געהאַלטן אין איין פאָרשן. ס׳איז געווען 1937 און אַ סך פון דער פוילישער יוגנט האָבן שוין פאַראַדירט מיט די גרין־אַנטיסעמיטישע נאַראַ־העמדלעך. מער איז נישט געווען וואָס צו פרעגן. די אויספאָרשונג האָט בלויז געוואוסט: קובוש איז אַוועק אויסגלייכן דאָס ציל־ברעטל, גראָד דאַן ווען עמיצער האָט אויס־געשאָסן. מען ווייסט נישט גענוי ווער, ווייל עטלעכע שילער האָבן דאַן געהאַלטן ביקסן אין די הענט. אויך יאַדוויגאַס ברודער. זאַלץ האָט באַין אופן נישט געקענט צוגלייבן אַזאַ נאַרישקייט אויף זיין קלוגן בחור. נאָר וואָס האָט עס אים געקענט העלפן?

קובוש׳ס צווויי קאָלעגן, וואָס האָבן אים יענעם פאַרנאַכט געשלעפּט צום שיס־פּלאַץ, זיינען ווייטער אַרומגעגאַנגען אויף דער פריי. זיי האָבן ווייטער געפּלאַפּלט פריילעך מיט שיקסלעך אויף די טראָטואַרן און געשפּילט פוסבאָל אין דער ספּאָרט־דרוזשינע. ביי זאַלצן האָט זיך דאָס אָדערל פון חשד קעגן זיי קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו וואַרפן. אַלע יידן פון שטעטל האָבן — מיט אַ שטיקל נקמה — סיוּוּי געהאַט זייער אויסטייטש: דער סטאַראָסטעס טעכטערל, יאַדוויגאַ... נאָר די הכנעה זיינע צו פוילישע באַאַמטע האָט אים נישט געלאָזט דערפון טראַכטן. ער האָט ווייטער געשפּילט אין קאָרטן מיט זייערע עלטערן... און וויבאַלד זיי זיינען גראָד געווען אין שטוב, האָט ער זיי דערלאַנגט די האַנט מיטן טרויעריקן שמייכל פון שלעכט־געשפּילטן סענטימענט: זיין קובוש׳ס חברים! אָבער דאָס יונגע בערגל ערד אויף זיין אַכצן־יעריקן קובוש׳ס קבר האָט זיך געוואָרפן אונטער זיין פאַרשטיינערט האַרץ. עס האָט נישט געהאָלפן לייקע׳ס טראָגן אַהין יעדע וואָך פרישע בלומען און דעם סטראָסטעס פערזענלעכער בריוו פון מיטלייד. קובוש איז געווען זיין פאַרלענגערטער טראָט צו אַ ווייטער וועלט. איצט וועט ער שוין אַהין נישט דערגיין. וואָסזשע טויגן דאָ בייזע רייד, נאַרישע בלומען און פּאַפּירענע בריוו?

וואָס מער זאַלצן האָט זיך געגלוסט אַרומצולויפן און שרייען איבער די גאַסן, אַלץ מער האָט ער זיך געצווימט. נאָר שטילערהייט האָט ער

פּאָרט געבענקט צו עפּעס אַ צייט, ווען ער וועט קענען שלאָגן און ברעכן, באַפעלן און שיסן, אַפילו שיסן! די מחשבות האָבן אים אַזוי שטאַרק אָנגעשראָקן, אַז ער האָט זיך געגומען קהל׳ן מיט נאָך מער אייפער. ער האָט נאָך פאַרביסענער גענומען שפּילן אין קאָרטן מיט דער פּוילישער שליאַכטע און שיכורן גוטמוטיק מיט ווען עס האָט זיך געמאַכט. ער האָט באַצאָלט דערפאַר! און זייער וועלט האָט אויסגעזען אייזן־שטאַרק... קיינער וועט זי נישט בכח זיין אומצואוואַרפן.

.5

די וועלט האָט זיך פּלוצים אַ ריס געטאָן פון די קייטן און דאָס שטעטל איז אויף עטלעכע וואָכן פּוסט געוואָרן. אַ סך יידן זיינען אַנטלאָפן און טייל פון זיינע פּוילישע פריינט מיט אָנזען האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַנדערע געגנטן. בלויז זאַליץ האָט זיך נישט גערירט פונעם אָרט. אַ פאַרגעסן בערגל ערד און אַ באַהאַלטענער שאָס האָבן אים באַפוילן צו בלייבן. דערנאָך האָט אַ דייטש פּאַפּירל אים גערופן צום לאַנדראַט. נאָך איידער ער האָט עפּעס באַוויזן צו זאָגן, האָט ער געהערט: פאַר־זיצער פון די יודען־עלטסטע!... די ערשטע מינוט האָט ער אַליין נישט געוואוסט, וואָס דאָס מיינט. באַלד אָבער האָט אים דער דייטשער בליק אַלץ אויפגעקלערט. דאָס מיינט: מאַכט איבערן לעבן פון טויזנטער נפשות... מאַכט? זאַליץ האָט זיך געוויגט איבער די גאַסן און די ערשטע מינוט נישט געוואוסט, וואָס ער קען מיט איר טאָן. די ידיעה איז אָבער געלאָפן פאָרויס און געצויגן צו אים אַ סך בליקן. אויך די פּאָליאַקן האָבן לכתחילה געוואָלט זען, וויאַזוי עס קוקט אויס אַ פאַרשוין מיט דייטשע פולמאַכטן. איז אין אים אויפגעקומען, אַזויווי פון זיך אַליין, עפּעס אַ שניידיקע פרייד: אָט זיינען זיי דאָך דאָ!

די שויבן אין אַ סך הייזער האָבן אים דערמאָנט, וויאַזוי ער האָט צו טייל פּאָליאַקן געמוזט שמייכלען אונטערטעניק, לאַכן ווען אים האָט געעקבערט אין מח. אויך יענע, מיט וועלכע ער דאַרף מאַכן אַ פאַרגע־סענעם חשבון, זיינען דאָ! און ביי אים איז נאָך דער חשבון וואַך, לעבע־דיק און פול מיט יסורים. האָט ער טאַקע מאַכט? ווי גרויס איז זי? אויף וועמען קען ער זי אויסשפּרייטן? די דייטשן האָבן אים די מאָס נישט אַריינגעלייגט אין דער האַנט. ער מוז אַליין אויסטאַפּן איר קראַפט, אויסקאָמבינירן פון איר עפּעס אַ לייטיש מלבוש — אַזויווי פון אַ גע־פאַסט שטיקל שטאָף. דערפאַר האָט ער גענומען דאָס געטאָ מיט בייזער און טרוקענער באַפעלערישקייט. זיין קול איז געוואָרן גרעבער און הייזעריקער — און יעדער געווייין ביי זיין טיר האָט אים דערמאָנט אין עפּעס, וואָס האָט אים אָנגעצונדן.

זאַליץ האָט נישט געקענט בלייבן ביי זיין באַהאַלטענער הערשאַפט אין געטאָ. עס האָט אים געצויגן צו מענטשן, אַריינשפּרייזן צווישן זיי

ביז זיין גוף זאָל דראָענדיק אַריינקריכן אין יעדנס אויג. עס האָט אים אויך געצויגן אין די קריסטלעכע גאַסן, בעת ער האָט געשפּרייזט מיט געשטאַפּאָ־לייט און געטראָגן זייער מאַכט־שריפט אויפן אָרעם. וואָס ער האָט דערמיט געוואָלט דערגרייכן, האָט קיינער נישט געוואוסט. ער האָט בלויז געשכורט די אונטערטעניקע שמייכלען און זיינע אויגן האָבן גיריק אויפגעכאַפּט יעדע באַגריסונג, וואָס די פּוילישע גאַסן האָבן אים צוגעוואָרפן. דאָס האָט אים געגעבן כח אויסצוטראָגן אַלע בזיונות און קלעפּ, וואָס זיינע הערן האָבן אים דערלאַנגט אַפילו ווען זיי האָבן מיט אים געזופט פון איין פלאַש.

זיין הויפּט־כיבוד האָט ער אָבער נאָך אַלץ געקענט דערגרייכן אין יידישן געטאָ. דאָ האָבן אַלע געהאָנגען אינעם חסד פון זיין בליק. האָט ער באַנוצט אַלע איינפאַלן, בכדי דורך זיי אַרויסצוהויבן זיין מאַכט. ער האָט זיך אָנגעטון אין הויזן מיט פאַרקנעפּלטע קניען, וואָס האָבן זיך אַריינגעלאָזט אין שמאָלע רייט־שטיוול און איין גאָט ווייסט, וואו ער האָט זיך אויסגעלערנט האַלטן אַזוי געניט דעם גומי־שטעקן אין האַנט. זיינע פּעטע ליפּן האָבן עס קיינעם נישט געוואָלט דערציילן.

## 6.

לייקע זאַלץ איז געוואָרן אויס אָנדולאַציע־מיידל. איבער נאַכט איז אויף איר אַראָפּגעפאַלן דאָס געשטעל פון אַ געטאָ־פּרינצעסין. אירע ברוינע, גרויסע אויגן האָבן גענומען קוקן אויף אַלעמען מיט גליקלעך־קינדערישער פריילעכקייט. זי האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט, אַז אַלע וועלן איר אַזוי שטאַרק נאָכקוקן. בחורים פון דער אויסגערימטער אינטעליגענץ האָבן איצט הונגעריק געשמייכלט צו איר און גליקלעך געווען, אויב זי האָט איינעם דערלויבט צו באַגלייטן זי אַ שטיקל וועגס. איז זי גרייט געווען אַ קוש צו געבן דער צייט אין שטערן אַריין, פאַרן מאַכן אַזאַ איבערקערעניש.

זי איז נישט געווען קיין שיינע, לייקע. נאָך אין די יונגע יאָרן האָבן זיך איר געמאַכט בלעטערלעך אויפן פּנים, וואָס האָבן דערנאָך איבער־געלאָזט שוואַרצע, פלעקיקע גריבעלעך. איר הויט איז גיכער אַריינגע־פאַלן אין גרין, איידער אין אַנדערע קאָלירן. דערפאַר אָבער איז דאָס פּנים געווען פול און שטייף. די ליפּן האָבן זיך געפייכט אין רויטקייט און איבערגעווינקען זיך מיטן ברוינעם געשריי פון די אויגן. פון דער מגושמ׳דיקער פולקייט האָט גענומען אַרויסשלאָגן אַ ציענדיקע פאַר־שעמטקייט, וואָס די צעגראָבענע הויט פון פּנים האָט געהאַלטן אונטער אַ שלאָס. דער קערפּער אירער האָט זיך געשטרעקט הויך, געזונט און מיטגעריסן די פּעטלעכע לייביקייט. ביים גיין האָט ער זיך אַזויווי איינ־געצויגן און געוויגט איבער דער ערד.

בלויז אין פּשוטע טעג פון פּשוטע יאָרן האָט זיך קיינער נישט פאַר־קוקט צופיל אויף איר. אַ לייכט געמיט, האָט זי אויסגעשטרעקט די הענט און גענומען פון לעבן וואָס עס איז נאָר אונטערגעקומען. דאָס געזונטע, פריילעכע מיידל פונעם קליינשטעטלדיקן שיינהייטס־סאַלאָן האָט זיך אַפילו נישט צוגעהערט, וואָס מענטשן רעדן וועגן איר. זי האָט שטאַרק געוואָלט אַ שידוך טון מיט אַן אידעאַל פון שטעטלדיקער אינ־טעליגענץ. אָבער זי האָט דערויף נישט געקענט אָוועקגעבן די יאָרן פון וואַרטן. האָט זי דערווייל אַרומגעפּלאָטערט צווישן די קריסטלעכע סטודענטן, וואָס זיינען געקומען אַהיים אויף אַ ווייל. מיט זיי איז לייכטער אָנצוהויבן און אָפּהאַקן, ווי קיינמאָל גאָרנישט — און די יאָרן לויפן דערווייל זיס און גלעטיק. די מלחמה האָט זי אָנגעיאָגט אין די הויכע צוואַנציקער, ווען לייקע האָט שוין געהאַט אַ באַרג מיט ליבעס אין אַל־בום. די ערשטע קנייטשן האָבן זיך נאָך אויסבאַהאַלטן, אָבער אַ געניט אויג האָט זיי שוין געקענט אַרויסטאַפּן. דערפאַר אָבער איז איר גאַנצע פיגור געוואָרן מילדער, פול מיט הכנעהדיקע צוזאָגן פאַר יעדן ברעקל גליק. פון אירע אויגן האָט אַרויסגעבעטן און אַרויסגעגליט אַזאַ וואַ־רעמקייט, וואָס האָט געקענט אַנמעכטיק מאַכן אַלע בייזע ווייסענישן וועגן איר. זי האָט נישט גערעדט צופיל און בכלל נישט פאַרמאָגט קיין סך רייד אין מויל. פון איר קוקן אויף יינגע בחורים האָט מען אָבער סיזיוּי געקענט אַרויספילן, וואָס זי וואָלט באַדאַרפט צו זאָגן. דער תענוג פון אַרומגענומען ווערן דורך יינגלערישע הענט איז פאַר איר געווען דער העכסטער און זי האָט אירע טריט נישט געהילט אין שעמעוודיקער געהיטנקייט. זיי האָבן דערציילט, אַז זי האָט פון דעם האָניק פאַרזוכט מער ווי אויפן שפּיץ שטעקן. זי האָט מער נישט געקענט אַרומבלאָנקען אין די מיידלעריש־פינסטערלעכע קאַמערן פון וויסן און דאָך נישט וויסן, וואָס מען זוכט. זי איז געגאַנגען אויף אַ קלאָרן וועג, צוגעקומען צו דעם וואָס זי דאַרף און גענומען וואָס איר האָט זיך געוואָלט. איר גאַנץ לייב האָט אָפן און קלאָר אָנגעזאָגט, אַז זי קען זיך מער נישט יאָגן נאָך זייטיקע אַרומהילעניש, וואָס ציען און וואַרפן צוריק; וואָס פאַרשאַפן הנאָה פון בלויזע וואַרטענישן און זיסלעכן ווייטיק, נאָך איידער מען האָט אויפגעריסן דעם סאַמע קערן.

דעם פּאָטערס מאַכט האָט אויך זי צוגערוקט נענטער צו אַלעמענס אויג. אין געטאָ האָבן זיך באַוויזן אַ כמאַרע בחורים מיט דיפּלאָמען, וואָס האָבן איצט פאַר זיי קיין שום ווערט נישט געהאַט. די דייטשע פלאַקאַטן האָבן מיטאַמאָל אָפּגעווישט אַלע פאַרשלאָפענע שטאָלצערייען פון אַמאָל. אַ נייער יחוס איז איצט אויפגעקומען. דאָס שטיין נעבן זאַלצן האָט איצט געמיינט: באַשיצט ווערן פאַר שלעגערייען און שווערע אַרבעטס־פּלעצער, האָבן רואיקע טעג, עסן זאַט און גיין מענטשלעך אָנגעטאָן.

לייקע האָט איצט שפּאַצירט איבער די אויסגעמאָגערטע געטאָ־געסלעך מיט אַ פוטער־מאַנטל און צוויבער־שיך. איר פּריזור האָט זיך זאָרגעוודיק געבערגלט אין אַ זייט און דער זיסער ריח פון נאַרמאַלע יאָרן איז איר פּאָרויסגעלאָפן. זי האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט מיט טעמ־פּער זיכערקייט, געכאַפּט אַלע אויפגעריסענע בליקן און זיך געקוויקט מיט זיי. איצט האָט זי שוין אַליין נישט געוואוסט וועמען אויסצוקלייבן, וועמען צו באַגליקן. די אַלע, פון וועלכע זי האָט אַמאָל געחלומט, זיינען איר איצט נמאס געוואָרן. זיי זיינען איצט צוגעקומען די ערשטע, גע־רעדט שיין, פּאַרנויגט זיך, געקושט די האַנט . . . זיי זיינען איר אַפילו געפעלן. אָבער איצט האָט זי זיך שוין געוואָלט נוקם זיין אין אירע פריערדיקע יאָרן. פאַרוואָס האָבן זיי עס פריער נישט געטאָן? עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דאָס בוקן זיי זיך צום פּאָטערס מאַכט דורך איר האַנט. ווען ער אַליין זאָל דאָ שטיין אויף איר אָרט, מיטן גרוי־פּליכעוואַטן קאָפּ, וואָלטן זיי זיך אויך צעגאַנגען אינעם זעלבן, צע־קראָכן־זיסן שמייכל. האָט זי צייט געהאַט. עס האָט זי נאָך אַלץ געצויגן צו עפּעס איינעם, וואָס זאָל זי אַפילו איצט נישט שטאַרק ווערן און זי זאָל אים דאַרפן לאָקן, איינגעמען אים מיט זיך אַליין. זי האָט אַפילו באַקומען אַ נייע תאווה: זאָלן אויך זיי אַביסל פאַנטאַזירן וועגן איר, חלומען, וואַרפן זיך אויפן געלעגער. וויפל יאָרן האָט זי געבענקט דערצו? נישט איינער האָט פלוצים איינגעזען, אַז זי איז גאָר שיין. מען דאַרף עס נאָר קענען באַמערקן. זי איז נישט אינטעליגענט. אָבער דורך אירע גראָבלעכע רייד רייסט זיך עפּעס אַן איידעלער רייץ פון אַן אָפענער נשמה. זי איז פול מיט אַזאַ גרויסער און גרייטער טריי־שאַפט, וואָס עמעץ דאַרף נאָר קענען געווינען פאַר זיך. עס איז אַפילו גוט, וואָס זי איז שוין אַריבערגעשפּרונגען יענע טונקעלע יוגנט־גרע־נעצן. איר געטרייע נאַטור האָט זיך שוין באַוויזן צו פעסטיקן, אַרומ־גאַרטלען זיך מיט אויסגעשטאַנענער געדולד און גוטסקייט. דאָס אַלץ וועט זיך לייגן צו די פיס פון יענעם, וואָס וועט זיך דערויף פאַרשטיין . . .

די געטאָ־טעג זיינען געווען לאַנג, פּוסט און שווער ווי סטעפּיקע מדבריות. אַ סך פון דער אַמאָליקער אינטעליגענץ האָבן מורא געהאַט פאַר אַרבעט אונטער די דייטשן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די שטויביקע קעמערלעך. איז געווען אַ סך צייט אַרומצוטראַכטן און אויסשפּינען שיינע, פאַרוואָלקנטע רייד. קיינער האָט זיך נישט געוואָלט מודה זיין, אַז דאָס זעט ער זי בלויז איצט מיט אַזעלכע אויגן.

.7

די רייען ביים אומזיסטן קעסל האָבן זיך פאַרגרעסערט. די אָרעמ־קייט האָט געבליט סיי ביי די געקומענע און סיי ביי די היימישע. טייל

האָבן אַרויספּאַרקויפט וואָס זיי האָבן נאָר געהאַט. דערנאָך האָבן זיי געמוזט זוכן מיט וואָס אָנצואוואַרעמען די געדערים. דאָס קעסל איז געוואָרן דער צענטער פון געטאָ. אַלעמאָל זיינען געשטאַנען הונדערטער מענטשן מיט טעפּלעך אין די הענט און דערוויל געהאַט צייט אויסצו־שמועסן אַלץ וואָס עס ליגט אויף דער צונג. פאַרלעך האָבן זיך אָפּגע־שטימט צו טרעפן אין דער ריי און אַ סך קליינע געטאָ־מסחרים זיינען דאָרט אָפּגעשלאָסן געוואָרן. דאָס שטעטל איז אַרומגעצוימט געוואָרן מיט פאַרבאָטן און סכנות. מען האָט מורא געהאַט צו שפּאַצירן הינטער דער שטאָט און די יינגע אָפּגעזונדערטקייט אין אַ צימער האָט אויס־געזען ווי אַ ווייטע לעגענדע. איז דאָס קעסל אויפן פּראָסט געוואָרן דער זודיקער קלוב פאַר יונגע לעבנס. אַהער זיינען געקומען אַלע באַ־דערפטיקע און אויך אַזעלכע וואָס האָבן זיך ערשט געגרייט דערצו. דאָס האָבן זיי געוואָלט לערנען פון די הונגעריקע׳ס פּנימער, וויאַזוי מען זעט אויס בעת מען האָט שוין גאָרנישט. טייל האָט עס געגעבן אַ גליק־געפיל מיטן אייגענעם ווינקל און אַנדערע האָבן דאָ געזען, אַז מען קען נאָך לעבן און שמייכלען, אַפילו ווען מען שטרעקט אויס אַ האַנט. ביים קעסל האָט מען זיך אויך געקענט דערוויסן וועגן נייע גזירות און שטילע נייעסן פון פראָנט. דאָ האָט מען אויך געקענט טרעפן אַ יוגנטלעכן, וואָס האָט נאַרוואָס געשמוגלט די סאָוועטישע גרענעץ און פון יענער זייט געברענגט פּעק מיט משונה׳דיקע מעשה׳ס. טיילמאָל האָט אויך אַ יודנראַטניק דאָ פאַרלוירן אַ פּאָר פאַרטרוילעכע ווערטער, פון וועלכע מען האָט זשעדנע אַרויסגעקליבן אַלערליי פריילעכע אָנצו־הערענישן. די ווייטע פרעמד האָט אַהער אויך אָנגעטריבן אַלערליי אויסטערלישע שיינהייטן און יוגנט איז געקומען אַריינכאַפּן די איינ־ציקע פרייד, וואָס דאָס געטאָ האָט נאָך געקענט צושטעלן.

אַהער האָט עס אויך געצויגן לייקע זאַלץ. מען האָט שוין געוואוסט פון די אָפיציעלע צייטונגען, אַז די יידישע יוגנט וועט בקרוב אַוועק־געשיקט ווערן אויף צוואַנגס־אַרבעט. אַן אויסנאַם וועלן נאָר זיין אַזעל־כע, וואָס זיינען פאַרנומען אויפן אָרט ביי וויכטיקע אַרבעטן. האָבן זיך די רייכסטע קינדער קוים איינגעבעטן, אַז מען זאָל זיי צולאָזן צום קעסל, בכדי זיי זאָלן קענען פאַרשריבן ווערן ווי סאָציאַלע אַרבעטער. ווער עס האָט נאָר געקענט האָט געכאַפּט אַ טאָפּ, אַ לעפל, אַ שטיק האַלץ און געיאַכמערט מיטן ווייסן פאַרטוך. לייקע האָט נישט איבעריק מורא געהאַט, דאָך איז זי געווען פון די ערשטע. זי האָט איבערגענומען דעם הילצערנעם לעפל פון קוכערס האַנט און אַריינגעגאָסן די פּאָרציעס זופּ אין די בלעכלעך. זי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אַ גרייטן שמייכל אויפן גליקלעכן פּנים, אַזוי זי וואָלט דאָ געטיילט פּאָרציעס יחוס׳דיקן שמייכל צוזאַמען מיטן געקאָכטן וואַסער. טייל פון די רייען האָבן אַפילו בכיוון־הויך זיך געשושקעט מיט חניפה׳דיקן דרך ארץ: לייקע זאַלץ!

און זי האָט זיך דערפון מחיה געווען, ווי אַ קינד פון אַ גרויסנ׳ס קניפּ אין בעקל.

פון די רייען האָט געשלאָגן מיט הונגעריקער מרה שחורה, וואָס האָט אָנגעכמורעט די לופט און זי אַוועקגעטראָגן צו די זאַטערע שלאָפּ־צימערן. טייל האָבן געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערן פון דער קעלט און זיך געשטויסן פאָרויס. דערפאַר זיינען אַנדערע געשטאַנען פאַר־חלומט און אַפילו נישט געשפּירט, אַז זיי ווערן אַרויסגעשטויסן.

לייקע איז געשטאַנען אין דער הויך, אָנגעלענט אויף אַ ראָד פון קעסל און באַטראַכט דעם עולם. צומערשט האָט זי מיטן בליק געזען אַלעמען מיטאַמאָל און קיינעם נישט. זי האָט געוואָלט איינהיטן אָרדע־נונג אין דער כוואַליע קעפּ. אָבער די צונויפגעמישטע פּנימער האָבן זיך אַזויווי צונויפגעגאָסן צווישן דעם גרוי פון קויטיקן שניי און בלייך־פאַרשלאָפענעם הונגער. ערשט שפּעטער האָט זי זיך גענומען זוכן אין די פּנימער וואָס האָבן צו איר אַרויפגעקוקט מיט האָפערדיקן גע־בעט, נושא חן צו זיין. דאָ האָבן זיך צוגעריסן יינגע מיידלעך, וואָס זייער פיגורן האָבן שטיל געחוזקט פון לייקעס און אַהין האָבן זיך געשטרעקט גלאַטיקע יינגל־הענט, וואָס זי האָט באַטראַכט מיט זאַטן עקל און ציִענדיקן באַדויער. די גאַנצע קייט מיט פּנימער און גע־שטרעקטע הענט האָבן זי אָבער פריילעך געמאַכט. אַפילו דאַן ווען איר האַנט איז שוין מיד געוואָרן און דער שיקלדיקער קוכער האָט איבער־גענומען דעם לעפל איז זי אויך נישט אָפּגעטרעטן. איצט האָט זי גע־האַט מער צייט צו זען מענטשן, אַריבערקוקן זייערע קעפּ, אַריינגראָבן זיך אין זייער בליק און פאַנטאַזירן וועגן יעדן איינעם באַזונדער. דאָס האָט זי ביסלעכווייז אַזוי פאַרכאַפּט, אַז זי האָט באַלד פרימאָרגנס זיך גענומען איילן צום קעסל. עטלעכע מאָל האָט זי אַפילו בגניבה זיך אַראָפּגענומען אַביסל וואַסערדיקע זופּ אין אַ שעלעכל און פון דאָרט געוואָלט אַרויסשפּירן דעם תאווהדיקן טעם, וואָס די מענטשן אַרום האָבן, ביים אַרומלעקן זייערע קויטיקע לעפל מיט בלויע צונגען.

.8

דאָס ערשטע מאָל האָט זי אים באַמערקט אויפן שפּיץ פון קעסל. ער איז שוין געשטאַנען נישט ווייט פון איר, אַ הויכער און שלאַנקער. זיין ברוינלעך פּנים מיט די פולע ליפּן האָט זיך נישט געקרומט, נישט געשעמט זיך. ער האָט זיך גערוקט פאָרויס מיט דער גאַנצער זיכער־קייט און דווקא איר האַנט האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. אַזאַ ווייטיק האָט נאָך לייקע קיינמאָל נישט געפילט. עס האָט זי פּלוצים און נאַריש גענומען פאַרדריסן, פאַרוואָס יענער שטייט דאָרט צוזאַמען מיט אַנדערע און הינ־טער אים דריקט זיך אַ קאָקעטיש מיידל — נישט זי. דערווייל האָט זי אים

געקענט באַטראַכטן צווישן איין אָנגעגאָסן בלעכל און דעם צווייטן. זיין פּנים איז געווען פול און עפּעס אַזויווי קינדיש־ברוגז און פריש. די מידקייט האָט בלויז באַוויזן צו פאַרכאַפּן זיין בליק הינטער די דיקע ברילן. זיין אָנצוג איז געווען צעקנייטשט און אָפּגעטראָגן, אָבער גע־לעגן אויף אים מיט עפּעס אַ באַזונדער חשיבות. ערשט ווען ער איז שוין געשטאַנען גאָר נאָענט, האָט איר מח אויפגעפלאַמט, געשוויבערט און פאַרלוירן די אָנגעצויגענע גלייכקייט. זיין ערשטער בליק האָט זי אַרויסגעשליידערט פון דעם לייכטן שמייכל און זי האָט ראַפּטום דער־שפּירט, אַז זי טאָר אים מער נישט אָוועקלאָזן. עפּעס אַ קאַפּריזנע פאַרוואָלטקייט האָט זי געשפּאַרט אים עפּעס צו פרעגן, הערן וויאַזוי די ווערטער קומען אַרויס פון זיין מויל.

זי האָט אים דערפאַר אַריינגעגאָסן זיין פּאָרציע זופּ מיט אַ היץ אין די שלייפן. מער האָט זי נישט געקענט. אַ שווינדל האָט איר גע־טאַנצט פאַר די אויגן און זי האָט דעם לעפל געמוזט איבערגעבן דעם שיקלדיקן קוכער. דער פרעמדער האָט זיך שוין דערווייל אַרויסגע־שלאָגן פון דער ריי, צוגעדעקט דאָס בלעכל מיט אַ האַרט טעוועלע און זיך געלאָזט שפּרייזן צו אַ זייטיק געסל. אין דער ערשטער מינוט האָט אים לייקע פאַרלוירן פון אויג. צענדליקער מענטשן זיינען גע־שטאַנען, געגאַנגען, געלאָפן אַרום אים און דערווייל זיך גיריק געבריט די ליפּן מיטן הייסן בלעכל ביים מויל. אַ פאַרצווייפלונג האָט זי אַרומ־געכאַפּט: זאָל זי אים נאָכשרייען? רופן אים פאַר אַלעמען אין די אויגן, נישט וויסנדיק זיין נאָמען?

ווען זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן האָט ער זיך שוין ווידער אַרויסגעשיילט פון מענטשלעכן קנויל. ער האָט געשפּרייזט מיט פּאַמע־לעכע טריט און דאָס בלעכל עסן האָט אים געלאָסן אַראָפּגעהאָנגען פון דער האַנט. לייקען האָט מער נישט געאַרט, וואָס אַזויפיל אויגן נעמען זי אַדורך; זיי זעען אפילו, וויאַזוי זי יאָגט זיך נאָך עפּעס אַ ווילד־פרעמדן מיטן אויסגעבעטלטן עסן אין דער האַנט. זי האָט בלויז געדענקט, אַז זי דאַרף אים פאַרהאַלטן, רעדן מיט אים אַ פּאָר ווערטער, זען וויאַזוי ער קוקט אויף איר . . . מסתמא האָט זי געמוזט לויפן שנעל און צעטומלט, ווייל זי האָט אים נאָך באַוויזן אָפּצושטעלן נעבן אַ זייטיק הויז. איבערן וועג האָט זי שוין געהאַט צוגעטראַכט פאַר אים אירס אַן אויסרייד: אַנטשולדיקט, איר זענט זיכער פון די נײַ־געקומענע. מען דערקענט, אַז איר זענט נישט צוגעוויינט צו אַזאַ לעבן... קען איך אייך מיט עפּעס העלפן?

זי האָט זיך פּלוצים געשעמט, וואָס זי דאַרף רעדן צו אים ווי אַ רייכערע; ווי איינע וואָס האָט כח צו העלפן. אין דער ערשטער מינוט וואָלט איר בעסער געווען צו שטיין גלייך מיט אים אין דער ריי און

ביידע זאָלן גלייך אַהיימגיין מיט די באַקומענע פּאָרציעס. איצט אָבער האָט ער געשפּירט דעם פאַרפּום פון אירע האָר און אירע רייכע רייד שטעלן זיך ווי אַ וואַנט צווישן איר און זיין פאַרפלויגענעם בליק. ס'איז שוין אָבער געווען פאַרפאַלן. איצט וועט ער ענטפערן, אַזויווי יעדער שטאָלצער מענטש ענטפערט אַן אומגעבעטענער נדבה־געבערין. ער וועט נאָר אַ צי טאָן דעם הוט, קאַלט באַדאַנקען און גיין ווייטער. וואָס וועט זיין? לייקען איז באַפאַלן אַ מורא. זי דאַרף מיט אים רעדן גאָר אַ סך, אָבער ווערטער האָט זי ווייניק. זי קען נאָר פאַרגלעטן מיט די אויגן, וואָס אירע ווערטער קענען אויפרייסן. האָט זיך איר בליק צע־שטראַלט איבער אים מיט אַזויפיל אונטערטעניקער גוטסקייט, וואָס האָט ביי ביידע פאַרכאַפּט דעם אָטעם.

.9

ער איז אַ שעמעוודיקער. דאָס האָט זי באַמערקט נאָך אין די ערשטע מינוטן. ביי אירע ערשטע ווערטער איז ער רויט געוואָרן און שטום באַוועגט מיט די ליפּן. דער צעוואָקסענער מאַן האָט איצט אויס־געזען ווי אַ צעשראָקן קינד. ער מוז האָבן אַ ווייך האַרץ, ווייל זיינע אויגן האָבן זיך פאַרצויגן און עס האָט איר אויסגעזען, ווי אָט צעוויינט ער זיך באַלד. פון אַלע זייטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט נייגעריקע מענטשן. לייקע האָט זיי נישט באַמערקט. זי האָט אַפילו פאַרגעסן, אַז דער מענטש איז איר נאָך פרעמד און אַז מיט אַ האַלבער שעה צוריק האָט זי פון אים לגמרי גאָרנישט געוואוסט. זי האָט אים אַ כאַפּ געטאָן ביי זיין ווייסער, ווייכער האַנט און צאַרט אַ צי געטאָן: קומט אַביסל ווייטער... איך פאַרשטיי שוין!

אין סאַמע מיטן פון איר גערירטקייט האָט איר מיידלערישער ניי־גער דאָך באַוויזן צו באַמערקן, אַז אויף זיינע באַוואָקסענע, איידל־אויסגעצויגענע פינגער איז נישטאָ קיין רינג. האָט זי דאָס פריידיק־האַסטיקע געפיל אַ יאָג געטאָן פאָרויס. ער איז איר הכנעה'דיק נאָכ־געגאַנגען. זיינע אויגן האָבן נאָר געקוקט מיט יאוש צום בלעכל, וואו די זופּ האָט געגליווערט פון פראָסט. זי האָט עס אָבער נישט געזען און אים ווייטער געצויגן.

שוין לאַנג האָט זי נישט גערעדט מיט אַזאַ אימפּעט. עס איז איר גאָר גוט געווען וואָס ער שווייגט אונטער. וועט זי אים אַרומבינדן מיט אירע רייד, כל זמן זיי שטראָמען אַזוי לייכט פון איר אַרויס. ער איז אַ מעדיצינער? אָ, קען זי דאָך אים העלפן! זי וועט ריידן מיטן פאָטער. ער קען נאָך היינט גוט פאַרדינען און נישט דאַרפן זיך אַרומוואַלגערן. מען האָט אים אַרויסגעשלעפּט ביינאַכט און זיין מוטער איז דאָרט פאַרבליבן? זייער טרויערדיק. אָבער זי וועט פרעגן דעם פּאַפּאַ . . .

ער קען אָפּיצירן, וואָס טוען אַלץ פֿאַר געלט. אַפילו זיין מוטער קענען זיי ברענגען קיין שיטאַניעץ. זי אַליין קען אויך מיט זיי רעדן!

יענער איז איר נאָכגעקראָכן ווי אַ צעטומלטער. וואָס וויל זי פון אים? אַ חשד האָט אים גענומען ברענען: זי מאַכט חוזק, די צעבאַ־לעוועטע מויד פון זאלצן . . . און אפשר וויל זי אים גאָר אַריינציען אין עפּעס אַן אומריינקייט? זיי טוען ניט קיין טובה׳ס אומזיסט. אויך פֿאַר אַ מיידלעריש שמייכעלע צו אַ זופּ־בעטלער מוז באַצאָלט ווערן. וואָס־זשע גייט ער מיט איר? ער האָט פּלוצים געהאַט דאָס געפיל, אַז ער דאַרף אַנטלויפן, כל זמן עס איז נישט שפּעט. טאָמער נישט, וועט ער זוכן צו אַנטלויפן ווען ער וועט שוין זיין געפאַנגען. די דאָזיקע לייט קענען האַלטן אין איין געבן און ער׳שט דערנאָך זעט מען, אַז זיי האָבן בלויז גענומען . . . אַלץ האָבן זיי צוגענומען!

ער איז אָבער צו מיד געווען. דאָס אָרט וואו מען האָט אים אַריינ־געזעצט איז ענג. אַפילו אין קאַלטן ווינטער קען מען דאָרט נישט אָטעמען. עס בענקט זיך אים נאָכן ווייסן געלעגער פון דער היים, נאָך דער מוטער, נאָך אַ מיידלעריש אויג וואָס באַוואונדערט אים — ווי אַמאָל . . . איצט איז זי די ערשטע, זינט ער איז געוואָרן אַן אָפּגעריי־סענער. דער הונגער און דאָס קאַלטע בלעכל זופּ האָט אים אָבער פֿאָרט דערמאָנט, אַז ער דאַרף זיך געזעגענען. זי האָט גענומען זיין האַנט. זי וועט אים נישט פֿאַרהאַלטן. ער דאַרף בלויז געדענקען, אַז אין צוויי טעג אַרום זאָל ער אַרויפגיין צו איר פֿאָטער. זי וועט אים שוין אַלץ דערציילן. עזריאל זאלץ איז נישט אַזאַ שלעכטער ווי מען מיינט . . .

זי האָט זיך אַזוי נאָענט צוגעבויגן צו אים, אַז איר מיידלע שכרות האָט אים אַ דריי געטאָן אין קאָפּ. אירע אָפענע ליפּן האָבן זיך אים רויט אַנטקעגנגעטראָגן מיט רייד און צוזאָג. ער האָט מיטאַמאָל דערשפּירט, אַז אָט אין דער ווילד־פרעמדער שטאָט זיינען זיי די איינציקע וואָס רייסן זיך אים צו קושן. וואָס דאַרף מען נאָך יענע ליבעס פון וויטע צייטן? אין דער קעלט פון גאַס האָט ער דערפון נישט געקענט טראַכטן. ער וואָלט זי געקענט אַרומנעמען פֿאַר אַלעמען אין די אויגן און זיך צעוויינען. זאָל זי אים נעמען, אַוועקפירן וואוהין זי וויל. טאַקע דערפֿאַר וואָס אים האָט זיך פֿאַרוואָלט אַזוי נאָענט זיין, צופאַלן צו איר — איז ער אָפּגעגאַנגען אַ טריט אין אַ זייט. זי האָט נאָך אַ רגע געגלעט זיין האַנט מיט דער משוגעת פון ראַפּטומדיקייט; אַזויווי אַלע אירע אברים וואָלטן געלעגן אין אירע פינגער. ער האָט אַליין נישט געוואוסט מיט וועלכער גבורה ער האָט זיין האַנט לייכט אַרויסגעריסן פון אירער: כ׳וועל זען אייער פֿאָטער... יאָ, אַריינקומען... אַ דאַנק!

ער איז אַריין צו זיך אין ווינקל־צימערל, אָבער זי איז מיטגע־

קומען. זי איז אַריין צוזאַמען מיט זיינע מחשבות און עס איז זי מער נישט מעגלעך געווען צו פאַרטרייבן.

.10

עזריאל זאַלץ האָט געעפנט די טיר מיט אַ גרייטן געבייזער. נאָך איידער דער גאַסט האָט רעכט איבערגעטראָטן די שוועל, האָט זיין הייזעריק קול זיך שוין געוואונדערט: אַזוי! דאָס זענט איר? נו, גוט וואָס איר זענט געקומען. זיצט.

משה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ פאָטעל און בשעת מעשה בלויז געטראַכט, אַז עס זיינען נאָך פאַראַן יידן וואָס זיצן אויף אַזעלכע ווייכע שטולן. דאָס איז אים אויסגעקומען מער וואונדער, ווי דאָס באַפעלערישע גערופן ווערן צו זאַלצן אַהיים. יענעמס טריט האָבן אים אָבער נישט געלאָזט טראַכטן וואָס ער וויל. האָבן זיינע אויגן בלויז געפרעגט אויף שטום לשון ביי זאַלצס פעטן פנים: נו, וואָס ווייטער?

זאַלצן איז אָבער דאָס מאָל שווער געווען צו רעדן. ער האָט זיך געדרייט איבערן צימער און נישט געוואוסט ביי וואָס אָנצוהייבן. אָט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן איבער דעם פרעמדן און אָט האָט ער ווידער אַ שפרייז געטאָן פאָרויס, אָנגעהויבן עפּעס אַ וואָרט און ווידער שטיל געוואָרן. עס האָט אויסגעזען, אַז אי ער איז זיך ווען עפּעס מיישב מיט זיך אַליין און אי עס שטייט אים באַין אופן נישט אָן צו ריידן אויג אויף אויג מיט עפּעס גלאַט אַ פאַרשוין. משהן איז אויסגעקומען, אַז דער מעכטיקער זאַלץ ווייסט שוין וועגן אים אַ סך מער ווי ער אַליין. זאַלץ האָט זיך דערוויל געמאַכט האַרץ. זיין גערירט־קייט האָט אָפּגעטראָטן אין אַ זייט און אויף איר אָרט איז געקומען אַזאַ האַרטקייט, פון וועלכער אַלע אָדערן אויפן שטערן האָבן זיך אָנגעצויגן: הערט מיך אויס, יינגערמאַן! איך קען אייך נישט און ווייס נישט ווער איר זענט. אין נאַרמאַלע צייטן האָט מען געקענט שרייבן בריוו פון איין שטאָט אין דער צווייטער, פרעגן און באַקומען אַן ענטפער. היינט איז עס נישט מעגלעך. אין אַזאַ צייט וויל איך אויך נישט פרעגן, וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישן אייך און מיין טאָכטער. ס'איז אייער זאַך. איך קען אייך בלויז זאָגן, אַז איר האָט מיר צעשטערט אַ סך פּלענער מיטאַמאָל. נאָר אויך וועגן דעם וויל איך נישט רעדן. איך בין אויך אַמאָל יינג געווען און אָפּגעטאָן נאַרישקייטן. פאַרוואָס זאָל עס מיין קינד נישט טאָרן? אָבער . . . איר פאַרשטייט כאָטש וועגן וואָס איך רעד?

משה האָט נאָך אַלץ נישט געכאַפּט געגנוי וואָס זאַלץ וויל פון אים. וואָס האָט ער דען געטאָן? אָבער זאַלץ האָט נאָך געהאַט וואָס צו זאָגן, אויסקאָכן פון זיך עפּעס אַ ווילדן ווייטיק און משה האָט אים געמוזט

ווייטער אויסהערן: איך וויל אפילו לאַנג נישט טענהן מיט אייך. איר דאַרפט בלויז וויסן, אַז זי איז ביי מיר איינציק, לייקע. ווען איך קוק אויף אייך קען איך נישט באַגרייפן, וויאַזוי דאָס איז געשען. אָבער וואָס העלפט דאָס מיר? זי איז אין אייך פאַרליבט. זי קען אָן אייך נישט לעבן. אַז זי זאָגט עס שוין, מוז איך עס איר גלויבן. איך וואָלט אייך אייגנטלעך געדאַרפט פרעגן: וואָס האָט איר צו מיין לעבן? מיט וועל־כע רעכט האָט אַזאַ פרעמדער מענטש ווי איר זיך אַריינגעריסן אין מיין משפּחה? אָבער אויך איך האָב נישט אַלעמאָל געפרעגט ביים יושר וויאַזוי צו לעבן און איך בין גאָרנישט זיינס קיין חסיד. אַז איר האָט געקענט — מהיכי תיתי. זענט איר דער בריה. איך וויל אָבער מיט אייך שמועסן תכלית. איר האָט אָנגעהויבן מיט עזריאל זאַלץ, איר הערט? מוז איך דאָ אויפן אָרט וויסן: האַלט איר דערביי? אויב יאָ, קענט איר נאָך מאָרגן האָבן אַ ליכטיקע שטוב און אַלדאָס גוטס. איך בין אייך גרייט איינצושטעלן אַ קאַבינעט און איר זאָלט לעבן ווי אַ מענטש, כל זמן עס וועט באַשערט זיין. מער קען איך אייך נישט צו־זאָגן. ס׳איז מיין קינד. טאָמער אָבער האַלט איר נישט דערפון, וועט איר מער נישט אַרומשפּאַצירן אויף די היגע גאַסן. וואָס האָב איך דען צו אייך? אָבער מיין לייקע איז משוגע געוואָרן און איך מוז זי היטן. איז עס איר גליק אָדער איר אומגליק? דערפון קען איך איצט נישט קלערן. איר דאַרפט אָבער געדענקען: טאָמער האָט זיך אייך פאַרוואָלט אַ שפּילעכעל, האָט איר דאָ נישט געטראָפן. זי טאָר אייך מער נישט זען, ווייל מיין טאָכטער טאָר נישט מבוזה ווערן פאַר לייטן. נישט דערלעבן וועלן עס מיינע שונאים. זי טאָר נישט נאָכלויפן עפּעס אַ פרעמדן יונג און ער זאָל זיך מיט איר וואַרפן. מוזט איר נאָך היינט פאַרשווינדן פון געטאָ, כל זמן זי זעט אייך נישט ווידער. איך בין אייך היינט נאָך גרייט צו געבן אויף הוצאות. פאָרט קיין וואַרשע, קיין לובלין, וואו איר ווילט . . . מאָרגן וועל איך מוזן בעטן די געסטאַפּאָ, אַז זי זאָל שוין דערפאַר זאָרגן. איצט קענט איר ענטפערן . . .

אָפּגעזאָגט זיך זיינס, איז זאַלץ אַנידערגעפאַלן אַ פאַרסאָפּעט־טער אויף זיין פאָטעל. משהן האָט ראַפּטום אָנגעכאַפּט אַ רחמנות צום פעטן האַר פון גאַנצן געטאָ. וואָס זאָגט מען אים? פאַר די אויגן האָט אים אויפגעטויכט דאָס געשטאַלט פון זיין איינגעבראָכענער, גרוי־האָריקער מוטער. ער האָט זיך דערמאָנט אין דעם יחוס־בריוו, וואָס איז אויפגעהיט געוואָרן אין דער משפּחה זיבעט הונדערטער יאָרן. אַזוי־פיל לומדות און אינטעליגענץ האָט זיך אָנגעזאַמלט אין יענער שטוב זיינער . . . וויפל מיידלעך די מוטער האָט נישט צוגעלאָזט צו אים, בלויז דערפאַר, ווייל איר איז נישט אָנגעשטאַנען! זאָל ער איצט דאָס אַלץ אַריינגיסן אין דעם דאָזיקן גראָבן ייד, אינם דאָזיקן הויז? עס האָט אים אויסגעזען קאָמיש איצט צו טראַכטן וועגן אייגענעם יחוס.

מער פעלט אים נישט . . . ער האָט זיך געוואָלט נאָכאַמאָל דערמאָנען אין דער וואַרעמער גליקלעכקייט פונם דיקן מיידל, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק אַרויסגעהויבן מיט איר בליק. אָבער דערמאָנט האָט ער זיך גאָר אין דעם פּשוטן, אַרויספאָדערנדיקן קוק אירן. עפּעס האָט פון דאָרט אַרויסגעשריגן דער פאַרלאַנג פון בלוט מיט דער גאַנצער נאַקעטקייט, אָן יענעם איידעלן ציטער, אויף וועלכן ער האָט אַלע זיינע יאָרן געוואַרט. ער האָט מורא פאַר איר. אָבער זאָגן עס איצט טאָר ער נישט, קען ער נישט. פונקט אַזוי קען ער נישט זאָגן דאָס פאַרקערטע. ער האָט זי איצט דערזען דורכן מעכטיקן פּנים פון איר פאָטער און פאַר יענעם טאָר מען דאָס האַרץ נישט באַווייזן.

ער האָט געפילט ווי די אָנגעהייצטע לופט אין צימער נעמט אים אַרום אַזויווי אַ ווייכע פּעטליע און וואַרגט אים. זאָל ער איצט ווידער אַוועק און נישט וויסן וואוהין? זאָל ער ווידער האָבן צרות מיט איינמעלדן זיך און מיטן אויסבעטלען אַ פּיצל אָרט פאַרן קאָפּ? די שטוב וואָס ער זעט דאָ פאַר זיך, מיט איר גאַנצער ליכטיקייט וועט אים דאַן נאָכיאָגן אומעטום, קומען אים צו חלום און רייצן זיך, חוזק מאַכן פון אים: עד, שוטה איינער! . . . און אַ שטיקל בענקשאַפט צו איר וועט אים שוין נאָגן. איצט איז עס אַ קליין קערנדל און מאָרגן, אין זיין נייער עלנט, וועט זי אויסוואַקסן צו אַ טורעם. דאָס וואָס ער האָט געזען אין אירע אויגן במשך פון דער האַלבער שעה אין גאַס לאָזט זיך פאָרט נישט אָפּווישן אַזויווי גאָרנישט. אין זיין אָפּגעריסנקייט איז יענע ליבלעכע איבעראַשונג פון איר אָניאָגן אים געוואָרן זיין אוצר, זיין ווידער דערשפּירן די אייגענע חשיבות. עס איז אַזוי גוט געווען אָנצוטרעפן זיך אַליין פון פריער אין אַ מיידלס אויג. אפשר וואָלט אים גוט געווען דאָס צו פילן איבער זיך איינמאָל און נאָכאַמאָל, איידער ער גייט ווידער ווערן אַן אומבאַקאַנטער וואָרעם ערגעצוואו, אין אַ נייעם געטאָ . . .

אָבער באַשטימען אַזוי האַסטיק, ווי זאַלץ וויל — קען ער נישט. ער איז נישט דער מענטש, וואָס זאָל זען, הערן און כאַפּן. זיין משפחה האָט געשפּרייזט מיט געלאַסענע טריט, געטראַכט לאַנג איידער עפּעס איז געזאָגט געוואָרן. מוז ער מיט איר לאַנג שמועסן, הערן זי וואָס מער און איבערטראַכטן דערנאָך לאַנגע נעכט . . . אָבער דאָס פּנים פון זאַלצן איז שוין ווידער אָנגעגאָסן געוואָרן מיט דער פּעטער, זיכערער רויטקייט. צווישן ווערן אים אַ טאַטע אָדער אַ שונא ליגט אַ דינע האָר. אַ האַלבע סעקונדע קען זי אַדורכברעכן. איז נישטאָ קיין צייט. ער מוז איצט וואָס שנעלער רופן די מאַמען צוהילף. זאָל זי אים אַריינוואַרפן דורך דער לופט אַלע בלאָזערייען פון דער מיוחסדיקער היים; אים שטאַרק מאַכן ביז צום קענען אויסשרייען „ניין!" מיטן גאַנצן כח . . . טאָמער נישט, מוז ער אין געדאַנק נאָכאַמאָל דערזען דאָס מיידל, אין איר אָנהענגען אַלע חלומות, זי שענער מאַכן, איידעלער,

פֿאַרגעסן ווער ס'איז זאַלץ און אַז זי איז זיין טאָכטער . . . אָבער אויך דאָס קען ער נישט: יעדן טאָג וועלן זיך צו אים רייסן געוויינען, גע־שרייען, יאָמערן פֿון געשלאָגענע. די דערשטיקטע גאַס וועט זיך אַראָפּ־לאָזן אויף זיין קאָפּ, טרייסלען אים דאָס ווייכע געלעגער מיט אירע הייסטע קללות און עס וועט אים נאָך ערגער זיין ווי אין זיין הונגעריקן ווינקל . . . וואָס טוט מען? קען זיין, אַז איר וואָלט ער עס געקענט זאָגן אָפֿן. נאָר זי האָט זיך באַהאַלטן הינטער זאַלצן און יענער האָט נישט קיין צייט צו הערן תירוצים. ער קען אים אַפֿילו נישט בעטן, צו ווייזן אים לייקען נאָכאַמאָל און וויסן פֿאַר זיך אַליין אויב ער וועט עס קענען; אויב ער וועט מסוגל זיין צו זאָגן צום טאַטנס געשטאָרבע־נעם שאָטן און צו דער געבויגענער מאַמען אין דער לופֿט: איך מוז . . .

זאַלץ האָט זיך מסתמא איינגעהערט אין זיינע מחשבות. ער האָט דערפֿאַר אַזויווי געברומט צו זיך אַליין: אויב פֿאַר אַ ייד אונטערן דייטש איז נאָך מעגלעך גליק — שטייט עס דאָ און וואַרט... בלויז אַ זעלבסטמערדער קען נישט וויסן, וואָס מיר צו ענטפֿערן! די שטיל־קייט האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט איבער ביידע. זאַלץ האָט נערוועז אַ קוק געגעבן אויף זיין האַנט־זייגערל און זיך דערמאָנט: אין אַ שעה אַרום מוז איך זיין אין געסטאַפּאָ. זיי האָבן פֿיינט, ווען אַ ייד פֿאַרשפּעטיקט זיך. וועל איך אייך שוין אַלץ דערזאָגן ביזן סוף: זי איז דאָ אין צווייטן צימער. זאָל איך זי אַריינרופֿן אָדער נישט?

אַ פֿלאַם פֿון שרעק און אומקלאָרן באַגער האָט זיך אַ שפּיל געטאָן מיט משהס פּנים. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס ער דאַרף דאָ איצט טאָן: אַרויסלויפֿן, אָדער וואַרטן? זאַלץ האָט מער גאָרנישט געזאָגט. ער איז בלויז שטיל אַרויס דורך דער צווייטער טיר. משהן האָט אַרומגענומען אַ קינדישע בושה: האָט זי טאַקע אַלצדינג צוגעהערט? האָט זי זיך אויך איינגעהערט אין זיין לאַנגן שווייגן די גאַנצע צייט? וויאַזוי וועט זי דערנאָך אויף אים קוקן, אויב זיי וועלן זיך נאָכאַמאָל זען? נאָר אויך דאָס האָט ער נישט געקענט אַרומטראַכטן. עס האָט בלויז געמוזט דויערן אַ מינוט אָדער צוויי, ביז די טיר האָט זיך גע־עפֿנט. זי איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל. עס האָט פֿון איר גע־ווייעט מיט אָפּגעצערטער בענקשאַפֿט, אַזויווי זי וואָלט שוין געוואַרט אויף אים אַ גאַנץ לעבן און ערשט איצט אים געפֿונען. אַ שטעכיקע אָנמעכטיקייט האָט אים פֿאַרכאַפּט די קנעכל און ער האָט זיך נישט געקענט אויפֿשטעלן. ער האָט נאָר אַ וואָרף געטאָן זיינע אויגן צו איר, דערפֿילט זיין גאַנצע עלנטקייט, זיין אָפּגעריסנקייט און דערזען דעם רויש פֿון איר גאַנצער גרייטקייט, איר שיין־אויסגעצירטע וואַר־טעניש. עס האָט אים אויסגעזען ווי אַן אוממעגלעכער חלום, וואָס מען דאַרף אים פּרוּוון אַוועקשטעלן קעגן דער וואָר. זאָל זי צוקומען נענטער, רעדן, טאָן וואָס זי וויל, וואָס זי פֿאַרשטייט. ער אַליין מישט

זיך דאָ מער נישט אין דער גאַנצער זאַך, עלעהיי דאָ דאַרף עפּעס פאַסירן מיט אַ צווייטן. טאָר מען אים גאָרנישט קענען פאַרוואַרפן, אַז ער האָט עמעצן געשטערט אין אַ גורל׳דיקן באַשלוס. איר פאַרצווייפלט וואַרטן ביי דער טיר האָט אים מער צוגעהאַלטן צום אָרט, ווי זאַלצס שטאַרקסטע רייד. דאָס איז שטאַרקער געווען פאַר זיין גאַנצער שרעק, פאַר זיין גאַנצער בושה. דערפאַר האָט זי געמאַכט עטלעכע שריט נענטער און שוואַך אים געפרעגט, געבעטן מיט די בלוט־רויטע ליפּן: יאָ? און ער האָט בלויז אויסגעשטרעקט די האַנט. אויף מער האָט זי סיזוּוּי נישט געוואַרט. נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט זיך צו באַוועגן, עפּעס אַרויסצוברענגען פון זיך, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים מיט אַ שטיל און גליקלעך געוויין.

## .11

אַזעלכע זאַכן לאָזן זיך לאַנג נישט באַהאַלטן. באַלד האָט דאָס גאַנצע געטאָ געהערט דערפון. אָן אַ שיעור בחורים פון שטאָט און געקומענע האָבן משהן מקנא געווען: אַזאַ מזל! געקומען אָן אָפּגעריסענער בחור און תיכף אַריינגעקראָכן אין אַ קייזערלעכן הויז. און אַז ער האָט אַ דיפּלאָם, איז וואָס? וויפיל אַזעלכע דרייען זיך איצט אַרום און שלינגען די סלינע? זייער קנאה און שושקעריי האָט אויך משהן שכור געמאַכט. ער האָט זיך ביסלעכווייז גענומען לערנען זיין גליק פון זייערע אויגן אַרויס. בלויז די פּאָר לאַנדסלייט זיינע האָבן אים דאָס גליק נישט געשטאַרקט. ווי נאָר זיי האָבן זיך צונויפגעטראָפן, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ זיפצעריי: אָט וויאַזוי אַ וועלט דרייט זיך! ווער עס דערמאָנט זיך נישט אין משהלע רויזנער! אַ שטילער יונג ווי אַ טויב, וואָס איז נאָך געלערנט אויף אַלע זייטן . . . און די שוויגקייט אַליין . . . וועלכע מיידלעך האָבן דען נישט געחלומט פון אים אין קויאַווישן שטעטל? האָט זיך די מאַמע געיחסנט, געברעקלט, געקליבן... ביז גאָט האָט אַ דריי געטאָן דאָס רעדל, די מלחמה איז געקומען, ער האָט זיך פאַרוואַלגערט — און עזריאל זאַלץ האָט געמוזט ווערן דער זוכה בגורל! ווי געשריגן, ווען זיין מוטער מיט דער משפּחה זאָלן דאָס געווען פאַרויסזען . . . זי וואָלט בלויז געדאַרפט אַ קוק געבן אויף דער גאַנצער לייקען מיט איר טאַטן — און זי וואָלט עס נישט אויסגעהאַלטן. עס האָט זיך טאַקע געלוינט אויסצוהיטן אַזעלכע פאַרמעטענע יחוס־בריוו פון אַמאָל! און וויאַזוי קען מען טאַקע אַריינפלעכטן אַזאַ קייט אין דער גראָבקייט אַריין? דער גאַנצער משה איז אויך אַ צעקראָכענער נפש. וואָס איז? די וועלט עקט זיך שוין? ער האָט נישט געקענט אויסוואַרטן, ביז וועלט וועט צוריק זיין וועלט?

נאָר די טענות פוןביידע זייטן האָבן שוין גאָרנישט געקענט העלפן. משה איז שוין פאַרבליבן ביי זאַלצן אין שטוב. עס האָט גאָר

גענומען שיינען פון אים. זאַלץ האָט אים עטלעכע מאָל מיטגענומען אין יודנראַט אַריין, אים געהייסן זיך זעצן ביי אַ באַזונדער טיש, אָט גלאַט אַזוי . . . ער דאַרף גאָרנישט טאָן. ער האָט אים געלאָזט זיך אויסשמועסן מיט די עטלעכע חשובע יידן, וואָס זיינען אויך אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין ראַט אַריין. עזריאל אַליין איז געזעסן פון דער זייט און געזויגן די הנאה מיט די גראָבע ליפּן: ווי זיי קוקן אויף יענעם מיט אַ דרך ארץ! אַז ווילסטו תורה — ווייסט ער און ווילסטו אַ דאָקטאָר, איז ער. ערשט איצט האָט ער איינגעזען, אַז זיין לייקע איז שוין גאָרנישט אַזוי משוגע געוואָרן פון גרויס פאַרליבעניש. זי האָט פאָרט דעם טאַטנס קאָפּ אויף זיך. וועך עס זעט נישט דעם בחורס פאַרשוינלעכקייט! עס איז נאָר גענוג געווען אַראָפּצושלעפּן פון אים די טראַנטעס און אים אַריינשטעקן אין אַ לייטישן אָנצוג. היינט זיין משפּחה? מענטשן דערציילן שוין: גרויסע קעפּ איינס באַאיינס! אַז פּראָפעסאָרן וואַלגערן זיך ביי זיי אין אַלע ווינקעלעך!

יעדן טאָג זיינען געקומען אַנדערע געסט אַזויווי צופעליק און דערביי שטילערהייט אַריינגערוימט זאַלצן זייער מבינות. עס האָט אויסגעזען, אַזויווי מען וואָלט דאָ ווידער געלעבט אין נאָרמאַלע צייטן, ווען דאָס עסקן זיך אין גליק־שידוכים איז אַ טייל פון לעבן. זאַלץ האָט אַפילו גענומען פאַרגעסן וועגן די טעגלעכע זידלערייען און קלעפּ פון די דייטשן. דאָס הויז האָט אָנגעהויבן אַרויסשיינען פאַר די נידערגעשלאָגענע געטאָ־יידן ווי אַ קליין, ליכטיק טורעמל פון מענטשלעכער פרייד. לייקע גופא איז פון משהן נישט אָפּגעטרעטן און רק זיך געשפּיגלט אין זיינע אויגן. זי האָט פאַר אים באַשטעלט נייע אָנצוגער ביי די געטאָ־שניידער און געהאַלטן אים אין איין אויספּוצן, אַזויווי עפּעס אַ צירונג וואָס זי האָט זיך איינגעהאַנדלט.

די חתונה איז געגרייט געוואָרן אין שטאַרקן געאייל. בלויז זאַלצס נאָנטע מקורבים זיינען פאַרבעטן געוואָרן, ווייל עס האָט זיך נישט געוואָלט אויפרייסן די אויגן סיי ביי די דייטשן און סיי ביי די שטאָטלייט. מען האָט נאָר געזען צופאָרן אַ וואָגן מיט עטלעכע הויכע געשטאַפּאָלייט. דאָס האָט זיי זאַלץ געמוזט פאַרבעטן צו אַ טרונק און דערמיט כשרן זיין שמחה אין זייערע אויגן. מער קיין פּרטים פון דער חתונה האָט די שטאָט נישט געקענט וויסן. עס זיינען בלויז געווען סימנים, אַז אַפילו זיינע נאָנטסטע זיינען זאַלצן מקנא. דערפון איז בלויז אַרויסגעקומען אַ טובה פאַר אַ סך פון דער ניי־אָנגעלאָפענער אינטעליגענץ. מען האָט געזען ווי אַ טייל פריש־אויפגעקומענע מיטגלידער פון יודנראַט האָבן זיך גענומען איינקוקן מיט שאַרפערע אויגן אין זייערע רייען. גראָד האָבן עס געטאָן אַזוינע, וואָס האָבן געהאַט נישט־אויסגעגעבענע טעכטער.

אַ שטיק צייט האָבן נאָך מענטשן אויסגעשפּינט צווישן זיך כל

המינים מעשהס וועגן דער נישט־געזעענער חתונה. מען האָט געוואוסט, אַז דער חתן גופא האָט זיך כמעט ווי נישט געוויזן צווישן די געסט, ביז די כלה האָט אים נישט אַריינגעפירט ביי דער האַנט. דערנאָך האָט מען געזען, וויאַזוי זיינע אויגן זיינען פאַרוויינט. עס האָט אָבער אויסגעזען, אַז דאָס זיינען בלויז צוטראַכטענישן פון אַזעלכע, וואָס ווילן כאָטש מיטן מויל זיך נוקם זיין אין זאַלצן. עס זיינען פאַרביי עטלעכע וואָכן און מען האָט נישט אָנגעזען קיין שום סימן פון רייסערייען ביי זאַלצן אין הויז. אדרבא, זאַלץ האָט צונויפגעשטעלט אַ גאַנצן קאַבינעט פאַרן אײדעם און אַפילו חשובע געשטאַפּאָ־לייט זיינען זיך געקומען היילן צו אים. בלויז די געציילטע געטאָ־עקשנים האָבן נישט נאָכגעלאָזט און ווייטער געהאַלטן לייקען מיט משהן אויפן אויג. טאָקע זיי האָבן נישט געלאָזט איינלעשן די סודות וואָס האָבן זיך פון דאָרט געטראָגן. האָבן זיי געוואוסט שטילערהייט צו פאַרטרויען אויפן אויער וועגן בריוו פון אויסלאַנד, וואָס דאָקטאָר רויזנער באַקומט און זיי צעחושן אים אינגאַנצן. עפּעס האָט מען אים געזען שלייכן זיך פאַרנאַכט צו יענעם עק געטאָ, טרעפן זיך מיט די הפקרסטע חברה־לייט און זיי אַפילו פאַרבעטן צו זיך . . . ס'איז געווען דער ווינטער פון ניינצן־פערציק. די גרענעצן צווישן סאָוועט־רוסלאַנד און דער דייטשער אָקופּאַציע־ערד זיינען געווען לויזע. יידישע יינגלעך מיט שטורמיש בלוט האָבן באַוויזן אויסצוטאַפּן אַלע זייטיקע וועגן פון דער גרינגער גרענעץ און שפּאַצירט אַהין און צוריק איבער די וועלדער. ווען זיי זיינען נאָר געקומען, האָבן זיי געברענגט פעק מיט גרוסן און מעשהס פון יענער זייט. עס האָט אויסגעזען, אַז אָט־באַלד וועלן פּאַסירן גרויסע זאַכן. זיי האָבן געברענגט אין זייערע שטיוול אַלערליי בריוולעך פון די ווייטסטע מקומות, אַפילו פון ליטע און טיף־רוסלאַנד. מען האָט געשמועסט, אַז זיי האָבן אַלע רוסישע גרענעץ־סאָלדאַטן אין קעשענע און ווער עס וויל נאָר, קען דורך זיי אַריבערגעפירט ווערן. אָבער זיי האָבן נאָר געהאַט סודות מיט אַזעלכע, וואָס האָבן שוין מער נישט וואָס צו פאַרלירן אין געטאָ. וואָס־זשע פאַר אַ עסקים קען מיט זיי האָבן משה רויזנער?

האָט שוין עמעצער באַלד געוואוסט: ער וויל זיך אַוועקלאָזן איבער דער גרענעץ, זאַלצס אײדעמל! שפּעטער האָבן שוין מענטשן געוואוסט, אַז לייקע איז גרייט געווען מיטצוגיין. משה האָט אָפּגענומען גרוסן פון זיינע קרובים אויף יענער זייט. זיי שפּילן דאָרט אַ גרויסע ראָלע. דאַרף ער בלויז אַדורכקריכן עטלעכע וועלדלעך און זיין אַ פרייער מענטש. ביי די דייטשן ציטערט ער צו שטעלן אַ טריט. יעדעס מאָל, ווען ער דאַרף היילן זייערס אַן אָפיציר, הערט ער די זעלבע ווערטער: ער וועט דערשאָסן ווערן ביים מינדסטן טעות! און עס איז אים שוין איבער דער מאָס צו טאַפּן זייערע בייכער. עטלעכע מאָל

האָט ער שוין געכאַפּט שאַרפע פעטש, ווען ביי איינעם פון זיי האָבן די ווייטיקן זיך צעבושעוועט. וואָס־זשע וועט ער דאָ אויסזיצן אינם שיינעם קאַבינעט? וויל ער נישט מער. נאָר קיינער האָט פאָרט נישט געקענט וויסן געגנוי, וואָס עס טוט זיך אָפּ אין די צימערן ביי זאַלצן.

.12

זעט אויס, אַז מענטשן וויסן פאָרט וואָס זיי רעדן. זאַלצס פּנים האָט עפּעס ווידער גענומען כמורנער ווערן און מען האָט אים מער נישט געהערט אַזויפיל פּלאַפּלען וועגן זיין אידעם ווי פריער. אויך רויזנער אַליין האָט זיך עפּעס גענומען מישן אין אַזעלכע ענינים, וואָס שטייען גאָרנישט אָן פאַר זאַלצ׳ס אידעם. איין גאָט האָט נאָר געקענט וויסן, וויאַזוי ער האָט אויסגעזוכט די לעצטע פאָר ציוניסטן אין געטאָ. מען האָט געשמועסט, אַז ער זוכט מיט וועמען צו רעדן העברעאיש. אַזאַ משוגעת אין אַזעלכע ביטערע צייטן! ער האָט עפּעס גענומען רעדן מיט אַ פאַר׳חלש׳ט פלעמל אין די אויגן, אַז פון דער סאָוועטישער זייט קען מען זיך לייכט דערשלאָגן קיין ווילנע און פון דאָרט אין אַן אָפענער וועג קיין ארץ ישראל . . . זאַלץ האָט זיך באַמיט אָפּצושטעלן מיט אַלע כוחות די דאָזיקע ריידערייען. ער האָט גענומען נאָכדערציילן די שרעקלעכסטע גרוסן פון יענער זייט — און דווקא אין זיין אידעמס נאָמען: אַ ייד איז דאָרט פשוט נישט זיכער געוועזן מיטן לעבן. ווי נאָר מען טרעפט דאָרט אַן עלנטן פּליט, שיקט מען אים גלייך קיין סיביר אָדער אין די דאָנבאַסער קוילן־גרובנס. אַפילו די אַלט־איינגעזעסענע שטאַרבן דאָרט פאַר הונגער און גייען באָרפיס אין די פרעסט. טאַקע זיין משה האָט עס אים געזאָגט: בעסער צו קושן דאָ די ערד און די רוט, איידער צו גיין פוילן דאָרט צווישן אייז־בערג אָדער אונטער דער ערד.

אָבער יידישע מיילער לאָזן זיך נישט נאַרן. מען האָט שוין גע־וואוסט, אַז רויזנער פאַלט טיילמאָל אריין אין אַ ווילדער משוגעת. ער ברעכט די שיינע פּאַטעלן, רייסט פון זיך די הויט און שרייט. ער האַלט, אַז ער האָט שוין געענוג פאַרשפּעטיקט. ווי אַ ציוניסט האָט ער נישט געדאַרפט וואַרטן אויף היטלערן. דערפאַר טאַקע האָט ער באַקומען זיין שטראָף. איצט מוז ער אויסנוצן די געלעגנהייט און זיך אַוועקלאָזן אין וועג דורכן איינציקן טירל, וואָס איז נאָך אָפן געבליבן. באַלד וועט זיך דאָס אויך פאַרהאַקן און דאָס גאַנצע לעבן וועט זיין פאַרשפּילט. לייקע גופא פאַרשטייט נישט זיינע רייד און וואָס ער וויל. זי הערט אים נאָר אויס און טענה׳ט מיט אָנגעגאָסענע אויגן, אַז אויב אים איז ניחא גייט זי מיט אים. דאָס ערשטע מאָל האָט זי אים געזען אַזאַ היציקן, אַזאַ דעצידירטן. זי האָט זיך געשראָקן פאַר זיין כעס. ער קען זיך גאָר אויפ־הייבן אין אַ שיינעם פאַרטאָג און נעלם ווערן. האָט זי די ערשטע צייט

גענומען טרייבן די יונגאַטשעס אין ווינטער־שטיוול, פון וועלכע עס שמעקט מיט הפקר און ווייטע גרענעצן. אָבער דערנאָך האָט ער מורא געהאַט מיט איר צו רעדן און עס איז איר נאָך ערגער געוואָרן. האָט זי זיך אויפגעהערט צו מישן, אים אַפילו צוגעזאָגט צו גיין מיט אים אין יענעם עק וועלט. ער איז קלוגער פאַר איר — און אַז ער זאָגט, ווייסט ער וואָס ער וויל.

נאָך דעם פאָטער האָט זי עס געמוזט דערציילן. וואָס וועט ער דער־נאָך טאָן, אויב די געשטאַפּאָ וועט אים פרעגן אויף זיין טאָכטער און איידעם? זיי וועלן דאָך זיכער קומען מיט זייערע מיחושן און געוואַל־דעוועןן: וואו איז דער דאָקטאָר? קען דער פאָטער נישט ליידן צוליב דעם? זי פרעגט בלויז . . .

זאַלץ האָט זיך נאָר געקענט צעלאַכן פון ווילדן כעס: בלויז הפקר־יונגען לאָזן זיך שמוגלען גרענעצן. איינעם געלונגט און טויזנט דערשיסט מען. זיי האָבן דען, ווער עס זאָל זיי באַוויינען? ווייסט מען טאַקע נישט... גראָד זענט איר ביידע פון די גרויסע בריות. איך וועט זיכער געלינגען אַריבערצושפּאַצירן די באַוואַכטע גרענעצן, ווי דען? אַז דער גאַנצער געשפּאַן מיט זיין דאָקטאָריי האָט מורא אַרויס־צושטעקן די נאָז אויסער די געטאָ־געסלעך.. דער אמתער העלד!

און מיט רויזנערן האָט ער גערעדט געלאַסן און קלאָר: כל זמן איך לעב — וועסטו נישט גיין. איך וויל נישט זען מיין איינציק קינד מיט אַ געלעכערטן שאַרבן אין וואַלד. אויב דו ווילסט דווקא — מאַרש אַליין! נאָר איך פאַרזיכער דיר, אַז אויפן צווייטן טאָג וועט דיך די געשטאַפּאָ צוריקברענגען. איך אַליין וועל עס זיי מעלדן דער ערשטער. איך מוז עס. עטלעכע טויזנט יידן ליגן מיר אויפן קאָפּ און איך קען נישט איינשטעלן. דערפאַר זאָג איך דיר קלאָר: האָסט אַ ווייב מיט אַ שטוב, טאָ זיץ רואיק. זאָל דער האָבער דיך נישט שטעכן. עס זיינען דאָ נאָך יידן אויסער דיר — און זיי זיצן... און נישט אַלע האָבן זאַלצן פאַר אַ שווער און עסן צו דער זעט.

אַזעלכע ווערטער האָבן ביי משהן אונטערגעהאַקט די פליגל. ער האָט געהערט פון מענטשן וואָס קומען און גייען. די דייטשן מאַכן זיך נישט־וויסנדיק. בלויז פון יוצא־וועגן כאַפּן זיי אַמאָל אַ פּאָר יידן און דערשיסן זיי. זאָל מען טאַקע נישט מיינען, אַז ס'איז נישט מער ווי אַ שפּאַציר. אָבער אַנדערע לאַכן דערפון: אָדער טויט אָדער ברויט. וואָלט ער געדאַרפט זיין פון די ערשטע. אים האָבן אַלע אויפן אויג. ער שטעלט אַלעמאָל איין דעם קאָפּ ביים באַטראַכטן די דייטשע חולאים און וועט זיכער דערפאַר אַמאָל באַצאָלן. אָבער זאַלץ האָט שוין אומעטום גע־וואָרנט. די יונגען מיט שניי אין די אויגן האָבן אים גענומען אויסמיידן, באַהאַלטן זיך. זאָל זאַלץ נישט מיינען, אַז זיי רעדן אים צו, ווילן אים

פּאַרפּירן. עס איז בעסער, אַז אַלץ גייט צו שטילערהייט . . . און משה אַליין האָט קיין כח נישט געהאַט זיך אַ ריס צו טאָן פון וואַרעמען געלעגער אין אַ פאַרטאָג און שפּרייזן צו די וועלדער. לייקע גופא האָט דערפון בלויז געקענט צופרידן זיין. די ערשטע פאַרליבטקייט האָט זיך שוין גענומען לעשן, גרוי ווערן. צווישן משהן און דעם פאָטער, האָט זי ווידער דערזען זאַלצן ווי דעם קלוגערן: ער איז דען נישט גערעכט? דאָ זיצט מען אין אַ וואַרעמער שטוב, ביינאַכט קומט מען זיך צונויף. די מיטגלידער פון יודנראַט שרעקן זיך נישט פאַר דער פּאָליציי־שעה. זיצט מען און מען לאַכט, מען טרינקט טיי און עס איז דאָ מיט וועמען צו מאַכן אַ קערטל. וואָס־זשע פאַר אַ משוגעת איז עס צו לויפן איבער שטרענגע גרענעצן, וואו בייזע סאָלדאַטן שטייען און וואַרטן נאָר אויף אַ געלעגענהייט פאַר זייער ביקס? דאָרט וועט זי קיין מיוחסת נישט זיין . . . און קיין טאַטע וואָס שטעלט אונטער די פּלייצעס פאַר ביידע איז דאָרט אויך נישטאָ.

זי האָט אַפילו אויפגעהערט צו טראַכטן דערפון, וואָס משה קלערט ביי זיך און ער אַליין האָט פאַרשטאַנען, אַז מער דאַרף ער איר דאָס נישט דערציילן.

.13

דער באַפעל צום יודנראַט איז, ווי אַלעמאָל, געווען קורץ און שנייַדיק: מאָרגן פאַרטאָג מוזן פינף הונדערט יינגע יידן שטיין ביים טויער פון דער עס־עס־קאַזאַרמע. זיי דאַרפן מיטנעמען אַ קאָלדרע און עסן אויף צוויי טעג. זאַלץ האָט אַליין געמוזט אַ גאַנצע נאַכט אַרבעטן אויף דער ליסטע און דער שמש פון יודענראַט האָט אָפּגעטראָגן די רוף־צעטלען אין מיטן דער נאַכט. די קאַרטאָטעקע האָט געמוזט איבער־געוואָרפן ווערן אין געאייל. די ערשטע זיינען אַרויסגענומען געוואָרן די פרעמדע און געניסער פון קעסל. דערנאָך האָט מען געמוזט צושטעלן די אַלע, וואָס קיינער וועט זיי נישט באַוויינען און עס איז נישטאָ ווער עס זאָל פאַר זיי מאָנען יושר. די פאַרהעמערטע הייזקעס האָבן באַלד גענומען אימה׳דיק רוישן און מאַמעס האָבן איינגעשטעלט דאָס לעבן, לויפנדיק צו זאַלצן אָפּשרייען די גזירה. אַנדערע האָבן שכל געהאַט און מיטגענומען דאָס לעצטע מיט זיך: צעקנייטשטע באַנקנאָטן, דאָ־לאַרן וואָס זיינען געלעגן פאַר אַ טאָכטערס נדן זינט קרובים האָבן זיי געשיקט; אַלטע צירונג, פּערל, דימענטן, גאָלדענע פינגערלעך . . . יעדעס מאָל האָט זאַלץ געמוזט איבערשטעלן די ליסטע און עס זיינען בלויז געבליבן אַזעלכע, וואָס האָבן צו שפּעט דערהערט די בשורה — אַ האַלבע שעה פאַרן שטעלן זיך.

די וואָרענישן זיינען געווען האַרבע: ווער עס שטעלט זיך נישט צו ביז פאַרטאָג וועט באַצאָלן מיטן לעבן. דערביי וועט אַרעסטירט

ווערן די גאַנצע משפּחה, פון דער אַלטער מאַמע ביז צום ייִנגסטן שוועסטערל. האָבן די סאַמע היציקסטע ייִנגען אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און געוויקלט די לאַבנס ברויט אין די רוקזעק. זאַלץ אַליין איז געזעסן אַ גאַנצע נאַכט איבער די לאַנגע פּאַפּירן, געמעקט און צוגעשטעלט נעמען, געציילט די אויסקויף־געלטער מיט אַ מידן שמייכל און זיך געוואונדערט, וואָס קיינער האָט אים נאָך דעם קאָפּ נישט געלעכערט. פאַרטאָג, ווען דער דייטשער שאָפער האָט אים געפירט צו דער קאַ־זאַרמע, איז שוין דער גאַנצער וועג פאַרזייט געווען מיט נערוועזע געשטאַלטן. עס האָבן געשפּרייזט מיט פאַרדעכטיקן שווייגן די ייִנגען און עס האָט זיי באַגלייט דאָס הימלשפּאַלטנדיקע געשריי פון מאַמעס און שוועסטער. זאַלץ האָט זיך טיפער איינגעטוליעט אין זיין פוטערנעם טולופּ, אָבער אויגן האָבן אים סיווי דערקענט. עס האָבן זיך צו אים געריסן קולות און קללות פון אַלע זייטן. נאָר דער בייזער ווינט האָט זיי אויפגעכאַפּט און צעריבן נאָך איידער זיי האָבן זיך ערגעצוואו דער־שלאָגן. ער האָט שוין געוואוסט, אַז די פינף הונדערט וועלן אַוועקגע־שיקט ווערן גאָר ווייט און אפשר וועט שוין קיינער פון זיי מער נישט צוריק־קומען. עס האָט אים אפילו הנאה געטאָן, וואָס ער האָט עס שטילערהייט דערציילט דעם שמש. יענער האָט עס מודיע געווען, ווע־מען ער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק און די אויסקויף־געלטער האָבן זיך אויפגעטורעמט אין אַ באַרג. נאָך איצט וועלן זיך צושטעלן מיט הונ־דערט מער. דאָס האָט ער זיך געלאָזט אַ צאָל חברה־לייט אין רעזערוו. טאָמער וועט עמעצער קומען אויסלייזן אַ נאָנטן אין דער לעצטער מינוט — זאָל זיין פון וואָס צו קלויבן. דער יודנראַט דאַרף איצט אַ סך געלט. דער לאַנדראַט פאַרלאַנגט אַ נייע קאָנטריבוציע, די געשטאַפּאָ דאַרף איצט מאַכן נייע בעלער, עטלעכע אָפיצירן ווילן שיקן מתנות אַהיים און די פאָר מיטגלידער פון העכערן יודנראַט דאַרפן אויך לעבן. ווען נאָך קען זיין אַזאַ געלעגנהייט אַריינצובאַקומען די נויטיקע סומע?

דערפאַר אָבער האָט אַ גאַנצע כמאַרע מיט מאַמעס פאַרלייגט דעם וועג, ניט געקוקט וואָס מען קען זיי דערשיסן פאַרן שלעפּן זיך אין אַזאַ פריער שעה. זיי האָבן זיך איינגעקלאַמערט אין די שטאַכעטן פון דער קאַזאַרמע, געריסן די אייזערנע הענטלעך פונם טויער און געשריגן ווי באַנומענע. זאַלץ האָט זיך אַרומגעדרייט אין הויף, קאָמאַנדירט מיט די טעמפּע זעלנער און אַלעמאָל צוגעלאָפן עפּעס מעלדן דעם דייטשן קאָמענדאַנט פּענקאָווסקי. די פאַרוויינטע פרויען האָבן צוגעזען דורך די לעכער, וויאַזוי זאַלץ לאָזט זיך אַלעמאָל צו די אויסגעשטעלטע רייען און ציט אַרויס פון דאָרט וועמען אים געפעלט. זעט אויס, אַז דאָס האָט ער אַליין גערופן מער וויפל מען דאַרף. קען ער איצט זיין אַ גוטער און אַרויסלאָזן וועמען ער וויל. דאָס האָט אויפסניי אַ רודער געטאָן מיט דער מיד־געוואָרענער מחנה פרויען. ווער ווייסט, אפשר

האָט ער „זייערן" בלויז געברענגט אויף „טאָמער" און איצט קען ער אים אָפּלאָזן? זיי האָבן זיך דערפאַר צעיאָמערט מיט פרישע קולות, צוגעלייגט דעם הייסן קערפּער צו די געפרוירענע אייזנס און אַריינ־געהעשעט דורך די לעכער צום הויף: פּאַניע זאַליץ! האָט גאָט אין האַרץ . . . נעמט אַרויס מיין יאַנקעלען. די שטוב וועט אָן אים אויסגיין פאַר הונגער . . . פּאַניע זאַליץ!

די געשרייען פון הונדערטער מיילער האָבן צעריסן די לופט און צונויפגערופן אַ גאַנצע מחנה פריילעך־צעשטיפטע פּאָליאַקן. זאַליץ האָט זיך צומערשט נישט וויסנדיק געמאַכט. זאָלן זיי שרייען. אָבער די קולות אינם שטילן פאַרטאָג האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעבויערט אין זיין מח. די מידקייט פון דער נישט־געשלאָפענער נאַכט האָט אים נאָך מער געהאָלפן צערייצן. דערפאַר האָט ער זיך פּלוצים צעיאַכמערט, צוגעלאָפן צום טויער און געגרעוועט: איך וואָרן אייך, גייט אַוועק באַ־צייטנס. אויב נישט, וועט איר זיי קיין לעבעדיקע נישט צוריק־זען . . .

די פרויען האָבן זיך פון זיין נאָענטקייט נאָך מער פאַרלוירן. אָט שטייט ער אַנטקעגנאיבער . . . ער קען נאָך ראַטעווען . . . דאַרף מען אים נאָר קענען ווייכער מאַכן דאָס האַרץ. ער איז דען נישט קיין ייד? ווייסט ער נישט, וואָס עס מיינט צו פאַרלירן אַזאַ ליכטיקן יינג? זיי האָבן זיך דערפאַר באַמיט איינע די אַנדערע איבערצושרייען, גלייך ווי בלויז דורך דעם קען מען עפּעס פּועלן. אַ שטיק צייט האָבן זיך די קולות געראַנגלט צווישן זיך, אַזויווי דאָס גופא וואָלט געווען זייער ציל און נישט דאָס דערגרייכן זאַלצ'ס אָנגעפּעלצט האַרץ. עס האָט זיך אין זיי אויסגעמישט געבעט און שעלטערייען, וואָרענונגען וועגן גאָט אין הימל און פאַרצווייפלטע חניפה. זאַליץ האָט שוין מער נישט געקענט וויסן וועמענס העזנט עס שטרעקן זיך צו אים מיט תחנונים און וועלכע עס רייסן זיך אים צו דערשטיקן . . . אַ ווייל איז ער אי־בערגענומען געוואָרן פון זיין מאַכט, פון זיין אויסוואַקסן איבער זייערע קעפּ. באַלד אָבער האָט ער פאַרלוירן אַ פייף געטאָן און אַ בינטל זעלנער איז אָנגעלאָפן. זיי האָבן בלויז געדאַרפט הערן פון אים דאָס ערשטע וואָרט. דערנאָך האָבן זיי צעפּראַלט די טויערן און מיט די אויסגעשטרעקטע געווערן אַריין אין דעם קנויל פון פרויען, שוועסטער און מאַמעס. די געשלעגן האָבן אַרויסגערופן אַזאַ געוואַלט, אַז די הונ־דערטער יינגען אין הויף זיינען פאַרגליווערט געוואָרן: מען שלאָגט זייערע מאַמעס! טייל פון זיי האָבן זיך אַ ריס געטאָן, אָבער די זעלנער־קייט האָט זיי צוריקגעשליידערט. אין דרויסן האָט עס געקנאַלט פון ביקסן און בלויע רויכלעך אין דער לופט האָבן אָנגעזאָגט היימיש בלוט.

זאַליץ איז צוריקגעקומען אַ בלייכער, מיט וואַקלדיקע טריט פון עפּעס אַ ביטערער שכרות. ער האָט עפּעס אַ ברום געטאָן צום קאָמענ־דאַנט פּענקאָווסקי און יענער האָט באַשטעטיקט אויפן קול: זיכער . . .

אַז מען וועט זיי אַוועקפירן, וועט די ווייבערישע האַרדע מער נישט שטיין דאָ און פּראָוואָצירן . . . אָרדנונג מאַכן !! זאַלץ אַליין, אַ שול־דיק־אָפּגעקילטער, האָט כאַטש מיט עפּעס געוואָלט באַרואיקן די אויפ־געררייצטע יינגען אין דער ריי: הלוואי וואָלט מיין קובוש דאָ איצט געשטאַנען מיט אייך . . .

עס איז אָבער מער קיין צייט נישט געווען אים אויסצוהערן. אַ פייף האָט דערשטיקט די קללה אין די העלדזער. זעלנער מיט בייטשן האָבן אויסגעגלייכט די רייען, געציילט פון אַלע זייטן ביז זיי האָבן געמאָלדן דעם קאָמענדאַנט: גענוי! שטימט! פינף הונדערט, הער אָבערשטורעמפירער!

זאַלץ האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט מען זאָל אויך אים נישט אַריינציילן. דער מאַרש צום טויער האָט זיך אָנגעהויבן אין טויטער שטילקייט. די לופט האָט אָפּגעקרעכצט מיט די טרוקענע טריט פון די שטיוול אויף די גרודעס. זאַלץ האָט נאָכגעע־שפּרייזט באַזונדער, נעבן די עס־עס־לייט, אויפן ראַנד פון שאָסיי. פון דער ווייטנס האָט מען געזען, וויאַזוי מאַמעס וואַרפן זיך נאָך אַלץ צו אים מיט דער לעצטער האָפענונג. זיי ווילן כאַפּן זיינע הענט צום קושן, צום בעטלען ביי אים לעבן פאַר די אייגענע, זיך דערוויסן וואָס מען גייט טאָן מיט זייער בלוט און פלייש. זאַלץ האָט זיי געטריבן פון זיך מיטן שטעקן און פאַרלוירן זיך געשטויסן פאַרויס. ביי עטלעכע יינגען פון די הינטערגעסלעך האָט אויפגעקאָכט דאָס בלוט: וואָס? ער וועט שלאָגן זייער שוועסטער? זייער מאַמען? עס איז אָבער נישט מעגלעך געווען אַרויסצושלעפּן קיין טריט פון דער ריי. באַלד האָט אַ זעלנער־קייט אָפּגעשלאָסן דעם וועג פאַר די פרויען און די ריי האָט זיך אַ טראָג געגעבן פאַרויס. די געוויינען זיינען איר בלויז נאָכגעע־פלויגן מיט פאַרחלשטער שוואַכקייט, ווי געררוישן פון אַן אַנדער וועלט.

אויסער דער שטאָט האָט דער מאַרש געמומען ווערן ווילדער, איי־ליקער. שוואַרצע מונדירן האָבן איבערגענומען די קאָמאַנדע. זיי זיינען געפאָרן אויף ברוינע מאָטאָציקלען און געהאַלטן אין איין טרייבן: שנע־לער! נאָך שנעלער! די קאַלטע זון האָט זיך אַרויסגעגליטשט אויף אַ בלוי־געפרוירענעם הימל און נאָכבאַגלייט דעם מאַרש מיט אַ ציניש׳ן שמייכל. לאַנגע קילאָמעטערס פון נאַקעטע פעלדער זיינען געבליבן הינטערשטעליק. באַלד האָט זיך אַרויסגעשיילט אַ דאַרער וואַלד, ביי וועמען די צווייגן האָבן זיך מאַכטלאָז דערציילט אימהדיקע סודות. מיט יעדער ווייטערדיקן טריט איז דער כעס קעגן זאַלצן געוואָקסן ביז משוגעת: ער האָט אונז פאַרקויפט צום טויט... ער! דער ווילדער מאַרש האָט אָפּגעריבן די פיס, טרוקן געמאַכט דעם גומען — אָבער דער מח האָט בלויז געפיבערט מיט איין באַגער: נקמה אין זאַלצן! נאָר

וויאַזוי? די פֿאָלקסדייטשע וועכטער אויף די מאָטאָציקלען האָבן לאַנג נישט געלאָזט טראַכטן וועגן דעם. באַלד האָבן זיך באַוויזן די ערשטע, אָפּגעריבענע הייזער אין מיטן אַ נאַקעט־אויסגעטוענעם, אַפֿרי־ליקן וואַלד.

.14

די ערשטע וואָך אין לאַגער האָט אויסגעזען אַן אייביקייט. עס זיינען שוין געווען דערשאָסענע און שוועער־צעשלאָגענע. די מענטשן האָט מען אַריינגעפּאַקט אין אַ שטיינערנער שטאַל, וואו מען איז גע־שלאָפן אויף דער הוילער ערד אָדער אויף די ברעטער פון בוידעם. עס האָט געדאַרפט קומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש אונטערצושפּרייטן שטרוי. קיין ליכט האָט נישט געטאָרט ברענען און די פינסטערניש האָט אימה׳דיק געמאַטערט נאָך די לאַנגע אַרבעטס־טעג. די פֿאָלקס־דייטשע וועכטער האָבן אַפילו געזאָרגט מען זאָל זיך לייגן שלאָפן פרי. דערפאַר האָבן זיי אַריינגעשאָסן דורך די לעכער פון טיר אויף אַ באַ־שטימטער הויך. מען האָט צוליב דעם געמוזט ליגן אויסגעצויגן.

די יידן זיינען דאָ אָנגעברענגט געוואָרן פון פאַרשידענע שטעט. כמעט אַלע זיינען געווען אויסגעקליבענע חברה מיט אייזערנע נערוון און געזונטן בלוט אין די אָדערן. האָט מען מיט עקשנותדיקער רו גע־וואַרט אויפן זונטיקדיקן טאָג. אָבער שוין שבת פאַרנאַכט האָט זיך געהערט דאָס רוישן פון אַן אויטאָמאָביל אויפן וועג. דאָס איז געווען אַן אָנזאָג, אַז עפּעס גייט פאָרקומען. באַלד האָט זיך טאַקע געהערט דער באַקאַנטער לאַגער־אַלאַרם, וואָס האָט גערופן צום שטעלן זיך אויפן אַפּעל־פּלאַץ. די נאַכט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט מיט מלאך־המות׳־דיקער שוואַרצקייט. די רעפלעקטאָרן פון די טורעמלעך האָבן זיך איינ־געבויערט אין איר טונקל לייב און די מחנה איז שנעל צוזאַמענגע־טריבן געוואָרן. אַ ציטער האָט אַלעמען אַרומגענומען: דער נייער גאַסט איז געווען פּענקאָווסקי. ווען ער האָט זיך אָוועקגעזעצט ביים טיש אין הויף, צוזאַמען מיטן לאַגער־קאָמענדאַנט און עלטערע וואַכליים, איז ער שוין געווען היפּשלעך שכור. זיי האָבן געלאָזט שטיין די רייען אין טויטער פאַרגליווערטקייט און אַליין האָבן זיי זיך גענומען צום עפּענען נייע פלעשער שנאַפּס. עלף הונדערט פּאָר אויגן האָבן מיד און דערשראָקן אַריבערגעקוקט צו יענעם טיש. עס האָט געמוזט נעמען אַ שעה אָדער צוויי, ביז עס איז פון דאָרט געפאַלן דער געשריי: זינגען! באַלד זיינען אויסגעוואַקסן שוואַרצע וואַכליים אַרום די רייען און מיט די ביקסן־קאָלבעס דערמוטיקט די אויסגעגלייכטע פּלייצעס: זינגען האָט מען געהייסן! און דערשראָקענע קולות האָבן זיך גענומען טראָגן צום אויסגעשטערנטן הימל. פּענקאָווסקי איז דאָס מאָל געווען אין אַ גוטער שטימונג און מיט זיין מעכטיקן כאָרכל אַלעמען איבערגעשריען:

בראַוואָ! עס גייט אייך דאָ וואויל און גוט — זינגט איר... דאָס איז פיין. איך וויל אייך זען טאַנצן!

אונטער אַ האָגל פון קלעפּ האָבן עלף הונדערט שאָטנס זיך מטורף צעוויגט. די פּראָזשעקטאָרן האָבן געשליידערט די שאָטנס אויף די ביימער פון יענער זייט דראָטן, ווי זיי וואָלטן אויסן געווען אַז מען זאָל די געשלאָגענע שמחה זען וואָס ווייטער. אַ האַלבע שעה האָט געדויערט דער ווילדער טאַנץ אין רייען, ביז פּענקאָווסקין איז עס נמאס געוואָרן. נישט צוליב דעם האָט ער זיך געשלעפּט אַהער. האָט ער באַפוילן מען זאָל זיך ווידער אויסשטעלן אין ריי און גליד. זיין בריל האָט אַדורכ־געלעכערט די מחנה: שטילשטאַנד! און עס איז ווידער מוראדיק שטיל געוואָרן. פּענקאָווסקי איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן טישל און געגומען דונערן: מיינע ליבע יידן! ווי געפעלט אייך די זומער־וואוינונג, וואָס מיר האָבן אייך צוגעגרייט? איר פוילענצט, זינגט, טאַנצט . . . וואָס נאָך פעלט אייך דען? אָבער אייערע לייט אין שטאָט זיינען נישט צופרידן. זיי קריכן דורך טיר און טויער, לייגן איין וועלטן מען זאָל אייך באַפרייען . . . איז אייך טאַקע אַזוי שלעכט דאָ? מיר זיינען נאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליסטן און זוכן גערעכטיקייט . . . וויל איך הערן: ווער פון אייך האָט עפּעס צו זאָגן?

זיין צוויי־מעטערדיקע פיגור האָט פון טישל אַראָפּ אויסגעזען ווי אַ ריז פון וואַלדיקן פאַרצייטנס. האָבן שיטערע שטימען אָפּגעענטפערט מיט פחדים׳דיקער חניפה: ניין, מיר האָבן זיך נישט אויף וואָס צו באַקלאָגן . . . פּענקאָווסקין איז פון דעם ענטפער פריילעך געוואָרן. אָבער עפּעס האָט אים נאָך געפעלט צו זיין שפּיל. ער האָט דערפאַר ווייטער גענומען ציען ביי דער נשמה: אַלזאָ, מאָרגן קום איך אין שטאָט און לאָז פאַרזאַמלען אַלע אייערע נאָענטע. איך דאַרף ברענגען אַ גרוס פון אייך. זאָל איך זיי זאָגן, אַז איר ווילט שוין דאָ פאַרבלייבן?

די רייען האָט פאַרכאַפּט אַ שטילע צעטומלטקייט. דערפאַר האָבן אַלע צוגעזען מיט וויסטן האַרץ־קלאַפּן וויאַזוי זיגמונד, דער יידישער קאָמענדאַנט פון פערטן בלאָק טרעט אַרויס פון דער ריי און רוקט זיך נענטער צום טישל: הער אָבערשטורמפירער! וועט איר דערלויבן עפּעס צו פרעגן? פּענקאָווסקי איז איבעראַשט געוואָרן פון דעם יידס דרייסטקייט: קענסט זאָגן וואָס דו ווילסט. זיגמונד האָט אַזויווי פאַרגעסן צו וועמען ער רעדט: איר זאָגט: גערעכטיקייט... איך בין געווען אַ קריגס־געפאַנגענער אין דייטשלאַנד און געזען וויאַזוי אַרבעטער ווערן דאָרט רעספּעקטירט. אַפילו יידישע אַרבעטער ווערן בעסער באַהאַנדלט. איר נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן זאָגט, אַז איר באַ־קעמפט דעם קאַפּיטאַל. אָבער וואָס זענען מיר? דער יודענראַט האָט אויסגעליפערט די אָרעמסטע אַרבעטער אין לאַגער אַריין. זייערע משפחות מוזן איצט הונגערן. דערפאַר אָבער זיצן די רייכע אין שטוב

און לעבן אַ טאָג . . . אָט וואָס איך האָב אייך געוואָלט פרעגן! פּענ־קאָווסקי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון געזעס: דו ביזט אַן עכטער קערל! פרעגט ווי דער טייוול, אָבער . . . זאָגסט ריכטיק! גיב אונז די נעמען פון די רייכע יידן וואָס דו קענסט.

זיגמונד האָט זיך פאַרלוירן. אין דער ריי האָט זיך שטיל און צאַרניק געקאָכט: וואָס האָט ער דאָ אָפּגעטאָן, דער זיגמונד? וועלכער נאַר האָט אים געשטופּט זיך אַרויסצושטעלן? געטראָפן ביי וועמען צו מאָנען יושר. באַלד וועט ער נאָך מוזן ווערן אַ מסור אויך... דאָס ווילן זיי דאָך! דער פּיפּיקער זיגמונד האָט זיך אָבער באַלד געכאַפּט: הער קאָמענדאַנט, איך בין דאָ נישט לאַנג צוריק־געקומען פון געפאַנגענשאַפט. וועמען קען איך דען ביים נאָמען? ס׳איז אַ שטאָט מיט אַן איבערגע־דרייטן פּעלץ. רייכע זיינען איצט אָרעם און אָרעמעלייט זיינען רייך גע־וואָרן. נעמט אָבער אַזאַ מאַן ווי עזריאל זאַלץ. ער איז רייך — אַרבעט ער נישט. אויך זיין איידעם זיצט זיך מיט זיין ייִנג ווייבל אין דער וואָרעמער זעט. וואָס פעלט זיי? אַבי זיי האָבן געשיקט אַנדערע אין לאַגער. פאַרוואָס זאָלן אויך זיי נישט פאַרזוכן אַביסל פון זעלבן גע־קעכץ? ביי פּענקאָווסקין האָבן זיך די אויגן אָנגעצונדן פון אַ נייעם איינפאַל. עפּעס האָט אים אַזוי פאַרכאַפּט, אַז ער האָט פאַרגעסן צו שלאָגן זיגמונדן פאַר זיין חוצפּהדיקער איראָניע און זיין מורדישן טאָן. אים האָט גאָר פאַראינטערעסירט איין זאַך: דאָס אינגאַנצן? אייך האָט זיך פאַרבענקט נאָך אייער פאָרזיצער? אייך איז דאָ גוט ווי די וועלט, נאָר אָן אייער פירער איז אייך אומעטיק . . . זענט איר גערעכט: ער פילט זיך שוין צו פעסט אין זאָטל, אַזויווי ער וואָלט גאָר קיין ייד נישט געוועזן . . . און דאָס, זעט איר, קען מען גאָר לייכט אויסגלייכן.

מער איז אים נישט מעגלעך געוועזן איינצוהאַלטן. דער לאַגער־קאָמענדאַנט האָט נאָך געפּרוואווט עפּעס רעדן צו אים, אָבער פּענקאָווסקי איז שוין געלאָפן צו זיין אויטאָ מיט משוגענער פרייד. ערשט ביים טויער האָט ער זיך דערמאָנט אויסצושרייען צום גאַנצן הויף: מאָרגן וועט איר אים דאָ האָבן!

דאָס שפּיל האָט זיך מיטאַמאָל פאַרענדיקט. די שיין־וואָרפער האָבן זיך אויסגעלאָשן און דער הויף איז ווידער איבערגעצויגן געוואָרן מיט שוואַרצן פּעך.

.15

אַ גאַנצן טאָג האָבן די שוואַרצע וועכטער זיך געהאַלטן אין איין שושקען. אַלעמאָל האָט אַן אַנדערער אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. זיי האָבן אָבער נישט געקענט האַלטן קיין סוד און געזוכט בייע מענטשן וועמען צו דערציילן. דאָס האָט זיי געגעבן אַ פרישע געלעגנהייט צום לאַכן פון יענעמס איבעררשונג. דערפאַר האָבן זיי עס באַלד אונטערגעטראָגן

יעדן פוילישן אויפזעער באַזונדער: מ׳האָט געברענגט אין לאַגער אַריין דעם יידישן קעניג, זאָלצן...

די יידן האָבן עס געמוזט הערן זייטיק און ברענען פון אומגעדולד. ערשט ווען זיי האָבן אַריינמאַרשירט דורכן טויער, איז זיי אַנטקעגנגעלאָפן די בשורה: מען האָט בייטאָג געברענגט זאַלצן אַ צעהרגעטן. זיינע בגדים זיינען אויסגעשמירט מיט בלוט און בלאָטע און דער קאָפּ איז ביי אים צעלעכערט פון וואונדן. דער נייגער איז אין די ערשטע מינוטן געווען שטאַרקער פונם נקמה־געפיל. דערפאַר האָבן אים אַלע אַרומגערינגלט נאָכן אַפּעל און אויסגעהערט זיינע איבערלעבענישן. ער אַליין האָט זיך דוקא געפילט גאַר היימיש מיט די, וואָס ער האָט אַהער פאַרשיקט. איבער די פאַר שעה איז ער שוין געקומען צו זיך און דערציילט מיט אַ רואיקן טאָן: נעכטן בייטאָג האָט ער זיך צעווערטלט מיט פּענקאָווסקין. ער האָט אפילו געדראָט צו גיין קלאָגן זיך פאַר דער געשטאַפּאָ, אַז פּענקאָווסקי לאָזט אים נישט טאָן זיין אַרבעט. אין מיטן דער נאַכט איז אָבער יענער אריינגעפאַלן צו אים מיט נאָך עטלעכע שכורע וואַכלייט און אַרויסגענומען פון בעט. אויפן וועג האָבן זיי אים צעשלאָגן און צעביילט. אָבער דאָס וועט זיי טייער קאָסטן. זאַלץ האָט נאָך גענוג פאַרבינדונגען און מען וועט אים זיכער אַרויסנעמען. אוי, וועט ער זיי נאָכדעם ווייזן! נישט מיט יעדן ייד קענען זיי טון וואָס דאָס האַרץ גלוסט...

צווישן די מענטשן, איבער וועלכע ער האָט נאָך געהאַט צו זאָגן, האָט זאַלץ ווידער באַקומען זיין באַפּעלערישקייט. דאָס שטילע אויסהערן האָט אים געגעבן דאָס געפיל, אַז זיי האָבן פאַר אים ווייטער מורא און דרך־ארץ. האָט ער זיך געהיטן נישט צו פאַרלירן זיין חשיבות און פאַרענדיקט מיט זיין אַלטן געטאָ־קול: און איצט, חברה, זעט מיר עפּעס אַ ווייך געלעגער... מיר דוכט זיך, אַז היינט וועל איך שוין מוזן נעכטיקן מיט אייך...

דער נייגער ביים עולם האָט זיך שוין איינגעשטילט. דערפאַר האָט מען זיינע לעצטע ווערטער שוין אויפגענומען מיט די געוויינטלעכע חושים. זיין זיכערער טאָן האָט אָבער אַלעמען איינגעשוויגן. מ׳האָט נאָך אַליין נישט געוואוסט, וויאַזוי איבערצוגיין צום אַלטן האַס־געפיל. זאַלץ האָט שוין אָבער דערשפּירט זיין הערשערישע הויט. דערפאַר האָט ער זיך אויסגעדרייט צום ערשטן־בעסטן פּנים, וואָס האָט אים אויסגעזען מער הכנעהדיק ווי אַנדערע: דו, שטיי נישט ווי אַ גולם! כאַפּ זיך אַריין און גרייט מיר צו אַ געלעגער... איך בין אַזוי מיד! איך וועל דיר מאָרגן עפּעס געבן דערפאַר...

אַלע אויגן האָבן זיך אַריבערגעוואָרפן צו יענעם בחור: וואָס וועט ער טאָן? וועט ער טאַקע געהאָרכן זאַלצן? עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלע זיינען דאָ אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַרן זעלבן נסיון, נאָר איינער דאַרף געבן דעם ענטפער אין אַלעמענס נאָמען. דער בחור האָט זיך

אויף אַ רגע פאַרלוירן און רויט געוואָרן. ס'האָט אים אָפּגענומען דאָס לשון. נאָר די שטומע בליקן פון די אַרומיקע האָבן אין אים געגומען אויסבריען ווערטער, וואָס ער אַליין וואָלט זיי אויג אויף אויג מיט זאַלצן נישט געקענט צונויפשטעלן: מיר אַלע מאַכן זיך דאָ אַליין די גע־לעגערס, פאַניע זאַלץ... מען קוועטשט זיך גאָר פשוט אַריין צווישן אַלעמען און מען ליגט אויף דער ערד. נישטאָ קיין יחסנים!

נאָר אַז זיין קול האָט זיך שוין פון אים אַרויסגעריסן, איז ער גע־קומען צו זיך. אַ זודיקייט האָט געגומען קנוידערן אין אים, רייסן פון אינעווייניק אַ גאַנצן מבול פון גיפט און צאָרן: וועסט כאָטש איינמאָל פילן אונזער טעם... דו גראָבער בויך! אויף טשוועקעס דאַרף מען דיך לייגן! טראָג דיך שוין אָפּ פון מיר, איידער איך וועל דיר אַ טאָפּ געבן אין פיסק אַריין...

זאַלץ האָט זיך געגומען אָפּרוקן. אין אַלעמענס אויגן האָבן זיך צע־בליצט טריאומף־פייערלעך. דער ייִנג האָט דאָ צעריסן די לעצטע וואַנט וואָס האָט אים געשיצט. אַלע האָבן שטומערהייט מקנא געווען דעם בחור, וואָס האָט דער ערשטער געהאַט דאָס גליק אַרויסצוזאָגן די בייזע ווערטער. זאַלץ האָט זיך מיט פאַמעלעך־שווערע טריט אַ לאָז געטון צו דער שטאַל. חברה האָט פלוצים דערשפּירט, אַז איצט דאַרף ער זיין אין זייערע הענט, נישט אַרויסגליטשן זיך. האָבן אים זייערע געשרייען אַרומגעצינגלט: פאַניע זאַלץ, אַנטלויפט נישט... מיר זעען זיך אַזוי זעלטן און איצט, אַז ס'איז שוין יאָ דאָ אַ געלעגנהייט צו שמועסן — אַנטלויפט איר גאָר? זאַלץ האָט שוין דערשפּירט בחוש די גליענדיקע סכנה. ער האָט דערפאַר געגומען לויפן מיט אונטערגעהאַקטע טריט צו דער טיר. אין שטאַל איז געווען פינסטער. נישט אַזוי לייכט איז מעגלעך געווען עמעצן צו דערקענען. ער האָט זיך דערפאַר אַ וואָרף געטון צווישן אַ קופּע ליגנדיקע גופים. דער עולם אין דרויסן האָט נישט געוואוסט, וואָס פריער צו טון: זאָל מען טאַקע אויפרודערן אַלעמען, אָדער מאַכן אַ שווייג? די וואַכפּאָסטנס קענען זיך אַריינמישן און נישט איין קאָפּ קען געשפּאָלטן ווערן. דער כעס איז אָבער שטאַרקער געווען. דאָס וואָס זאַלץ איז אַנטלאָפן, נאָך איידער יעדער האָט אויסגעשריגן פון זיך דעם גאַנצן ווייטיק, האָט זיי אַריינגעשלעפּט אינעווייניק. עפּעס אַ דאַרער ייִנג האָט מיט געשטיקטער פאַרזיכטיקייט געגומען בעטן זיך: זאַלץ! וואו איז ער פאַרקראָכן?

פון אַלע זייטן האָבן געגומען פליען אָנגעגליטע ווערטער, וואָס האָבן אַדורכגעשטאָכן די פינסטערניש: יאַטן, זוכט אים אויס! זאָל ער כאָטש האָבן איין פריילעכע נאַכט! מען קען אים לייכט דערקענען... קיין סך גראָבע בייכער האָבן מיר דאָ נישט. זאַלץ איז אָבער געלעגן שטיל, זיך איינגעצויגן אויף אַ זייט און נישט געגעבן קיין פּיפּס. אַ היי־

זעריק קול האָט פון אַ ווינקל געבעטן זיך מיט קאַלטער דראָאונג: פּאַניע זאַלץ, רופט זיך בעסער אָפּ אַליין... ס׳איז גלייכער פאַר אייך.

זעט אָבער אויס, אַז יענער האָט שוין פאַרלוירן דאָס לשון פאַר שרעק. האָבן זיך אַ סך שאָטנס גענומען אַרומשאַרן איבער אַלע ווינקלען און געקראָכן פון מענטש צו מענטש. די לופט האָט זיך צעברענט: העי, מ׳האָט אים שוין דערשנאַפּט? די אַרומקריכנדיקע קולות האָבן אָפּגעענטפערט מיט אַ קייכן: אָט באַלד... זאָל מען נאָר היטן די טיר. אַ בריל פון צענדליקער קולות האָט פלוצים אויסגעשאָסן: ר׳איז דאָ!

פון דער שוואַרצער געדיכטעניש האָט זיך גענומען טראָגן אַ שטיל שאָרכן און אַן אָפּהילך פון קלעפּ. דערנאָך האָט זיך געהערט אַ קול, אַזויווי פון אונטער אַ באַרג אַפּויער: אָבער... דערבאַרעמט אייך! געוואַלד, איר זענט דאָך יידן! לאָזט מיך... איך וועל אייך אַלעמען באַפרייען פון דאַנעט... אָבער לאָזט מיך אָפּ! די אויסגעפּרייכטע ווער־טער זיינע האָבן שוין אויף קיין אויערן נישט אָנגעטראָפן. אין יעדן איינעם האָט שוין געבושעוועט דער נעכטיקער צאָרן, וואָס האָט אַלצ־דינג צוגעשטאָפּט: באַנדיט! רוצח! יענע וואָך האָסטו זיך אויך דער־באַרעמט? און דער שוועסטער מיינער האָט דער בריק פון דיינע שטיוול נישט וויי געטון? איצט וועסטו שוין קיין לעבעדיקער פון דאַנעט נישט אַרויס! זיגמונדס קול האָט אָבער אַלעמען איבערגעשריגן: יאָטן, איר וועט אונז נאָך אָנמאַכן דאָס אמתע פּעקל! איר וועט אים ממיתן. דאָס טאָר מען נישט! גייט אַוועק פון אים. מ׳דאַרף אים בעסער אָנטאָן יסורים אויף קאַלט...

עטלעכע בלאָק־עלטסטע האָבן מיט שטעקנס אָפּגעטריבן די מחנה פון זאַלצן און בלויז זיי אַליין זענען געבליבן וואַכן איבער אים. זיי האָבן זיך שטיל איבערגעשושקעט און איינער איז דערנאָך אַרויס דורך דער טיר. אַלע זענען געבליבן ליגן מיט פאַרהאַקטן אָטעם: וואָס וועט דאָ זיין? פון דרויסן האָט זיך דערטראָגן אַ וואַכמאַנס קול: האַלט! איך שיס... ווער גייט דאָ?

דער נאָר־וואָס־אַרויסגעגאַנגענער האָט עפּעס אָפּגעענטפערט. דער וואַכמאַן מיטן גראָבן קול האָט זיך הויך צעלאַכט: גוט... שעפּ אָן די צוויי עמער וואַסער. נאָר וואַרט. איך גיי אויך אַריין. די טיר האָט זיך ווידער אויפגעפּראַלט. דער אַריינגעקומענער וואַכמאַן האָט קאָמאַנ־דעוועט: גייט אַוועק... דאָס וואַסער גיב מיר... איך קען בעסער מאַכן אַ קאַלטע וואַנע... האַלט אונטער...

עס האָט זיך געהערט אַ פאַרדעכטיקער פליוך, איינמאָל און נאָכ־אַמאָל. דעם וואַכמאַנס קול האָט זיך געבראָכן פון געלעכטער: נאָך אַזאַ וואַנע איז קאַלט... דעקט אים צו! פון אַלע זייטן האָבן גענומען פליען שמאַטעס, הילצערנע שיך און רויע קאַרטאָפל. נישט אַלע האָבן געטראָפן אין זאַלצן און אַלעמאָל האָט אַ צווייטער שכן זיינער אויס־

געשריגן. דעם וואַכמאַן איז באַלד נמאס געוואָרן דאָס שפּיל און ער האָט אַ פרעג געטון אין דער געדיכטער לופט אַריין: ס׳וועט שטיל ווערן, אָדער איך וועל מוזן אויסקנײַלן ביז איינעם? דאָס האָט געווירקט. ס׳איז אַזוי שטיל געוואָרן, אַז מ׳האָט פון ווי־ווײַט געהערט דאָס ריזלען פון וואַסער אונטער זאַלצס ערדיקן גלעגער. דערנאָך, ווען דער וואַכ־מאַן איז אַרויס, האָט זיך פון אַלעמען געהערט דער זיפץ, וואָס האָט אַלע טעמים פון הנאה און באַדויער.

.16

אין דער פרי האָט מען שוין געזען שטיין לייקען ביי די דראָטן צוזאַמען מיט פּענקאָווסקין. זאַלצן האָט מען אַרויסגעפירט פון שטאַל אַ הינקענדיקן, מיט צעריסענע הויזן און אַ צעקראַצטן פּנים. ווען ער האָט דערזען די טאָכטער האָט ער זיך אַ ריס געטון צו די דראָטן מיט אַ צע־בראָכענעם יאָמער. אַ האַנט האָט אים צוריקגעשלעפּט ביים קאָלנער: וועסט זי נאָך זען. איצט דאַרפסטו שטיין ביים אַפּעל גלייך ווי אַלע. לייקע האָט צו אים אַריבערגעשריגן: האָב געדולד, טאַטע! וועסט באַלד אַהיימגיין... פון מויל צו מויל האָט זיך געטראָגן אַ צישען: ער גייט טאַקע אַהיים, דער חזיר...

דער טויער האָט זיך דערווייל געעפנט. פּענקאָווסקי האָט אַריינ־געפירט אַ הויכן בחור, ביי וועמען איין שייבל פון די ברילן איז געווען צעהאַקט. עס זענען געווען קאַנטיק אויף אים די סימנים פון קלעפּ און שניטן. זעלטן־ווער עס האָט אים דערקענט. דערפאַר האָט אים דער עולם נייגעריק באַטראַכט: ווער איז דער? מען האָט אַפילו פאַרגעסן אויף אַ רגע אין זאַלצן, וואָס האָט אַ דערשראָקענער געגלאָצט מיט די אויגן אויפן פריש־געבראַכטן. אויף יענער זייט דראָטן איז געשטאַנען לייקע און זיך פאַרשטעלט די אויגן מיט אַ טיכל. פּענקאָווסקי האָט לאַנג נישט געלאָזט טראַכטן: הערט, איר יודען! איך האָב געברענגט דעם שווין, אָבער לײַדער מוז איך אים באַפרייען. ער האָט צופיל גליק. מען מוז אים האָבן... באַפּעל! אָבער דאָ האָט איר זיין איידעם. ד ע ר וועט שוין זיכער בלייבן מיט אייך... ערנוואָרט!

קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען צוליב וואָס פּענקאָווסקי דאַרף זיך פאַרענטפערן. אָבער ער האָט זיינע ווערטער איבערגעחזרט עטלעכע מאָל. זאַלץ האָט זיך ווידער גענומען שאַרן צום טויער. פּענקאָווסקי האָט דערפאַר איבערגעריסן זיין רעדע און צוגעלאָפן צו אים: אַליין גייט מען דאָ נישט... א י ך מוז דיך אַרויספירן. זאָלסט עס וויסן! ערשט אויף יענער זייט טויער האָט ער אים שריט ביי שריט צוגעפירט צו לייקען. זי האָט זיך דאַנקבאַר פאַרנויגט צו פּענקאָווסקין. דערנאָך האָט זי אים עפּעס שטיל אַ בעט געטון. דער הויכער גזלן האָט זיך פאַר־טראַכט אַ רגע און ווידער אַריין דורכן טויער. ער איז צוגעגאַנגען צום

פריש־געבראַכטן און אַ צי געטון: קום מיט מיר. דאָס פּנים האָט ביי יענעם אַ שייך געטון מיט איבעראַשטן וואונדער: טאַקע? גיין? פּענ־קאָווסקי האָט אים אַרויסגעשלעפּט דורכן טויער. אין דרויסן האָט ער אים צוגעפירט צו לייקען: דאָ האָסטו אים!ביידע זענען געשטאַנען אַ מינוט ווי פאַרגליווערט. דערנאָך איז זי די ערשטע צוגעפאַלן צום מאַן און געקושט פאַר אַלעמענס אויגן. אַ מינוט איז יעדער איינער פון דער מחנה גערירט געוואָרן פון אַזאַ מין ליבשאַפט. אַלע וואָלטן איצט באַשטאַנען, זי זאָל אים נעמען מיט זיך און שוין. אויך פּענקאָווסקי האָט זיך צוגע־קוקט מיט אַ כעסדיק שמייכעלע. באַלד אָבער האָט ער זיי איבערגעריסן: גענוג! דו האָסט זיך געוואָלט געזעגענען מיט אים, האָב איך אים געבראַכט. איך האָב אָבער נישט קיין סך צייט פאַר אייערע ליבערייען. האָסט אים שוין גענוג געהאַט...

לייקע האָט געשוויגן. פּענקאָווסקי האָט דערווייל אָנגענומען דעם מאַן ביים אָרעם און געצויגן נאָך זיך. רויזנער איז אים נאָכגעגאַנגען צע־טומלט. ער האָט געמיינט אַז דאָ קומט פאַר אַזאַ שפּיל. אָט באַלד וועט ער צוריקפאָרן אין שטאָט אַריין. אָבער דער טויער האָט זיך פאַרהאַקט הינטער אים. אין דרויסן האָט זיין פרוי נאָך אַלץ אַריבערגעקוקט צו אים מיט אויפגעריסענע אויגן. דער שוועה האָט זיך מיט אומזיכערע טריט געררוקט צום שליאַך. עפּעס אַ קול האָט שאַרף אָנגעשריגן אויף לייקען און זי האָט זיך צעחושט געלאָזט נאָכלויפן דעם פאָטער. פון דער־ווייטנס האָבן נאָך ביידע געפאָכעט מיט די הענט צום געזעגענען. משה האָט זי נאָך איינמאָל געוואָלט זען, איידער זי ווערט נעלם. אָבער אַ קלאַפּ אין דער זייט האָט אים אַריינגעטריבן טיפער אין הויף אַריין. איז ער געבליבן שטיין מיט קינדערישער באַליידיקטקייט אויפן פּנים. אַרום אים זענען געשטאַנען לאַנגע רייען מיט אָפּגעשליסענע מענטשן, וואָס האָבן געקוקט אויף זיין אַנצוג מיט גאַליקער צופרידנקייט: וועסט דאָ באַקומען דאָס זעלבע פּנים. דיין אייגן ווייב וועט שוין דערנאָך אויף דיר נישט וועלן קוקן... וועסט זען. זי איז אַוועק און זי וועט בלייבן אַ פאַריזער דאַמע...

קיינער האָט נישט געוואוסט, אויב ער הערט די געשרייען. ער האָט זיך נאָר ווידער אומגעקוקט צום שמאָלן וועג וואָס פירט אין שטאָט אַריין. דער דייטשער אויטאָ, וואָס האָט אַוועקגעפירט זאַלצן מיט דער טאָכטער, האָט נאָך זיך געלאָזט אַ דינעם שטויב. קיינער איז דאָרט מער נישט געווען.

**.17**

משה רויזנער איז געבליבן אין לאַגער. די ערשטע טעג האָבן אַלע צו אים אויסגעלאָזט זייער כעס. די וואַכלייט האָבן אים גענומען צו די שווערסטע אַרבעטן און קיינער האָט אים נישט געוואָלט צוהעלפן. ער

האָט געשלעפּט די שווערע וועגעלעך ערד מיט מיד־רעזיגנירטע טריט. ביינאַכט האָט ער זיך געלייגט אויף זיין אָרט און מיט קיינעם קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. אַ פּאָר אויפגעהעצטע יינגען האָבן זיך געריסן צו אים, באַוואָרפן מיט רייד, געררייצט זיך און געזונגען אויסגעטראַכטע לידלעך וועגן זאַלצן און זיין הויזגעזינט. נאָר ער האָט געקוקט שטיל, מיט טרויעריקע אויגן און הכנהעדיק געוואַרט. דאָס האָט זיי אַביסל אַנטוואָפנט. עמעץ האָט אפילו חוזקדיק אַ זאָג געטון: קוקט אים נאָר אָן... ער זעט דאָך אויס ווי אַ למד־וואָווניק מיט פעטע פּיסקעס...

נאָר ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוויינט צו אים. לייקע האָט ערגעץ באַקומען אַ דערלויבעניש און יעדן צווייטן טאָג איז זי געקומען צום טויער. זי האָט אים אַריינדערלאַנגט אַ פּאַק מיט עסן, אַ שמייכל געטאָן און אַוועק. עטלעכע מאָל האָט זי אים צוגעוואָרפן אַ טרייסט, אַז אָט־באַלד קומט מען אים אַרויסנעמען. אפשר נאָך מאָרגן. דאָס האָט אָבער געדויערט און ער איז יעדן טאָג אויסגעשמירט געוואָרן אין די בלאָטעס, מאָגער געוואָרן. דאָס עסן וואָס זי האָט אים געבראַכט איז געווען צופּיל. דערפאַר האָט ער זיך צוגערוקט צו איינעם פון די שכנים זיינע און גלייכגילטיק פאַרגעלייגט: נעמט עס... דאָס האָט אים ביס־לעכוויז דערנענטערט צו עטלעכע יינגען. אין די פּעקלעך איז געווען פּריש, שמעקעוודיק פלייש און טיילמאָל אַפילו אַ פלעשל שנאַפּס. דאָס האָט אויך צוגעצויגן עטלעכע פאַראַרבעטער. זיי האָבן אים צוגעזאָגט לייכטערע אַרבעט, מער רו... זאָל ער נאָר ברענגען וואָס מער! ער האָט אָבער גאָרנישט געבעטן פון זיי, נאָר געקוקט אין טרויעריקער פאַרטראָגנקייט צו די ווייטע פעלדער, וואָס ציען זיך מיט חוצפּה׳דיקער פרייקייט איבער גרענעצן.

עס האָט שוין אַפילו גענומען וואונדערן. זיין שטיל האַלטן זיך האָט אָפּגעווישט דאָס בייזע געפּיל צו אים, ווי צו איינעם פון אַ שטאַרק הויז. מען האָט גיכער דערזען אין אים יענעם שלימזל, וואָס קען זיך קיין עצה נישט געבן און שטאַרקע יינגען מוזן אים אַמאָל ליב באַקו־מען. אין די פאַרנאַכטן, ווען עס איז נישט געווען פון וואָס צו רעדן, האָבן די פּאָר לאַגער־גיבורים אפילו גענומען באַדויערן רויזנערן: נאָך אַלעמען איז אַ רחמנות. מיר קענען דאָס איבערטראָגן. אָבער ער האָט אַזאַ ווייבעלע און אַ שטוב פון כל הגוטס... לעבן זיי אַ גוטן טאָג און בלויז ער האָט אַזאַ וויסט מזל! אַז סך־הכל האָט ער זיך דאָרט אַפילו נישט באַוויזן אַנצואוואָרעמען. ער אַליין איז דאָך אויך אַ פרעמדער ביי זאַלצן אין שטוב, געקומען אָרעם און נאַקעט... עס האָט אים נאָר אָפּ־געגליקט אויף אַ שטיקל צייט. נאָר איידער וואָס און ווען, האָט ער אַלץ געמוזט איבערלאָזן. דאָס איז דיר נישט קיין קליינער ווייטיק...

עס זעט אָבער אויס, אַז רויזנערן האָט געפּייניקט עפּעס אַנדערש. ווען זיין פרוי איז צוגעקומען צו די דראָטן האָבן אים אַלע מקנא געווען.

זי איז געווען די איינציקע, וואָס מ׳האָט פריי צוגעלאָזט ביז אַהער. האָבן זיך אַלע אויסגעשטעלט און אויפגעכאַפּט איר מינדסטן קער און ווענד. בלויז ווען מען האָט משהן אַנגעזאָגט, אַז זי איז דאָ האָט ער זיך פאַמעלעך אויפגעשטעלט און זיך געלאָזט צו די דראָטן מיט קליינע, אומווילנדיקע טריט. זי האָט זיך געפרייט מיט אים, געגלעט מיט די ברייט־אויפגע־ריסענע אויגן און געוואָלט וויסן פון אַלע זאַכן אויפאַמאָל. ער האָט איר אָבער געענטפערט מיט איין וואָרט אויף הונדערט אירע. ער האָט צוגענומען וואָס זי האָט אים נאָר אַריינדערלאַנגט מיט אַזאַ קילקייט, גלייך ווי מען וואָלט עס אויף אים אַרויפגעצוואונגען. דערנאָך איז ער אַוועק פון די דראָט־צוימען מיט שוואַך־געוואָרענע טריט. נאָך איר אַוועקגיין האָט ער זיך אונטערגעלייגט דאָס פעקל צוקאָפּנס און אָפּגע־לעגן גאַנצע שעה׳ן אויפן געלעגער, נישט הערנדיק וואָס מען פרואווט רעדן צו אים.

.18

צו דעם ביינאַכטיקן שמחהלע פון די וואַכלייט זיינען פאַרבעטן געוואָרן אַ סך עס־עס־לייט, מיט פענקאָווסקין בראש. אויך דאָס מאָל האָט דער גאַנצער לאַגער געמוזט שטיין אויסגעשטעלט אין די רייען און צוזען. פונעם שכורן טישל האָט מען אָבער דערוייל גאָרנישט אַרי־בערגעשריגן צו דער מחנה. ערשט ווען אַ גאַנץ קעסטל מיט פלעשער איז ליידיק געוואָרן, האָט אַ באַקאַנט קול זיך דערמאָנט צו שרייען: דער יינגער זאָל צוקומען!

רויזנער איז אַרויסגעטרעטן פון דער ריי. פענקאָווסקי איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען מיט זיין אימה׳דיק קול: דיר גייט דאָ שלעכט, וואָס? אַלאַרמירסט מען זאָל דיך אַרויסנעמען, האַ? רויזנער האָט גע־שטאַמלט: איך קען דאָ נישט זיין... כ׳בין אַ דאָקטאָר און קיינמאָל נישט געטון אַזאַ אַרבעט ווי דאָ... איך קען נישט... פענקאָווסקיס אויגן האָבן זיגעריש געבליצט: דו מיינסט, אַז די וואָס זיינען יאָ אַרבעטער דאַרפן דאָ בלייבן זיצן? דו ביזט אַ בעסערער מענטש, דער־פאַר וואָס האָסט קיינמאָל נישט געאַרבעט. דיר איז שווער, כאָטש מען שיקט דיר אַריין פעקלעך פלייש מיט שנאַפּס. האָסט קיינמאָל נישט גע־פילט דעם טעם פון אַרבעט, דערפאַר מוזטו ווייטער האָבן דאָס וואַרעמע בעט מיטן ווייב... וואָס? זאָג!

רויזנער האָט געוואָלט אָפּענטפערן, אָבער אַ האַרבער קלאַפּ האָט אים אָפּגעשטעלט. זיינע ברילן זיינען באַלד צעפאַלן אויף שטיקלעך. דאָס גאַנצע פנים איז ביי אים פאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט און בלויע צייכנס. מען האָט אים אַרויפגעשטעלט אויפן טיש. עפּעס אַ מונדירטער דייטש האָט גענומען האַלטן אַ לאַנגע דרשה צו די אויסגעשטעלטע רייען: אָט דער וויל עס בעסער זיין פון אייך. ער וויל לעבן גוט, עסן

און פאַרווײלן זיך. ביי אונז מוזן אָבער אַלע אַרבעטן. ער איז נאָר דער אָנהויב. מיר וועלן אַלעמען אויסגעפינען. זיי וועלן אייך נישט פאַרקויפן און אַליין בלייבן זיצן אין די רייכע היימען. איר וועט עס זען. איר אַליין וועט אונז נאָך דאַנקען, פאַרוואָס מיר האָבן אייך באַצייטנס צוגעוווינט צו אַרבעטן. יענע וועלן עס האָבן ערגער.

אָבער איצט האָט קיינער נישט געהאַט דאָס נקמה־געפיל. רויזנער האָט שטייענדיק אויפן טיש, אויסגעזען ווי אַ געקרייציקטער. זיין גאַנץ פּנים איז געווען פאַרלאָפן פון ביילן. זעט אויס, אַז די דייטשן האָבן געוואָרט אויף דער שמחה צווישן די יידישע רייען. עס האָט זיך זיי געוואָלט הערן דאָס שפּיל פון כעס; פון הנאה האָבן, וואָס זיי געלינגט אויפצורייצן איינעם קעגן צווייטן. נאָר די גאַנצע מחנה איז געשטאַנען שטיל און פאַרשטייפט. איז עס זיי נמאס געוואָרן. וואָס טויג דאָס האַלטן רעדעס פאַר אַזעלכע פאַרלויזטע יידן?

עטלעכע פון זיי האָבן זיך דערפאַר אַ ריס געטון פון די ערטער: וואָס שטייט איר דאָ און גלאָצט מיט די אויגן אויף דייטשע סאָלדאַטן? שוין זאָל אייער געביין דאָ נישט זיין! גלייך ווי מען וואָלט זיך דאָ אַליין אַוועקגעשטעלט פון פאַרגעניגן וועגן. אַלע זיינען זיך צעלאָפן אין בהלה. בלויז רויזנער איז ווייטער געבליבן שטיין אויף זיין אָרט.

## .19

פאַרנאַכט האָט מיר עמעצער אָנגעזאָגט, אַז דער צעשלאָגענער משה רויזנער זוכט מיך אַרום. איך האָב אים אויפגעזוכט אין זיין ווינקל און ווען איך האָב אים לייכט באַרירט איז ער אויפגעשפּרונגען פון שרעק. איך האָב זיך פאַרשעמט: מען האָט מיר געזאָגט, אַז איר ווילט מיך זען. משה האָט מיך אָנגעקוקט אַ ווײלע שטומערהייט. דערנאָך האָט ער זיך גיכער געוואונדערט ווי געפרעגט: דאָס זענט איר? מען האָט מיר גע־שריבן, אַז איך זאָל אייך באַקענען נענטער... כ'האָב געמיינט, אַז איר זענט עלטער פון מיר... אָבער מילא. וועט איר עס וועלן? איך בין דאָך פון זאַלצס משפּחה!

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים און געזען ווי אַזוי די טרערן רייסן זיך ביי אים. האָב איך אים געלאָזט זיך אויסוויינען. באַלד האָט ער זיך אָבער געכאַפּט, אַז איך וואַרט און ער האָט מיך אַ צי געטון: לאָמיר אַרויסגיין אויפן הויף, וואו קיינער הערט נישט אונטער... נאָך דער נעכטיקער עקזעקוציע האָט זיך אַלץ אין אים געריסן עפּעס אָפּצוטאָן. איז ער צופרידן, וואָס אַ פריינט פון שטאָט האָט אים אָנגעוויזן אויף מיר. מעג איך טאַקע אַלצדינג וויסן. עס גייט אים דען אין די קלעפּ?

אויפן הויף האָט מען שוין געטריבן צום שלאָפן גיין. אָבער משה האָט אין זיינע רייד געפינען דעם ערשטן קוראַזש. ערשט איצט וואָלט

ער געקענט אָנהייבן. דערפֿאַר האָט ער גענומען זיך בעטן: אפשר איז מעגלעך צו געפֿינען אַן אָרט נעבן דיר? איך וועל רעדן העברעאיש, אַז די שכנים זאָלן נישט פֿאַרשטיין... איך בעט דיך!

מיר זיינען ביידע אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן בוידעם און משה האָט זיך צוגעדריקט צו מיר מיט אַ פֿליסטער אין אויער. די פֿינסטערניש האָט אָפּגעווישט דעם לעצטן חילוק צווישן אונז ביידע. מען האָט מער נישט דערקענט דאָס בלאָסע אינגל, נעבן וועלכן עס ליגט אַ דערוואַקסענער מאַן און טרויט זיך אים אָן. איך האָב זיך איינגעהערט אין זיין שטילן שעפּטש, וואָס האָט אים ביסלעכווייז גענומען באַרויִקן. אָבער ביי מיר האָבן גאָר די אברים גענומען ציטערן אין שטילן פּחד.

.20

דריי און דרייסיק יאָר לעבן האָט ער געוואָלט אויסדערציילן אין עטלעכע געציילטע שעה'ן. דער עיקר איז אים אָבער געגאַנגען אין דעם שטיקל צייט, זינט ער איז מיט לייקען. צי האָט ער זי ליב באַקומען? ער ווייסט עס נישט. דאָס איז געקומען אַזוי האַסטיק, אַז ער האָט קיין צייט נישט געהאַט צו קלערן. ער האָט דאַן באַדאַרפֿט כאָטש עטלעכע וואָכן, ביז ער וואָלט זיך קלאָר געמאַכט די ערשטע באַגעגעניש. האָבן זיי אים געטריבן, שנעל אַרויסגעריסן פֿון אים דעם באַשלוס. דאָס מויל איז פֿאַרויסגעלאָפֿן דעם האַרץ און ער איז שוין אַזוי שטעקן געבליבן אין דער איבערגעאיילטקייט. דאָס גאַנצע לעבן גייט אַזוי ביי אים. אַלץ וואָס עס געשעט מיט אים, וואָלט געדאַרפֿט פּאַסירן מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער. דערפֿאַר קען ער קיינמאָל זיין לעבן נישט אָניאָגן. ער האָט אַביסל פֿריער פּשוט נישט געזען קיין ברירה פֿאַר זיך און באַשלאָסן, אַז ער מוז זי ליב האָבן. דער געפֿיל האָט זיך ביסלעכווייז צונויפֿגעגאָסן מיטן געדאַנק.

יאָ, אין די ערשטע צייטן נאָך דער חתונה האָט ער זי טיילמאָל געהאַסט. זי האָט אויף אים אָנגעצויגן אַ באַרג מיט פֿרעמדער שנאה, וואָס ער האָט זיך נישט פֿאַרדינט. אָן איר וואָלטן די אַלע מענטשן אים נישט פֿיינט געהאַט. זיי האַסן בלויז זיין געפֿינען זיך מיט איר אונטער איין דאַך. דער בעסטער סימן איז די מאַסע פֿון לאַגער. עס מעג זיין קעגן שכל, אָבער דווקא דערפֿאַר האָט ער זיך נאָך מער איינגע'עקשנט זי ליב צו האָבן. דאָס איז אפשר עגאָאיזם: ער האָט פֿאַר איר טייער באַצאָלט. דערפֿאַר מוז ער אויסגעפֿינען אין איר דאָס גוטע, וואָס קיינער זעט נישט. נישט מער: אויך זיין ליבשאַפֿט צו איר איז געוועזן די צוגעבונדנקייט צו לייב, וואָס איז אים נאָענט געוואָרן. וואָס עס ליגט באַגראָבן דאָרט טיפֿער איז אים ווייטער געבליבן פֿרעמד און פֿאַרהוילן. ער ווייסט נאָר מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז עס וואָלט אים שטאַרק באַנג געטאָן זי צו פֿאַרלירן. אויך מיט איר, מיינט ער, איז דאָס זעלבע.

ער ווייסט, אַז זי האָט אים ליב, זי ציטערט איבער אים. נאָר וואָס ער איז פּאַקטיש, איז זי גאָרנישט תופס. ער איז געוואָרן דער קאַפּריז פון איר צעבאַלעוועטער נשמה. זי האָט אים געוואָלט האָבן דערפאַר, וואָס איר האָט עפּעס געפעלט און זי טראַכט נאָך אַלץ, אַז דאָס האָט זי געמיינט אים. צוזאַמען מיט אים איז זי גאַנצער, אויסגעפּולטער. איר ליבע בינדט זי אָבער נישט. זי קען פון אים בלויז נעמען, אָבער גאָרנישט צוריקצאָלן. פאַר איר איז בלויז גענוג, אַז ער איז דאָ אין איר רשות.

די ערשטע צייט האָט זי ממש געקלעפּט אין אים. דערנאָך האָט זי זיך ווידער גענומען אָפּגעבן מיט איר פריערדיק לעבן. זי שפּילט ווידער אין קאָרטן, לאַכט צו אירע עטלעכע חברים פון אַמאָל און זי פאַרבעט זיי אין שטוב אַריין — ווייל אויך דאָס האָט זי ליב. ער איז נישט אייפערזיכטיק און דאָס וואָלט אים גאָרנישט געקרענקט. האָט ער אָבער באַמערקט עפּעס, וואָס זיין שכל באַנעמט גאָרנישט. עס קומען זיך היילן צו אים פאַרשידענע עס־עס־לייט. דאָ, אין וווייטן אָסטן קריכן זיי דווקא צו יידן. פאַר אים איז עס אַן אָפּקומעניש און ער דאַנקט גאָט, ווען זיי זיינען שוין אויף יענער זייט טיר. זיי זיינען הויכע, ווילד־אַנגעגאָסענע און אים דוכט זיך, אַז אָט באַלד פאַלן זיי אַרויף און דערשטיקן אים. אָבער איר אימפּאָנירן זיי גאָר. ווען ער רופט אַריין איינעם און די אַנדערע וואַרטן דערוויל אין זייטיקן צימער, זיצט זי און שטיפט מיט די צעוואָקסן־בלאָנדע יינגען אין די גרינע מונדירן. זי פּוצט זיך אויס פאַר זיי, שמייכלט אָפן און אַרויסרופעריש. ער האָט נאָך ביז איצט נישט געהערט, אַז יידישע פרויען זאָלן אין אַ דייטש באַמערקן דעם מאַן. אָבער — זי וויל זיי געפעלן! זי האָט קיין שום חוש נישט פאַר דער צייט. ער קען פאַרשטיין אַ פרוי, אַפילו ווען דאָס איז זיין אייגענע, וואָס וויל אַלעמאָל געפעלן מענער. דאָס אַרויסרופן ביי זיי פאַרשידענע געפילן מאַכט זי פילן בעסער, אויפגערוימטער. אָבער דאָ? וויאַזוי קען אַ יידישע פרוי טראַכטן איין מינוט וועגן אַ דייטש באַשעפעניש ווי וועגן אַ מאַן? זי איז אָבער נישט מסוגל צו באַגרייפן, וואָס די שיינע הענט ביי די יינגען טוען אָפּ. איר גאַנץ לעבן האָט זי זיך געצויגן צו איין באַשטימטן קרייז און אויך היינט זעט זי צומערשט בלויז דעם געזונטן, שיינעם קערפּער. די אַנדערע זאַכן אַרום אים קען זי נישט זען. אַז זי שמייכלט צו יענע אַזוי אַרויסרופעריש, מוז זי אַמאָל אָנטרעפן אָדער אויפרעגן יענעמס גלוסטעניש. יענע האָבן מאַכט און קענען דערגרייכן וואָס זיי פאַרווילט זיך נאָר, בפרט ביי יידן. טאָ פאַרוואָס טוט זי עס? פאַרוואָס רייצט זי די חיות אין זיי?

דעם אמת־זאָגנדיק, האָט דאָס צעווייטיקטע געפיל אים שוין לאַנג גענומען פייניקן. די ערשטע טעג איז ער צוגעפאַלן צו איר מיט דער גאַנצער טריישאַפט און דאָס האָט אים געמאַכט פאַר איר שקלאַף. דערפאַר האָט ער יעדע זאַך באַמערקט און דאָס מינדסטע האָט אין אים

צעברעננט די מוראדיקסטע חשדים: אַט האָט זי אַזוי פריי געשמייכלט צו יענעם יינגען לויטענאַנט... און אַט האָט זי עפּעס שטיפעריש אַ זאָג געטון צום שלאַנקן שאַרפפירער, אַז ער זאָל עס נישט הערן. וואוהין איז זי שפּעטער אַוועק אויף עטלעכע שעה? יעדער טריט אירער איז פאַר אים געוואָרן אַ פּראָבלעם. איך מעג אים אָבער גלויבן: דאָס איז נישט געווען קיין געפיל פון אַ שרעקעוודיק־שלימזלדיקן מאַן. פאַרוואָס האָט ער נישט געפילט דאָס זעלבע, ווען זי האָט געשמייכלט צו די יידישע בחורים אויפן הויף פון יודנראַט? אים האָט בעיקר געדריקט דאָס שאַנד־געפיל, די ברענענדיקע חרפּה פון אַ ייד... פאַקטיש האָט ער איר גאָרנישט געקענט פאַרוואַרפן. מיט דייטשן מוז מען אומגיין שמייכלענדיק, זיי אונטערטראָגן דאָס שענסטע וואָס דו האָסט און זיי פאַרבלענדן די אויגן. בפרט ווען זיי קומען צו דיר אין שטוב אַריין. מ'דאַרף זיך היטן נישט צו באַליידיקן דעם מינדסטן און ער איז גאָר כסדר אַנגעכמורעט. איז נאָך גוט וואָס זי פאַרגלעט, פאַרדרייט זיי די קעפּ ביז זיי שפּירן נישט זיין אומווילן. ער האָט געפינען טויזנטער לאָגישע טענות זיך צו באַרואיקן. נאָר דאָס געפיל ביים מענטש פאַר־קריכט אַלעמאָל דווקא אַהין וואו דער שכל קען זיך נישט אַדורכשלאָגן קיין וועג. בלייבט ע ר אין דרויסן.

דאָס פריערדיקע וואָלט אים שוין אפשר צורו געלאָזט, ווען נישט די מאַטערנישן פון די לעצטע טעג. ער איז דאָ אין לאַגער? מילא, ער קען עס מיטמאַכן פּונקט ווי אַלע אידן. נאָר אַז ער דערמאָנט זיך, וויאַזוי זי איז געבליבן דאָרט אַליין און דער גאַנצער שפּיל פון פענקאָווסקין מיט אים... מיט איר! יענער איז אָפּט אַריינגעקומען צו אים אין שטוב, איינגעטענהט מיט איר, זי אַרומגענומען מיט די אויגן... און איצט: אָט איז ער געווען אכזריות'דיק צו איר און דערביי האָט ער גאָר אַזוי וואַזשנע געשמייכלט... וויי־וויי, ווען איך זאָל געווען זען מיט וועלכע אויגן יענער האָט געקוקט, ווען משה האָט זיך צעקושט מיט לייקען בעתן געזעגענען! ס'איז גאָרנישט. ער ווייסט, אַז אַזעלכע געדאַנקען קענען אים טרייבן צו משוגעת. ער יאָגט זיי סיווי אָפּ פון זיך, אַזוי ווי צערייצטע הינט. אָבער פון פענקאָווסקיס פּעטש שפּירט ער פאָרט אַרויס גאָר אַן אַנדער מין שלאָגן. עפּעס איז יענער צופיל געררייצט פון זיין וועלן אַהיימגיין. ניין, ס'איז נישט דאָס וואָס אַ ייד דאַרף שפּירן בעת אַ דייטש שלאָגט אים. פריער האָט ער געוואָלט באַווייזן זיין מאַכט איבער אים בעת לייקע זעט. ער האָט אים וואָס מער געוואָלט האַלטען אין דער האַנט, ווייזן זיין הילפלאָזיקייט און די אייגענע מאַכט. זאָל זי עס אָנטאַפּן מיטן אייגענעם אָטעם, מיטן צעבאַלעוועטן געפיל... און נעכטען האָט ער אַרויסגעפילט פון פענקאָווסקיס קלעפּ אַ מין לאַכנדיקן טריאומף פון אַן אָפּנאַרער איבער זיין אָפּגענאַרטן — און ער ווייסט נישט פאַרוואָס. טאָמער קומט אַ געדאַנק, וואָס וויל עס אים דערזאָגן — דערשטיקט ער

אים. אָבער ווען זי באַווייזט זיך, גלוסט זיך אים צו באַהאַלטן. ער דער־וואַרט זי מיט אַ ציטער, נאָר ווען זי קומט קען ער איר אין פּנים אַריין נישט קוקן. ער ווייסט נישט: קען זיין, אַז דאָ האָט אים בלויז אָנגעהויבן עקלען איר זאַט שמייכעלע, הגם זי וויל עס אים שענקען ווי אַ טרייסט. ביי די דראָטן טאָר עס נישט באַווייזן ווערן. אים דוכט זיך, אַז ס׳איז דאָס זעלבע שמייכעלע וואָס זי האָט פריער געשענקט יענע, די בלאָנדע יינגען מיט די גזלניש־בלויע אויגן. קען אָבער זיין, אַז דאָס שעמט ער זיך בלויז פאַר איר מיט זיינע אייגענע געדאַנקען, די מיאוסע און ווערעמדיקע, וואָס ער טראָגט איר אַנטקעגן...

איך האָב עפּעס געוואָלט זאָגן, אָנגעהויבן טרייסטן אים, ריידן דאָס וואָס איך מיין נישט און באַלד זיך געכאַפּט ווי גרויס ליגנער איך בין. האָב איך אָפּגעהאַקט. אַזוי שווייגנדיק־מיד האָבן מיר באַגעגנט דעם באַגינען. אָבער דווקא דאָס שווייגן האָט אונז פאַרבונדן מיט אַ סוד, וואָס איז זיכער פאַראַן, הגם מיר ווייסן ביידע נישט וואו ער שטעקט. עס האָט זיך מיר אַפילו אויסגעוויזן, אַז ער איז גאָר שטאַרק צופרידן דערפון וואָס איך האָב באַשלאָסן מיטצושווייגן.

.21

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז משה פּלוצים פריילעך געוואָרן. דאָס האָט אים לייקע געלאָזט וויסן, אַז די טעג וועט מען אים אַרויסנעמען. פּענקאָווסקי אַליין האָט זיך שפּעטער באַוויזן און אים אָנגעזאָגט שטילער־הייט, אַז ער דאַרף דאָ נאָך בלייבן דריי טעג. אָבער די שמחה זיינע איז געקומען פון נאָך אַ זאַך: דאָסמאָל האָט אים לייקע אַריינגעשיקט אַ פּעקל פון זיינס אַ ברודער אין אויסלאַנד. די צוגעשיקטע זאַכן האָט ער רעכט נישט באַטראַכט. וואָס יענע האָבן דאָרט אין זינען! אָבער יעדעס חפץ באַזונדער איז געווען איינגעפּאַקט אין צייטונגען. דאָס האָט ער באַהאַלטן און איצט ווייזט ער זיי מיר. ער האָט פון די הויזן אַרויסגעצויגן עטלעכע צעקנייטשטע בלעטער אויף דייטש, אין וועלכע עס האָבן זיך אַדורכ־געוואָרפן עטלעכע יידישע ווערטער: אַ „מזל טוב" צו אַ חתונה... „כשר לפסח" איבער עפּעס אַן אַנאָנס... צייטונגען, אַרויסגעגעבן פון יידן אין אַ פריי לאַנד פון אייראָפּע! איך האָב זיי אַ כאַפּ געטון און זיך געלאָזט קלעטערן צו מיין בוידעם־ווינקל. משה איז מיר נאָכגעקראָכן, ווי איך וואָלט דאָ געהאַלטן זיין אוצר אין דער האַנט און ער מוז אויף מיר האַלטן אַן אויג.

אין די בלעטער האָט זיך גאַרנישט געענדערט. יידן האָבן גע־פּראַוועט חתונות, געמאַכט קולטור־פאַרזאַמלונגען, געזאַמלט געלט פאַרן קרן קיימת און געשריבן לאַנגע אַרטיקלען וועגן די גרויסע האָפענונגען פאַר ציוניזם. איך בין געקומען פון דער רבנישער וועלט. די גאַנצע זאַך

איז מיר אויסגעקומען פרעמד: פאַרוואָס רייסן זיי דאָרט נישט קיין קריעה און שיטן זיך נישט קיין אַש אויף די קעפּ? ס׳איז דאָך גאָר ביי זיי ששון ושמחה! משה האָט אָבער פון דער מאַמעס מילך אָן געלעבט מיט ציוניזם. איז ער איצט געווען גליקלעך מיט יעדער צעריבענער שורה. ער האָט מיך אַפילו נישט געלאָזט איינזאַפּן די פרייד פון זען די אותיות. ער האָט פּשוט געפּיבערט: אַ יידישע אַרמיי וועט זיכער אויפשטיין. עס וועלן זיך דאָרט מאָביליזירן יידן פון דער גאַנצער וועלט און איינגעמען ארץ־ישראל. די וועלט איז איצט אַן אַנדערע; אַנדערע ענגלענדער און אַנדערע אַראַבער. איצט ווייסן שוין אַלע אַז די יידן האָבן זיך נישט געריסן קיין ארץ־ישראל פון גרויס שוואוילטאָג, נאָר ווייל די ערד האָט זיי געברענט אונטער די פיס... היינט קען מען שוין פאַרשטיין זייער געמיט. ער האָט מיך נישט געלאָזט איבעררייסן מיט קיין וואָרט און מיינע פּאָר ביטערע ווערטער האָט ער סיווי נישט געהערט. ער האָט זיך שוין געהאַט זיין פּלאַן: פּאָר אונז האָט די מלחמה געבראַכט די דייטשן, ווייל אַזוי האָבן מיר אַליין געוואָלט. מיר האָבן פּשוט געוואַרט אויף זיי. דערפאַר אָבער האָט זי פאַר אַנדערע יידן געבראַכט דעם אָפּעפענעם וועג צו זיך. וואָס איז וויכטיקער? מעגסט הערן: איך גיי די טעג אַרויס אויף דער פריי. כ׳וועל זיך שוין באַמיען, אַז מען זאָל אויך דיך באַפרייען. דערנאָך וועט מען זען... כ׳וועל שרייבן מיין ברודער וואָס מען דאַרף. דאַן — גיי איך איבער דער גרענעץ און לאָז זיך ווייטער... איך וועל זיך שוין דערשלאָגן! קענסט מיטגיין, וועסטו זען: ווי נאָר איך קום אויף דער סאָוועטישער זייט — בין איך אויפן וועג... דאָס אַלץ ביז איצט וועט נאָר זיין אַ לאַנגער, בייזער חלום... ס׳איז שוין אַ באַשלאָסענע זאַך!

זיין זיכערקייט האָט מיך אָנגעשטעקט: ווער ווייסט? אפשר האָפּט ער טאַקע פאַר מיר אויך? עלעהיי אַ בעל תפילה, וואָס דאַוונט אויך פאַר אַנדערע׳ס וועגן. זיינע רייד זיינען אַזוי צעקאָכט און גלויביק, אַז ס׳איז אַ מחיה פון זיי צו טראַכטן. משה איז שטאַרק גערירט געוואָרן פון מיין פאַרטרויטן קוק. ער האָט מיך ראַפּטום אַ כאַפּ געטון ביי דער האַנט: הער אויס, לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען! איך גיי אַרויס, אָבער אויך דו וועסט דאָ לאַנג נישט זיצן. וועלן מיר זיך שוין צו עפּעס דערקלערן. געדענק־זשע: ווי נאָר דו קומסט אַרויס, זעען מיר זיך... האָסט געהערט?

ווי קינדיש מיר זיינען עס ביידע געווען! אָפּגעמאַכט... הינטער די שטעכיקע דראָטן פון יוני 1940.

.22

איך בין דערביי נישט געווען, נאָר מען האָט דערציילט: פּענקאָווסקי איז צוגעקומען מיט אַ מיליטערישן וואָגן, אין וועלכן לייקע מיט זאַלצן האָבן צוגעוואַרט. אין לאַגער האָבן זיך אַרומגעדרייט ווייניק מענטשן.

אָבער אויך זיי זיינען געגוג געווען אויסצוזינגען הויך דאָס חוזק־לידל וועגן זאַלצן אין כאַר. אויך משהן האָבן זיי עפּעס נאָכגעשריגן, פון גרויס כעס וואָס דער איינציקער יחסן גייט שוין אויך אַוועק פון לאַגער. נאָר דער וואָגן האָט שנעל אַ רעווע געטון און זיי אַריינגעיאָגט אין פּנים אַביסל מעליקן שטויב. די חברה־לייט האָבן בלויז באַוויזן צו זען, וויאַזוי פּענקאָווסקי דריקט משהן פריילעך די האַנט און לייקע שמייכלט אַ גליקלעכע.

אין לאַגער האָבן זיך דערנאָך אָנגעהויבן שווערע טעג און וואָכן. אַ סך פון די פריערדיקע מענטשן זיינען דערשאָסן געוואָרן און אַנדערע יידן זיינען געבראַכט געוואָרן אויף זייער אָרט. פון משהן האָב איך צוויי מאָל באַקומען צוגעשיקט פּעקלעך צייטונגען דורך אַ שליח פון יודענראַט. דערנאָך האָט אויך דאָס אויפגעהערט. פאַר לאַגער־מענטשן איז דאָס קיין נייעס נישט. מענטשן טרעפן זיך דאָ ווי אין דער באַן, מען באַפריינדעט זיך, מען זאָגט זיך צו נאָכאַמאָל צו באַגעגענען און... מען פאַרגעסט. דערנאָך בלייבן ווייטער שטיין די האַרבע דראָט־גרענעצן מיט וועלכע קיינער וויל נישט זיין קיין נאָענטער מחותן.

ווינטערצייט האָט דער לאַגער געמוזט אויפגעלייזט ווערן. די מענטשן זיינען צעוואָרפן געוואָרן איבער אַלערליי קלענערע קאַזאַרמעס און ווינטער־לאַגערן. די גאַנצע באַגעגעניש מיט משהן איז אַזוי אויס־געריבן פון זכרון. עמעצער האָט מיר בלויז דערציילט, אַז ער זיצט ווידער אין זיין קאַבינעט, פאַרדינט גוט און דאָס פּנים שיינט אים פון פאַרגעניגן. איבערן שטעטל האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט כאַפּערייען וואָס האָבן כמעט ווי אויסגעליידיקט די יידישע הייזער פון מענער. אים אָבער וואַגט קיינער נישט צו רירן. פּענקאָווסקי איז געוואָרן אַ בן־בית ביי אים און ער איז אַריין מיט ביידע פיס אין דער וועלט פון יחסנים און יודענראַט־לער. איך האָב זיך דערפון געגומען שעמען פאַרן אייגענעם זכרון. וואָס האָב איך זיך מיט אים אַזוי פאַרחברט? כ׳האָב עס געוואָלט זיך אַליין פאַרלייקענען. צי טראַכט ער אויך דאָס זעלבע וועגן מיר? איך האָב אַפילו נישט געוואָלט, אַז עמעצער זאָל עס מיר קומען דערציילן.

.23

ס׳איז געווען אַן אויגוסט־טאָג פון 1941. דער קריג איבער רוסלאַנד האָט געבושעוועט מיט דער גאַנצער אכזריות. אידן האָבן שוין לאַנג אויפגעגעבן די האָפענונג אויף אַ שנעלער הילף. אַפילו די פּאָר געציילטע קאָמוניסטן האָבן שוין אויפגעהערט צו שעפּטשען וועגן דעם, אַז אָט־באַלד קומט די רויטע אַרמיי און באַפרייט אַלעמען. צומערשט האָט מען נישט געוואָלט גלויבן די דייטשע קריגס־קאָמוניקאַטן. אָבער דערנאָך האָט מען גענומען פירן רוסישע געפאַנגענע פון אַלע זייטן און די איי־

גענע אויגן האָבן באַשטעטיקט דעם גרויסן חורבן. איז געשטאָרבן די לעצטע האָפענונג: מען וועט שוין מער נישט קענען גנבענען די גרע־נעץ, ווען דער חלף וועט ליגן אויפן האַלז! עס האָבן אַפילו נישט גע־האָלפן די טרייסטענישן פון די לעצטע עקשנים אין געטאָ: דאָס האָט מען „אים" נאָר אַריינגענאַרט קיין טיף ראָסיי, ווי אין נאַפּאָלעאָנס צייטן... נישטאָ מער קיין גרענעץ הינטער דער נאָז! האָבן יידן געהאַט יאוש־דיקע תרעומתן איינער צום צווייטן: נו, וואָס וועט זיין? ער וועט טאַקע אַזוי שפּרייזן און שפּרייזן, ביז ער וועט איינעמען די וועלט? גלייך ווי יעדער באַזונדער וואָלט שולדיק געווען, פאַרוואָס מען דערלאָזט צו דעם.

די דייטשן זיינען די ערשטע טעג געווען פאַרטון אין זיך. אַפילו די יידן האָבן זיי צורו געלאָזט אויף אַ וויילע. זוער פון די דייטשן עס האָט נאָר געקענט, איז אַוועק אויף יענער זייט און געבראַכט רויב צום פאַרקויפן. די דיסציפּלין אין די גרענעץ־נאָענטע אַרבעטס־לאַגערן האָט אַביסל נאָכ־געלאָזט. די תפיסה פאַר געפאַנגענע איז איצט גרעסער געוואָרן און זיי האָבן סייווי מער נישט געהאַט וואו צו לויפן. אין מיין לאַגער איז אַפילו מעגלעך געווען אויסצובעטן אַ פרייען אָוונט און אַוועקשפּרייזן צו די נידערגעשלאָגענע הינטערגעסלעך פון געטאָ. סייווי אַ געפאַנגענער, האָב איך געהאַט מער פּריווילעגיע ווי אַנדערע. כ'האָב נישט מורא געהאַט צו פאַרקריכן ביז צו די קריסטלעכע סעדער און איינאָטעמען דעם פרישן ריח פון עפּל. מיין צייכן אויף די בגדים וועט מיך דאָסמאָל באַשיצן.

דאָס געפיל אַז מען דאַרף גנבענען ביים דייטש וואָס עס לאָזט זיך נאָר, האָט מיך אַוועקגעפירט גאָר ווייט צו די גויאיש־באַבוימערטע געסלעך. לאָמיך כאָטש גנבענען אַביסל פאַרבאָטענע לופט. דער פאַר־נאַכט האָט זיך שוין געהאַלטן ביים איינלעשן און איך האָב אויסגעדרייט אויף צוריק. מאָרגן פאַרטאָג וועל איך שוין מוזן צוריקזיין אין דער קאַ־זאַרמע און ביינאַכט קען מען נאָך עפּעס זען; איינאָטעמען אַביסל יידישע געטאָ־קרעכצן, וואָס אין לאַגער זיינען זיי שוין לאַנג אויס־געגאַנגען. מיטאַמאָל האָב איך אים דערזען. רויזנער? אַ פאַרביסנקייט האָט מיר באַפוילן אים אויסצומיידן. ער האָט דאָך פאַרגעסן, נישט גע־לאָזט הערן פון זיך... טאָ זאָל עס אים גרינג אָנקומען. איך דאַרף אים נישט! אויך ער איז צעטומלט געוואָרן, ווי ער וואָלט ראַפּטום אַריינגע־פאַלן אין אַ פאַסטקע. האָט ער געזוכט וואו אַנטרינען צו ווערן און נישט געקענט. איך האָב געוואָלט צוריקגיין, פאַרקריכן אין אַ גויאישן טויער, ביז ער וועט שוין זיין ווייט פון מיר. מיר זיינען סייווי צוויי וועלטן, וואָס טאָרן זיך נישט באַגעגענען אָן אַ צוזאַמענשטויס. ער האָט זיך אָבער האַסטיק אויסגעדרייט, שטיין געבליבן מיטן פנים צו מיר און מיט די אויגן צו די אָפּגעצופּטע ווינשל־בוימער. נאָך אַ פּאָר פלינקע טריט און איך קען אים פאַרביילויפן. אָבער איך האָב עס נישט געטון. מיינע פיס

האָבן מיך גאָר געטראָגן מיט באַהאַלטענעם להכעיס אים אַנטקעגן.
אינטערעסאַנט, וויאַזוי זעט איצט אויס זיין בליק ?

אין שפּיגל פון מיין אָפּגעריסענעם הילוך האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּרינץ. ווי שיין מען קען זיך נאָך היינט קליידן אין געטאָ! די שיך האָבן ביי אים געהאַט גלאַנציקע נעז און דער אַנצוג איז געווען אויס־געפּרעסט מיט אַ קנייטש... איך האָב זיך פּשוט צעלאַכט: אַ טיכל האָט זיך וואוילעריש געחנדלט מיט שפּיציקער אויסגעהאַפּטנקייט אין זיין אויבערשטן טעשל. איז מיר שוין גאָר גוט געוואָרן, וואָס איך קען אים אַנקוקן אַזוי נאָענט. אָט איז ער, דער פלוישער... דער גרענעץ־לויפער! ביז איך בין נישט געשטאַנען האַרט ביי זיין זייט, האָט ער כעס׳דיק געשוויגן. ערשט ווען איך האָב הפקרדיק אַ רייב געטון מיינע שמאַטעס אין זיין געפּרעסטן אָרעם האָט ער זיך אויסגעדרייט און פון גרויס בושה נישט געוואוסט ביי וואָס אָנצוהויבן. האָב איך אים אַרויסגע־האָלפן: גוט, וואָס איך האָב אייך אָנגעטראָפן. געמיינט, אַז איר זענט שוין ווער ווייסט אַוואו... אפשר אין ארץ־ישראל... און אפשר פליט איר גאָר אין אַן עראָפּלאַן איבער די פראָנטן. איך האָב געציטערט, טאָ־מער וועל איך אייך נישט קענען אָפּדאַנקען פאַרן האָבן מיך אין זינען און פאַרן אַרויסנעמען מיך פון לאַגער. זע איך, אַז דאָס מזל האָט מיך פאָרט נישט פאַרלאָזט...

ער איז נאָך אַלץ געווען פאַרזונקען אין זיך. איך בין אַפילו נישט זיכער געווען, אויב ער האָט דערהערט מיין בייסיקן חוזק. ער האָט נאָר געפּרעגט ווייט און צעטראָגן: ביזט טאַקע די גאַנצע צייט אין לאַגער ?

נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער האָט ער זיך אַרומגעקוקט, דערזען מיינע צעהאַדערטע מלבושים און זיך עפּעס געעישובט. דערנאָך האָט ער זיך אַ האַסטיקן ריס געטון, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דאָ קעגן עמעצן פאַרמאָסטן און מיך אַ צי געטון: קום!... איך האָב קרום אַ שמייכל געטון. דאָס האָב איך פאַרשטאַנען זיין פריערדיקע וואַקלעניש. עס איז מיר אָבער גוט געווען צו זען, אַז ער קען נאָך גיין מיט יענער שולדיקער פאַרקלערטקייט פון אַ מענטש.

.24

דאָס שמאָלע וועגל האָט געפירט צו משהן אין שטוב אַריין. איך האָב זיך געוואַקלט, נישט געוואָלט אַרויפגיין. איך דאַרף נאָך זען מיין משפחה, וואָס דער יודענראַט האַלט אַ משכון, כ׳זאָל נישט קענען אַנטלויפן. אָבער זיין בעטלערישער בליק האָט מיך באַוועלטיקט. לייקע האָט קוים צייט געהאַט אונז צו זען, עס האָט אויף איר געוואַרט אַ באַזעצטער טיש מיט אויסגעפּוצטער יינגוואַרג. זייערע פריילעכע טומלערייען האָבן אַוועק־געשטויסן די מלחמה און די דייטשע אימה ערגעץ אין די ווייטקייטן

אַריין. ס׳האָט דאָרט געגליט מיט אַ זיסער צעלאָזנקייט ערב אונטערגאַנג. ווען מיר זיינען אַריין צו אים אין קאַבינעט, האָט משה בלויז אַ וויז געטון שטיל מיטן פינגער: הערסט? זענען מיר געזעסן איינער קעגן צווייטן און זיך איינגעהערט. אַרום אונז האָבן די ווענט שטיל און חוזק׳דיק איבערגעחזרט די קולות פון געסט־צימער. עס האָט אויסגעזען, אַזויווי מיר וואָלטן דאָ געפירט אַ שטאַרקן, בייזן שמועס צווישן זיך דורכן בלויזן איינהערן. משה האָט עס מער נישט געקענט. האָט ער זיך אַריבערגעבויגן אין מיין זייט, איינגעקנוידערט זיך, קלענער געוואָרן: ווײסט לאָכן פון מיר. איך בין טאָפּלט אַלט ווי דו, אָבער איך מוז עס זאָגן: כ׳בין אַ שוואַכלינג. דו קומסט אַרויס פון דעמבענע, פויערשע יידן, וואָס די חסידישע קאַפּאָטע האָט קוים צוגעדעקט זייער זיכער־קייט אין אייגענעם בלוט. אָבער ביי אונז האָט מען צופיל פּאַראיינטעלי־גענטעוועט די קינדער פון קליינוויז אויף. מיר זיינען אויפגעוואַקסן צעקראָכן, מיט פאַרשוואַומען־ווייכע לעבנס־אידעאַלן... ווי לויז טייג. מיר זיינען שטענדיק געווען הויך, ווען געזונטע פּלייצעס האָבן אונז גע־טראָגן אויף זיך. אַליין פאַר זיך האָבן מיר גאָרנישט געקענט באַשאַפן. אונז האָט געפעלט די שטייפקייט פון אַ רוקנביין. אונז איז כסדר גוט געווען מיט מאַמישער צאַרטקייט און שטוביקער וואַרעמקייט. דאַן האָבן מיר געקענט שפּרייזן שטאָלץ און שטייף, ווי אַ גאָלדענע ראַם פון אַ נאָכנישט־געמאָלן בילד. מיר זיינען געווען בריות, ווען אַלץ אַרום האָט געכאַליעט און אונטערגעהאַלטן די לעגענדע פון אונזער גימנאַזיסטישער דערהויבנקייט. איצט זע איך, וואָס דאָס האָט פון אונז געמאַכט... צענדליקער מאָל האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן און דאָך זיך נישט געקענט אָפּרייסן פון די פלושענע חדרים. דאָס פאַרצערטלטקייט האָט מיך געהאַלטן אין דער תפיסה מיט זיידענע סאַפּעס. איך בין נישט אַוועק, כאָטש עס האָבן זיך געפינען דייטשן וואָס וואָלטן מיך צוגעפירט ביז צו דער סאַמע גרענעץ. איז געקומען די נייע מלחמה מיט די סאָוועטן און מיר אַוועקגעריסן די גרענעץ פון אונטער דער האַנט. איצט אַנטלויפט זי פון מיר אַלץ ווייטער און ווייטער. וואָס טוט מען איצט? אייגנטלעך וואָלט איך געדאַרפט זיך האַלטן ביי מיינעם: אויב שוין יאָ אַזוי, טאָ לאָמיך מיטמאַכן די צעקראָכענע פוילקייט ביזן סוף! דאָ איז מיין אָרט. פאַרוואָס קען עס לייקע? אָבער אויך דאָס איז נישט מעגלעך. איך בין איר מאַן, אָבער נישט איר שותף צו די קאָרטן און הוליאַנקעס. איך בין צוגעבונדן צו דער סאַמעטענער רו און דער ווייכער קאַנאַפּע, אָבער נישט צו דער לאַכנדיקער אָרגיע אויף איר. איך קום אין דער שטוב אַריין מיט אַ פּעקל ביכער, וואָס געהערן נישט אַהער; וואָס באַליידיקן זיך, ווען מען בלעטערט זיי אונטער דער באַגלייטונג פון דעם געלעכטער נעבן מיר. איך קען נאָר אַראָפּשאַרן דאָס זייטיקע פאַרגעניגן וואָס פאַלט מיר צו... נאָר דאָס, וואָס איר פאַלט אַמאָל איין מיר אַריינצוטראָגן,

ווי אַ קראַנקן קרוב. איך מוז זי שוין אַרומנעמען מיט צוגעבונדנקייט און עקל, ווייל זי קומט צו מיר פון יענעם טיש מיט געלעכטער. בין איך דען נישט קיין קראַנקער, וואָס מוז גאָר שנעל אונטערגיין אין זיין פאַר־פאַלנקייט? אפשר דאַרף איך גאָרנישט וואַרטן?

זיין קול איז מיד געוואָרן, אַזויווי ביי איינעם וואָס האָט נאָר וואָס אַרויסגערופן צו זיך אַ זיסן טויט. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָ זיצט אַ געזונטער גוסס, וואָס זיינע אברים לאַכן פון מיר: אמת מיר לעבן נאָך? איז אָט שטאַרבן מיר אַוועק פאַר דיינע אויגן, כאָטש דו גלויבסט עס נישט! מיר האָט זיך פלוצים פאַרוואָלט אויפרייסן די טיר, אַריינרופן נאָך עמעצן. עס האָט מיך אפילו אָנגענומען אַ בייזער פאַר־דרוס: אָט ווער עס וויל שטאַרבן! צום טויט דאַרף מען ראוי זיין צוצו־קומען. מען דאַרף אים פריער אַנטקעגנגיין מיט אַ סך וועגן. אין אַזאַ שטוב טאָר גאָר אַ ייד אין אַזעלכע טעג נישט שטאַרבן. ער פאַרשוועכט דערמיט אונזער יידישן טויט. אַ מענטש זיצט זיך אין אַ שלווה, צווישן די געשריי־אָנגעזאָפּטע געסלעך און פילאָזאָפירט פון זיין אייגענעם אונ־טערגאַנג, גלייך ווי ער וואָלט געוועזן זיין לייבלעכער קרוב! יידן טאָרן גאָר איצט נישט אויסגיין אין אָפּיומדיקער בענקשאַפט. זיי דאַרפן פאַר־גלאָצן די אויגן אונטער אַ בייטש, לייטערן די גסיסה אונטער בלוט און בלאָטע... אַ תאווה האָט מיך אָנגעכאַפּט דאָס אים צו זאָגן. אָבער די טיר האָט זיך אויפגעריסן און לייקע איז שטיין געבליבן אויף דער שוועל. זי האָט מיט אַ העפלעך־שטעכיקן בליק באַטראַכט מיינע לאַגער־צויטן און אָנגעקוקט משהן מיט בייזן וואונדער. דאָס האָט זי אים שטום גע־פרעגט: ווי אַזוי קומט אַזאַ אָפּגעריסענער נפש צו זאַלצן אין פּאַלאַץ? וויל ער אַהער פאַרשלעפּן די אימה פון אומגליק און זי שוין דאָ איבער־לאָזן? וויל ער עפּעס אויסבעטלען? איך האָב אין איר בליק דערפילט די פאָדערונג אַרויסצוגיין. זי וועט עס אפשר מיטן מויל נישט זאָגן און אפשר יאָ. אָבער איך טאָר נישט וואַרטן...

איך האָב זיך האַסטיק אויפגעשטעלט. זי האָט נאָך אַלץ נישט אַראָפּ־גענומען איר בליק פון משהן. ערשט ווען איך האָב געמאַכט דעם ערשטן שריט צו דער טיר האָט זי מיך אָנגעקוקט: איך שטער אייך? אָט גיי איך שוין... און איר קענט נאָך בלייבן. איך האָב אָנגענומען די קליאַמקע: עס איז שפּעט... איך קום פון לאַגער און וויל נאָך אַ שמועס טאָן מיט מיינע עלטערן. מאָרגן פרי דאַרף איך דאָרט זיין צוריק און ווער ווייסט, ווען נאָך איך קען זיי זען... די פּאָליציי־שעה רוקט אָן... עפּעס אַ ווילדער חשק איז מיך באַפאַלן צו רעדן מיט איר וואָס לענ־גער, דווקא דערפאַר וואָס איך שטיי שוין ביי דער טיר. איך האָב אָבער נישט געוואוסט, וואָס נאָך איך דאַרף איר זאָגן. משה האָט מיר איבער־געריסן, זיך אַ קער געטון צו איר מיט הכנעהדיקן געבעט: איך וועל באַלד צוריקקומען, לייקע... דו האָסט דאָך דאָ דיין געזעלשאַפט. וועל

איך אַביסל באַגלייטן מיין קאָלעגע... איך וועל דיר שפּעטער דערציילן וועגן אים... מיך האָט שוין פאַרדראָסן זיין טאָן, זיין צוזאָג צו דערציילן וועגן מיר בעת איך שטיי דערביי. אזויווי איך וואָלט גאָר קיין לעבעדי־קער מער נישט געווען. אָבער אַ בלינדע פרייד איז אים דאַנקבאַר געווען, פאַרוואָס ער וויל אָנהאַלטן מיין באַקאַנטשאַפט מיט איר אויך דאַן, ווען איך וועל דאָ מער נישט שטיין. האָב איך אויפן וועג קוים געהערט וואָס ער דערציילט מיר: זי זיצט דאָרט גאַנצע שעהן, ווערט נעלם און גע־דענקט אים נישט, אַזויווי ער וואָלט מער נישט עקזיסטירט. דערנאָך רייסט זי ראַפּטום אויף די טיר, פאַלט צו און נעמט אים ווילד קושן ווי אַ משוגע־פאַרבענקטע. אים דוכט זיך, אַז זי האָט עפּעס אַ באַזונדער דרך־ארץ פאַר אים אין זיין אָפּגעזונדערטקייט. קומט זי צו אים, אַזויווי צום רייניקן זיך דורכן באַרירן מויל צו מויל. זי שלינגט דאַן פּשוט זיין אָטעם. דאָס דויערט אַזוי אַ פּאָר מינוט, אַ שעה. דערנאָך גייט זי ווידער אַרויס און טוט זיך ווידער דאָס איריקע. אָפּטמאָל דוכט זיך אים, אַז ווען ער זאָל עטלעכע נעכט אַריינגיין זיצן צווישן אירע חברה וואָלט ער איר נמאס געוואָרן; וואָלט זי אים אַרויסגעוואָרפן אין מיטן דער נאַכט...

לייקעס בליק האָט נאָך געברענט אויף מיר. האָט עס אין מיר גע־קאָכט, געריסן זיך צו זאָגן אים אַ האַרב וואָרט, באַליידיקן אים. נאָר איך האָב די בייזקייט דערשטיקט און דערפאַר גאָר אין כעס געוואָרן אויף זיך אַליין: מיט וואָס בין איך בעסער פאַר אים? בין איך דען נישט גע־שטאַנען אַ צעקראָכענער אונטער איר בליק און נאָך געזוכט ווייכע ווער־טער? אָט, ווען איך קען אים כאָטש איבערלאָזן אין מיטן גאַס און אַנט־לויפן! ווען איך קען כאָטש אויסשרייען: „צעקראָכענע בריאה!" און נעלם ווערן! איך וועל אים סיווי מער נישט זען — און אים וועט עס ווי טון. דעם גיפט וועט ער מוזן טיילן מיט איר און איך וועל עס פון ווי וויט דערשפירן... קען איך עס? איך האָב מיינע הייסע טראַכטענישן נישט פאַרענדיקט. מיר האָבן זיך שוין געפינען ביים ראַנד פון מיין הימיש געסל. האָט מיך משה אָפּגעשטעלט אין מיטן ווילדן שפּרייזן: הער אויס... דו ביזט הילפלאָז. מאָרגן וועסטו שוין ווידער זיין אינעם לאַגער, אָדער מען וועט דיך ערגעץ פאַרשלעפּן. איך וועל ווייטער בלייבן געשיצט, אַרומגעגאַרטלט מיט פּראָטעקציע און קיין נויט לייד איך סיווי נישט. נאָר איך וויל דיר זאָגן: זיי מיך נישט מקנא... איך וועל די מלחמה נישט איבערלעבן. די געמעבלטע שטוב און דאָס זאַטע לעבן ביי זאַלצן האָבן מיך שוין לאַנג פאַרמשפּט. דערפאַר אָבער דו... וועסט זיך ראַטעווען. דו קענסט עס. דאַרפסט זיך נאָר דערמאָנען, וואָס עס מיינט צו לעבן נאָכן גאַנצן שפּיל... אַ גוטע נאַכט.

איך האָב אים אויסגעשטרעקט אַ קאַלטע האַנט. אָבער ער האָט מיך צוריק אַ שלעפּ געטון און איך האָב דערפילט זיינע פייכטע ליפּן אויף מיין באַק. איך האָב זיך אַ ריס געטון און באַלד האָט אונז די אָנגעפאַלענע

פּינסטערניש איינגעשלינגען. נאָך די ערשטע טריט האָב איך זיך אָפּ־געשטעלט, געוואָלט אויפזוכן מיין אַלטן כעס, אַ שליידער טון דורך אים מיין האַרב וואָרט, דאָס לעצטע. אָבער איך האָב עס נישט געפינען אין מיין קעל. איך האָב בלויז נאָכאַמאָל אויסגעדרייט דעם קאָפּ. זיין שאָטן האָט זיך שוין איינגעקנעטן אין דער אַרומיקער שוואַרצקייט. אַפילו זיינע טריט האָבן פּלוצים אויפגעהערט הילכן צו מיר.

.25

סעפּטעמבער 1942. אַזאַ גאָלדענעם האַרבסט האָט פּוילן שוין לאַנג, דוכט זיך, נישט געהאַט. איך האָב שוין איבער דער צייט געזען טויזנטער מענטשן שטאַרבן. אָבער דאָס שאָרכן פון די בוימער אין זייער רויטלע־כער גסיסה האָט מיך דאָסמאָל ווידער אויפגעשוידערט, ווי אין דער טיפער קינדהייט. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע וועלט וויל איצט אַריינשטאַרבן אין די בלעטער אַריין און מער נישט אויפקומען. איך אויך. עס וואָלט איצט גוט געווען, ווען יעדער איינער וואָס קען נישט מאָרדן זאָל זיך אַוועקלייגן אין וואַלד אָדער אין אַ גאָרטן און שטאַרבן ווי די נאַטור. וואָס נאָך בלייבט צו טאָן אין אַ דייטשער וועלט? זאָלן בלייבן בלויז גזלנים און אומוואַרפן די געמויערטע הייזער איינער אויפן אַנדערן, איינער אויפן אַנדערן... אפשר וועלן מיר פון אונטער דער ערד דאָס אַלץ קענען צוזען און אויפנעמען די טרייסלענישן ווי אַ וויג־ליד צו אונזער אייביק שלאָפן.

נאָר זיי אַליין איז נאָך אַלץ געווען אומעטיק אָן אונז. אָט האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי האָבן שוין אויסגעקוילעט דעם לעצטן ייד. אָבער דערנאָך זיינען ווידער אַרויסגעקראָכן יידן פון די לעכער און זיי האָבן ווידער געהאַט איבער וועמען צו זייען זייער יאָמערלעכע אימה. זיי פאַר־גינען אונז פאָרט נישט דאָס לעצטע פאַרשוואונדן, כל זמן זיי דרייען זיך דאָ אַרום. דערפאַר מסתמא שלעפּען זיי מיך און הונדערטער מיט מיר פון איין לאַגער אין צווייטן, פון איין קאַזאַרמע אין דער צווייטער... און דערפאַר זיצט נאָך ערגעץ אויף אַ ברייטן פאָטעל דער דיקער זאַלץ און שרייבט ליסטעס, טוישט לעבן אויף לעבן און ייד אויף ייד... און דערפאַר זיצט נאָך אין אַ ווינקל פון זיינע חדרים איינער מיטן נאָמען משה רויזנער, וויקלט זיך אַרום מיט לייקעס גוף און חלומט נאָך אַלץ פון יענעם טויט, וואָס זיין אייגענע האַנט קען צו אים דערלאַנגען. זי שפּילט שוין נישט מער אין קיין קאָרטן. אַ סך פון יענעם פריילעכן טיש זיינען שוין באַהאָרבט מיט בערגלעך ערד. אַפילו דאָס געטאָ איז שוין אויפגעריסן. גויים האָבן באַצייטנס פאַרכאַפּט די פאַרלאָזטע יידישע הייזער און זיך אויסגעמישט מיט די פאַרבליבענע. עס גייט שוין קיינעם נישט אין לעבן זיי אָפּצוזונדערן. פריער האָט געטאָ געמיינט יסורים,

נאָר איצט האָט די אויפגעריסנקייט געמיינט עבר ובטל׳דיקייט, דער זיכערער טויט פון מאָרגן. מען דאַרף שוין מער אַפילו קיין גזירות נישט!

אַנטקעגן־איבער זאַלצס הויז האָט זיך באַזעצט דער אַלטער קרי־מינאַלניק שומאַנסקי. יעדן טאָג איז ער צוגעגאַנגען צו די טרעפּ, באַ־טראַכט דאָס הויז, באַטאַפּט די שטיינער... און איינמאָל איז ער אַפילו אַרויפגעקומען, פּשוט געעפנט די טיר און גענומען אויספּרואוון דאָס מעבל. זאַלץ איז נישט געווען אין שטוב. בלויז לייקע איז געשטאַנען און צוגעקוקט. זי האָט געוואָלט שרייען, אים אַרויסטרייבן, אָבער קיין כח נישט געהאַט. וועמען זאָל זי רופן, דייטשע פּאָליציי? זי האָט אים בלויז שוואַך אַ פרעג געטון וואָס ער וויל. יענער האָט זיך עפּעס פאַר־לוירן און דערביי באַלד געפינען דעם לאָכנדיקן תירוץ אויף דער האַנט: ע... ע... ער וואָלט עס געוואָלט אָפּקויפן... סתם צונעמען לאָזט אים נישט דאָס האַרץ... וואָס דאַרפן זיי נאָך דאָס אַלץ? ביי לייקען האָט זיך קוים אַרויסגעריסן אַ קורצער כריפּ: נאָך נישט איצט... אפשר שפּעטער־צו... נאָר שומאַנסקי איז נישט נתפּעל געוואָרן: נישט? דאַרף מען נישט... און ווידער באַטאַפּט דאָס מעבל; ווי ער וואָלט זיך נאָך גע׳ישובט, אויב ער זאָל עס שוין נעמען, אָדער וואַרטן ביז ער וועט עס האָבן צוזאַמען מיט דער דירה, מיטן בעטגעוואַנט, מיט די מלבושים...

לייקע האָט זיך שוין מער פון שטוב נישט אַרויסגערירט, ביינאַכט האָט זי זיך איינגעקלאַמערט אין משהן ווי אַ שלאַנג, וואָס האָט דעם גיפט פאַרלוירן; געקושט אים, געביסן, געלעקט זיינע טריט... זאַלץ אַליין איז אַהיימגעקומען גאָר שפּעט, אויסגעהערט און דאָס ערשטע מאָל נישט רויט געוואָרן פאַר צאָרן: ווער ווייסט? אפשר טאַקע דאַרף מען זיך שוין גרייטן צום גיין? זעט אויס, אַז עס וועט נישט מיידן קיינעם. דער־נאָך איז שרעקלעך שטיל געוואָרן, בלויז שפּעט ביינאַכט האָט משה געהערט אַ גנבה׳ש שאָרכן ביי זיך אין קאַבינעט. לייקע איז נעבן אים נישט געווען. ער האָט אַראָפּגעהינקען מיט די באָרפיסע טריט, געעפנט שטיל די טיר און זי געזען שטיין פאַרגראַבלט ביי די רעשטן פון זיינע סלאָיען און פלעשלעך... אַ חרפה האָט אים פלוצים פאַרגאָסן די אויגן: אַזוי! זי גאָר? מיטאַמאָל איז ער איפּערזיכטיק געוואָרן אויפן טויט, אַזויווי זי וואָלט דאָ געגאַנגען פאַרכאַפּן אַזוינס וואָס געהערט בלויז צו אים. ער האָט זיך דערפאַר אַ וואָרף געטון, אַרויסגעקוועטשט מיט וויל־דער רציחה דאָס ביסל גיפט פון איר האַנט און מיט הוילער משוגעת געריסן פון איר שטיקער, געקושט זי בייסנדיק אין מויל און מיט די הענט איינגעפּרעסט אירע זיידן־העמדלדיקע אברים אין זיינע: ביין! באין אופן ניין!!! דערנאָך האָבן זיי זיך אָפּגעוואַלגערט לאַנגע שעה׳ן אויפן דיוואַן, געוואָלט אַרויסנאַגן דאָס לעצטע ביסל וואַרעמקייט איינס פון דאָס אַנדערע. זאָל אויף מאָרגן שוין גאָרנישט בלייבן, נישט פאַר זיך און נישט פאַר קיינעם. וועט מער נישט קיין שאָד זיין אַוועקצוגיין,

איבערצולאָזן, צו שטאַרבן, צו הרגענען זיך, צו וואַרפן זיך אויף אַלעמען מיט נעגל און ציין.

נאָר דער ערשטער שפּראָץ פון פרישן טאָג האָט זיי ווידער אָנגעלאָדן מיט דער גאָלדענער פייכטקייט פון לעבן. די זוניקע קרוין איבער די דעכער האָט ווידער געלאָכט פון דער נאַכטיקער שרעק, פון דער לעצטער פאַרצווייפלונג. דער טרויעריק־שיינער סעפּטעמבער־טאָג האָט יעדע מינוט אויסגעפּוצט אין די שענסטע מלבושים און זי אונטערגעטראָגן ביז הינטער דער נאָז פון געטאָ: לעבט! אויב אייער נאָז קען מיך נאָר בלויז דערשפּירן... אויב אייער אויג קען מיך נאָר בלויז דערזען. האָבן זיךביידע ווידער אָנגעקוקט מיט אַ פאַרשעמט־הונגעריקן בליק. איז איינער ווידער געוואָרן דעם צווייטנס זון, פון וועלכער מען קען אויסלעקן די לעצטע סעפּטעמבער־שטראַלן.

עס איז זיי שוין ביידן קלאָר געוואָרן, אַז זיי וועלן דאָ שוין וואַרטן ביז דאָס קלאַפּן אין דער טיר וועט העמערן מיט יענעם לעצטן כח, וואָס קיינער קען מער נישט אָפּשרייען: קומט!

.26

אין איינעם פון יענע פאַרטאָגן איז אויך אונזער לאַגער אַרומגערינגלט געוואָרן. אין געציילטע מינוטן זיינען די באַראַקן אויסגעלייזדיקט געוואָרן. ביים שיין פון רעפלעקטאָרן זיינען דריי טויזנט בחורים און מיידלעך אויסגעשטעלט געווען אין רייען און געטריבן געוואָרן ביז אין דער ליידיקער שטאָט. אין געטאָ זיינען שוין פאָרגעקומען כלערליי ענדערונגען. די דייטשן האָבן שוין לאַנג באַוויזן אַרויסצופירן די פריערדיקע יידן און ברענגען אַנדערע פון בערלין, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיי. דערנאָך האָט מען אויך זיי אָפּגעשיקט צום טויט און געברענגט אַנדערע. די דייטשן האָבן זיי בלויז געדאַרפט אַראָפּלאָזן אויף אַ צווישן־סטאַציע, בכדי זיי זאָלן דערוויל קענען אָנשרייבן צו זייערע באַקאַנטע: זיי געפינען זיך אויף אַן אָרט און זיינען געזונט. דאָס וועט באַרואיקן די יידן אין דייטשלאַנד און זיי וועלן זיך שפּעטער לאָזן נעמען אָן ווידערשטאַנד.

איצט איז דאָס געטאָ אויסגעליידיקט געוואָרן און עס האָבן זיך דאָרט נאָך אַרומגעדרייט די יודענראַטלער, געטאָ־פּאָליציי און „בוצלעכע יודען" פאַר דער דייטשער קריגס־פּראָדוקציע. מיטן טרייבן אונז אין דער ריכטונג פון שטאָט האָבן מיר געזען אונזער גורל געחתמעט און אַנדערע האָבן זיך געפּרואווט אויסבאַהאַלטן אין דער לעצטער מינוט. נאָך דעם ערשטן צענדליק דערשאָסענע האָבן שוין אַלע געשפּרייזט אין דער בלוילעכער נאַכט אַריין מיט בלינד־געוואָרענע אויגן.

בלויז דער אייביק־לעבעדיקער נערוו פון האָפענונג האָט נאָך אַלץ נישט געלאָזט רעזיגנירן: אפשר בלייבן מיר לעבן אין געטאָ?

ביים ערשטן שימער פון טאָג זיינען אַלע שטיין געבליבן אויפן שטאָטישן מאַרק. מען האָט געדאַרפט וואַרטן אויף עפּעס אָדער עמעצן און קיינער האָט נישט געוואוסט אויף וואָס. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן די ערשטע זעלנער, וואָס האָבן געטריבן דערשראָקענע קופּ־קעלעך איבעררַאַשטע יידן — די לעצטע. זיי זיינען געגאַנגען מיט מאָגערע פּעקלעך, וואָס מ׳קען בלויז כאַפּן אין איילעניש און געציטערט פון פאַרטאָגיקער קעלט. איך האָב צווישן זיי דערקענט די געטאָ־פּאָ־ליציי מיט זייערע קרובים, יודענראַט־מיטגלידער און אייזן־געשיצטע מיטאַרבעטער פון געשטאַפּאָ און עס־עס. אַ מינוט איז אין אונזער מחנה פריילעך געוואָרן: אויב מען טרייבט זיי צו אונז, האַלט עס נאָך נישט אַזוי שמאָל... עפּעס האָט שוין דער געדאַנק זיך נישט געקענט פאַר־שטעלן, וויאַזוי די דייטשן קענען אויסקומען אָן זייערע יודענראַטלער — כאָטש די יידן גופא זיינען מער נישטאָ.

צווישן די צוגעטריבענע גאָר צום לעצט האָב איך פלוצים דער־זען משהן. ער איז געגאַנגען אַביסל געבויגן און נאָכגעקוקט זאַלצן, וואָס האָט נאָך געפּרואווט עפּעס אַריינטענהן אין אַ געשטאַפּאָ־מאַן. רויזנערס רוקזאַק איז מסתמא ערשט די לעצטע מינוט אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף די אַקסל, ווייל ער איז העננגען געבליבן אַביסל קרומלעך. לייקע איז געגאַנגען נעבן אים, מיט די הענט איינגעקלאַמערט אין זיין אָרעם. עס האָט אויסגעזען אַזויווי זי וואָלט געהאַנגען אַ פאַרחלשטע אויף זיינע הענט און ער טראָגט זי בלויז ערגעץ, אַז זי זאָל דאָרט זיך צושפּאַרן און אויסרוען.

די שטאָטישע גרופּע האָט מען געשטעלט באַזונדער און איך האָב נישט געקענט באַמערקן וואו זיי האָבן זיך ביידע אַריינגעקוועטשט. באַלד איז געקומען דער באַפעל צו דער גרופּע לאַגערניקעס: מאַר־שירן! און דאָס מאַשין־געוועער האָט גענומען וואַרפן פייערדיקע פייגל איבער אונזערע קעפּ. אין דעם גאַנצן טומל האָב איך פאָרט געקענט הערן, וויאַזוי די שטאָטישע מחנה ווערט איינגעשלאָסן אין אונזערער. אַ מחנה פון פיר טויזנט האָט איצט געשפּרייזט אויסער דער שטאָט, צו דער אומבאַשטימטקייט. אָט איז שוין נאָך דער קאַזאַרמע און אָט האָט זיך שוין אָפּגעזעגנט דאָס לעצטע הויז. אַ געקרייציקטע שיסעריי האָט אַדורכגעלעכערט די מחנה, אַרויסגעריסן טויטע אין מיטן מאַרש. האָט זיך האַנט פאַרקייטלט אין האַנט: האַלטן זיך ווי לאַנג מען לאָזט! די וואָס די קויל האָט געטראָפן האָבן זיך נאָך אַ ווייל געטראָגן איינ־געקלאַמערט צווישן די לעבעדיקע און קיינער האָט רעכט נישט גע־וואוסט, ווען מען דאַרף איינעם אָפּלאָזן און ווען מען דאַרף אים נאָך

מיטרייסן... און אַנטקעגן איבער האָט זיך גערויטלט אין דער מאָרגן־
זון אַ פאַרשלאָפן דערפל מיט רואיקע הייזער. מען האָט נאָך קיינעם
נישט געזען און אַלע פענסטערלעך זיינען פאַרהאָנגען געוואָרן מיט
לייוונטענע פלאַכטעס. זיי וויסן גאָרנישט. אַלע כאַטעס האָבן אויסגע־
זען ווי אַ שורה ליימענע מתים, מיט שטרויענע סנאָפּעס צוקאָפּנס.

אויף דער לאַנגער גאַס פון דערפל האָבן די עס־עס־לייט אָנגעגע־
הויבן צו ווערן פאַמעלעכער. זיי האָבן געקוקט מיט חשד אויף יעדן
קוימענדל, אין וועלכן עס האָט זיך געבלאָזן אַ פאַרטאָגיק רויכעלע. זיי
האָבן אַדורכגעשפּיזט די הייזקעס מיט די אויגן און אויך מיר, די פאַר־
סאַפּעטע גייער האָבן נאָך געוואָלט אַריינכאַפּן אַ שטיקל בליק אויף אַ
מענטשלעכער היים. נאָר פלוצים האָט זיך ביי אַלעמען פאַרהאַקט דער
אָטעם. פון די רייען האָט זיך אַרויסגעשליכט אַ פרויען־געשטאַלט. ווי־
אַזוי? ווער האָט עס איר דערלויבט? האָט זי אָנגעטראָפן אויף אַ גוטן
וועכטער? אַ נס? מיר וויסן נישט. מיר טאָרן גאָר מער נישט קוקן.
דאָך זעען אַלע: אַ פרוי! זי האָט זיך אַזוי שטיל גענומען רוקן צו דער
הייזער־ריי, אַז קיינער האָט עס נישט באַמערקט. זיינען זיי בלינד גע־
וואָרן? הונדערטער געשטאַפּאָ־לייט אויף אויטאָמאָבילן — און זי גאָר
שאַרט זיך אַוועק. זיי זעען נישט... גאָט, פאַרוואָס־זשע לויפן מיר
נישט? אויף וואָס וואַרטן מיר? אָט איז זי שוין אויף דער צווייטער
זייט, שטייט שוין באַלד ביי אַ נידעריקער כאַטע — און אַרום איז אַזוי
שטיל! אַ שטומער זיפץ אין מיין פינפטל האָט מיך אויפגעוועקט: לייקע
זאָלץ! פאַרוואָס לויפט נישט דער פאָטער אירער? וואו איז משה? אָט
גראַבלט זי שוין ביים דאָרפישן טירל. נאָך אַ רגע וועט עס זיך עפענען.
וואַרט דאָרט עמעצער אויף איר? מיר וויסן נישט. מיר זעען נישט.
מיר גייען געלאָסן פאָרויס. ס'איז אין מיטן פאַרשלאָפענעם דאָרף און
אויך דאָס מאַשין־געוווער האָט איינגעדרימלט... ס'אַראַ שטילקייט!
מ'האָט אַזש מורא צו אָטעמען. בלויז דער ברוגזער קרעכץ פונעם
דאָרפישן טירל האָט אויפגעריסן. אַהאַ, דאָס האָט לייקע אויפגעשלאָסן
דעם גליקלעכן טויער. גאָט, היט זי! שיץ זי! נאָר פאַרוואָס האָט זי
אַזוי האַסטיק געריסן די טיר? פאַרוואָס האָט יענע אַזוי ברוגז אויפ־
געליאַרעמט? פון אַלע זייטן האָבן ראַפּטום זיך צערעוועט די קוילן.
זיי האָבן שנעל־שנעל אַריינגעפויקט אין דער שטילקייט און אַדורכגע־
אַקערט דאָס לעצטע ברעקל רו וואָס גאָט האָט אויסבאַהאַלטן אויפן
דאָרף. לייקע האָט זיך אַ קער געטאָן אויף אַ זייט און זיך אויסגעצויגן,
מיטן פנים אַראָפּ און מיט די האָר געבעזעמט די טיר... מיר האָבן
בלויז געהערט דעם לעצטן אויפשריי, ווי זי וואָלט נאָך עמעצן צו־וויסן
געטאָן די לעצטע ידיעה. די רייען זיינען שטיין געבליבן. עטלעכע
וואַכלייט האָבן דווקא געוואָלט וויסן, וואָס די יידישקע האָט געזוכט

גראַד אין דער הייזקע. האָט זי ווער גערופן? געווינקען צו איר דורך אַ שויבן־שפּעלטל? פון דער ריי האָט זיך אויסגעבויגן אַ הויכער מאַן. ער האָט זיך מטורף געריסן צום אָרט וואו לייקע איז געלעגן מיט אויס־געשפּרייטע הענט. אַ וואַכמאַן איז צוגעגאַנגען נענטער און אים אַריינ־געשטויסן אין דער ריי. אַ צווייטער האָט אים געלערנט: אים שיס נישט, ווייל ער וויל עס. דאָס איז איר מאַן. זאָל ער האָבן צייט צו רייסן פון זיך שטיקער.

אין דער כאַטע האָט מען גאָרנישט געפונען. זעט אויס, אַז דאָס האָט זי געצויגן דער טויאיק־נאַסער פּלויט. אַ גאַווערדיק געשריי האָט ווייטער געטריבן: מאַרשירן! לויף־שריט! משה איז צוריק איינגע־שלונגען געוואָרן אין דער ריי. ביי דער הייזקע איז נאָר געבליבן לייקע, מיט אַ האַלב־לעבעדיקן, צאַפּלדיקן בויך. אַ זכר, אַז דאָ האָט נאָרוואָס אַדורכמאַרשירט דער טייוול אַליין.

.27

די טויטע האָט מען געלאָזט אויף די וועגן און די לעבעדיקע האָט מען שפּעט פאַרנאַכט אַריינגעטריבן אין שאָפּעניקער געטאָ. ביים טויער האָבן זיך די דייטשן צעשפּרייט און געלאָזט די מענטשן גיין וואו זיי ווילן. פריי? קיין גוטער סימן האָט עס נישט געקענט זיין. אַ גאַנצע נאַכט האָבן פויערישע פורלעך געבערענגט די טויטע פון וועג. אין טעג שפּעטער האָט מען כסדר געבערענגט נייע מחנות מיט יידן. טויזנטער זיינען געלעגן אין די ווינטערדיקע נאַסן אויף די מאָגערע פעקלעך. עס זיינען פול געוואָרן אַלע חורבות און אַלע קעלערן. אפילו דער בית עולם. עס האָט אויסגעזען, אַז די טויטע רבנים ווילן נאָך איינמאָל מקיים זיין די מצווה פון הכנסת אורחים און נעמען אַריין די לעבעדיקע מתים צו זיך אין „אוהל" אַריין. עס האָט געהייסן, אַז דאָ וועט מען די יידן לאָזן לעבן. אפילו אַן אַרמיי פון הונדערטער יידישע פּאָליציי איז אויסגע־שטעלט געוואָרן. מסתמא וועלן זיי האָבן איבער וועמען צו וואַכן. אַזוי האָט זיך געוואָלט גלויבן. האָט עס צוריקגערופן מענטשן פון די וועלדער.

עטלעכע לאַגערניקעס האָבן זיך אפילו אויסגעגראָבן אַ בונקער אין דעם וואַלדיקן בערגל, נעבן בית עולם. מען טאָר נישט טרויען דער שטאָט. איך האָב נישט געהאַט וואו צו גיין און זיך אָנגעשלאָסן אין זיי. עטלעכע פון אונז זיינען געגאַנגען אין שטעטל אַריין זוכן עסן און די אַנדערע זיינען געלעגן מיט אייזנס אין די הענט און געוואַרט. איז אויך מיין ריי געקומען. איך האָב זיך געדאַרפט אַראָפּלאָזן פאַרטאָג צו דער הינטערשטאָטישער בלויקייט און אויסגעפינען אַביסל קאַרטאָפל ביי אַ פויער. אָבער אַ פּאָליצייאישע האַנט האָט עס נישט דערלאָזט. פון אַלע

זייטן האָבן זיך געשטרעקט מונדירטע הענט און אפילו קיין גערויש נישט געדאַרפט אָנמאַכן. איבערן גאַנצן מאַרק זיינען געלעגן מידע משפחות און בלויז געוואַרט דערויף. דאָס כאַפּן יידן האָט אויפגעהערט צו זיין אַ טרחה. זאָל דאָס שוין זיין דער סוף? אַכט טויזנט יידן זיינען שוין געלעגן אויפן פּלאַץ. עס איז אַוועק דער טאָג און דער פאַרנאַכט איז צוגעפאַלן. אָבער מען האָט נאָך אַלץ געטריבן. ווען מען האָט גע־עפנט די באַן־וואַגאָנעס האָבן זיך שוין אַ סך געריסן אַריינצוגיין וואָס שנעלער. אַבי נישט צעבלוטיקט צו ווערן פון געשלעג. נאָר איך האָב צייט געהאַט, זיך שוין איינגעקלאַמערט אין הענטל פון דער טיר און דאָך זיך געלאָזט אָפּשליידערן פון אַנדערע. אפשר נאָך אַ האַלבע שעה?

אויף יענער זייט פּונעם שמוציקן קאַנאַל זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן די רייען מיט „זיכערע" פּאַפּירן. אַלע וואַגאָנעס זיינען שוין געפּראָפּט און די דייטשן קענען נאָך אפשר אָפּלאָזן אויף אַ שטיקל צייט. ווערן זיי אַריבערגעפירט דאָס שמאָלע בריקל. מען וועט נאָך זען. קיינער פון יענע וויל נישט זען די וואַגאָנעס, נישט דערקענען קיינעם פון דאָרט. מען שעמט זיך און — וואָס האָבן דען לעבעדיקע אַ שייכות מיט טויטע? אַ בלויזער בליק אַהין קען צוציען דעם מלאך המות מיט טויזנט ביקסן. דאָס נאַרישע בריקל צוימט אָפּ איין וועלט פון דער צווייטער. איך וויל זיי אפילו נישט זען און מקנא זיין. אָבער צוויי גע־שטאַלטן, נישט ווייט פון בריקל רייצן מיך. זיי קלאַמערן זיך איינער אינעם צווייטן און דערנאָך נעמט איינער טענהן מיט עקשנות צו די וואַכלייט. ער ציט אַרויס פון טאַש עטלעכע פּאַפּירן און פאָכעט מיט זיי, אַזויווי ער וואָלט גאָרנישט געשטאַנען פאַר די דייטשן. דער צווייטער דרייט אויס פאַרכטיק דעם קאָפּ און איך דערקען אים: משה רויזנער. איך וויל אַ געשריי טאָן און וואונדער זיך: וואָס האָב איך אים צו זאָגן? איין סעקונדע בלויז באַגעגענען זיך די בליקן. ער זעט מיך אַזוי נאָענט פון וואַגאָן און איך — ווי ער האַלט זיינע פּאַפּירן אין האַנט. מיט דער צווייטער האַנט שטייפט ער זיך צו יענעם, זאַלצן. ער קוקט מיך אָן און מיר דוכט זיך, אַז ער וועט עפּעס טאָן פאַר מיר. באַלד אָבער קומט דער צייכן און ער שפּרייזט אַריבער דאָס בריקל. די פּאַפּירן זיינע פּלאַ־טערן, אפילו ווען ער איז שוין אויף יענער זייט. איך טראַכט בלויז טעמפּ: ער איז אַריבער! מער זע איך גאָרנישט. די רייען, וואָס וועלן אפשר צוריקגיין אין שטאָט, פאַרדעקן אים פאַר מיין אויג. איך טראַכט נאָר דערפון, וואָס מיינע חברים אין בונקער וואַרטן אויף די קאַרטאָפל. איך מוז שמייכלען. דאָס שמאָלע טייכל ביי דער זייט פון די פאַרמשפּטע רייען לאַכט בלויז פון מיר: אפשר וועסטו פאָרט פּרוואָוון מזל? שוטה איינער! וואָס קען דאָ זיין?

.28

ווען איך האָב זיך אַריינגעשאַרט פאַרטאָג אין בונקער, האָב איך אַליין נישט געוואָלט גלויבן: בין איך טאַקע נישט דערשאָסן? אַזויפיל קוילן זיינען מיר נאָכגעפלויגן און דאָ רינט אפילו נישט קיין בלוט. נאָר דער טאָג איז געקומען תמעוואַטע און קען קיין ענטפער נישט געבן. איבער אונזערע קעפּ האָבן זיך ווידער געטראָגן מענטשלעכע טריט און מ׳האָט געהערט יידישע ריידערייען. דאָס ברענגט מען טויטע. אַ פּאָר טויזנט יידן האָבן נישט געקענט אַריין אין די וואַגאָנעס אָדער באַהאַלטן זיך. איצט איז ווידער שטיל. קומען זיי אויפן בית עולם. איי־נער וויל עמעצן דערקענען און אַ צווייטער וויל זען, וויאַזוי עס זעט אויס נאָך אַלעמען. עט, ס׳איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך... דערנאָך איז די גאַנצע ערד צעגראָבן געוואָרן און פון אַלע קאָכעדיקע לעבנס זיינען געבליבן עטלעכע ברוינלעכע הויקערס אויף איר ווייכן קאָרק. ס׳איז ווידער פחדימדיק־טרויעריק געוואָרן. עטלעכע טעג האָט מען צונישט געמאַכט דאָס גאַנצע לעבן און זיך אָנגעזאָפּט מיט דער לייכט־קייט פון קבר־סוף. דערנאָך איז מען ווידער אַריין אין די געפּראָפּטע געסלעך און ווידער היציק געחלומט פונעם ראַטעווען זיך.

די דייטשן האָבן אָנגעבראַכט ריזיקע קנוילן מיט דראָט. עס האָט געהייסן, אַז איצט גייט מען ערשט שטעלן אַ געטאָ. בלויז מענטשן מיט אייזערנע פּאַפּירן וועלן דאָרט קענען לעבן. זעט אויס, אַז דער גזר איז פאָרט נישט פאַר אַלעמען. אַנדערש וואָלטן זיי נישט פאַרלייגט אַזויפיל אַרבעט. דאַרף מען ווידער לויפן זוכן סטעמפּלען, באַמיען זיך. אויך יענע, וואָס האָבן קיין שום שאַנסן נישט, קומען זען: וועלן אַזעלכע דראָטן טאַקע קענען ראַטעווען? איך בין איינער פון זיי. איך וויל זען וויאַזוי מען וואַרט אויפן נס פון איינגעשלאָסן ווערן. לוינט זיך? אַ האַנט האָט מיך ראַפּטום באַרירט, אַרומגעכאַפּט. איך האָב קוים דער־זען: משה רויזנער! ער האָט זיך גאָרנישט געקענט באַרואיקן: דו? שטייסט נאָך אַלץ דאָ צווישן די לעבעדיקע? מיר זיינען פאַרקראָכן אין אַ זייט. ער האָט נערוועז געזוכט אין די טאַשן, אַרויסגעצויגן אַ פּעקל פּאַפּירן און מיר געוויזן: דו זעסט? אַלע סטעמפּלען וואָס זיינען נאָר מעגלעך צו באַקומען. דאָס האָט זאַלץ באַוויזן. אויך דאָ האָט ער שוין אַ דעה. איצט זע נאָך אַ זאַך: סם! דאָס נייע געטאָ וועט סיווּי נישט אָנהאַלטן. די דייטשן פאַרשפּילן אונז ווידער מיט קונצן און איך האָב מער קיין כח נישט. זעסטו, ווען לייקע וואָלט געלעבט — אפשר... נאָר אַצינד וועל איך אין נייעם געטאָ נישט אַריינגיין. דאָס וועט מיך איינשלעפערן. איך קען אפילו דערביי בלייבן ליגן אין בעטל...

איך האָב אים גאָרנישט געענטפערט און ער האָט זיך דערפאַר אַליין צוגעגעבן מוט: נאָך היינט ביינאַכט טו איך עס. מאָרגן קען שוין

שפּעט זיין! מיר האָט זיך אפילו אויסגעוויזן, אַז ער שמייכלט צו דער האַנט וואָס האַלט דעם סם און איך האָב אים אָן כוונות דערווידערט: וואָס עפּעס היינט? דערצו איז אַלעמאָל צייט... נאָר דער ערשטער קוק אויף אים האָט מיר געזאָגט, אַז איך האָב זיך נאַר־וואָס נאַריש גע־מאַכט. ער האָט מיר אָבער געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס. אויף זיינע בלייכע ליפּן האָט זיך אַראָפּגעזעצט אַ שוים: דו זעסטו — ווערסט בלייבן לעבן. פון וואַנעט איך ווייס? סתם אַזוי. איך ווייס. דו האָסט נישט קיין זאַלצן פאַר אַ צד, האָסט נישט קיין פּאַפּירן — ביזטו הפקר. דערפאַר וועט דיך גאָרנישט צוהאַלטן צום טויט. אָט ביזטו שוין געווען ביים וואַגאָן... נו? און איצט ווערסטו זיך ווידער ראַטעווען... ווערסט זען!

אַ שרעק האָט מיך אַרומגעכאַפּט. עפּעס האָט ער גערעדט אַזוי פאַרטראָגן, גלייך ווי ער קומט שוין איצט פון אַזאַ וויסערישער וועלט... און עס איז ערשט 1942. דער טויט וואַרט געדולדיק און זיכער ביי יעדער יידס שוועל און איך האָב אים גאָרנישט וואָס צו וויזן. אָבער משה האָט נישט געלאָזט ריידן, געבייזערט זיך: איך וויל דיך בעסער עפּעס בעטן! איך האָב אַ ברודער אין יענער זייט אייראָפּע. טאַקע דער, וואָס האָט מיר אַמאָל געשיקט ציינטונגען. ער איז דאָרט אַ ציוניסטישער טוער און פּראָפעסאָר. נעם דיר אין געדאַנק אַריין זיין נאָמען. אָט אַזוי. ווען דו ווערסט שפּעטער זיין אין יענע מקומות — זוך אים אויס. זאָג אים, אַז די מאַמע איז נאָך מיט אַ יאָר צוריק אַוועקגעשיקט געוואָרן... און נאָך עפּעס זאָלסטו אים זאָגן: אַלע משפּחה־זאַכן מיט די דאָקומענטן זיינען איינגעמויערט אין דער לינקער וואַנט פון אונזער דירה. זאָל ער קומען זיי אַרויסנעמען. און פון מיר זאָלסטו אויך אָפּגעבן אַ גרוס. דערצייל אים אַלצדינג, ביז איצט... ווערסט געדענקען?

וואָס אַ מענטש פאַלט איין משוגעתן! דער קריג איז אַוועק איבער די ווייטע רוסישע פעלדער. די דייטשן גרייטן זיך נאָך אויף נצחונות עטלעכע יאָר און מיין פּסק דין וואַרט אויף מיר. עס זעט אויס, אַזויווי מיר וואָלטן געשמועסט אין אַ טויטן קאַסטן וועגן רייזעס צו די פּלאַ־נעטן. האָב איך צוגעזאָגט. משה האָט מיך נאָך באַגלייט אַ שטיק וועגס און נישט אויפגעהערט אָנצוזאָגן דאָס זעלבע. איך האָב געוואָלט אַביסל פאַרגעסן אינעם סוף און זיך געבערוגזט אויף אים: וואָס איז דאָ צו וויי־נען? מיר וועלן זיך נאָך זען מאָרגן און ווייטער שמועסן. ער האָט נישט אָפּגעענטפערט, נאָר בלויז געדריקט די האַנט. דערנאָך האָט ער זיך האַסטיק אומגעקערט, צוגעפאַלן צו מיין פּנים און אַריינגעהעשעט: זאָלסט אים אויפזוכן און זאָגן! געדענק...

מאָרגן האָבן מיר זיך שוין נישט געזען. ביינאַכט זיינען אַלע געסל־קעס באַזעצט געוואָרן פון דייטשן און אוקראַינער. בלויז אונזער בונקער האָט זיך באַצייטנס אַדורכגעריסן צום שיטערן וועלדל און מיט אַ פּאַר־

שטאַרבן האַרץ זיך איינגעהערט צו די שיסערייען. דערנאָך זיינען געקומען לאַנגע אוןווילדע יאָרן, אין וועלכע משהס נאָמען איז ביי מיר פאַרגעסן געוואָרן. איז ער געכאַפּט געוואָרן? האָט ער נאָך באַוויזן זיך אַליין איינצושלעפּערן? דאָס האָב איך ערשט מיט יאָרן שפּעטער געהערט: ניין. ער האָט קיין כח נישט געהאַט דערצו. צוזאַמען מיט אַלע יידן איז ער אַוועק קיין מיידאַנעק. ערשט נאָכן אויסטאָן די בגדים האָט ער זיך דערמאָנט אינעם פּעקעלע סם, וואָס ער האָט געלאָזט אין טאַש. האָט עס זיכער דאָרט געוואַרט פאַרשעמט, ביז עס וועט זיך אָפּזוכן אַ נייער בעלן מיט אַ שטאַרקער האַרץ — — —

.29

ערשטער מאַי 1945. אין בוכנוואַלד כוואַליעט זיך אַ זון אויף די ערשטע גראָזן. איך קען שוין גיין וואו איך וויל און אפילו אַרויפקוקן צום הימל אָן מורא. אָבער די פריערדיקע יאָרן ציען זיך נאָך אַלץ אין מח ווי אַ סטאַדע שוואַרצע שאָף: 1940...1943...1944. איבער זיי קרייזלען זיך אַזעלכע משוגענע טעג, וואָס איך האָב נאָך אַלץ געלעבט אין זיי. טאַקע איך? אַ ליבלעכע האַנט האָט מיך אַ צי געטאָן: נו, וואָס וועט פאָרט זיין מיטן שרייבן? איר מוזט! נאָך היינט שיק איך אַוועק מיליטער־פּאָסט... ס'איז דער אַמעריקאַנער טשעפּליין, וואָס לאָזט מיך נישט אָפּ: שרייבט עפּעס! ער, דר. ראָבערט מאַרקוס וויל מען זאָל אַלץ וויסן אין אַמעריקע. דאַרף איך פאַרגעסן דאָס ביסל פרייע לופט און זיך ווידער אַריינוואַרפן אין אַלטן קאָשמאַר אַריין.

שרייב איך אַ בריוו צו ה. לייוויק. די זכרונות טרייסלען זיך, ווילן זיך נישט אונטערגעבן און דאָך שפּאַרן זיי אימפּעטיק אַרויס... מיט זיי גיט זיך פּלוצים אַ ריס דער פאַרגעסענער נאָמען: אוי, רויזנער! וואָס האָט ער טאַקע געזאָגט? אַ האַנט פון דער פאַרהוילנקייט האָט זיך פּלוצים אַ שטרעק געטאָן צו מיר. טאַקע אַזוי, וויאַזוי האָט ער דאָן געקענט וויסן, אַז איך וועל איצט זיצן ביי אַן אָפענעם פענסטער און שרייבן... אַ בריוו קיין אַמעריקע? דער אימפּעטיקער דר. מאַרקוס האָט מיר געריסן די בלעטלעך פון די הענט און איך האָב מער קיין צייט נישט צו טראַכטן. אין דרויסן טוליען זיך פריש־באַקאַנטע פאָרלעך צו די בוכנוואַלדער בוימער. מיין בריוו וועט זיך באַלד טראָגן איבערן ים. וואָס אַרט מיך, אַז איך האָב דאָרט פאַרוועבט משה'ס נאָמען? לאָמיך בעסער נאָך איינמאָל יינג ווערן, נאָך איינמאָל פאַרזוכן דעם טעם פון קוליען זיך אויפן יינגן גראָז. וויפל איז דער שיעור צו געדענקען? און דער נאָמען איז אַזוי ווייט, אַזוי פאַרטראָגן: משה רויזנער... אַן אויסגעלאָשענער, אַ צעאַשטער. וויפל נעמען קען איך עס טראָגן מיט זיך?

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך סיווי אַנטלאָפן פון מיינע זכרונות קיין פּאַריז.

.30

אַ הייסער אָקטאָבער־טאָג, אין דער פראַנצויזישער פּאָרט־שטאָט מאַרסיי. איך בין שוין אַ ציטונגס־מענטש און האָב נאָר־וואָס באַגלייט דעם ערשטן טראַנספּאָרט עולים פון פּאַריז. מיין באַריכט האָב איך שוין פאַרטיק און קען שוין צוריקפאָרן. אָבער דאָ וואַרטן טויזנטער עולים און דאָס האַרץ ציט צו זיי. די שיף דאַרף ערשט קומען. דערווייל באַ־קענען זיך פּאָרלעך, קוקן זיך פריילעך אין די אויגן, לייגן צונויף די רענצלעך צוזאַמען און בליקן אַריבער מיט פרישקייט אין די וויטקייטן. וואַרט איך אויך. איך זויג די לוסטיקייט פון זייערע פּנימער און גיי זיי נאָך אין די פראַנצויזישע וויין־שענקלעך. זיי טרינקען ביר און זינגען העברעאישע לידער. די רונדע, אויסגעברוינטע אַקסלען אַנטבלויזן זיך פאַר דער זון און זאָגן אָן, אַז זיי קענען נאָך אויסטראָגן אַ מאַרגן אָן אַ קרעכץ. איז גוט מיט זיי, איז אַ מחיה. יעדן טאָג ברענגען די באַנען נייע מענטשן. זיי שפּרייזן אַריין אין דער מחנה מיט מידע אויגן און פאַלן באַלד אַריין אין דער ברויזיקער פריילעכקייט: הוראַ און הוראַ!

פאַרטאָג דרימלט מען אין דרויסן. די נעכט פון מאַרסיי זיינען געגוג וואַרעם פאַר היטלערס געפּאַנגענע פון נעכטן. די פריע זון וועקט אויף, ציט צום וואַסער. דאָרט באַוויזן די גלידער, אַז זיי לעבן נאָך... אַז זיי קענען בייקומען אַ גאַנצן ים. לויף איך מיט... צעפּלויש איך מיט די הענט און שריי מיט שכורע קולות גלייך ווי אַלע. נאָר די שריי־בערין פון ארץ ישראל שטעלט מיך אָפּ. זי מוז מיך עפּעס פרעגן: זי האָט געזען מיין זאַך אין „דבר״. איך דערמאָן דאָרט אַ נאָמען. ווער איז דאָס דער משה רויזנער? איך האָב זיך פאַרשעמט: האַ? מיינס אַ זאַך? אין „דבר״? אוי, אפשר איז עס דער בריוו, וואָס איך האָב דאָן געשיקט?

די חברטע ברכה שמייכלט פאַרלעגן: דאָ איז פאַראַן אירס אַ פריינט... דר. רויזנער. ער שטאַמט פון פּוילן... געהאַט אַ ברודער, אַ מוטער... אפשר ווייס איך? אפשר קען איך אים עפּעס זאָגן? אָט שטייט ער דאָרט... אַ שוויס איז מיך באַפאַלן. מער האָב איך נישט געקענט הערן. אַ ווילדער אָנלויף פון בלוט האָט מיר געמישט די בלע־טער פון מח: רויזנער? אָט שטייט ער דאָך ביי די ברעגעס פון מאַר־סיי! די זעלבע ליפּן... דאָס פּולע פּנים... דער נערוועזער צוק ביים סאַמע מויל! אָט טוט ער אפילו אָן די ברילן. אָבער ניין, דער איז שוין גרוי. וויאַזוי קומט ער אַהער? די שרייבערין ברכה איז אָבער נישט מחויב צו וויסן פון מיין איבערראַשונג. איז ביי איר אַזוי פּשוט: „איך וועל אים אַוועקרופן אין אַ זייט״. וואָס ציטער איך אַזוי? איך האָב אַ

גרוס פון איין רויזנער צום צווייטן. מוז איך אים אָפּגעבן. וואָס איז? אַמאָל פאַרשפּעטיקט מען זיך. איך האָב אים באַקומען אין 1942 און איצט איז שוין 1945 ... דריי יאָר סך הכל!

דר. רויזנער איז אפילו אַ פאַרנומענער מענטש. ער איז דאָ נישט געקומען זען דעם ים. נאָר אַז מען רופט אים, שטעלט ער אָן זיין העפ־לעך שמייכעלע. צי ער שטאַמט פון פּוילן? אויב משה איז געווען זיין ברודער? פון אַ קויאַוויש שטעטל? ווי בלייך ער איז עס געוואָרן! אוי ווײ, משהס צוק ביים עק פון די ליפּן פרעגט מיך גאָר, פון וואַנעט איך ווייס. אַ שאלה! עטלעכע נייגעריקע האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן. איך האָב אָנגערירט אַ וואונד און איצט מוז איך זי שוין לייכט פאַרגלעטן: איך האָב אַ גרוס צו אייך ... נאָך אין 1942 האָט ער מיך געבעטן אייך צו זאָגן ... רויזנער איז צעטומלט געוואָרן, בייז: וואָס הייסט? אַ מענטש נעמט אַ גרוס און האַלט אים אויף אַזוי לאַנג? וואו איז ער? פאַרוואָס האָב איך גאָרנישט געלאָזט וויסן, בעת ער האָט די גאַנצע צייט אַרומגעזוכט, געפּאָרשט, געוואָלט אויפכאַפּן אַ וואָרט, אַ צייכן ...

אָבער איצט האָב איך נאָר געזען משהן. אַלץ וואָס איך האָב דאַן געהערט איז ווידער אויפגעגאַנגען ווי לעבעדיק. אָט רעדט ער נאָך איצט צו מיר ביי די שאָפּעניקער דראָטן: אַז דו וועסט אים זען ... זאָלסטו אים אַלץ דערציילן! און ביי וואָס הויבט מען אָן? יאָ, מען דאַרף זיך דערמאָנען. איצט שטייט ער דאָ איבער מיר. ער איז שוין שטום, אָבער זיינע פריערדיקע ווערטער האָט ער אין מיר אַריינגעלייגט ווי אַ פּקדון אויף שפּעטער. קען איך זיך נישט אָוועקשטעלן און דערציילן אַ מעשה. זיינע ווערטער מוז איך אויסגעפינען אין מח. דאָס מוז ער אַליין דאָ איצט דערציילן, אַרויסרעדן און באַקלאָגן זיך דורך מיין מויל. אַרום אונז האָבן זיך שוין אָנגעקליבן מענטשן. זיי זיינען געשטאַנען פאַרכאַפּט. אָבער איך מוז האָבן צייט. איך מוז קלויבן די ווערטער, זיי אַרויסציען פון תהום אַרויס און באַהעפטן איין וואָרט זיינס מיטן צווייטן. איך מוז פאַרמאַכן די אויגן, זען אים און קוקן אויף זיינע ליפּן. איך בין נאָר דער שומר פון זיין וואָרט. האָב איך אַלץ אָפּגעגעבן אָדער נאָך עפּעס פאַרגעסן? איך קען נאָר נאָכזאָגן מיט פאַרמאַכטע אויגן וואָס איך הער איצט פון אים אויפסניי: די מאַמע איז נאָך אָוועקגעשיקט געוואָרן פריער ... די זאַכן, די בילדער, די משפּחה־פּאַפּירן זיינען איינגעמויערט אין דער לינקער וואַנט ... וואָס נאָך, משה?

ווי לייכט דאָס איז מיר אָנגעקומען! אָט האָב איך שוין באַלד אַרויסגעשלעפּט פון זיך אַלע זיינע ווערטער. מיר דוכט זיך נאָר, אַז ער צעשמייכלט זיך און האָט הנאה וואָס איך לאָז גאָרנישט פאַרפאַלן. שאַ, וואָס נאָך? אַהאַ. ער מוז מיר נאָך איין זאַץ צואוואַרפן מיט טויטן

טריומף: נו, זעסט? וואָס האָב איך געזאָגט? האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אַ רגע און אויך די פּאָר ווערטער זיך אַליין דערזאָגט פֿאַר זייַנעטוועגן.

***

איבער אונזער קאָפּ האָט זיך צעבערענט די זון. פֿון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן הייטערע קולות. אָבער דאָס קליינע גרופּקעלע אַרום מיר האָט זיך נאָך אַלץ נישט געוואָלט רירן פֿון אָרט. עמעצער האָט נאָר אַ ברום געטאָן: נו, שוין איינמאָל אַ גרוס! מיר זייַנען נאָך געשטאַנען אַ פּאָר מינוט, ווי ביים עפֿענען אַ צוואה פֿון איינעם וואָס איז נאָר־וואָס געשטאָרבן פֿאַר אונזערע אויגן. איך האָב זיך דערפֿילט אַזוי לייכט, ווי כ׳וואָלט פֿון זיך אָקאָרשט אַראָפּגעוואָרפֿן אַ שווערע משא. איך האָב אפֿילו נישט געקענט פֿאַרשטיין וואָס די מענטשן טומלען זיך: כ׳האָב געהאַט אַ גרוס פֿון אַ מענטש... בין איך געקומען און אים אָפּגעגעבן! נאָר יעדעס מאָל ווען די מעשה קומט מיר ווידער אויפֿן רעיון, ווילט זיך מיר אַרומלויפֿן, אויסזוכן איינעם וואָס קען נאָך איבעררעאַשט ווערן און אים אַרייַנקוקן אין די אויגן:

— נו, וואָס זאָגסטו? אַ מענטש שיקט מיט מיר אַ גרוס... און איך האָב אים אָפּגעגעבן!

פּאַריז, 1946

# ר׳ בערטשע איז נישט מורד

1

ווי נאָר די אַכטע אַמעריקאַנער אַרמיי האָט פאַרנומען דעם דייטשן לאַגער, האָט זיך ר׳ בערטשע ווידער דערפילט אויף אייגענער אחריות. דאָס איז אים נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. שוין לאַנגע יאָרן איז יעדער טראָט זיינער געווען אַ געפאַנגענער. ער האָט נישט געהאַט קיין שום דעה איבער זיין גיין, זיין עסן און זיין שלאָפן. אַלערליי פאַרשוינען האָבן אַפילו באַשטימט וויאַזוי זיין פּנים זאָל אויסזען. די ערשטע צייטן האָט עס אים נישט געלאָזט רוען. אָבער דערנאָך איז אים גוט געוואָרן דערפון. דאָס שטיין כסדר אונטער אַנדערעס באַפעל האָט אים געגעבן די טרייסט פון הפקר זיין, פון לעבן דורך אַן אַנדער ווילן און במילא זיין פּטור פון אָפּגעבן חשבון זיך אַליין.

נאָך די ערשטע הוראַ־געשרייען אַרום אים האָט ער פּלוצים דערפילט אַזוי ווי עמעצער וואָלט פון אים אַראָפּגענומען אַ שווערע אָבער שיצנדיקע האַנט. דאָס ערשטע מאָל נאָך לאַנגע יאָרן האָט ער זיך צוגעגנב׳ט צו אַ שפּיגל, באַטראַכט דעם נאַקעטן קאָפּ און דאָס אָפּגעגאָלטע פּנים: איז עס טאַקע זיינס? ער האָט דערביי באין אופן נישט געקענט פאַרשטיין, וואָס פאַראַ שייכות ער האָט צום אַמאָליקן חסידישן רבין פון זשילקעוו.

יענער איז דרייסיק יאָר געזעסן צווישן אַן עולם פרומע יידן מיט אַ שטריימל אויפן קאָפּ, געזאָגט תורה און געטיילט ברכות מיט שיריים. פרייטיק צו נאַכטס האָבן ביי אים מיטגעזונגען די טישן, די ווענט. אַפילו די פּאָר בוימער אין געסל האָבן צו אים געשטרעקט די ווילד־צעשויבערטע קעפּ, אַז ער זאָל זיי בענטשן. נאָר זינט דאַמאָלסט זיינען שוין אַוועק יאָרן. דאָס שטעטל מיט יידן איז שוין לאַנג אַוועק מיטן רויך. תיכף דעם דריטן טאָג נאָך די דייטשנס אַריינמאַרש, האָט אים אַ זעלנער מיט אַ ביקס אָפּגעשוירן די באָרד. דאָס גוט־יידישע פּנים איז געבליבן נאַקעט און אַנטבלויזט. פון יענעם טאָג אָן האָט ר׳ בערטשע מורא געהאַט זיך אַליין אָנצוקוקן. איינמאָל בלויז האָט ער נאָך געפּרוואווט לויפן אין מקווה אַריין, אָפּוואַשן פון זיך דעם דייטשס באַריר. אָבער דאָס טונקל־בלוילעכע וואַסער האָט אים צוריקגעשליידערט עפּעס אַ צורה פון אַ מענטש אָן באָרד און פּיאות. עס האָט זיך אים דערביי אויסגעוויזן, אַז עמעץ שרייט צו אים מיט אַ מורא׳דיק קול: פאַרפאַלן!

נישטאָ מער... ר׳ בערטשען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס טובל׳ט ער בלויז אַ פּרעמדן גוף און ער אַליין קען שוין דערפון נישט ריין ווערן. מער איז ער אַפילו אין מקווה נישט געגאַנגען.

דערנאָך איז ער לאַנגע וואָכן אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּאַטשיילע איבער די באַקן, בכדי קיינער זאָל דאָס נאַקעטע געשטאַלט נישט אָנזען. ער איז מיט דער פּאַטשיילע אויך געשלאָפן, בכדי אַפילו דאָס קישן מיט די פינסטערע ווענט זאָלן נישט באַמערקן דאָס צעשטערטע פּנים. די באָרד, האָט ר׳ בערטשע אַלעמאָל גע׳דרשנ׳ט פאַר זיינע חסידים, איז די צירונג פון יידישן פּרצוף. פּונקט ווי אַ מענטש, וואָס איז זיך מכבד, דאַרף האָבן אַ סורדוט צו זיין גוף — אַזוי דאַרף אַ ייד האָבן אַ לבוש צו זיין פּנים. ס׳איז די קרוין וואָס גאָט אַליין לאָזט ביי אים וואַקסן און זאָגט דורך איר אָן דעם מענטש: אָט איצט ביסטו פאַרטיק!

נאָר וויבאַלד אויף אַלע יידן איז געקומען אַזאַ מין חשכות — דאַרף מען נישט קיין קרוינען. ר׳ בערטשע האָט עס געדרונגען דער־פון, וואָס די דייטשן האָבן זיין באָרד נישט פאַרגעסן. יעדער וואָך איז געקומען צו אים אַ זעלנער און נאָכגעקוקט, אויב דער „גראָס־ראַבינער" לאָזט צוריק וואַקסן זיין באָרד. וויבאַלד יאָ, דאַרף ער אָפּשניידן די האָר צוזאַמען מיטן פלייש... האָבן זיך די חסידים גע־בעטן ביי אים רחמים, אַז ער זאָל מער נישט איינשטעלן דאָס לעבן און ער האָט נאָכגעגעבן.

נישט פאַרן ביסל לעבן האָט ער דערביי מוראָ געהאַט. ער איז נאָר געקומען צום שכל, אַז דאָס וויל מען נישט פון הימל. ווי מעג מען זיך אין אַזאַ עת־צרה אויספּוצן מיטן שענסטן וואָס אַ יידיש פּנים פאַר־מאָגט? דערביי האָט ער זיך דערמאָנט: אַ סך מאָל האָט ער נחת׳דיק געגלעט די זיידענע האָר, זיי געלאָזט קרייזלען און צוזאַמענגיסן מיט די בלאָנדע, געציקלטע פּיאות. נישט איינמאָל האָט ער הנאה געהאַט פון זיין הדרת־פּנים. ווען קיינער האָט נישט געזען איז ער טיילמאָל צוגעגאַנגען צום שפּיגל, וואָס אַ טאָכטער האָט אַריינגעשטעלט, געקוקט דאָרט אין די אייגענע אויגן אַריין און געצערטלט יעדע האָר אין איר גלאַטער צעוואָקסנקייט. ווען וואָס האָט ער דעמאָלט געטראַכט? נו, עס זענען בלויז געווען פרומע מחשבות. ער האָט געקוקט און דערפון אַרויסגעלערנט דעם אמת פון „בצלם אלקים ברא אותו". ער האָט אָבער דערביי שטילערהייט אויפגעציטערט: צי וואָלט ער געווען אַזוי שיין אויך אָן דער באָרד?

האָט ער נישט אַמאָל צו הויך געקלעטערט? איז עס נישט געווען אַמאָל צופיל גאווה? עס איז ביי אים מער קיין ספק נישט געווען, אַז ד אָ ס איז די שטראָף. די ווייך־זיידענע האָר זענען אַראָפּגעריסן געוואָרן, געוואַלגערט זיך אין דער בלאָטע און ער אַליין, בידיים, האָט זיי ווייטער געמוזט פליקן פון זיך.

ר׳ בערטשע האָט זיך אַפּילו גענומען וואונדערן אויף אַ טייל פון זיינע חסידים. זיי האָבן נישט אַרויסגעשטעלט קיין טריט, אַבי זייער באָרד זאָל נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון די רוצחים. דאָס האָרץ איז געוואָקסן פאַר שמחה דערויף, וואָס יידן קענען זיך נאָך אַזוי מוסר־נפש זיין. אָבער דערביי האָט ער זיך געהאַלטן אין איין פרעגן שאלות: פאַרוואָס טוען זיי עס? איז דען נישט גלייכער, אַז זיי אַליין זאָלן אַראָפּשניידן די יידישע גבורה פון די פּנימער, באַגראָבן די טייערע האָר און דערנאָך אַרומגיין ווי אבלים? קען זיין, אַז דאָס וואָלט גאָר בעסער געווען. ס׳איז דאָך נישט מעגלעך, אַז כביכול זאָל צוזען ווי גאַנץ פּוילן מיט יידן דרייען זיך אַרום אָן בערד מיט פּיאות — און ער זאָל שווייגן!

טאָקע דערפאַר האָט ער אַזוי געוויינט, ווען מ׳האָט אים דערציילט: זיין שמש, וועלוול זילבער, האָט מער נישט געקענט אויסהאַלטן. ער איז מיטאַמאָל אַרויס אין גאַס זיך מפקיר זיין, בעת אַ סך דייטשן האָבן זיך דאָרט געדרייט. דאָס האָט ער בכיוון געוואָלט, אַז זיי זאָלן אים אָפּשניידן די באָרד דורך יסורים. די אייגענע הענט האָבן זיך נישט געלייגט דערצו. ער האָט זיך פּשוט מער נישט געקענט אַריינווייזן צום רבי׳ן אויסגעצירט אין באָרד מיט פּיאות, בעת דער רבי גופא דרייט זיך בלויז אַרום מיט דער פאַרשעמטער פּאַטשיילע. ס׳איז אַ לעסטערונג, האָט ער איינמאָל געיאָמערט, אַ חוזק פון אַלעמען, אַ פאַר־קערטע וועלט!

יידן האָבן דערנאָך געשמועסט, אַז בעת די שער האָט זיך איינ־געשניטן אין וועלוולס פּנים האָט ער אַפּילו קיין פּיפּס נישט געגעבן. דאָס בלוט האָט אַ זעץ געטאָן, אָבער וועלוול האָט גאָר אַזויווי געשטראַלט פון עפּעס אַ פאַרבאָרגענעם תענוג. דערפאַר האָט ער נאָך געקראָגן אַ פּאָר איבעריקע קלעפּ, וואָס ער האָט געקענט אויסמיידן. נאָר אים האָט עס נישט געאַרט. ווי נאָר ער האָט זיך אַרויסגעקראָגן פון זייערע הענט, איז ער מיט אַ זמר׳ל אויף די פאַרבלוטיקטע ליפּן אַריינגעפאַלן צום רבי׳ן אין דירה אַריין.

2

קיין נסים זיינען מיט קיינעם נישט געשען, אויסער מיט אים אַליין. ווי יעדער נס אונטער דער האַנט פון דייטשן צורר, האָט ער זיך אויך ביי אים אָנגעהויבן מיט אַ צרה. אַ לאַנגער רוצח איז אַריינגעפאַלן צו אים אין מיטן דער נאַכט און אים גענומען צו דער באַן. אין שטעטל זיינען נאָך געווען אַביסל יידן, וועלכע האָבן זיך געקענט אויס׳טענה׳ן מיט די דייטשע מלאכי חבלה. האָבן זיי געוואָלט געבן אַ שלל מיט געלט, בכדי מען זאָל אים אַרויסלאָזן. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן.

די דייטשן האָבן דאָס געלט צוגענומען, נאָר אים האָבן זיי באותה הלילה אַוועקגעפירט צו זייער טמא׳דיקער גרענעץ.

די גאַנצע עדה איז דערנאָך אומגעברענגט געוואָרן. זיין משפחה אויך. מען האָט עס אים ערשט דערציילט, ווען ער האָט געשלעפּט שווערע קלעצער אין דייטשע וועלדער, געטראָגן שווערע אייזנס און געהונגערט. אין יענע טעג איז ער שוין געווען אַן עבד נרצע, וואָס געהער זיך גאָרנישט אָן מיט אייגענעם ווילן און אייגענער בחירה.

מעשה נסים האָבן די רשעים גופא פאַרגעסן, אַז דאָס האָבן זיי ביי זיך אַ יידישן רבי׳ן. ר׳ בערטשע האָט זיך דאָס אָפּגעטייטשט בדרך הטבע: זיי האָבן עס פאַרגעסן, ווייל ער איז עס טאַקע באמת נישט מער. אויף איין זאַך האָט ער אָבער פאָרט באַנוצט זיין אייגענע עקשנות: פאַר די פאָר יידן, מיט וועלכע ער איז געווען צוזאַמען, האָט ער זיך געהיטן ווי פאַר פייער. זיי האָבן נישט געטאָרט וויסן, ווער ער איז פריער געווען. אַ ייד און שוין! סיידוי איז ער נישט געווען מער ווי איינער פון זיי. וואָס טויג דאָס שענער זיין פאַר אַנדערע און אַרויס־רופן קטרוג? ער האָט אַפילו נישט איינמאָל פאַרפעלט אַ דאַווענען, בלויז דערפאַר ווייל אויך די אַנדערע אַרום אים האָבן נישט געדאַוונט. עלעהיי מען דאַרף זיך מפקיר זיין אויף קידוש השם. ס׳איז דען אַ חכמה צו באַווייזן גבורות מיטן בלויזן גוף?

נאָר אַז מען האָט גענומען שמועסן פון אַ נאָנטער ישועה, האָט ער זיך אויף אַ רגע דערמאָנט אין דעם אמת׳ן ר׳ בערטשע. ער האָט וועגן יענעם גענומען טראַכטן מיט זייטיק נייגער, אַזויווי עס וואָלט געווען אַן אַלט־באַקאַנטער אָבער דאָך אַ פרעמדער. דאָס ערשטע האָט זיך אים דערמאָנט יענעמס באָרד און ער האָט פּשוט גע׳חלש׳ט צו וויסן: וועט ער זי טאַקע ווידער נעמען טראָגן אויף זיך, אויב ער וועט לעבן בלייבן? וועט ער זיך ווידער אָנקליידן אינם געשטאַלט פון זשילקעווער רבי׳ן און אַרומגיין צווישן מענטשן, אַזויווי ער וואָלט קיינמאָל קיין אַנדערער נישט געווען?

דאָס איז ר׳ בערטשען אויסגעקומען ווי אוממעגלעך. יענער האָט געהאַט אַרום זיך אַ גאַנץ יידיש פאָלק, געהאַט אַ ווייב אַ צדיקת און צוויי מלכות׳דיקע טעכטער. יענער איז אויך געזעסן ביי אַ חכמה׳דיק־צעלויכטענעם טיש און געזאָגט תורה מיט אַ ריין האַרץ. וויזשע קומט ע ר דערצו? אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז יעדער ייד מוז טראַכטן דאָס זעלבע, אויב אַפילו ער איז איצט פאַרוואָרפן אין די הרי חושך. פון די דאָזיקע מחשבות האָט ר׳ בערטשע נישט געקענט אַנטלויפן, אַפילו ווען פון די הימלען האָט געדונערט און די דייטשע זעלנער זענען אַריינגעפאַלן אין דער זעלבער סכנה וואָס די געפאַנגענע.

אויפן וועג, וואוהין מען האָט געטריבן ר׳ בערטשעס גרופּע, האָט טיילמאָל אויסגעזען, אַזויווי סדום ועמורה קערט זיך איבער פונדאָסניי.

בלויז די הימלען האָבן זיך צו שפּעט דערמאָנט צו רעגענען מיט פייער און שוועבל. נאָר די אמונה האָט דערפון גאָרנישט געקענט דערוואַכן. עפּעס האָט אים געאַרט דער צו־שפּעטער חשבון מיט די דייטשן אַ סך מער ווי ווען עס וואָלט, חלילה, לגמרי קיין חשבון נישט געקומען.

ער איז אַפילו געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערט שטיק יאוש, בעת די הויכוואוקסיקע אַמעריקאַנער זעלנער האָבן גענומען שטראָמען אויף אייזערנע רייטוועגן און אַלע סקעלעטן אַרום האָבן געשפּאָלטן די לופט מיט מטורף־געוואָרענע קולות. בלויז איין מחשבה האָט געהאַלטן אין אים וואַך, דערמאָנט אים, אַז איצט ווערט ער אָפּגעריסן פון דער געטריבענער סטאַדע. ער בלייבט שטיין ווי איינער, אַ באַזונדערער. אין דעם ערשטן קרעכץ זיינעם האָט ער דערקענט דעם אַמאָליקן ר׳ בערטשע, וואָס האָט ווידער אַמאָל באַקומען לשון: געוואָלט, וואָס טוט מען איצט?

טאָקע מיט דער ראַפּטום־געפונענער אחריות האָט ער זיך גע־וואונדערט: ווי לייכט די אַנדערע יידן ווייסן עס ש ו י ן! ווי נאָר זיי האָבן פריידיק אַרויסגעשריגן פון זיך די לונגען, האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף די בלעכענע שאַכטלען פלייש, וואָס האָבן זיך געוואַל־גערט אויף אַלע זייטן. אַנדערע האָבן זיך גאָר אָוועקגעשטעלט ביי אַ קעסעלע וואַסער, גענומען שאָבן די פאַרבלאָטיקטע פּנימער, זיך שיין מאַכן פאַרן באַפרייטן הימל.

ר׳ בערטשע איז לחלוטין נישט געווען הונגעריק, כאָטש ער האָט שוין צוויי מעת־לעת נישט געהאַט קיין לעק וואַסער אין מויל. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט ווי אויסגעטאָן פון אַלע מענטשלעכע חפציות׳ן. קען זיין, אַז אַלע אַרום זענען אויך נישט געווען אַזוי הונ־געריק. עס איז בלויז געווען אַ מינוט פון הפקר ווערן, בכדי דורך דעם אָנצוטאַפּן בחוש דעם ראַפּטומדיקן חסד, וואָס האָט אויפגעשיינט אי־בער די לעצטע רעשטלעך פון דעם עם סגולה. ר׳ בערטשע גופא האָט לכתחילה זיך אויך נישט געקענט צוגלויבן, אַז דאָ קומט פאַר אַ נס פאַר זיינע אויגן, הגם מ׳האָט זיך אַזוי לאַנג אויף אים נישט געקענט דערוואַרטן. איז אויך ער געוואָרן נאָכאַמאָל איינער פון דער צעכוואַ־ליעטער סטאַדע. ערשט ווען ער האָט דערזען ביי זיך אין דער האַנט אַ שאַכטל מיט פלייש, האָט אין אים אויפגעטייעט עפּעס אַ שאלה, וואָס ער האָט שוין לאַנג נישט געקענט ווי זיינס אַן אייגענע. די דאָזיקע פלינקע מחשבה האָט אים באַלד אַרויסגעוואָרפן פון דער גאַנצער הונגעריק־צערוישטער מחנה: ט ר י פ ה ?

פליישיקע רויכלעך האָבן זיך גענומען קרייזלען איבער חרוב־צעלאָמטע באַראַקלעך. קולות פון אומגעזעטיקטע גלוסטעלנישן האָבן ר׳ בערטשען דערמאָנט אין די יידן פון דער מדבר, נאָכן אַרויסגיין פון מצרים: פ ל י י ש... ע ס ן פ ל י י ש! און ר׳ בערטשען

מיט זיך אַליין נישט פּאַרטיק. קומען שוין די פּראים און ווילן אים מאַכן פאַר אַ רבי׳ן!

ער האָט זיך שוין געוואָלט לאָזן אַוועקטראָגן פון זיין אימפּעטיקן כעס צו יענעם ייד און אים אַריינשרייען אין די דערשראָקענע אויגן דעם א מ ת; דעם גאַנצן אמת וואָס קנייפּט שטיקער אין די אינגעווייזן. צי וועלן אָבער זיינע דאָזיקע רייד יאָ אמת זיין? ווידעראַמאָל האָט זיך צו אים אומגעקערט דאָס רחמנות. דער ייד האָט געוויינט מיט אַזויפיל א מ ו נ ה, אַז בלויז אַ דייטש האַרץ קען זי צעשטערן. ס׳איז נישט פאַר ר׳ בערטשען. ער דאַרף בלויז אַוועקלויפן אין זיין באַראַק אַריין און באָרגן ביי עפּעס אַ יינג אַ גאָל־מעסער. ער וועט זיך ווידער גאָלן, אָראָפּקראַצן די פאַר האַרטלעך־גרויע וואָרצלען וואָס האָבן זיך ווידער באַוויזן אויפן קין מיט פאַרשעמט־רביישער חשיבות. אויס זשילקעווער רבי! און זאָלן זיי אים דערנאָך אַרומזוכן...

נאָר די האַנט האָט זיך פאָרט נישט געלייגט דערצו. דער אַמאָליקער רבי ליגט שוין טאַקע אונטערן הייליקן באַרג צוזאַמען מיט אַלעמען. נאָר אַ צייכן פון זיינע האָר, געוועבט מיט גרוילעכע פעדעם, האָט זיך אַרויסגעריסן צו אַ מין תחיית המתים, באַוויזן גובר צו זיין דעם טויט... ווער־זשע קען דערויף הויבן אַ האַנט? אין דער זעלבער רגע וואָס ער האָט באַרירט דאָס מעסער האָט ער זיך דערמאָנט, וויאַזוי דער דייטש האָט אַ שלעפּ געטאָן דעם זשילקעווער רבי׳ן ביי דער באָרד, זיך איינגעשניטן אין איר... און דאָס האַרץ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן:

— רוצח!

איבערן פּנים האָט גענומען אַרומפלאַטערן אַ הייסער, משוגענער פלאַם. די הענט זענען אַראָפּגעפאַלן ווי פאַר׳חלש׳ט און וועלוול שמש האָט אַ צאַפּל געטאָן אין דער לופט, געוואָרפן אים ערגעץ און דערביי אויף עפּעס געוויזן מיט טויטער הכנעה. די גאַנצע עדה פון זשילקעוו האָט גענומען שפּרייזן מיט אויפגעהויבענע הענט און נאַקעטע פּנימער. בלויז זייערע פאַרשטייפטע פינגער האָבן געהאַלטן באַזונדער די ווייסע בערד ווי אונטערטעניקע פענער אינם ווינט. ר׳ בערטשע האָט זיך דערשראָקן און זיך אַ ריס געטאָן צו דער טיר. די קילקייט האָט פאַר אים צעעפנט די גאַנצע נאַכט און ער האָט אין איר אַריינגעשפּרייזט.

פון דער ווייטנס האָבן קולות געראַשט, דערציילט זיך איינס דאָס אַנדערע וועגן אָפענע וועגן וואָס פירן צוריק אין דער וועלט אַריין און קיינער שטערט נישט. עפּעס אַ יינג קול האָט אָפּגעמשל׳ט ווייטע לענדער, אין וועלכע עס האָבן זיך נאָך אויסגעהיט אַביסל יידן. זיי בעטן דאָרט אַריין אין די היימען יעדן איינעם, וואָס קומט נאָר מיט אַ יידיש וואָרט אין מויל, אַזויווי דאָס וואָלט געווען אַן אייגענער ברודער. יידן פרייען זיך ווידער איינער מיטן צווייטן! ר׳ בערטשע האָט

מיטאַמאָל אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַזויווי ער וואָלט געזוכט צו דערגיין ווי ווייט עס איז צום הימל. ער האָט שוין דערנאָך נישט געקענט דערכאַפּן מיטן שכל דעם רעיון, וואָס האָט אין אים פּלוצים אויפגעבליצט און פאַרגאַנגען. נאָר אין יענער רגע האָט ער פּשוט דערזען, שנעל און אַנטפּלעקנדיק, וויאַזוי גאָט קוקט שוין ווידער אַראָפּ פון די הויכקייטן דורך אַלע זיינע שטערן.

4

פאַרטאָג האָט ר׳ בערטשע איינגעוויקלט אַ ברויט אין אַ שטיקל האַנטוך, צוגעשאַרט זיך צום לאַגער־טויער און זיך אַוועקגעלאָזט צו די שטאָטישע גאַסן. ער האָט זיך צוערשט נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וואוהין ער דאַרף גיין. נאָר דערנאָך האָט ער זיך, מיט זיין גאַליצישן יידיש דערפרעגט ביי עטלעכע טעמפּע פּנימער וועגן זיין ווייטערדיקן גאַנג. דער וואָקזאַל איז גראָד נישט געווען אַזוי ווייט, ווי ער האָט לכתחילה גערעכנט. נישטאָ מער קיין כח אָפּצוריכטן גלות צופוס, ווי די אַמאָליקע צדיקים. אין געדאַנק האָט זיך אים געבאָמבלט אַ מחשבה, אַז בלויז די וואָס גייען גאָט אַנטקעגן קענען גיין געלאַסן. אַפילו אַ נביא ווי יונה האָט געמוזט איילן מיט אַ שיף, ווען ער האָט געוואָלט אַנטלויפן פון גאָטס אָנגעזיכט... עפּעס אַ להכעיס׳דיקע פרייד איז אים באַפאַלן, ווען ער איז שוין אַריינגעקראָכן אין וואַגאָן און געזען בלויז גויים אַרום זיך. ער האָט זיך ווידער דערפילט אַזוי ווי הפקר, אָפּגעריסן פון זיך אַליין. וואָס גייט אים דען אָן וואוהין דער צוג פירט? דאָס אַליין איז דאָך שוין איבערגעגעבן אין אַנדערע הענט און ער דאַרף מער נישט קלערן.

אַ לאַנגע צייט האָט ער געהאַלטן צוגעמאַכט די אויגן, געוואַרט אויפן שלעף פון לאָקאָמאָטיוו און נישט געוואָלט זען, וואוהין די אייזערנע חיה נעמט זיך איילן. ערשט נאָך האַלבן טאָג האָט ער אַרומגעוויקלט די האַנט מיטן האַנטוך און געשניטן דינע פּענעצלעך ברויט פון לאַבן. די פרעמדע, דייטשע פּנימער פונם וואַגאָן האָבן אים באַטראַכט קיל און געהעסיק. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט טיף שווייגן נאָך דער מפּלה. ער האָט געגעסן און דאָך געטראַכט דערביי מיט הנאה, ווי גוט עס איז צו זיין דאָ אַנדערש ווי זיי. ער האָט אָבער לאַנג נישט געקענט טראַכטן. פון דער זייט האָט זיך צו אים צוגעשאַרט עפּעס אַ פאַרשוין מיט קלוגע אויגן און זיינע ליפּן האָבן קוים אַרויסגעשמייכלט: עמך?

ר׳ בערטשע וועט חלילה זיין יידישקייט נישט פאַרלייקענען. עס האָט זיך אים בלויז אויסגעוויזן, אַז אַלצדינג איז געווען אומזיסט. ער אַליין איז דאָ אויך ראַפּטום געשפּאָלטן געוואָרן אין צווייען: ער און יענער. מער האָט שוין דער ייד פון וואַגאָן ר׳ בערטשען נישט אָפּגעלאָזט.

ער האָט דווקא געוואָלט וויסן, פאַרוואָס אַזאַ ייד הינטערוועגנס, איבער דייטשלאַנד, וויל נישט עסן מיט קיין נאַקעטע הענט... און וואוהין פאָרט מען עס אַזוי? וויפל ר׳ בערטשע האָט זיך אויסגעלערנט שוויגן, האָט עס אים נישט געהאָלפן. עפּעס האָט ער זיך דאָ דערפילט אַזויווי אויסערן תחום פון דער וועלט, וואו מען מעג אַלצדינג וואָס מען טאָר נישט אין איר. אַז דאָ פליען פאַרביי שטעט אַזויווי פייגל און אויך די צייט איז נישט אָנהאַלטעוודיק אַזויווי אין אַ הויז. דערפאַר האָט ביי אים יענער אַרויסגעריסן איין ברעקל ענטפער נאָכן צווייטן.

טאַקע פון דעם יינגס רייד האָט זיך ר׳ בערטשע דערוואוסט, אַז מען קען נישט פאָרן וואוהין מען וויל, סתם אַזוי. די וועלט איז ווידער געקלאַמערט אין צוימען. אין אַ האַלבער שעה אַרום וועט דאָס פרייע לויפן פון צוג זיך אָפּשטעלן. מען וועט זיין ביי דער גרעניץ. דאָרט שטייען זעלנער, פאַרלאַנגען כל המינים פּאַפּירן און זיי האָבן סתם אַ טבע צו פרעגן אַלערליי שאלות. וואָס הייסט: אַ ייד לאָזט זיך אין דער וועלט אַריין, אָן גאָרנישט?

ס׳איז שוין נישט געווען וואוהין אַראָפּצוגיין, סיידן ביי דער סאַמע גרעניץ. ר׳ בערטשע האָט זיך געוואונדערט פאַר זיך אַליין: אוואַ! אַבי ער האָט געמיינט, אַז די מענטשן האָבן זיך שוין נישט פאַר וועמען צו שרעקן. עפּעס האָט ער זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז ער זאָל זיך אַוועק־לאָזן ערגעץ ווייט און עס זאָלן דאָרט אויף אים קיין וואונדער נישט וואַרטן. איז די גאַנצע ווייטקייט אויך אַזוי אָרעם ווי דער לאַגער־פּלאַץ? דעם יינגס רייד האָבן ר׳ בערטשען אויפגעוועקט. דער אמת איז דאָך טאַקיש, אַז נאָך אַמאָל האָט מען געדאַרפט פּאַספּאָרטן. זיינע חסידים, וואָס פלעגן צו אים קומען פון אויסלאַנד, האָבן געגוג אָנדער־ציילט וועגן דעם. הייסט עס דאָך, אַז וואוהין מען זאָל נישט לויפן קומט מען צו אַ וואַנט וואָס לאָזט נישט ווייטער... דער איינציקער וואָס האָט אים דערוויזן, אַז ער איז פאָרט דערלאָפן ערגעצוואו, איז געווען דער טומלדיקער בחור. יענער האָט קיין איבעריקע דאגות נישט געהאַט. אויך ער האָט גאָרנישט מיט זיך. אָבער ער האָט אַן אויסגעפּרואווטע עצה: מ׳גנב׳עט די גרעניץ...

ר׳ בערטשע האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן: גנב׳ענען? דאָס ערשטע מאָל איז אים אויסגעקומען צו פאָרן אויף אַזעלכע ווייטע וועגן איינער אַליין. האָט ער געטראַכט און פאָרט נישט באַנומען אַזאַ ווילדע זאַך: מען זיצט און מען רירט קיינעם נישט אָן. די באַן טראָגט אַלע־מען גלייך, אָבער ווי נאָר זי גיט זיך אַ רוק עטוואָס ווייטער ווי מען באַפעלט — איז מען אַ גנב. מען באַ׳גנב׳עט אַ גאַנצע מדינה. אָבער צוריקגעשמועסט: כל זמן ער פאָרט איבער די רוצחים׳ס לאַנד איז קיינעם נישט קיין נפקא מינה. נאָר אויף אַנדערעס ערד הערט אויף די גאַנצע מעשה: וואָס הייסט? ער וועט באַצאָלן אַ דייטש און פאָרן ביים

פראַנצויז? פון גרויס חולשת הלב האָט ער גאָר פאַרגעסן, אַז אויך דער יידישער פאַרשוין איז אים לגמרי פרעמד. ער איז איצט געווען דער איינציקער, פאַר וועלכן מען קען רעדן און קאָכן זיך: אוי־ווי, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן... מען טאָר טאַקע נישט פאָרן ווייטער!

דער פרעמדער בחור האָט אים געוואָלט געבן צו פאַרשטיין, אַז היינט איז אַלצדינג הפקר. ביז איצט האָט מען נישט געקענט, נאָר עס האָט זיך פלוצים געמאַכט אַ געלעגנהייט צו ראַטעווען. ווערזשע דאַרף עס קוקן אויף יושר? ר׳ בערטשע האָט אים אַפילו נישט געוואָלט הערן: ער איז נישט קיין גנב! דער יינג האָט דערביי געזען, אַז דער ייד פירט אַפילו נישט קיין סחורה מיט זיך, וואָס זאָל טויגן אויף יענער זייט. צוליב וואָסזשע איז ער געלאָפן? וואוהין?

נאָר ר׳ בערטשע האָט זיך שוין געכאַפּט, אַז ער רעדט צופיל. דערפאַר האָט ער זיך צוריק איינגעשלאָסן אין זיין שווייגן און דער יינג האָט ביי אים מער גאָרנישט געקענט אַרויסבאַקומען.

## 5

ר׳ בערטשע האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט אַראָפּצוגיין ביי דער גרעניץ. איין גאָט האָט געוואוסט, אַז ער האָט נישט געקענט צוריקפאָרן. ער האָט אַפילו נישט געהאַט דאָס געלט דערצו. דער איינציקער ייד אין דער באַן האָט גאָר געצויגן קיין בעלגיע. דאָרט האָט ער קרובים און ס׳הויבט זיך אָן אַ וועלט אָן דייטשן. טאַקע ער האָט פאַר ר׳ בערטשען געפונען אַ פשוטע עצה: ער האָפט נאָך מאָרגן צו זיין אין אַנטווערפּן. טייערע יידן דאָרט! מעג ר׳ בערטשע צוואַוואַרטן אין קליינעם וואָק־זאַלעכל און ער איז אים מבטיח: באַלד וועלן קומען פון דאָרט יידן און אים באַזאָרגן. וואָס דען, ער וועט צוריקפאָרן אין טייערן גן־עדן?

זיין עצה האָט זיך געלייגט אויפן שכל. נאָך מער שכל׳דיק זענען געווען זיינע רייד, אַז ר׳ בערטשע טאָר דאָ נישט בלייבן אָן אַ פּרוטה. מער ווי די דייטשן האָט ער דאָ קיינעם נישט! דער יינג האָט זיך גע־שוואוירן, אַז ער מיינט אים, חלילה, נישט צו געבן קיין נדבה. ער באָרגט אים בלויז — און ער האָט שוין אַזאַ טבע אויפצומאָנען זיינע חובות. האָט ר׳ בערטשע צוגענומען וואָס יענער האָט אים דערלאַנגט און דער יינג האָט זיך דערנאָך גאָר גענומען שושקען מיט עטלעכע ערלים. ערשט ביי דער סטאַנציע, וואו ר׳ בערטשע האָט געדאַרפט אַראָפּגיין, איז ער ווידער צוגעקומען: פונדעסטוועגן דאַרף איך וויסן, וואָס צו זאָגן די יידן. אפשר וואַרט דאָרט אייערס אַ ברודער אָדער אַ קרוב? איר קענט דען וויסן? ר׳ בערטשע האָט זיך געוואַקלט אַ רגע, פאַרשעמט געוואָרן: מילא, אויב איר מוזט — זאָלט איר זאָגן, אַז בער־טשע פון זשילקעוו זיצט דאָ און וואַרט...

ערשט ווען דער צוג איז פייפנדיק אַנטלאָפן איז ר׳ בערטשען באַפאַלן אַן אימה. ער איז געבליבן אַליין אויפן קליינעם וואָקזאַלעכל. אַרום אים האָבן זיך געדרייט בלויז ערלים, געקוקט אויף אים מיט קאַלטן חשד און ווייטער געגאַנגען. דייטשע גויעס האָבן אָנגעזויגן פלאַקסענע ממזרים און אַזויווי בכיוון אַרויסגעשלעפּט פּאַר אַלעמענס אויגן גאַנצע שטיקער לייב צוזאַמען מיט דער ברוסט. עטלעכע אַמערי־קאַנער זעלנער אין אַ ווינקל האָבן דערפון שטאַרק געלאַכט און ר׳ בערטשע האָט נישט געקענט תופס זיין: וואָס טוט זיי אַזוינס הנאה? זענען דאָס נישט זייערע שונאים?

איינער פון זיי האָט פּלוצים דערזען ר׳ בערטשען און צוגעקומען. ער האָט עפּעס מילד אַ פרעג געטאָן און ר׳ בערטשע האָט נישט פאַר־שטאַנען וואָס ער וויל. דערנאָך איז צוגעקומען אַ צווייטער און מיט דייטשע ווערטער אים געפרעגט, אויב ער איז פון „קאַ־צעט״. ר׳ בערטשע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. איז געוואָרן אַ שמחה, אַזויווי זיי וואָלטן דאָ געטראָפן אליהו הנביא. די חברה האָט אים גענומען צו־טראָגן ווייסע קיכלעך, אַ פּעקל שאָקאָלאַד און אַ גאַנצן באַרג מיט פּאַפּיראָסן. ער האָט געוויזן אויף שטום־לשון, אַז ער רויכערט נישט, אָבער די צעוואַקסענע יינגען האָבן דערפון נישט געוואָלט וויסן און זיך ווידער צעלאַכט...

די דייטשן אַרום האָבן אויף אים געקוקט מיט קנאה. ר׳ בערטשען האָט וויי־געטאָן דאָס האַרץ, וואָס ער וועט זיי גאָרנישט קענען געבן אַפילו ער זאָל עס וועלן. עמלקס אַ שרצטע האָט דערפון נישט געוואָלט וויסן און זיך צוגערוקט נענטער. דורך אַ שפּאַלט פון אַן אויג האָט ר׳ בערטשע דערזען, וויאַזוי עס שרייט פון איר אַראָפּ אַ לאַכנדיקע ווייס־קייט וואָס גייט אויף אים, היצט צו אים פון דערווייטנס. עטלעכע העלע ממזרים האָבן שוין אַפילו גענומען קוקן מיט מאָנענדיקער דרייסטקייט אויף די ווייסע קיכלעך. וואָס וועט דאָ זיין? עס האָט אים שוין גענומען פאַרדריסן, פאַרוואָס ער האָט גענומען די דאָזיקע נאַרישקייטן ביי די זעלנער. אָבער זיי זענען פאַרט מלכות און דערצו האָבן זיי דאָך אים מציל געווען דאָס לעבן. איז ווי שייך מען זאָל זיי אָפּזאָגן? ביני לביני זענען זיי שוין געווען אין דרויסן. פאַרן אויג איז אים געשטאַנען בלויז דאָס צייניקע שמייכעלע פון דער דייטשקע מיט די ווייסע אָרעמס.

דערנאָך איז ווידער אָנגעלאָפן אַ צוג. די פּאָר זעלנער אין דרויסן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן מיט רעש צו די וואַגאָנעס. איינער פון זיי האָט נאָך באַוויזן ווידער־אַמאָל צו עפענען די טיר און ער האָט מיט אַ גאָרגלדיקן לשון אַריינגעשריגן צו ר׳ בערטשען עטלעכע פריילעכע ווערטער, אַפּנים צום געזעגענען. אין דער לעצטער מינוט האָט נאָך איינער באַוויזן אַריינצוואַרפן אים דורכן פענסטער אַ בייטעלע געלט,

וואָס איז געפאַלן צו ר׳ בערטשעס קניען. די אַנדערע האָבן שרייאיק באַוואונדערט זיין בריה׳שאַפט. דערנאָך איז ווידער שטיל געוואָרן...

ר׳ בערטשע האָט שפּעטער נישט געקענט וויסן, אויב דאָס איז געווען אַ פאַרבלענדעניש, אָדער דאָס זענען געווען מלאכים, וואָס שעמען זיך דערפאַר וואָס זיי זענען געקומען אַזוי שפּעט און בלויז אים אַליין אָנגעטראָפן. ער האָט נישט געקענט דערגיין קיין טאָלק ביי די אייגענע מחשבות. פון אַלע זאַכן האָט אים בלויז געוואונדערט, וויאַזוי די וועלט האָט זיך מניה וביה אַזוי שטאַרק געענדערט. אָט געפינט ער זיך איינער אַליין צווישן אַזויפיל ערלים און קיינער האָט אים גאָרנישט בדעה צו הרג׳ענען. פריער האָט עס יעדער איינער פון זיי געוואָלט. עפּעס איז עס טאַקע אַ וועלט שלא כדרך הטבע. וואָסי ? האָט מען שוין טאַקע אַלע רוצחים איינגעזעצט אין די קרימינאַלן ? און ס׳אַראַ מענטשן עס האָבן זיך פלוצים באַוויזן ! אָט קומט אַ בחור, וואָס קען אים לחלוטין גאָרנישט און לייט אים געלט. דערנאָך באַוויזן זיך פרעמדע זעלנער, וואָס פאַרשטייען אַפילו נישט זיין לשון און שטופּן אים בגוואַלט פון כל הגוטס... צייט איז געווען איבערגענוג און ר׳ בערטשע האָט זיך אַריינגעלאָזט אין ווייטע קלערענישן. דערנאָך איז ער הונגעריק געוואָרן און זיך מתיר געווען צו קייען געלאָסן איינס פון די פרעמדע קיכלעך. ער האָט עס דערביי געטאָן מיט אַזויפיל געהיטנקייט, גלייך ווי ער וואָלט נאָר געוואָלט אויספּרואוון, אויב דאָס איז טאַקע אַ קיכל און נישט עפּעס אַ לציש שטיקל אַרבעט פון מכשפים.

די נאַכט איז גאָר שנעל אַראָפּגעפאַלן אויף די שויבן. פון דער ווייטנס האָבן געלויכטן פרעמדע פייערלעך אין געמויערטע הייזקעס. ר׳ בערטשע האָט אָבער נישט געהאַט וואו צו גיין און דערצו האָט ער מורא געהאַט צו שטעלן דעם מינדסטן טריט. דייטשן זענען פאָרט גזלנים און די פינסטערניש פון דער נאַכט קען זיי ווידער צערייצן די דמים. האָט ער זיך דערפאַר אויסגעזוכט אַ ליידיקע באַנק, ווייט פון דער לאַכנדיקער חצופה מיט די שרצים. דערנאָך האָט ער זיך אויס־געצויגן מיט אַ שטילן קרעכץ, אונטער דער וואַך פון די מלאכים וואָס ער האָט אַרויסגערופן איילִיק מיט זיין קריאת־שמע־לייענען.

6

ערשט איצט האָט ר׳ בערטשע איינגעזען, ווי שווער ס׳איז צו ליידן גלות מיטן פרייעם ווילן. ער האָט זיך אויפגעוועקט פרימאָרגנס און אַרום אים איז געווען אַ גרויסער געפילדער. זעלנער זענען געקומען און געגאַנגען. קליינע דייטשלעך און גרויסע מיידן זענען זיי נאָכגעלאָפן און געבעטלט שאָקאָלאַד. אַ חזיר׳שער ריח האָט געביסן די נאָז־לעכער, הגם ער איז געקומען פון ווי־ווייט. ס׳איז נישט מעגלעך געווען צו

נעמען אַ יידיש וואָרט אין מויל אַריין, כאָטש איצט האָט זיך עס ר׳ בערטשען גאָר שטאַרק געגלוסט. אַרום און אַרום האָט עס געראַיעט מיט בייזע און חניפה׳דיקע אויגן. זיי האָבן אויך ביי אים געשנאָרעט אויף שטום־לשון, הגם זיינע בגדים האָבן דערציילט, אַז ער האָט זיי נישט וואָס צו געבן און אַז ער וועט נישט געבן, אַפילו ער זאָל האָבן.

עטלעכע מאָל האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט אין דרויסן, באַהאָנגען מיט דעם פול־געוואָרענעם זעקל. ער האָט שפּאַצירט צווישן די בוימער, אַריינגעאָטעמט אַביסל פרישע לופט, ביז ער האָט זיך געפילט ריין צום דאַוונען. דערנאָך איז ער ווידער אַריינגעגאַנגען, אָוועקגעזעצט זיך אַפּרוען און ווידער אַרויסגעגאַנגען. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער געפינט זיך דאָ שוין מכמה יאָרן איינער־אַליין. פון גרויס בענקשאַפט צו יידן, האָט ער זיי אַרויסגערופן צו זיך במחשבה; דערמאָנט זיך אין די אַלטע צייטן, ווען ער האָט זיך גע׳טובל׳ט אין יידישע קולות.

אַזויווי מיטאַמאָל האָט ער דערזען דעם הימל צווישן די פּאָר בוימער... אוי, ס׳אַראַ הימל! ממש אַ גאָלד־בלויער פּלאַם, אויף וועלכן אַלע שיינקייטן פון דער וועלט זענען אָנגעהאָנגען. איז אים אַפילו קשה געוואָרן: וויבאַלד קיין יידן זענען דאָ מער נישטאָ, פאַר וועמענזשע פוצט זיך אַזוי די בריאה? אויף וואָס דאַרף מען נאָך אינם לאַנד פון דייטשן אַזעלכע בוימער און אַזעלכע הימלען? און פאַרוואָס דאַרף נאָך דאָ אַלצדינג אַזוי בליען און פאַרשמעקן די לופט? און צוליב וועמען דאַרף זיך נאָך אַהער פאַרוואַלגערן אַ ייד און אַרומגיין מיט ציטער אין די אברים?

ערשט דאָ איז אים אַזויווי ראַפּטום קלאָר געוואָרן: דאָס איז דערפאַר וואָס ער איז דאָ... גאָט! זיין איז די וועלט און טאַקע צו אים שמייכלט זי אַזוי און חנ׳דלט זיך. די גרעזער שטעקן צו אים אַרויס די יינגע קעפּלעך. די לופט איז אים צוריק מכבד מיט די בשמים, וואָס ער האָט איר געשענקט און די בוימער זוכן אים אַרום מיט זייער צוואַקסענעם רויש... אָן אים וואָלט דאָ גאָרנישט געווען. נאָר, אַז ער איז דאָ — וואָסזשע קען זיי שוין אַרן, אויב עס פּויזען דאָ אַרום רוצחים מיט פינסטערע פּרצופים; זונות׳דיקע מוידן וואָס וואַרטן אויף שאַקאַלאַד און קליינע ממזרים וואָס זענען אויסגעשוואָנגערט געוואָרן דורך בלוטיקע תענוגים? קיין שום ווינקל פון דער וועלט איז נישט ריין פון חיות רעות און מזיקים. דאָך הערן די שיינקייטן פון דער טבע נישט אויף שיין צו זיין.

וואָס מער ר׳ בערטשע איז געשטאַנען אין דרויסן און געגאַפּט אויף דער צעזונגענער וועלט, אַלץ מער האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַנדערש קען גאָרנישט געמאָלט זיין. ווען נישט דאָס, וואָס גאָט איז אומעטום, וואָלט זיך די ערד גיכער צעפאַלן ווי שטויב, איידער זי זאָל דאַרפן טראָגן אויף זיך די דייטשע גופים און הייזער. די בוימער

וואָלטן זיך געבעטן איינצודאַרן און די גרעזער וואָלטן נישט געוואָלט זויגן קיין זאַפט, אַפילו ווען טויזנטער מלאכים זאָלן זיי טרייבן צום וואַקסן. פאַר גרויס הנאה, ווי ביים פאַרענטפערן אַ האַרבע תורה, האָבן זיך צו אים גענומען ציען אַלערליי פסוקים און מאמרים און ער האָט גע־נומען פלעכטן פון זיי אַלערליי רביישע תורות. מיט וואָס איז ער דען אַנדערש פאַר די גרעזער און בוימער? פאַרוואָס ווערן זיי נישט נתפעל פאַר די טמאדיקע שרצימלעך, וואָס ווידמען זיך צווישן זיי? און אַז קלערעניש איז וואָס? מען קען נישט האָבן אַפילו קיין ספיקות טויזנטער יאָרן, אָן אויפהער, אין אַ בלויזן דמיון. אויף אַ זאַך, וואָס איז לגמרי נישטאָ וואָלט דער יצר־הרע אָדער דער כוח הדם זיך נישט פאַרלייגט אַזוי שטאַרק. אַזויפיל דורות ווערן פאַרברענט און צעפייניקט פון כפירה — איז אַ סימן, אַז די כפירה גופא מוז זיין אַ יש. און ווי קען מען האָבן אַזאַ לאַנגן יש און מיט אים גיין כסדר שלאָגן אַ כוח, וואָס איז חלילה נישטאָ? די מלחמה וואָלט זיך דאָך אַמאָל געמוזט איבעררייסן, פלאַצן ווי אַ זייפן־בלאָז!

פון גרויס אַריינטראַכטעניש איז ר׳ בערטשע צעמישט געוואָרן. ווען נישט דער עם הדומה לחמור פון דער ווייטנס, וואָלט ער זיך דאָ צעטאַנצט פון שמחה, דערפון וואָס ער האָט דאָ אין זיך דערהערט. נאָר די דייטשן פון דערווייטנס האָבן אים נאָכגעקוקט, געוואונדערט זיך פאַרוואָס ער דרייט זיך דאָ, בעת באַנען קומען און גייען... באותה הרגע וואָלט ער אָבער פאָרט מסוגל געווען צו נעמען זיין ביסל ברויט, אַרומגיין טיילן שיריים צווישן די ביימער. אַזויווי זיי וואָלטן געווען פאַרשטעלטע יידן, וואָס זענען זיך צונויפגעפאָרן צום רבי׳ן אויף שבת.

7

צוויי טעג האָט זיך ר׳ בערטשע דאָרט אָפּגעוואַלגערט. איבער דער צייט האָט ער געהאַט אַלערליי עליות און ירידות. אָט האָט ער זיך שוין געהאַט אָנגעוואַרעמט און אַרומגעגאַרטלט מיט דער שטאַרקס־טער זיכערקייט. נאָר ליגנדיק אויף דער האַרטער באַנק, זענען זיך אַלע זיינע התלהבות׳ן צעפלויגן. ער האָט זיך מיט קאַלטן שכל אַליין מוסר געזאָגט: אַ בעלנות פון אַ מענטש צו ליגן צווישן גויים און וואַרטן! וואָסי? עפּעס אַ יינג דאָרטן האָט אים צוגעזאָגט...

אין אַזעלכע מינוטן האָט ער זיך געוואָלט אויפשטעלן אין מיטן דער נאַכט און לויפן צופוס אויף צוריק. בעיקר האָט עס אים אַ הויב געטאָן, ווען אַ באַן איז אָנגעלאָפן, זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע און זיך דערנאָך אָפּגעריסן פונם אָרט מיט אַ פאַרבענקטן פייף. אַפילו אַזאַ שטום און אייזערן באַשעפעניש קען דאָ נישט איינשטיין. וואָס־זשע וועט ער אויסליגן? נאָר אַ מילדע פוילקייט האָט אים באַרואיקט אין די

לעצטע מינוטן. ער אַליין האָט זיך דערבײַ באַמיט אַרויסצורופן צוהילף אַלע פּחדים פון אומבאַקאַנטע וועגן.

די פּאָר דייטשן, וואָס האָבן געאַרבעט אויפן וואָקזאַל, האָבן זיך נישט אויפגעהערט צו חידושן אויפן שווײַגעוודיקן ייִד: וואָס האָט ער דאָ צו זוכן, בעת די אַמעריקאַנער טײַלן פּאַר ייִדן אין די לאַגערן די בעסטע זאַכן? נאָך דעם ווי די ערשטע התפּעלות איז אויסגערונען, האָט ר׳ בערטשע ווידער נישט געקענט פאַרשטיין, וויאַזוי גאָט קען אַרומהילן מיט חסד אַזעלכע פּנימער. אָט די אַלע דייטשן, מיטן צייכן פון אַ מונדיר אויף זייער אַקסל, קענען דאָ זיצן און האָבן אַזויפיל מנוחה אין יעדן טראָט! זיי פילן אַ זיכערקייט, וואָס האַלט זיי צוגעשמידט, בעת ער וואָלט דאָ קיין איין וואָך נישט אויסגעזעסן. מסתמא פילן זיי דאָ אַ באַהאַלטענע שלווה, צו וועלכער ער איז נאָך נישט דערגאַנגען. פאַרוואָס קומט עס זיי?

מיט יעדער שעה איז בײַ ר׳ בערטשען געוואַקסן די מורא. ער האָט זיך נישט דערוועגט צו גיין קויפן די מינדסטע זאַך, סײַדן ווען ער האָט זי שוין מסוכן געדאַרפט. אין די נעכט האָט ער מער אָפן געהאַלטן די אויגן ווי געשלאָפן. ער האָט זיך אפילו טײַלמאָל געוואונדערט, פאַרוואָס קיינער קומט נישט צורויבן בײַ אים דאָס לעצטע. פון וואַנעט נעמט זיך בײַ זיי אַזאַ כח המעצר, נישט צו באַפאַלן אַ ייִד ווען קיינער זעט נישט, בעת פריער האָבן זיי עס געטאָן בריש גלי? איז שוין טאַקע אויס הפקר געוואָרן? קען זיך אַ רוצח אַזוי שנעל ענדערן, הגם אַפילו אַ כושי קען זיין בלויזע הויט נישט בײַטן? אויב אַזוי איז דאָך דער גאַנצער ענין רציחה אין מענטש נאָך שוואַכער פון אַ בלויזער הויט? פּלאי פּלאים!

אָבער זײַנע פּחדים האָבן אים פּאָרט צוגעהאַלטן בײַ דער האַנט און אים צוריקגעפירט צו גאָט. רוצחים זענען טאַקע אַלעמאָל רוצחים, נאָר איצט צוימט זיי דער אייביקער כח פון דער וועלט. ער וויל זיי דאָ איצט צוימען! דערפאַר קען איצט ר׳ בערטשע צומאַכן די אויגן און אײַנשלאָפן אַפילו אין מיטן וואַלד. נאָר פאַרוואָס זענען זיי נישט גע־צוימט געוואָרן מיט צוויי־דרײַ חדשים פריער, אויב דאָס איז אַזוי לײַכט פאַרן כביכול?

אויף דער דריטער נאַכט איז געקומען דאָס, וואָס ר׳ בערטשע האָט אייגנטלעך דערוואַרט אין אַלע זײַנע טונקעלע פּחדים. אַ האַנט האָט אים לײַכט געוועקט פון מידן שלאָף. ר׳ בערטשע האָט געוואָלט אויפשרײַען פון איבעראַשטער אימה און עס נישט געקענט. אַ זעלנער, אין בגדים וואָס ר׳ בערטשע האָט קיינמאָל נישט געזען, איז געשטאַנען איבער אים. אַ לעמפּל האָט געלויכטן אין ר׳ בערטשעס אויגן אַרײַן און ער האָט אויפגעהערט צו זען. בלויז אַ קול האָט אים געפּאַרשט אויף דייטש: אײַער נאָמען? ר׳ בערטשע האָט געענטפערט מיט בלײַכע

ליפּן. יענער האָט איבערגעפרעגט מיט זיכערקייט: אַ יידישער גראָס־ראַבינער?

און ר׳ בערטשע האָט איצט נישט געוואוסט, אויב ער דאַרף עס אויך פאַרלייקענען פאַר אַ גוייִשן זעלנער. כהרף עין איז אים איינגע־פאַלן, אַז דאָ וואָלט עס גלייך געווען, אַזויווי פאַרלייקענען דאָס גאַנצע יידישקייט. מיטן יידן איז עפּעס אַנדערש. ער האָט דערפאַר בלויז גע־שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. עס זעט אָבער אויס, אַז דער זעלנער האָט נישט בדעה קיין רשעות, הגם ער האָט געכאַפּט זיין מאָגער געבעטן שטילערהייט: קומט, מען וואַרט אויף אייך...

און ער האָט זיך געלאָזט שפּרייזן פאָראויס. ר׳ בערטשע איז אים פּעקעלע אין דער האַנט אַריין. אַדרבא, ער האָט זיך גאָר אַזויווי נאָכגעגאַנגען מיט אַ פאַרשלאָפענעם ציטער אין די טריט: גייט ער צו גויים? צו יידן? דער וואָקזאַל איז געבליבן הינטערשטעליק, כאָטש זיינע פאָר ליכטלעך האָבן געפּרואווט נאָכלויפן. זיינע קולות אויך. אַ צווייטער זעלנער האָט פון דער ווייטנס געלויכטן מיט אַ לעמפּל צו ר׳ בערטשעס באַגלייטער. ער האָט עפּעס אַריבערגעשריגן און דער האָט אים אָפּגעענטפערט מיט בפירושער צופרידנקייט. דערנאָך איז ווידער שטיל געוואָרן. פון דער זייט האָט זיך אַ בנין אַדורכגעשלאָגן מיט זיינע ליכטיקע אויגן צווישן דער ביימער־געדיכטעניש. דער זעלנער האָט מער נישט אויסגעהאַלטן דאָס שווייגן און אַ ברום געטאָן: מיר זענען אויף יענער זייט גרעניץ...

און ר׳ בערטשע האָט נישט געקענט וויסן, אויב צוזאַמען מיטן זעלנער גנב׳עט מען אויך די גרעניץ אָדער נישט. פון זיינע טריט האָט ער בלויז געשפּירט, אַז זיי ווילן זיך האַלטן וואָס שטילער אַזויווי איינער וואָס באַגייט טאַקיש אַ גניבה.

8

וואָס אין יענער נאַכט האָט זיך אָפּגעטאָן! ווי נאָר דער זעלנער האָט אַריבערגעשפּרייזט די שוועל, האָט ער עפּעס אַריינגעשריגן אין גרויסן זאַל אַריין. אַ הויכער שר, מיט געפלאָכטענע אַקסל־בענדער, איז אים אַנטקעגנגעלאָפן און באַטראַכט פון אַלע זייטן. דערנאָך האָט ער אים אַריינגעפירט אין באַלויכטענעם חדר אַריין, וואו עטלעכע יידן זענען געזעסן און געדרימלט... אָבער יידן! דריי פון זיי זענען געווען מיט לאַנגע בערד און שוואַרצע בגדים, אַזויווי זיי וואָלטן אָקאָרשט געקומען פון גאַליציע. ווי נאָר דער שר האָט אויפגעפּראַלט די טיר האָט ער פייערלעך אויסגעשריגן: דער ראַבי! און אַלע זענען אויפ־געשפּרונגען מיט ראַפּטומדיקער בהלה.

איינער פון זיי, מיט אַ געגאָלט פּנים, האָט עפּעס גענומען זייטיק

איינ׳טענה׳ן מיטן הויכן שררה. דערפאַר אָבער האָבן זיך די אַנדערע צוגערוקט נענטער, שטיין געבליבן עטלעכע טריט פון ר׳ בערטשען און מיט דרך־ארץ׳דיקן חשד זיך איינגעקוקט אין זיין פנים. דערנאָך האָבן אַלע דריי מיטאַמאָל אויסגעשריגן: ר ב י!

און זייערע בערד האָבן געציטערט. זיי זענען שטיין געבליבן אויף די ערטער און נישט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן. דערנאָך האָבן זיי אויסגעשטרעקט זייערע טרייסלדיקע הענט, יראת הכבוד׳יק אַרויסגע־ברומט אַ שלום־עליכם און זיך פראַסט און פשוט צעוויינט. איינער האָט אַפילו, דוכט זיך, געמאַכט די ברכה פון מתיר אסורים און די אַנדערע האָבן נאָכגעזאָגט אמן מיט פייכטע ליפן. דערנאָך האָבן זיי זיך אָפּגערוקט צוזאַמען, אַזויווי עס וואָלט בלויז געווען איין מענטש מיט דריי קעפּ, נאָכאַמאָל זיך איינגעקוקט אין אים און ווידער געצויגן בכוונה דאָס גרויסע און צאַפּלדיקע וואָרט: ר ב י...

דער אָפּיציר איז שוין געזעסן ביי אַ זייטיק טישל און עפּעס געשריבן. דוכט זיך, אַז ער האָט אַפילו עמעצן געררופן. נאָר ווער האָט אים געהערט? ר׳ בערטשע איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן זעלבן אָרט. די יידן האָבן נאָך אַלץ אויף אים געקוקט מיט פאַרלאָפענע אויגן. דערנאָך האָבן זיי זיך ראַפּטום צוגערוקט איינער צום אַנדערן, צוגע־פּרעסט זייט צו זייט, פאַרוואָרפן די הענט אויף די שכנישע אַקסלען און עס האָט אויפגעריסן עפּעס מחיה׳דיקס, ווילדס, שכחה׳דיק־אַלטס... די יידן האָבן גענומען טאַנצן. די בערד האָבן זיך אויס־געשפּרייט אויף די עמאַלירטע ווענט מיט שוואַרץ־שטוינענדיקער שמחה און די פיס האָבן זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזט, געהויבן און אַראָפּגעלאָזט. ר׳ בערטשע וואָלט געווען גרייט צו שווערן, אַז דאָ איז זיין זשילקעווו פלוצים אַראָפּגעפאַלן פון הימל און ער שטייט דאָ ווידער אין זיין אייגענעם בית־מדרש. בלויז קיין רוישנדיק געזאַנג האָט ער נישט געהערט. די יידן דאָ האָבן נאָר געטאַנצט ווי פאַר׳־חלש׳טע, אויסגעטאַנצט די גאַנצע אַרומיקע נאַכט און דעם חשכות פון אייגענעם האַרץ. בלויז אַ חלל׳דיק פיַנטעלע אין מיטן אויער האָט געקענט אויפכאַפּן דאָס שטילע וואָרקען פונם אַלטן בראַסלאַווער ניגון:

| | |
|---|---|
| אם אמר—תי | חסדך השם |
| מטה רג—לי | חסדך ה—שם |

יס—ע—ד—ני...

דער אָפּיציר ביים זייטיקן טישל איז געבליבן ווי פאַרשטאַרט אויף זיין אָרט. דער ייד מיטן גאָלן פנים האָט עפּעס שטיל אַריינגערעדט אין אים און יענער האָט מיט גערירטקייט געשאָקלט מיטן קאָפּ. בלויז די דריי טענצער האָבן גאָרנישט באַמערקט. זיי האָבן פאַרוואָרפן די קעפּ איינער אויפן צווייטנס אַקסל, אַזויווי אין עפּעס אַ זיסער,

גסיסה׳דיקער הפקרות. בלויז די הענט מיט די שפּיצן פון די פיס האָבן נאָך אָנגעפּירט מיטן ווייטערדיקן, באַוועגלעכן ריטם בעת דער רעשט פון די איינגעוויגטע גופים האָט קוים־קוימיק אַריינגעטאַנצט אין זיך אַריין.

9

אַפילו אין ר׳ בערטשען גופא האָבן זיי משמעות פאַרגעסן.

נאָך אַלעמען איז פּאָרט שפּעט געווען. דער ייד מיטן גאָלן פּנים האָט ר׳ בערטשען געמוזט צופירן צו אַ טישל. ר׳ בערטשע האָט געמוזט זאָגן זיין נאָמען און ענלעכע זאַכן. דער אָפיציר האָט עס שפּעטער געמוזט הערן אין זיין אייגענעם לשון, איידער ער האָט עס פאַרשריבן. האָט עס דער רבי אַרויסגעזאָגט מיט זיין בנעימות׳לעך קול און דער ייד פון דער זייט האָט עס איבערגעטייטשט. ר׳ בערטשע האָט זיך געוואונדערט אויף זיך אַליין: אָט זינגט ער ווידער אַרויס די ווערטער מיטן זשילקעווער קרעכץ, אַזויווי אַלע פריערדיקע יאָרן וואָלטן אים געווען געבליבן שטעקן די גאַנצע צייט אין האַלדז.

דאָס האָט אַרויסגעריסן די דריי יידן פון זייער התלהבות. דער רבי האָט שוין באַלד פּאַרטיק געהאַט זיינע פּאַפּירן. דער אָפיציר האָט שוין געהאַלטן ביים אויספולן די לעצטע שורות פון זיין ראַפּאָרט און ס׳איז נישט געווען קיין דרך־ארץ אים צו שטערן. דערפאַר אָבער האָבן זיי זיך צוגערוקט נענטער צום טיש און איידער וואָס־ווען זענען דאָרט אויסגעוואַקסן צוויי פלעשער מיט גלעזלעך. ס׳האָט אויסגעזען, אַז דער גאַנצער שררה איז גאָר זייערס אַ היימישער מענטש, ווייל די גלעזלעך זענען באַלד פול געוואָרן מיט משקה און פריילעכע הענט האָבן זיי געהויבן אין דער הויך:

— לחיים רבי!

— לחיים דאָקטאָר פּוטערמאַן!

— לחיים אָפיציר!

דעם גויישן שררה האָט עס גאָרנישט געאַרט. ער האָט זיך נאָר צעשמייכלט פון דעם באָרדיקן יידיש און די ברכות, וואָס זענען אויף אים אָנגעלאָפן. זעט אויס, אַז וויבאַלד עס איז נאָר אַן אַנדער מדינה מוזן אויך די גויים אַנדערש זיין. ער האָט גאָר געכאַפּט דאָס פולע גלעזל, נישט געשראָקן זיך צו טרינקען מיט די הויך־באַוואָקסענע יידן און נאָך צוגעווינטשעוועט מיטן יידישן לחיים. דערנאָך האָט ער וואַרעם געטרייסלט ר׳ בערטשעס האַנט און צום וויפלטן מאָל עפּעס געטענה׳ט מיט געריטקייט צום „גראַנד ראַבען״.

נאָר אַז מען איז אַרויס אין דרויסן און די פינסטערניש האָט ווידער גענומען פויזען ביז ר׳ בערטשעס קנעכל, האָט ביי אים אויסגעוועפּט

די גאַנצע פרייד. וואוהין פירט מען אים? דער דאָקטאָר פוטערמאַן, אַ מקורב למלכות וואָס איז זיך געקומען משתדל זיין פאַר אים, האָט געשפּרייזט פאַראויס מיט אַ לעמפּל. ער האָט שוין געוואָלט האָבן די גאַנצע זכיה און דערפאַר געבערענגט מיט זיך זיין אייגענע מאַשין. די דריי יידן זענען אים נאָכגעגאַנגען און דערביי נישט אויפגעהערט צו וואָרענען ר׳ בערטשען: דער רבי מעג אַכטונג געבן... ס׳איז פינסטער און מ׳קען זיך חלילה פאַרטשעפען אַ פוס...

ר׳ בערטשען איז ווידער באַפאַלן דער זעלבער פחד וואָס אין די ערשטע טעג נאָך דער באַפרייאונג. אָט איז ער געלאָפן, געפירט געוואָרן איבער דער גרעניץ — און דאָך איז ער אין ערגעץ נישט דער־לאָפן. איצט וועלן זיי אים אַריינפּאַקן אין דער מאַשין אַריין ווי אַ אבן טוב און זיך מיט אים אַרומפירן. זיי וויזן אים אַרויס גרויס ליבשאַפט און דאָס איז דער אמת׳ער שוחד וואָס מאַכט בלינד. ער וועט דאָך אַפילו נישט קענען זיין קיין כפוי טובה...

די יידן האָבן אַזויווי געפילט זיינע מחשבות. דערפאַר האָבן זיי אים אַנגענומען פון ביידע זייטן מיט געהיטענער חשיבות און פאַר אים געעפנט דאָס טירל. ער האָט זיך האַסטיק אַריינגעזעצט אין ווייכן געזעס און מיטאַמאָל דערשפּירט ווי מיד ער איז. ער וואָלט מער קיין כח נישט געהאַט אויפצושטיין, אַפילו ווען עמעצער זאָל אים טרייבן מיט בייטשן. פאַר זיך אַליין איז דאָס גוט געווען. ער האָט זיך ווידער געשפּירט ווי אַן אנוס, אַזויווי בגוואַלד איבערגעגעבן אין אַנדערע הענט. די יידן האָבן זיך עפּעס איבערגעשושקעט, זיך מיישב געווען שטילער־הייט. ר׳ בערטשע האָט צוגעמאַכט זיינע אויגן־לעדלעך און ווי בגניבה זיך איינגעהערט אינם זייטיקן קול וואָס האָט געפרעגט: ד״ר פוטער־מאַן וועט צופאָרן צו דער אכסניה אויף פעליקאַן־שטראַסע, אָדער ער וויל אויסזוכן אַ בעסערן האָטעל? דער רבי וועט זיין היפשלעך מיד...

ר׳ בערטשע האָט געוואָלט שווייגן, איינמאָל האָבן די הנאה זיך אויסצושושווייגן צווישן זשילקעווער יידן. ער האָט אָבער געפילט, אַז דאָסמאָל וואָלט זיין שטילשווייגן געווען אַפּנאַרעריי, גניבה; אַזויווי דאָס אַריבערגייין מיט באַרויסע טריט אַ פאַרבאָטענע גרעניץ. ער האָט זיך דערפאַר אַ ריס געטאָן פון אָרט, געוואָלט זיך אויפשטעלן און דערפילט איבערן קאָפּ דעם נידעריקן דאָך פון דער מאַשין. האָט ער זיך צוריקגעזעצט און שטיל אַ וואָרן געטאָן: בלויז גאָט אַליין קען נאָך היינט זיין אַ רבי...

אַ צער האָט זיך ראַפּטום אָפּגעזעצט אין דער קליינער, לויפנדיקער תיבה; אויפגעשפּיזט די יידנס בערד און זיך צוריקגעשלאָגן אין ר׳ בערטשעס קול. מער איז נישט געווען וואָס צו זאָגן. בכל אופן האָט זיך אַזוי אויסגעוויזן ר׳ בערטשען, ביז איינער פון די דריי האָט אַ קרעכץ געטאָן: אוי, גאָטעניו!...

ר׳ בערטשע האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגן. בלויז אַ נייגעריק שפּעלטל האָט געהאַלטן וואַך און געזעו, וויאַזוי די מאַשין שניידט זיך איבער אַ פּאַסמע באַלויכטענעם וועג, וואָס צוויי זיילן קנויליקע פינסטערניש היטן אים פוןביידע זייטן מיט ירגזון. ר׳ בערטשע האָט ערשט אויפגעוואַכט ווען די מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ הויז, וואו מען האָט זיך גענומען דאַוונען שחרית. ער האָט בלויז באַמערקט, וויאַזוי די דריי יידן וואונדערן זיך ברמז, פאַרוואָס דער רבי האָט פאַרגעסן דעם טלית אויף יענער זייט.

10

אין אַנטווערפּן איז גאָר שנעל אויפגעשטאַנען תחיית המתים אַ היימיש שטיק יידיש לעבן. ממש איבער נאַכט האָבן זיך ווידער באַ־וויזן יידן מיט בערד און אַפילו די בריליאַנטן־בירזשע איז ווידער פול געוואָרן מיט גמרא־לשון. דער פּלא איז נאָך גרעסער געווען, וואָס דאָרט האָבן אויפגעטויכט ביי אַ הונדערט אַמאָליקע חסידים פון ר׳ בערטשען. אַ סברא, אַז אַ טייל פון זיי האָבן זיך דאָ באַוויזן אַזש פון לאָנדאָן. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ גאַנצע מגילה, וויאַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט און געשטעלט צוריק אויף די פיס. זשילקעווע האָט מיטאַמאָל אַרויסגעשפּרייזט און אָנגעשפּאַרט איבער אַ האַלבן כדור הארץ. די ערשטע טעג האָבן זיי געלאָזט ר׳ בערטשען אויסרוען און טראַכטן וויפל ער וויל. איז ער געזעסן אין זיין האָטעל־חדר׳ל, געמישט די פּאָר ספרים׳לעך וואָס מען האָט אים דאָ אָנגעטראָגן און באַמיט זיך צו פאַרשטיין, אויב זיי האָבן געהאַט אַ שטיקל אַנונג וועגן די שרעקלעכע צייטן פון שפּעטער. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ספרים מוזן זיין לעבעדיק, האָבן אַ שייכות צו דער צייט און נישט בלייבן הינטערשטעליק אויף יענער זייט פון די טעג. אַנדערש קענען זיי נישט זיין הייליק.

אַ טייל יידן זענען אים געקומען געבן שלום, געוואָלט אויסהערן אַביסל רביישע ווערטער און טאַקע אויסקרעכצן זייער אייגענעם ווייטיק. ערשט ווען זיי האָבן באַמערקט, אַז ר׳ בערטשעס פּנים איז צוריק באַלייגט געוואָרן מיט גוט־יידישע האָר און אַז זיינע אויגן גלאַנצן ווידער ווייכלעך־צדיקיש האָבן זיי זיך דערמאָנט בחוש: דער רבי איז דאָך ווידער דאָ... האָט זיך אָנגעהויבן אַ מורמלעניש: עט...נו, אַ האָטעל גאָר...

און טייל האָבן זיך גענומען דערמאָנען, וויאַזוי מען האָט זיך אַמאָל געריסן, ביי ווענען דער רבי זאָל איינשטיין. ס׳איז געווען אַ גאַנצע זכיה... צום סוף לאָזט מען איצט איבער די גאַנצע מצווה אין די הענט פון אַן ערל. דעם רבי׳נס חדר איז משמש אַ דינסט

און דאָס עסן ברענגט אים אַ לוסטיק בחורל פון אַ כשרן רעסטאָראַן... זעט אויס, אַז אַליין איז מען אויך היפש קאַליע געוואָרן, נאָר מען איז עס שוין מער נישט מסוגל צו שפּירן. וויפל־זשע איז דער שיעור? האָט איינער פון די יידן באַוויזן באותות ובמופתים, אַז ער האָט אַ ליידיק חדר. אַפילו אַ ש״ס שטייט דאָרט און ס׳איז רעכט קיין צייט נישטאָ אין אים אַריינצוקוקן. וואָסזשע דאַרף מען גיין זוכן?

ר׳ בערטשען גופאָ איז אויך אַ שאָד געווען יידיש געלט. דער האָטעל קאָסט אַ מטמון און יידן צאָלן. פאַר וועלכן זכות? האָט ער זיך געלאָזט אַריבערפירן צום ייד אין הויז אַריין. ער האָט געגעסן בעט מיטן טיש און עסן האָט מען אים אויך אַריינדערלאַנגט. נאָר אַז דער בעל הבית איז אַמאָל אַהיימגעקומען פון שטאָט, האָט אים ר׳ בערטשע אַריינגערופן, לאַנג געטראַכט ביז ער האָט אָנגעהויבן: פון וואַנעט לעבט אַ ייד? וויאַזוי שלאָגט מען אויס די פרנסה? און דער ייד האָט גענומען דערציילן, געוואָלט אַרויסלייגן וואָס מער פּרטים אויפן טיש ביז ר׳ בערטשע האָט אים איבערגעריסן:

— איך פרעג עס נישט צוליב נייגעריקייט חלילה. איך גיי דאָ אויך נישט נעמען ביי אייך קיין „קוויטל״, ווי אין אַמאָליקע צייטן. איך וויל בלויז הערן פון אייך: צי וואָלט אַזאַ בטלן ווי איך זיך אויך אויסגעטויגט ביי אייער מסחר? וויפל איז דער שיעור צו ליגן אויף אייערע קעפּ? די מצווה פון צדקה האָט איר שוין מקיים געווען די והותר. צו קיין מלאכה לערנען טויג איך נישט מער. צו אַלט... אָבער אַ פּאָר הענט מיט אַ קאָפּ האָב איך נאָך. זאָגט־זשע מיר דעם אמת! ר׳ בערטשע האָט זיך מכלומרשט צעבייזערט, פאַרוואָס דער ייד נעמט וויינען: וואָס איז דאָ פאַראַן צו גיסן מיט טרערן? ס׳איז אַ חרפּה גלייך צו זיין מיט אַנדערע יידן? אָבער דערביי האָט ער געפּילט, וויאַזוי אויך זיינע אויגן פאַרנעפּלען זיך. טאַקע אַזוי: צו וואָס נעמט מען זיך? יעדער טאָג לעבן פאַרלאַנגט דאָס זייניקע און אויך בטחון דאַרף האָבן אויף וואָס חל צו זיין. זאָל ער זיך ווידער נעמען טיילן ברכות און פאַר אַ פּדיון צוזאָגן ישועות ונחמות? און וואו איז ער געווען מיט זיין געבענטשט מויל, בעת אַזויפיל יידן זענען געפאַלן פון דער קויל און פון אַנדערע מיתות, רחמנא ליצלן? עט...

נאָר דער בעל הבית האָט זיך שוין אַרויסגעשאַרט פון חדר און ביינאַכט איז דאָרט פול געוואָרן מיט מענטשן, אַזויווי ביי אַ גרויסער אסיפה: רבי׳...

און ר׳ בערטשע האָט געפּאָכעט מיט דער פּאַטשיילע, געטריבן די געדאַנקען פון זיך און אויך אויף זיי אָנגעיאָגט אַן אימה: איך בין נישט קיין רבי... איך האָב קוים געראַטעוועט דעם ייד אין זיך. איצט וויל איך לעבן ערלעך, מיגיע כפּי...

נאָר אין צימער איז שוין געווען אַ רויש: איז נישט קיין רבי...
אָבער איר וועט מיט אונדז זאָגן תהלים. וואָס איז דוד המלך שולדיק?

אין ר׳ בערטשעס קאָפּ האָט זיך אַ מיש געטאָן: ס׳אַן עבירה די רייד. אָבער ווי איז דער דין טאַקי, ווען אַ כלל גייט אַראָפּ פון וועג? אַרומטראָגן זיך אַליין מיט פּיצינקן פּעקעלע ערלעכקייט? דער גערויש פון די יידן איז געווען אַדורכגענומען מיט אַזויפיל צער, אַז ר׳ בערטשע האָט בלויז געקענט דראָען זיך אַליין אויפן קול: כ׳וועל מוזן אַנטלויפן... ווייטער לויפן וואו די אויגן וועלן טראָגן.

אַ קול פון דער זייט האָט אים אָפּגעענטפערט מיט שטילער רעזיגנאַציע: נישטאָ וואו צו לויפן רבי... אומעטום וואַרטן יידן אויף אייך און זיי וועלן אייך דערקענען. זיי דאַרפן איצט האָבן אַזאַ ייד ווי דער רבי. וויפל זענען עס אונז געבליבן? און דער רבי וועט זיכער וועלן לעבן צווישן יידן... אוווּאַ! אַזאַ אמת לאָזט זיך גאָרנישט אָפּפרעגן. ער האָט זיך נאָר געקענט בייזערן, כאָטש די יידן האָבן אים דאָ אַרומגערינגלט מחמת געטרייער גוטסקייט: איר ווילט מיך טאַקע נישט צורו לאָזן?

דער באַרג יידן איבער זיין קאָפּ האָט זיך אַ וויג געטאָן: איר זענט אַזויפיל יאָרן געווען אונדזער רבי און אויך מיר קענען קיין רו נישט האָבן. איצט ווילט איר מנוחה פאַר זיך אַליין? אַפילו ספק׳ן איז אויך בעסער בציבור.

ר׳ בערטשע האָט זיך אָנגעכאַפּט ביי דער שיטערלעכער אָנהויבבאָרד: ער איז אַ בעל חוב! ער איז זיי שולדיק פאַר דער צייט וואָס ער איז געזעסן אין דער מנוחה׳דיקער שטול; ווען זיי האָבן אין אים געגלויבט און ער אַליין האָט אויך געהאַט אמונה אין זיין זכות אָבות... ס׳איז אַ גרויסע קונץ זיי איצט איבערצולאָזן און אַנטלויפן? זאָגן, אַז אויב ספיקות זאָלן זיי זיך אַליין שטיקן מיט זיי? ער האָט געפילט, אַז ער מוז זיך איצט בעטן ביי זיי מיט אַ שולדיק געמיט. זאָלן זיי וויסן, אַז ער איז געוואָרן אַ יורד, אַ געוועזענער גביר וואָס קען איצט קיין קרייצער נישט צאָלן: יידן, כ׳פאַרשטיי נישט מער קיין הייַנטיקע פּירוש המילות... איך האָב נישט קיין ברעקל ענטפער!

נאָר דער באַרג האָט זיך ווידער צערירט, צעשאָקלט און צעברומט: וועלן מיר נישט וויסן צוזאַמען... מיר וועלן זיצן בציבור און נישט האָבן קיין תשובה, אַבי מיטן רבי׳ן. זאָל כאָטש עפּעס בלייבן פאַרן „חדש ימינו כקדם״.

— אויב אַזוי וועלן מיר בלויז קענען שווייגן צוזאַמען.

— זאָל זיין שווייגן... און אַז מען וועט וועלן עפּעס רעדן — וועט מען לערנען.

מער איז נישט געווען וואָס צו טענה׳ן. אַ בחור האָט זיך גאָר אָפּגעריסן און געוואָלט וויסן פּשט אין אַ האַרבן תוספות.

11

ר׳ בערטשען איז נישט באַשערט געווען צו געפינען זיין פּרנסה מיט די אייגענע הענט. דערפאַר אָבער האָבן זיך גאָטס נסים אויס־געשטרעקט אויף זיינע חסידים און זיי האָבן זיך אָפּגערופן פון אַלע עקן וועלט. די אַמעריקאַנער חסידים האָבן אים אַפילו רעכט נישט געפרעגט נאָר זיך אָנגעהויבן באַמיען וועגן אַ וויזע. דער שכל איז געווען מיט זיי: ער קען איצט מער נישט בלייבן מיט קיין הייפל ברילי־אַנטן־שלייפער פון אייראָפּע. קיינער קען סייווי נישט וויסן, ווי־לאַנג יידן וועלן חשק האָבן צו זיצן אין אַנטווערפּן. די אַמעריקאַנער חסידים אָבער האָבן שוין פאַר אים גרייט אַ בית המדרש, אַ ישיבה — און אין אַמעריקע הויבט זיך דאָס יידישקייט ערשט אָן...

האָט ר׳ בערטשע מער קיין כח נישט געהאַט זיך אָפּצואוווערן. דערפאַר האָט ער זיך אַלעמאָל אָוועקגעזעצט מיט אַ מחנה יידן, ביי זיי גאָר געוואָלט נאַשן אַביסל אמונה און זיי תמימות׳דיק אויסגע־פרעגט: יידן, זאָגט מיר דעם אמת... גלויבט איר נאָך אין אַלעמעז אַזויווי פריער? אַזעלכע יידן האָבן אָנגעשטעלט גרויסע שאלה־אויגן: באמונה שלימה, רבי!

— מיינט איר טאַקע, אַז איך קען פירן אַן עדה און זאָגן תורה ווי קיינמאָל גאַרנישט?

— נאָך די עשרה הרוגי מלכות האָט מען ווייטער געגעבן סמיכה...

— דעמאָלט האָט מען פריער געשיקט שליחים אין הימל אַריין... מען האָט כאָטש געוואוסט, אַז „גזירה היא מלפני״, הגם מען האָט נישט פאַרשטאַנען.

— פאַר אונדז איז גענוג, וואָס מ׳האָט אַמאָל געוואוסט. די תנאים זענען בני סמכא. צוליב וואָס דאַרף מען אַלעמאָל נייע מופתים, אַז מען האָט זיי שוין איינמאָל געוויזן? די תורה אַליין איז אויך נאָך אַן אַמאָליקע.

— און אַז איך אַליין בין מסופּק? וואָסזשע ווילט פון מיר?

— איר האָט געהאַט גרויסע זיידעס. וועלן זיי אייך פריער צו־ריקרופן צום מקור איידער אַנדערע... וועלן מיר זיך שוין אייך נאָכשלעפּן.

— און טאָמער וועט זייער קול נישט קומען? אָט זוך איך עס שוין אַזוי לאַנג...

— אַפילו משיח וועט נישט קומען, סיידן בהיסח הדעת... און טאָמער נישט, וועט מען גלויבן אָן אַ קול. אַ קונץ איז צו האָבן אמונה ווען מען זעט, מען הערט און אַלץ גייט צו גלאַטיק? דאָ קען אַ ליאַדע איוואַן זיין די זעלבע בריה! ביי אונדז יידן האָט מען נישט געפרעגט „מה כתיב בה״ ווי ביי די אומות־העולם. דערפאַר האָבן מיר די תורה און נישט זיי...

— און טאָמער חלילה וועט מען שוין קיינמאָל נישט וויסן דעם אמת?

— אָן אַ חלילה, רבי... ס'איז דען אַזוי שלעכט צו זיין אַ ייד אָן אַלעמען? וואָס דערלייגט מען דאָ? מען לעבט דערווייל געהיטן? מען איז נישט קיין רוצחים? ס'איז דאָך ממה נפשך, פון ביידע זייטן בלייבט מען מיט ריווח.

— און אַז איר וועט האָבן אַן אויסגעליידיקטן רבי'ן?

— וואָס גייען אונדז אָן דעם רבי'נס נסיונות? ווער איז דערמיט נישט געפּרוּווט געוואָרן? דער רבי וועט זאָגן תורה און דאָס איז שוין ריינער קרן. אַלדאָס אַנדערע ברוויך סייווי האָבן אַ סיעתא דשמיא — אַפילו ווען מען שלאָגט זיך מיטן יצר־הרע. וויפל דער רבי וועט באַוויייזן גובר צו זיין, אַזויפיל וועלן מיר האָבן. גאָרנישט איז נאָך ערגער. וואָס ווילט איר, מיר זאָלן גיין מלחמה האַלטן מיטן הימל?

— און אָפּענע אויגן דאַרף מען שוין גאָרנישט צו האָבן?

— ווי ווייט זעען דען אָפענע אויגן? דלת אמות! און אַמאָל דאָס אויך נישט. אַ גרויסע זאַך זעסטו — אָפענע אויגן פון אַ בשר ודם!

לאַנגע שעה'ן האָט זיך ר' בערטשע מיט זיי אויסגע'טענה'ט. זיי זענען אים אָבער קיינמאָל נישט שולדיק געבליבן קיין תשובה. ר' בערטשע איז פון די וויכוחים מיד געוואָרן און בלויז מיט זיך אַליין זיי צוגעענדיקט: גיי גלויב נישט חלילה אין בורא עולם, אַז ער האָט נאָך אַזאַ שטאַרקן כח אויף יידן!

דאָס האָט זיך נישט געענדיקט מיטן זאָגן צעבראָכענעם תהלים בציבור. זיי זענען געקומען, געכאַפּט זיינע שיריים, צוגעהערט זיך צו דער תורה וואָס ער זאָגט זיך אַליין און לבסוף אים אַפילו דערלאַנגט בקשה־קוויטלעך. ווי נאָר ער האָט געוואָלט זאָגן אַ וואָרט, האָט ער זיך געמוזט גרייטן צו אַ לאַנגן וויכוח: יידן האָבן אַלעמאָל געגעבן קוויטלעך צו רביים און זיי וועלן איצט נישט גיין ווערן אויס יידן. דער שטן וועט זיינס נישט אויספירן. ווי ביי איוב'ן...

— נח איז געבליבן כמעט אַליין אויף דער וועלט. דאָך האָט ער נאָכן מבול ווידער מקריב געווען קרבנות, אָנגעהויבן פלאַנצן אַלצדינג אויפסניי... אַ נייעס! פאַרוואָס האָט ער נישט געזוכט דעם סוד פון מבול?

— פון מצרים זענען אויך נאָר אַרויס איינער פון פינף הונדערט יידן און דאָך האָט משה ווייטער געפירט די בני ישראל, געגעבן אַ תורה!

— דאָס האָט טאַקע דער ימח שמו געוואָלט: עס זאָל אונדז נמאס ווערן דאָס אייגענע פּנים... אַז מיר זאָלן מער קיין כח נישט האָבן צו זיין יידן. ווערזשע איז אים מחוייב משמח צו זיין אין גיהנם?

איז בלויז געבוג געווען, אַז ער זאָל איינמאָל אויסשטרעקן די

האַנט צו אַ קוויטל. באַלד האָט זיך די שמועה צעטראָגן איבער גרע־ניצן: דער זשילקעווער פּראָוועט ווידער! אַ חורבן אַהין און אַ חורבן אַהער — אָבער רביים בלייבן אייביק.

12

ס׳האָט אויסגעזען, אַז ר׳ בערטשעס אַלע ראַנגלעניש זענען גאָר געווען פאַרבונדן מיט יענער זייט ים. אין די ענגע, חרובע מקומות פון אייראָפּע זענען זיי אויסגעוואַקסן אויף טריט און שריט. וואָס מער ער האָט זיי געוואָלט פאַרענטפערן, אַלץ מער האָבן זיי געאַרט אויף דאָסניי. דאָס אַנטלויפן איבערן ים האָט ר׳ בערטשען אַוועקגעריסן פון זייער שורש און לייכטער געמאַכט דאָס געמיט. שוין אויף דער שיף, וואָס האָט אים אָפּגעריסן פון דער קליינער עדה האָבן די מאַ־טערנישן אָנגעהויבן קליין ווערן, וועלקן און פאַרלוירן.

אין ריזיקן אַמעריקע האָט מען ר׳ בערטשען אויפגענומען ווי אַ מלך. עמעצער האָט געשטעלט אין די בלעטער און הונדערטער יידן זענען אים געקומען אָפּוואַרטן ביים באָרטן. קיין עין הרע: אַזויפיל זשיל־קעווער! וואו האָבן זיי זיך גענומען אַהער? רעדלעך מיט באָרדיקע יינגעלייט זענען געשטאַנען אין דער גרויסער האַלע, געשמועסט צווישן זיך חסידיש־אייפעריק און אַ בינטל זקנים זענען דערביי געשטאַנען און אָנגעקוואָלן. אַ מינוט האָט זיך ר׳ בערטשען אויסגעוויזן, אַז דאָס גאַנצע פריערדיקע איז בלויז אַ דמיון. ווער זאָגט עס, אַז זשילקעווע איז טאַקע אומגעקומען? ער האָט עס געזען מיט די אייגענע אויגן? קען גאָר זיין, אַז בעת ער איז געווען אין די לאַגערן האָט זיך כמעט דאָס גאַנצע שטעטל אויפגעהויבן און אַריבערגעלאָפן דעם ים. איצט זענען זיי געקומען צום באָרטן אים פּותר חלום זיין. אָט זענען זיי דאָ, אַלע... באַלד וועט אַפילו אַרויסקריכן דער אַלטער ר׳ אַרטשע דיין און אים אָפּגעבן שלום עליכם... עמעצער וועט באַלד דערציילן, אַז וועלוול שמש האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטן אויפן רבי׳נס קומען און איז אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט. אַ סך אַנדערע זענען דאָ איבער דער צייט געשטאָרבן כדרך כל הארץ — האָט מען זיי געמאַכט אַ שיינע לוויה און מקבר געווען. מען שטאַרבט דאָ געווי ווי אין זשילקעווע. ווייטער איז אַלץ אַזויווי געווען. און נישט בלויז זשילקעווע. יעדער שטאָט באַזונדער האָט זיך באַצייטנס אַריבערגע־טראָגן אַהער דורך גאָטס נסים, ווייל ביי די דייטשן האָט מען געשניטן בערד... שאַ, אפשר וועט זיך דאָ גאָר באַווייזן זיינס אַ טאָכטער מיט אַ קינדעלע אויף די הענט? אויב נישט, טאָ פון וואַנעט האָבן זיך דאָ גענומען אַזויפיל היימישע יידן?

ר׳ בערטשע האָט בלויז אויף אַ רגע געטראַכט, אַז דאָס נאַרט ער

זיך מיט אַ זיס נאַרעניש. ס׳איז אָבער גוט געווען מיט איר צו פאַר־טרייבן די אַלע נאָגענישן, פון וועלכע ער וואָלט סייווי געמוזט פּטור ווערן. די קולות פון די צעוואָרעמטע חסידים האָבן צוגעצויגן אַ סך פּאָליצײ־לייט. זיי זענען אָבער געשטאַנען רואיק און זיך צוגעקוקט. די יינגעלייט האָבן אַ כאַפּ געטאָן ר׳ בערטשען אויף די הענט, זיך אַוועקגעלאָזן אין אַ ריקוד׳ל פון „וטהר לבנו" און זייער געזאַנג האָט אַזויווי צעבלעזלט דעם אָפענעם ים. ר׳ בערטשע האָט זיך קינדיש געקלאַמערט אין די שווייסיקע הענט און אַליין נישט געוואוסט: דאַרף ער דאָ וויינען, אָדער מאַכן אַ שהחיינו? אַלע מחשבות זענען אַוועק גאָר ווייט, קליין געוואָרן — אַזויווי אַלעמאָל ווען ער געפינט זיך ביי עמעצן אַנדערש אין רשות. ער האָט זיינע אייגענע טראַכטענישן געזען אַרומ־שווימען איבער די קעפּ, אַזויווי ווייטע פינטעלעך, וואָס קיינער קען נישט אָנכאַפּן. ס׳איז אים אַפילו משונה׳דיק־גוט געוואָרן, וואָס ער האָט זיי נישט ביי דער זייט. די הונדערטער צעשטורעמטע הענט האָבן זיי געטריבן, צעשטויסן, צעשלאָגן און עס וואָלט גאָר גוט געווען, אַז זיי זאָלן אַלעמאָל איבער אים וואַכן. אַזויווי די זעכציק גיבורים אַרום שלמה׳ס בעט... עפּעס אַ ברעקל הלכה האָט מיט אים מטושטש איינגעטענה׳ט, אַז אַ מענטש טאָר נישט זיין קיין אָבל צווישן פריי־לעכע. האָט ער דעם מאמר אַריינגעכאַפּט צווישן די ליפּן, גע׳חזרט מיט אַ פאַרטרונקען קול און געוואָלט דערגיין פון אים, אויב ער מיינט טאַקע ר׳ בערטשען אין ניו־יאָרקער פּאָרט...

אויערן האָבן זיך גענומען צונייגן, כאַפּן די ווערטער און ר׳ בערטשען איז דערפון באַפאַלן אַ תאווה צו רעדן. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דורך רייד גיסט ער זיך צונויף מיט זיי, ווערט איינס מיט דער גאַנצער מחנה צעפלאָשעטע קעפּ און פון זיי צו אים וועט זיך איבערגיסן די גאַנצע זיכערקייט, די גאַנצע פאַרגעסנקייט. ער וועט אַפילו מער נישט זיין אחריות׳דיק פאַר יענעם דאָרט, וואָס האָט זיך אים נאָכגעבאָמבלט דעם גאַנצן וועג... דערנאָך איז אָנגעלאָפן אַ גרויסער וואָגן און ר׳ בערטשע איז אַהין אַריינגעזאַפּט געוואָרן אַזוי ווי יונה אין די געדערים פון פיש. אַרום אים האָבן אויגן געבליצט מיט טריישאַפט און געבעט. אַ וואַרעמקייט האָט אים אַרומגעהילט פון אַלע זייטן. ר׳ בערטשען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער אַליין שטייט דאָ ווייטער פון זיך, שטייט און רייסט זיך. אָבער די כוואַליע מיט הענט לאָזט אים נישט צו... ער האָט פּשוט געוואָלט שרייען צו זיי: גוט אַזוי!... וואויל! יעדעס אָנגעשטעלטע אויג האָט ביי אים גע־נומען אויסגלעטן אַ באַהאַלטענעם בזיון, אַ שטיק פון דעם טמא׳דיקן דייטשלאַנד. זע נאָר, וויאַזוי די וועלט האָט זיך איבערגעדרייט ביזן סאַמע שורש! אוואַ... ס׳איז גוט, וואָס ער איז באַשטאַנען צו בלייבן רבי און עס זען מיט די אייגענע אויגן.

איין זאַך בלויז האָט ער נאָך אַלץ באַמערקט: נישטאָ דאָ קיין צער... מען האָט שוין דאָ אַלצדינג געהערט און אויסגעוויינט דאָס ביסל טרערן, וואָס מען האָט געדאַרפט צושטייער געבן... געוואַלט! ווי לאָזט מען נישט כאַטש אַ כזית דערפון, אַט אַזויווי אַ שטיקל נישט־פאַרשמירט ווענטל אין אַ הויז... דאָ קען מען בלויז אַרויסרייסן אַ שטיקל קרעכץ, וואָס פאַלט סיי־ווי אַראָפּ אינם תהום פון נאַקעטן תכלית. דאָס לעצטע ברעקעלע פון אַמאָליקן ר׳ בערטשע האָט דערביי געטראַכט בלחש: צער איז אַזויווי תפילה... מען דאַרף האָבן אַ מנין מיט אַ שליח־ציבור. אַנדערש בלייבט ער אָפּגעריסן, פרעמד — אַזויווי אַן אַנדערנס גוף וואָלט דאָ וויי־געטאָן. דאָ קען מען בלויז רחמנות האָבן. צער איז עפּעס אַן אייגענער ווייטיק, בעת רחמנות איז גוטע פרעמדקייט — נישט מער... דאָ קען מען האָבן אַ סך ידידים — אָבער קיין איין ידיד־נפש נישט. אַזוי אַ מענטש און אַזוי אַ גאַנצע אומה... ס׳איז נישט פאַר הי.

אויך דאָס בית המדרש׳ל, וואָס מען האָט פאַר אים צוגעגרייט, איז די ערשטע טעג געווען געפּראָפּט מיט פריילעכע געסט. זיי זענען געקומען זען דעם רבי׳ן און דערביי אויפפרישן אַן עכאָ, אַ זשילקע־ווער ניגון. זיי האָבן אויך ביי אים דעם צער אַוועקגעריסן, אַוועק־געטראָגן ערגעץ ווייט און ר׳ בערטשע האָט איינגעזעען, אַז פאַר גאָט איז דאָ אפשר נאָך פאַראַן געווען אַרט, אָבער נישט פאַר זיין חלק צער. אדרבא, ווי נאָר דער צער האָט זיך פון אים אַזויווי אָפּגעטאָן, געבליבן הענגען אין חלל — איז ער אַליין אויך זיכער געוואָרן אין זיך, אין דער וועלט, אין גאָט... איז אפשר גאָר מעגלעך דאָ אַהער אַריבער־צוטראָגן די גאַנצע אמונה? אפשר איז טאַקע בלויז צוליב דעם אַזוי פאַרטריבן געוואָרן פון דאַנעט דאָס ביסל יסורים, וואָס יאָגן זיך נאָך אַרום איבער אַלע וועגן פון יידישן אייראָפּע? דער דאָזיקער פאַנצער פאַר יידן איז זיכער נישט אומזיסט באַשאַפן געוואָרן.

## 13

בלויז איינמאָל נאָך האָט אין אים אויפגעפלאַמט די מרידה. דאָס איז געווען ווען ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ גרויסן, שבת׳דיקן טיש און געפּרואווט אַרויספירן זיין תורה־זאָגן אויף די שליאַכן פון די דייטשע לאַגערן. ער האָט אָפּגע׳משל׳ט, אַז דאָס גאַנצע יידישע פאָלק איז געגליכן צו אַ לאַגער. פונקט ווי דאָרט איז דער עולם צעטיילט געוואָרן אויף רעכטס און לינקס, אַזוי איז עס געשען מיט דער גאַנצער אומה... איין זייט — לעבן; די צווייטע זייט — טויט... כביכול, להבדיל אלף אלפי הבדלות, האָט געטאָן דאָס זעלבע: איין טייל יידן האָט ער גענומען און באַצייטנס זיי אַריינגעשריגן אין

האָרץ: אַנטלויפט! זענען זיי געלאָפן וואו די האַנט פון השגחה האָט געוויזן: קיין ארץ ישראל, קיין אַמעריקע... ביז זיי האָבן זיך גע־ראַטעוועט. דערפאַר אָבער האָט דאָס זעלבע קול אַריינגעשריגן צו דער צווייטער העלפט: בלייבט אין די זשילקעוועס! זענען זיי גע־בליבן און אומגעקומען... פאַרוואָס און פאַרוואָס אַזאַ סעלעקציע בידי שמים איבערן יידישן פאָלק? ווייסט קיינער נישט... אַ סוד פון דער השגחה — — —

נאָר די יידן האָבן שוין געוואָלט שמחה׳דיקע תורות... אָט אַ שטייגער, וויאַזוי מען האָט איבערגעלעבט עמלק׳ן, פרעה׳ן, היטלער׳ן... עפּעס אַ קלייניקייט, דאָס אייביקע יידישע פאָלק?! ער האָט עס דער־קענט אין זייערע אויגן. האָט ער אָפּגעהאַקט. דאָ איז אַ וועלט, אין וועלכער מען קען אַמאָל אַרויסרופן שרעק. אָבער דעם טעם פון צער צוליב ספק וועלן זיי שוין קיינמאָל נישט פילן. דאָ מוז מען זיך אַפילו שרעקן מיט זיכערקייט; עס מוז זיין אַ פריילעכער סוף פסוק... דאָ מוז מען זיין אַ מעורב עם הבריות. מען קען זיך דאָ נישט עקשנען, אַז מען וויל אַוועק; אַז מען וויל אַמאָל בלייבן מיט דער אייגענער קליינקייט... מען מוז דאָ שפּרייזן אין דער ברייט. עס שטייען דאָ אַזויפיל טויזנטער ווענט, אַז מען מוז כסדר האָבן אַרום זיך כוואַליעס מענטשן בכדי אַרויסגעזען צו ווערן. דערפאַר קלאַמערט מען זיך אין זיי, האַלט מען דעם עולם ביי דער פּאָלע, טוט מען זיין ווילן בכדי נישט פאַרלוירן צו גיין. ס׳איז אַ לאַנד פון גרויסע ציפערן. יידן דאַרפן דאָ זיין מיליאָנען בכדי מען זאָל קענען באַמערקן, אַז אַזאַ שטיקל אומה פלאָנטערט זיך צווישן די גאַסן. נישט מעגלעך דאָ אַרומצוצוימען אַ פּאָר ברעטער אַרום עפּעס אַ דלת־אמות׳דיקער זשיל־קעווע, איינהילן זיך אין אַ טלית און באַשליסן: אָט דאָ לעבט אַ פאָלק... וואָסזשע וועט ער דאָ גיין איינ׳טענה׳ן? סיווי מוז אַזאַ שטיקל צער ווי זיינער דאָ פאַרלוירן גיין.

נאָך אַ סך מחשבות האָט ר׳ בערטשע געטראַכט, זיי אַרויסגעוויקלט פון דער אַמעריקאַנער צעוואַקסנקייט און דאָך זיי נישט געקענט באַ־שיידן. דערנאָך זענען געקומען גאָר אַ סך וואָכעדיקע טעג, אין וועלכע קיין מענטש האָט זיך רעכט נישט באַוויזן. די דירות זענען געוואָרן גרויס און ליידיק. עפּעס אַ פרוי האָט געקאָכט און געשטעלט צום טיש. ער האָט נישט געוואוסט וואו צו גיין זוכן אורחים און ער האָט גאָר אָנגעהויבן מספּק צו זיין, אויב ער קען פון דעם אַרומלויפנדיקן ים אַרויסציען עטלעכע מענטשן, וועלכע זאָלן זיין בעלבּים זיך אַוועקצוזעצן רואיק ביי אַ טיש. דערפאַר האָט אויך דאָס געמוזט געשען:

ביים פילניצער רבי׳ן אין די בראָנקס האָט זיך געיאָוועט אַ גע־ראַטעוועטע, מיוחס׳דיקע קרובה. לייט האָבן געזאָגט, אַז מיט אַן איידעלן ייד וואָלט זי באַשטאַנען חתונה צו האָבן. האָבן זיך ווידער גענומען

ווייזן יידן ביי ר׳ בערטשען אין די וואָכן־טעג, אַרומגעשמייעט מיט פולע פנימער סודות, הגם זיי האָבן בלויז געדאַרפט איבערקייען אַלטע פסוקים. זיי האָבן גערעדט בלשון רמז, אין נאָמען פון זיין הויז גאָר: דאָס הויז דאַרף אַ בעל־הבית׳טע... דער טיש וויל נאָך אַ מענטש... און ר׳ בערטשע האָט פּלוצים דערזען, אַז אַלטע רייד קענען שמועסן מיט עפּעס אַ ניי לשון וואָס אַלע אברים נעמען אויף מיט ציטערדיק־זיסן נייגער.

דערנאָך האָט ער זיך אַליין נישט געקענט דערמאָנען, ווען אייגנט־לעך ער האָט געגעבן זיין הסכמה זי מקדש צו זיין. ער האָט בלויז געדענקט, ווען דער פּילניצער איז געקומען צו אים אין הויז פּראַווען טיש און ווען אַ דיקלעכע פרוי האָט דערנאָך מיט שטילע טריט אַרומ־געטאַפּט די ווענט. ערשט ביינאַכט האָט ער געוואָלט אַ קרעכץ טאָן און זיך געשעמט. ער האָט פּלוצים, אַזויווי דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, געהערט אַ טיף אָטעמען נישט ווייט פון זיין געלעגער.

14

וואָס פאַר אַ נאַראָנים די וועלט פאַרמאָגט נאָך! דאָס פּיסקלדיקע שרייבערל, מיט וועלכן ר׳ בערטשע איז געווען אין די לאַגערן, האָט זיך אָפּגעזוכט אין אַמעריקע. ער איז געקומען, גאָט ווייסט צוליב וואָס. אָבער דאָס ערשטע האָט ער גענומען אַרויסלאָזן שלעכטע קולות אויף ר׳ בערטשען. עפּעס האָט ער זיך דערמאָנט טויזנט און איינס אַפּיקורסותן, וואָס ער האָט פון אים דאָרט געהערט. ביי דער שווערער אַרבעט האָבן פון אים אַרויסגעקוואָלט דיבורים, וואָס מעגן נאָר איינשטיין אין טריפה׳־נע מיילער... היינט האָט ער אָנגעטאָן דאָס שטריימל אויפן קאָפּ, זיצט זיך אין די אַמעריקאַנער מרחקים און פירט אַן עדה יידן בדרך המלך...

אין זיין ברוקלינער דירה האָט ר׳ בערטשע אַפילו באַקומען פון יענעם אַ לאַנגן בריוו. ער פרעגט אים דאָרט רק שווערע שאלות און מיינט, אַז ער וואַרפט דערמיט אום אַלע זיינע הימלען. וויי־געשריגן, ווען די זשילקעווער זאָלן וויסן מיט וואָס פאַר אַ לשון דער ייִנג שרייבט עס צום רבי׳ן! נאָר ר׳ בערטשע האָט זיך אין אַמעריקע געמאַכט אַ שטייגער: ווי נאָר עס קומט איינער פון די לאַגערן, איז ער אים מכבד מיט כל המינים כיבודים. סיידן יענער איז באמת געווען אַ רשע ומרושע. טיילמאָל זוכן זיי אים אויף, קומען אַריין אין בית המדרש אינם בלויזן קאָפּ, גייען אַריין ביז צו אים אין חדר אַריין און רעדן מיט חוצפה׳־דיקער היימישקייט: אַזוי גאָר, בערטשע... ביזטו גאָר געוואָרן אַ רבי! פאַרוואָס נישט? דו מעגסט זיך אויך אַביסל אויסרוען די ביינער אויף זייערע קאָסטן... אין יענער צייט, ווען דו האָסט געפּאָכעט מיט דער נשמה, זענען זיי געזעסן און הנאה געהאַט. כ׳לעבן, ביזט אַ יאַט מיט ביינער!...

נישט איינעם אַזעלכן האָבן די מקורבים געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון אַלע טרעפּ. די דיקלעכע רביצין מיטן בלאָנדן שייטל האָט זיך גע־קניפּן שטיקער פלייש פון גרויס פאַרדראָס. נאָר ר׳ בערטשע האָט נישט געלאָזט. די וועלט וועט זיך דאָ איבערקערן! האָט מען פאַרשוויגן. ער אַליין איז דערנאָך אַרומגעלאָפן איבער אַלע חדרים, געזוכט מיט וואָס מכבד צו זיין דעם גאַסט און אים היימיש געמאַכט מיטן עולם: אוי, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן! האָבן די יידן שלום געמאַכט: סוף־כל־סוף האָט יענער געזען אַזוינס, וואָס קיינער ווייסט נישט דאָ. דאַרף מען די חשבונות מיט זיי איבערלאָזן דעם יודע לבבות. זיי זענען שוין געווען אין גיהנם, נאָך איידער זייער מעסטל איז פול געוואָרן...

דערפאַר אָבער האָט ר׳ בערטשע אַליין געוואָלט דערפירן דעם חשבון מיטן בייזן שרייבערל ביז אַ טאָלק. ביינאַכט, ווען אַלע זענען געשלאָפן, האָט ער זיך גענומען ציקלען אַ בריוו אַזויווי צו זיך אַליין. קען זיין, אַז דאָס מעג שוין בלייבן זיין צוואה, נאָכדעם ווי ער וועט דאַרפן אָפּגעבן אַ דין וחשבון:

„...דו וואונדערסט זיך אויפן גאַנצן בערטשע: וואו האָט ער גענומען די איצטיקע אמונה? דו פרעגסט וואָס ער ענטפערט זיך אַליין, נאָכן איינהילן זיך אין טלית? דו אַליין ווייסט נישט, ווי ווייט די וועלט איז אויף אייביק פאַר׳משפּט צו אמונה. לאָז די וועלט איין טאָג אָן גלויבן — און זי וועט אונטערגיין. די מענטשן וועלן ווערן חיות און אַרומגריזשען די וואָרצלען פון דער וועלט מיט זייערע הונגעריקע ציין. דערפאַר שרעקן זיך אַלע — און גלויבן. אויך דו. וואָס ביסטו דען ווערט אָן אמונה? אַז דו גייסט אין גאַס דאַרפסטו ציטערן, טאָמער באַפאַלט דיך אַ צווייטער און שניידט דיר איבער דעם האַלדז. פאַרוואָסזשע ציטערסטו נישט? ווייל דו האָסט שטילערהייט אמונה. די מענטשן וואָס גייען פאַרביי נעבן דיר ביינאַכט — קענסטו נישט, ווייסטו נישט אויב זיי זענען אָרנטלעך. אָבער דו געטרויסט זיי דיינע טריט בלינדערהייט. איז דאָס שכל הישר? נאָר דו גלויבסט אין דעם גאָט פון זייער האַרץ און דו ווייסט נישט דערפון. דאָס האַרץ בלויז ווייסט.

„דערנאָך טראַכסטו פון אידישן פאָלק. איז עס נישט ללעג ולקלס? פאַרוואָסזשע ציטערסטו נישט טאָג און נאַכט, טאָמער קומט מען ווידער און מען פאַרברענט דיך? ס׳איז נישט מענטשלעך? פאַרוואָסזשע האָט עס פריער יאָ געקענט זיין מענטשלעך? מען זאָגט, אַז כח השכחה איז גרויס. אָבער אַ מענטש פאַרגעסט נישט קיין סכנה, ווען די שווערד ליגט אים אויפן האַלדז. אלא וואָס דען? אויך דאָס גאַנצע פאָלק האָט אמונה. דערפאַר טאָקע פאָרן יידישע אַפּיקורסים אין אַ לאַנד וואָס איז אַרומגערינגלט פון שונאים און האָבן בטחון. זיי מיינען, אַז זיי פאַרלאָזן זיך אויף דער אייגענער שווערד אָבער זיי נאַרן זיך: זיי טרייסטן זיך מיט אמונה... און אַז די גאַנצע וועלט האַלט זיך אויף די־

פיס? ווּעסטו זאָגן: זי איז טאַקע פול מיט חשד און רינגלט זיך אַרום מיט כל המינים משחיתים. דער דרך הטבע איז טאַקע, אַז איין העלפט זאָל באַפאַלן די צווייטע און דער׳הרג׳ענען. בימי היטלער האָבן מיר געזען, וויאַזוי די וועלט האָט אויסגעקוקט בדרך הטבע. פאַרוואָסזשע אַקערט זי דערוויל, זייט און לייגט זיך שלאָפן מיט פאַרמאַכטע אויגן? בלויז דערפאַר, ווייל אויך די חשד־צעפרעסענע וועלט גלויבט אין דער גוטער זייט פון שונא. אַי, ער האָט דאָך שוין נישט איינמאָל אַרויס־געוויזן זיינע שאַרפע נעגל? איז ווידער דאָס זעלבע: אמונה. און אמונה איז גאָט. דאָס רשעות הויבט זיך ערשט אָן ווען מען פאַרגעסט אין אים, ווען אמונה הערט אויף און ער איז במילא נישטאָ.

„דו ווילסט וויסן פאַרוואָס איך בין אין יענע צייטן געווען אַ כופר? דערפאַר ווייל אין יענע מעשים האָב איך אים נישט געוואָלט דערזען. אין די טאָלן פון טויט איז ער נישט געווען. כ׳וואָלט געווען אַ רשע, ווען איך זאָל אין אים דאָן נישט געווען כופר זיין. פאַרוואָס ער איז דאַן אַוועק און שפּעטער צוריקגעקומען צום מענטש אין האַרץ, דאַרף ער אונז נאָך אַנטפּלעקן. אפשר האָט ער אונז געוואָלט וויזן, וויאַזוי די ערד זעט אויס אָן זיין שאָטן? כ׳ווייס נישט. נאָר איצט איז ער דאָ, כל זמן אמונה איז דאָ. וואָס מער אמונה — מער גאָט; און וואָס מער גאָט — מער זיכערקייט. דאָרט איז ער מסתמא נישט געווען, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט גענוג אמונה אים איינצוהאַלטן. איצט האָבן מיר אַלע סייווי אמונה. ביי דיר הויבט זי זיך בלויז אָן ביים מענטש און ביי מיר — ביי אים גופא. וואו זעסטו די סתירה?

„דו ווייסט דאָך: אונדזער יידישער גאָט האָט זיך קיינמאָל נישט געוואָלט דועלירן מיט שווערדן. ער האָט דעם מינדסטן, פאַרשמאָדערטן מענטש איבערגעלאָזט די בחירה, ווי אים וואוילגעפעלט. ער וויל נישט גאָט? האָט ער אים טאַקע נישט. פאַר אים איז ער אפשר באמת נישטאָ. נאָר אַז מען האָט גאָט נעבן זיך, ברענען אויס אַלע ספיקות, ווערן זיי אַש אין דער נאָענטקייט פון פייער. וואָס נאָך פאַר אַ באַווייזן זוכסטו?...״

דאָס וויטערדיקע האָט שוין ר׳ בערטשע דערלייענט פאַר זיך, שטילערהייט, אַז אפילו אַ מלאך פון הימל זאָל עס נישט דערהערן.

## 15

וואָס מער ר׳ בערטשעס באָרד איז אויסגעוואָקסן, אַלץ מער איז ער ענלעך געוואָרן צום פריערדיקן זשילקעווער. די טעג האָבן אויפ־געהערט צו פרעגן שאלות און זענען אויסגעפולט געוואָרן מיט די געוויינטלעך־רבנישע געננג. ער האָט אָבער אַלעמאָל געדאַרפט קהל, אסיפות און גבאות׳ן בכדי צו זיין זיכער, אַז די וועלט פון גאָט האָט

זיך צוריק אויפגעשטעלט. אַלע מאָל האָט ער געדאַרפט האָבן אַ סך יידן פאַר די אויגן און דערביי האָט ער זיי אַלעמאָל באַטראַכט ווי אַ פלא׳דיקן חידוש: טאַקע יידן!

פון אומעטום האָט מען אים גערופן צו האַלטן דרשות, געבן הסכמות כמעט אַזויווי אין דער אַלטער היים. דער ברען האָט אָבער געפעלט און דערפאַר האָט ער זיך אַלעמאָל געמוזט רייבן די אויגן, אויב ער זעט עס טאַקע. ער האָט געוואוסט, אַז אין אַ ווינקל ביי אים לויערט נאָך דער פאַרדראָס און ער איז אים באַהאַלטן ניחאָ געווען. טיילמאָל בעת אַן אסיפה פון רביים איז אים באַפאַלן אַ פחד: פאַרוואָס איז אים מיטאַמאָל אַלץ קלאָר געוואָרן? פאַרוואָס זענען זיי אַלע אַזוי זיכער? האָבן זיי טאַקע יענע גרויסע אהבה, וואָס מאַכט בטל ומבוטל אַלע קלערענישן? אין אַזעלכע מינוטן האָט מען זיך דערשראָקן פאַר אים און פאַר זיינע רייד. איבערהויפּט האָט מען געציטערט, ווען ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר כל המינים כופרים. ווען דאָס זאָל נישט זיין דער זשילקעווער — וואָלט מען אים חושד געווען, אַז ער וויל זיך איינקויפן ביי יענע לייט. אָבער ר׳ בערטשע? דער זשילקעווער איז נישט קיין נושא פנים. דאָס האָט מען געמוזט וויסן. וואָסזשע דען שפּאַרט אים אַזוינס? קיינער האָט עס נישט געהאַט בדעה צו פרעגן. נאָר ביי איין אסיפה פון רבנים האָט זיך דער הימל שיעור געשפּאָלטן. אויפן באַלעמער איז גראָד געשטאַנען דער האַרבער קאַלאַטשער חריף. איז שוין געווען אַ כלל, אַז בעת יענער דרשנ׳ט זאָל מען שווייגן, ווייל די צונג איז ביי אים נאָך שאַרפער ווי דער מח. דער קאַלאַטשער איז דאָס מאָל געווען פייער און פלאַם. מיט הונדערטער רמב״ם׳ס און פוסקים האָט ער באַוויזן, אַז מען מוז איצט קריעה רייסן, שרייען און לייגן אין חרם אַריין יעדן ייד וואָס איז מחלל שבת אין ארץ ישראל. הגם לכבוש את המלכה עמי בבית? אַ קליינע עבירה אין הייליקן לאַנד איז גרעסער ווי שמד אין דער פרעמד. דאָס האָט דעם דין פון חילול קדשים. אַ בפירושע גמרא דערויף — — —

ר׳ בערטשעס פנים האָט אַ פלאַם געטאָן און זיין באָרד האָט זיך פאַרדריסיק אַ הויב געטאָן צום קאַלאַטשער. אַלע אַרום האָבן זיך איינגעקורטשעט אין די ערטער, געבויגן זיך אונטער דעם קאַלאַטשערס היץ און געוואָרט הכנעה׳דיק אויפן צוזאַמענשטויס. בלויז ר׳ בערטשע האָט זיך געלאָסן אויפגעשטעלט, אַזויווי פאַרגעסן, אַז דער גאון האַלט אין מיטן. זיין פנים האָט אימה׳דיק געגומען דראָען דעם עולם: נאָך אַלע ארבע מיתות בין דין, באַשיט מען נאָך יידן מיט פייער...

דער קאַלאַטשער אַליין האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. איז ער דען נישט אַנטלאָפן פון די דייטשן מיט אַ פּאָר געטרייע תלמידים? אָבער ר׳ בערטשע שלעפּט צוריק אַהין — מוז מען דרך ארץ האָבן אַ רגע. ר׳ בערטשע האָט דערווייל אויסגעגלייכט דעם קאַפּעלוש איבערן שטערן

און געדונערט איבער דער איינגעשוויגענער אסיפה: איר גרייט צו אַ חרם פאַר די אַפּיקורסים? אויב אַזוי לייגט אויך מיך אין חרם אַריין. אין די לאַגערן האָב איך אַליין געהאַלטן דערביי. זאָג איך אייך: ווער עס האָט אין יענע טעג פון ברענען יידן נישט געהאַלטן ביי כפירה — פאַר דעם האָב איך פּשוט מורא... און ווער עס האָט איינמאָל געהאַלטן דערביי, טאָר די היינטיקע כופרים נישט פאַרשעלטן. ס׳איז אָסור מדאורייתא ומדרבנן! אין היינטיקן דור זע איך דערין דעם סימן ייד...

אין דער מחנה האָט זיך אַ רודער געטאָן אַ צאָרנדיקער געמורמל. דער קאַלאַטשער האָט בפירוש געפונען אַ פאַרקערטן „משנה למלך״ און זיך געגרייט צו דער שלאַכט. אָבער ר׳ בערטשעס קוק איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט אַזויפיל גבורה און ביטול, אַז דער קאַלאַטשער האָט זיך אַ ווײַלע צוריקגעצויגן, געוואַרט אויף מער טומל צו זיין הילף... נאָר ר׳ בערטשע האָט זיך נאָכאַמאָל אַליין דערקענט. אמת, ער שטייט דאָ איינער אַליין, איינער אַליין — אָבער אַ גיבור! אַלע דערשטיקטע ווערטער וואָס האָבן די גאַנצע צייט אין אים געוויינט אָן תיקון, האָבן איצט אַרויסגעשפּאַרט, אַרויסגעשטורעמט און פאַרדעקט זיין גאַנצע איינגעצוימטקייט: זיי זענען, זאָגט איר, מחלל די הייליקע ערד? אָבער ווער פון אונדז ווייסט עס, וואָס מען מיינט חילול; מיט וואָס מען איז מקדש און מיט וואָס מחלל? ווער עס איז נישט געשטאַנען, פּונקט ווי זיי, פאַרן נסיון פון אָפּגעבן דאָס לעבן פאַר יידן — איז מער כופר בעיקר ווי זיי, אויב ער זאָגט אַ שלעכט וואָרט. די ליפּן דאַרפן בריען פון אַ קויל אַזויווי ביי ישעיה הנביא, איידער מען גייט ווערן צדיקים אויף זייער חשבון... לייגן אין חרם אַריין יידישע קינדער, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין ים אַריין, בכדי צו טראָגן געראַטעוועטע יידן אויף זיין רוקן? אַרויסוואַרפן פון כלל ישראל יידן, וואָס זענען געלאָפן אין דייטשן גיהנם אַריין טרייסטן אַ ייד פאַרן פאַרברענט ווערן? זיי זענען דאָס די מומרים; און די וואָס האָבן זיך מיטן ביסל תורה געלאָזט איבער גרענעצן, אָדער געקושט אַ געסטאַפּאָ־האַנט, וואָס האָט זיי געראַטעוועט דאָס שטרײַמל — זיי וועלן זיין די מחרימים, די צדיקים!? מיינט איר אַוודאי, אַז אַזאַ מסירת נפש געפינט מען במציאה אין גאַס? דאָס האָט זיי עמעצער געשענקט במתנה? דערווייל האָבן זיי באַוויזן דעם כח פון קידוש השם און דאָס האָבן זייערע מנהיגים מיט זיי געקנעלט, נישט מיר... דאָס איז אויך תורה, טאַקע תורה — די אמתע... בעט איך אייך יידן, אויב איר האַלט ביים לייגן זיי אין חרם — טוט מיר צוליב און יהי חלקי עמהם!

אַ פּחד האָט אַלעמען דערשטיקט די העלדזער. ר׳ בערטשע האָט געוויינט און אַפילו דער קאַלאַטשער איז אים צוגעלאָפן באַרואיקן. בלויז עפּעס אַ האַרבלעך קול פון אַ זייטיק ווינקל האָט געפּרואווט אויסשרייען אַז ס׳איז פאַרט פאַראַן אַ גמרא וואָס זאָגט... נאָר קיינער האָט אים

באותה הרגע נישט געקענט אויסהערן. די שרעק איז געווען אַן אומ־זיסטע. ר׳ בערטשע האָט מער קיין אַפּיקורסותן נישט געזאָגט... עמעצער אין זיין זייט האָט שטיל גע׳טענה׳ט: בכדי אַזוי צו רעדן כלפּי מעלה דאַרף מען האָבן היפּש אמונה. ס׳איז אים מקנא צו זיין!

נאָר ר׳ בערטשע האָט שוין קיינעם נישט געהערט. ער האָט זיך פּלוצים דערפילט גאָר אַליין צווישן אַזויפיל מענטשן. אַ געוויין פון עלנט האָט אים געשפּאַרט צו אַנטלויפן, אַזויווי דעמאָלט פון לאַגער... נאָר דערביי האָט אַ צווייט קול אינעווייניק אים וואַרעם געגלעט, צו־געהאַלטן אים צום אָרט און מיט דער גאַנצער קלאָרקייט פון מח איז אים ראַפּטום גוט געוואָרן אַזויווי קיינמאָל נישט:

זיין כפירה פון אַמאָל האָט פּלוצים באַקומען איר תיקון... אָט אַהער האָט מען זי געדאַרפט און אַהער האָט ער זי דערפירט. איצט ווייסט ער: זי איז ביי אים געלעגן אַ פּקדון. איז גאָט צו דאַנקען — ער האָט זי אָפּגעגעבן!

פּאַריז, 1946 — ניו־יאָרק, 1955

# אויף יענער זייט וואַנט

1

דער פֿאַריזער מזרח־וואָקזאַל האָט שוין לאַנג נישט געהאַט אַזאַ שפּע פֿון ציווילע פּאַסאַזשירן. ווי נאָר גאָט האָט געגעבן אַ טאָג, האָט זיי די באַן אָנגעטראָגן אין די הונדערטער. זיי האָבן באַלד אָנגעמאַכט אַ געפּילדער, אַזוי ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך געהאַלטן אויף זיי. פֿאַר דער מלחמה האָט אַזאַ פּרעמדער רויש געשמעקט מיט לוסטיק לעבן און גוטע פֿאַרדינסטלעך. דאָס פֿלעגן זיין מיושב׳דיקע חברה מיט גאַנצע בערג טשעמאָדאַנעס. מען האָט שוין געוואוסט, אַז זיי זענען גרייט צו צאָלן מיט אַ לייכטן טאָלער באַלד ביי די ערשטע טריט. דאָס מאָל זענען זיי אָבער געקומען אָנצולויפֿן ווי געטראָגן פֿון ווינט, מיט אָפּגעכוימלטע בגדים און דאַרע וואַליזעס.

אַ שמחה איז בלויז באַפֿאַלן די קליינע האָטעלעכלעך, וואָס האָבן זיך ליב געהאַט צו טוליען אַרום גרויסע וואָקזאַלן. מיט וואָס זיך איבערצונעמען האָבן זיי קיינמאָל נישט געהאַט. דערפֿאַר אָבער זענען זיי געווען נאָנט און ביליק. עטלעכע טריט פֿונם וואָקזאַל האָט מען שוין געהאַט וואו אַוועקצולייגן די וואַליזעס. אַלע קלענערע האָטעלן, פֿון גאַר ד׳לעסט ביז העט אַראָפּ נאָך באַרבעס, זענען טאַקע באַלד פֿול געוואָרן. יעדן פֿרימאָרגן האָט מען געזען די נייע מענטשן שפּרייזן מיט מאָגערע טלומעקלעך, אַזוי ווי זיי וואָלטן אָקאָרשט אַרויסגעפֿאַלן פֿון צוג אָדער ווידער צו אים געלאָפֿן. די אויגן האָבן עפּעס געזוכט פֿאַרגאַפֿט אויף די אומפֿאַרשטענדלעכע גאַסן־שילדלעך און די הענט האָבן דערביי געצויגן צעהאָדערטע אַדרעסן־ביכלעך פֿון די טאַשן. ווען נישט דאָס פֿאַרלוירענע שמייכעלע אויף די פּנימער, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז פֿאַריז ווערט ווידער שטילערהייט אָקופּירט פֿון אַ פּרעמדער אַרמיי, וואָס קיינער האָט איר קומען נישט באַמערקט.

ס׳איז געווען ניינצן פֿינף־און־פֿערציק. פֿראַנקרייך האָט זיך נאָר־וואָס אויפֿגעכאַפּט פֿון אַ לאַנגן, שווערן שלאָף און זיך נאָך אַליין רעכט נישט געגלויבט, אַז זי איז טאַקע פֿריי. אַ סך פֿראַנצויזישע יינגעלייט האָבן זיך נאָך געוואַלגערט איבער די וועגן, געשפּרייזט אַהיים פֿון יענעם עק וועלט און געזונגען אויפֿן קול. קיינער האָט נישט גע־וואוסט, ווער עס דערלאַנגט זיי דאָרט אַ שטיקל ברויט אָדער אַ קענדל מילך און אויב זיי וועלן זיך בכלל דערשלאָגן ביז צום אייגענעם הויז.

איז גוט געווען צו זען וויאַזוי מען קומט, ווער עס זאָל נישט זיין. די פרעמדעס שפּרייזן מיט טאַפּנדיקע טריט איבער די גאַסן האָט גע־שמעקט מיט בשורה, מיט פאַרלייגטע וועגן אין דער ווייט און מיט אומקער.

זעלטן ווער עס האָט פאַרשטאַנען זייערע העוויות און שאלות אויף ווינק־לשון. אָבער פאַריז האָט שוין אַזוינס געזען און נישט איין מענטשן־כוואַליע איז שוין איבערגעקאָכט געוואָרן אין פראַנקרייכס אינגעווײדן. האָבן באַיאָרטע מענער געפירט די פרעמדע ביי דער האַנט און פרויען האָבן צו זיי געשמייכלט מיט וויבערישן פלאַפּל. מער האָט מען נישט באַדאַרפט. אויפן צווייטן טאָג זענען אַוועקגעלאָפן פעק מיט בריוו איבער די גרענעצן: אין פאַריז ווערט מען נישט פאַרפאַלן...

און די באַנען זענען ווידער אָנגעלאָפן מיט פולע בייכער און פאַרסאָפּעטע אויפן מזרח־וואָקזאַל.

2

אַזויווי איבער נאַכט זענען אויפגעקומען צענדליקער אידישע אינ־סטיטוציעס. זיי האָבן זיך צעוואָרפן איבער אַלע עקן פון דער שטאָט און פון דאָרט געצויגן זייערע פעדים צו די הונדערטער קליינע האָטעלן און אַזילן. אין די גרויסע, פאַרוואָרלאָזטע הייזער פון יידישע גע־זעלשאַפטן האָט מען אַוועקגעשטעלט קיכן און פאַר אַ צעטל פונם „קאָמיטעט" האָט מען דאָרט געקענט אָפּעסן. ווער עס האָט די דאָזיקע „קאָמיטעטן" אויסגעוויילט איז נישט מעגלעך געווען צו וויסן. די נייע מענטשן האָט עס אויך ווייניק אינטערעסירט. עס איז אַפילו גוט געווען, וואָס זיי האָבן זיך געפלאָנטערט איינע אונטער דער צווייטערס פיס און דערפאַר האָט מען געקענט אויסקלייבן, צו וועמען עס איז בעסער אָנצוקומען. אין רויטן קרייץ האָט מען געטיילט פעקלעך שפּייז; אין אַרבעטער־הויז האָט מען מכבד געווען מיט געקעכץ; אין „פּוילישן" קאָמיטעט האָט מען געמאָסטן אָפּגעטראָגענע שיך און אויסגעוואַקסענע מאַנטלען; אין דער פעדעראַציע האָט מען געטיילט געלט; אין „קאָזשאַסאַר" האָט מען געגעבן געוואַנטענע אָנצוגער און ביי די לאַנדסלייט האָט מען געקענט כאַפּן אויף אַ חודש דירה־געלט...

גאַנצע וואָכן האָט מען געקענט גיין פון איין אַדרעס צום צווייטן און שפּעטער ווידער אָנהויבן פון אָנהייב. אָוועטאָווע האָט עס בעסער געלוינט, ווי אַריינצוגיין אומלעגאַל אַרבעטן פאַר אַ פּאָר נאַרישע פראַנק. האָט מען זיך באַזאָרגט מיט צעטלען אין עטלעכע קיכן און צווישן איין עסן און דעם צווייטן האָט מען געשטעקט אין מעטראָ, באַקענט נייע מענטשן און ביי זיי גענומען אַ פרישן אַדרעס. בלויז ביינאַכט,

ווען אַלע אָרגאַניזאַציעס זענען געשלאָסן, האָט מען זיך דערלויבט אָנצוטאָן דעם ניי־באַקומענעם אָנצוג. דאָס האָט מען זיך אַרויסגעלאָזט מיט אָפענע הענט כּאַפּן שיריים דערפון, וואָס דאָס זינגעוודיקע פּאַריז קען צוואוואַרפן אַפילו אַ פרעמדן מיט אַ פּאָר אויסגעבעטענע פראַנק אין טאַש.

ס'איז געווען אַ לעבן אויף דערוויל, פון גאָרנישט דאַרפן און פּאָר גאָרנישט זאָרגן. ס'האָט פאַרכאַפּט אַזאַ פריידיק הפקר־געפיל, אַז די גאַנצע וועלט זאָרגט, מוז איצט זאָרגן פאַר דיר. זי שיקט געלט, פּעק־לעך עסן, מלבושים — און מען מעג זיך שוין אויף איר פאַרלאָזן. דאָס לעבן האָט מען געגומען, ווי דעם טעלער זופּ, פּאַרטיקערהייט און וויאַזוי עפּעס אַ קעכין האָט זי פאַרשטאַנען צו קאָכן. אין די האָטעל־קאָרידאָרן אָדער ביי די קיך־טישן האָט מען שנעל געשלאָסן קאַנטשאַפטן, גיך היימיש געוואָרן ווי ברידער אָדער געוואָרן אויף מעסער־שטעך ווי אייביקע שונאים. דער ערשטער בליק האָט געקענט מאַכן פון אַ פרעמד פּאָרל מאַן און ווייב, בעת דער צווייטער בליק האָט שוין געקענט ברוגז מאַכן — אַזויווי נאָך אַ לאַנג־יאָריקן און אומדערטרעגלעכן צוזאַמענלעבן.

אין די דושנע קולואַרן פון פילאַנטראָפּישן פּאַריז האָט זיך צונויפ־געקליבן אַ קליין פּאָלק, אָן דאָקומענטן און אָן אַ ברעקל אַחריות צום זכרון. פּאָרלעך האָבן זיך צונויפגעטראָפן ביי די שוועלן פון אַ קאָ־מיטעט. דאָס אַדרעסן־ביכל האָט ביידע גלייך געדינט און דאָס פּיצל אָרט אין האָטעל־צימערל האָט געקענט פאַרויגן צוויי קעפּ אַזוי גוט ווי איינעם. די אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך געמערט פון טאָג צו טאָג. יעדע פון זיי האָט זיך געהאַט אירע קאָנטאַקטן מיט אויסלאַנד און איר רשימה פון געהאָלפענע האָט געמוזט וואַקסן. צוזאַמען מיט די נאָנטע מענטשן, וועלכע מען האָט געקענט, איז אויך דערלאַנגט געוואָרן הילף צו יעדער האַנט וואָס האָט זיך אויסגעשטרעקט. עס איז נישט מעגלעך געווען צו פאָרשן אין וויפל ערטער דער געקומענער איז שוין אויסגעווען און וואָס ער האָט שוין אַלץ באַקומען. סיידוי האָט ער שוין קיין גליקן נישט געקענט מאַכן. איז מען צופרידן געווען, וואָס ער נעמט וויפל מען גיט אים און לאָזט זיין נאָמען פאַר אַ משכון.

עס איז אויפגעשטאַנען אַ מחנה געבער פון רעכטס און פון לינקס, פון מיטן און פון אַלע זייטן. ביי טייל האָט עס נאָר געמוזט צוגיין מיט טומל, מיט רייען ביי דער טיר און מיט פאָטאָגראַפיסטן ביי דער זייט. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין זכות פון די אָפּגעשליסן־הפקר'דיקע נעמער וועט מען אַזוי כּסדר לעבן ווי פרייע פייגל. אַ סך וואונדער־לעכע זאַכן און אַ סך חזירייען זענען אין יענע טעג אָפּגעטאָן געוואָרן אין איין אָטעם. ס'איז געווען אַ מין צעלאָזענער און פריילעך־הפקר'־דיקער בין השמשות; פון היינט דאָ און מאָרגן אין יענעם עק וועלט, וואו

קיינער וועט קיין דין וחשבון נישט פֿאַרלאַנגען. איז נישט קיין וואונדער, וואָס געוועזענע לאַגער־מענטשן אָדער נעכטיקע סיביריאַקעס האָבן מיט לוסטיק־קינדישער גוטברודערשאַפֿט אַוועקגעשריבן צו נאָך אַנדערע: אַ וואויל שטעטעלע, דאָס פּאַריז! מען קען דאָ צווישן יידן נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן.

און עס האָבן גענומען ציען דורכן מזרח־וואָקזאַל הונדערטער, טויזנטער... נאָמען האָט זיך געמישט מיט נאָמען, אָרט מיט אָרט און עס איז נישט מעגלעך געווען צו דערגיין אַ טאָלק ווער איינער איז און מיט וואָס ער שמעקט. ס'איז געווען אַ רעש, ווי ביי אַ משפּחה נאָך דער לויה... און אין איינער, אַ פּאַריזער רעדאַקציע האָט זיך עפּעס אַ ספק־לך און ספק פּגע־רע באַרימט, אַז זיין פּרנסה ציט ער פֿון 27 קהלישע אַדרעסן. נישט אַלעמאָל איז עס געווען אַזוי לייכט און דאָך האָט עס געצויגן ווי אַ מאַגנעט. עס האָט זיך אַפֿילו ביי אַ טייל אויסגעשיילט אַ באַזונדער סאָרט הומאָר. דער בחור פֿון באַרג אַדרעסן, למשל, האָט גע'טענה'ט, אַז דאָס איז שווערער ווי די אַרבעט אין דער שטויביקסטער פֿאַבריק. אלא, פֿאַרוואָס טוט ער עס? בכדי די אַמעריקאַנער זאָלן גלויבן, אַז עס איז טאַקע באמת געווען אַ חורבן. עס דאַרפֿן בכן זיין וואָס מער נעמער און די ליסטעס דאַרפֿן האָבן וואָס מער נעמען. דערפֿאַר האָט ער זיך צוגעשטעלט פֿרייוויליק, ווי אַ קרבן.

די דאָזיקע מענטשן זענען געווען טרויעריק און פֿריילעך, הכנעה'דיק און בייז, אַרומגעלאָפֿן פֿאַרשוויצט און דאָך הנאה געהאַט פֿונם געדאַנק, אַז מען גייט אַרום לעדיק. זיי זענען געווען שטאָלץ און בעטלעריש, צוגעלאָזט און געהעסיק. עפּעס אַ באַזונדער הנאה האָבן זיי געהאַט דערפֿון, וואָס זיי — די נעכטיקע „נומערן" — האָבן ווידער אַ נאָמען, וואָס ווערט פֿאַרשריבן איינמאָל און נאָכאַמאָל; טראָגט זיך פֿון איין עק וועלט צום אַנדערן איבער שיפֿן, באַנען און אַעראָפּלאַנען. אַ באַזונדער שבט פֿון זאָרגלאָזע זאָרגער בלויז פֿאַר דער מינוט; אַ פֿאָלק וואָס האָט געלעבט פֿון אַנדערעס אויפֿגערודערטע סענטימענטן און אַליין דערביי אויסגעשטעלט אַלעמען אַ פֿייג, מיט דער תמימות פֿון אַ געשלאָגן קינד.

3

דאָס קליינע האָטעלעכל, אין וועלכן איך האָב זיך באַזעצט, איז געווען פֿאַרנומען ביז צום לעצטן צימערל ביים דאַך. עס איז דאָרט געווען אַ געמיש פֿון צענדליקער פֿעלקער, וואָס האָבן אָבער געהאַט איין טראַגישן באַרוף צום לעבן: יידן... די ווענטלעך צווישן די צימערן זענען געווען דינע און עס האָט אויסגעזען, אַזויווי זיי גופֿא ווילן נייגעריק אויפֿכאַפּן יעדן שאָרך פֿון אָט די אומגעוויינטלעכע פֿאַרשויבנען. איז קיין וואונדער נישט, וואָס טיילמאָל האָבן זיך די ווענט

פון די שכנות׳דיקע צימערן איבערגעגעבן איינע די אַנדערע אויף שטיל־לשון, וואָס מען רעדט פאַר זיי אין אַ מינוט פון פאַרגעסן זיך.

מיינע שכנים פון ביידע זייטן איז מיר קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו באַגריסן. די אַרבעט האָט מיך אַרויסגעשלעפּט גאָר פרי און אַהיימ־געטריבן שפּעט ביינאַכט. איך האָב בלויז געוואוסט, אַז פון איין זייט וואוינט עפּעס אַ דיק מיידל וואָס באַקומט אַ סך בריוו און פון דער צווייטער זייט וואוינט אַ פאַרפאַלק, וואָס קיינער שרייבט נישט צו זיי. אָבער אין די שפּעטע נאַכט־שעה׳ן האָבן די מורמלערייען ביים פאַר־פאָלק מיר אָנגעזאָגט, אַז דאָרט קומט עפּעס פאָר. פאַר מיין נישט־ווילנדיקן אויפכאַפּן סודות, וואָס זענען פאַר מיר נישט באַשטימט, האָב איך זיך געשעמט. דערפאַר האָב איך זיך אויסגעהיטן צו טרעפן מיט זיי נענטער, אינם שמאָלן קאָרידאָר. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ווי נאָר איך וועל דאַרפן מיט איינעם פון זיי רעדן אַ פּאָר ווערטער, וועל איך רויט ווערן ווי אַ נישט־ספּעציאַליזירטער גנב. נאָר דער מאַן האָט סייווי נישט איינמאָל מיך זייטיק באַטאַפּט מיט זיינע אויגן פון דער ווייטנס. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס וויל ער צוקומען צו מיר און פאַרפירן אַ קריגעריי — נאָר ער ווייסט נישט דערוויל, וויאַזוי מען הויבט עס אָן.

דאָס איז געווען אַ דיקלעכער מאַן פון מיטלוואוקס, מיט מעכטיקע פּלייצעס, אַן אָפן ברייט פּנים און העלע אויגן. זיין נאָז איז געווען גוייש־צוגעקיילעכט און עטוואָס פאַרריסן. אין זיין גאַנג האָט מען געשפּירט יענע זיכערקייט פון אַ מענטש, וואָס האָט זיך קיינמאָל אין לעבן נישט געשראָקן און אויך נישט געהאַט פאַרוואָס מורא צו האָבן.

אונדזער קענטשאַפט איז געקומען האַסטיק און אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה, ווען דאָס אויג איז צופיל מיד און קען נישט געניט אַריינ־קוקן אינם צווייטן. ער האָט אָנגעקלאַפּט אין מיין טיר און מיט שטילער אומדרייסטקייט געבעטן פייער. ער רויכערט, האָט ער זיך געקלאָגט, גאָר אַ סך די לעצטע צייטן. מאַכט זיך אַמאָל, אַז דווקא שפּעט ביינאַכט פעלט אים אַ שוועבעלע. דערביי האָט ער זיך שוין פאַרענטפערט, כאָטש מיר וואָלט עס נישט איינפאַלן צו פרעגן, פאַרוואָס ער מוז מיט אַלע יידן רעדן פּויליש. וואָס איז ער שולדיק? קיין צווייטע שפּראַך האָט מען אים נישט געלערנט.

געקראָגן דאָס פּעקל שוועבעלעך, איז ער נאָך ווייטער געבליבן זיצן עטלעכע מינוט. פּונקט ווי זיין שטילער דאַנק וואָלט נישט גענוג געווען און ער מוז נאָך צוצאָלן מיטן זיצן. זיינע העלע, חוצפּה׳דיקע אויגן האָבן דערביי נישט געקוקט גלייך צו מיר, נאָר אויסבאַהאַלטן זייער בייזן גלאַנץ אינם ווינקל פון מיין צימער. אין יענער שפּעטער שעה איז דער געדאַנק געווען פּויל און עס האָט זיך נישט געגלוסט אַריינצוקלערן אין גאָרנישט. אַ רגע איז מיר בלויז אַדורכגעלאָפן

דורכן געדאַנק, אַז דאָס בעטן פּייער איז נאָר אַן אויסרייד. עפּעס האָט ער דאָ געוואָלט, געזוכט אין די נאַקעטע ווינקלען פון מיין חדר.

ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז דורכן שוועבעלע האָבן מיר געשלאָסן קאַנטשאַפט. ווי פרי איך האָב זיך נישט אויפגעהויבן צו דער אַרבעט, האָב איך אים אָנגעהויבן באַגעגענען אין קאָרידאָרל — גלייך ווי ער וואָלט אויף מיר ספּעציעל געוואַרט. קיין אַרבעט האָט מיר נישט געפעלט און איך האָב פאַר אים נישט געהאַט קיין צייט. האָב איך דעם שמועס אַלעמאָל שנעל אָפּגעפּטר'ט און ווייטער געלאָפן. איך האָב זיך אַפילו געוואָלט אָנבייזערן אויף אים: וואָס שטייט ער פאַרטאָג, אַזויווי ביי מיין טיר? וואָס זוכט ער? אָבער איך האָב זיך אַלעמאָל באַרואיקט: זאָל ער! וואָס האָב איך זיך צו שרעקן?

זיין פרוי איז מיר כמעט נישט אויסגעקומען צו זען. איך האָב נאָר באַמערקט עטלעכע מאָל, וויאַזוי ער פירט זי הכנעה'דיק־געאָרעמט אַראָפּ פון די טרעפּ. זי איז געווען פעסט־געבויט, העכער פאַר אים, מיט אַ געזונטער לויטערקייט אויפן פנים. עס האָט פון איר געווייעט אַזאַ קאַלטע איבערגענומענקייט מיט די אייגענע, שיינע טריט וואָס האָט אָפּגעשטויסן.

אין טייל פרימאָרגנס האָב איך געהערט ווי זי וועקט אים מיט אַ גראָבער און צערטלעכער שטים: אַנטאָש... מען דאַרף שוין גיין צום „קאַזשאַסאָר". באַלד וועט זיך דאָרט אָנזאַמלען אַ גאַנצע האַלאַטע ביי די טירן און ס'וועט נישט מעגלעך זיין צוצוקומען צום דירעקטאָר... איך האָב אויפגעכאַפּט, וויאַזוי ער גענעצט אומצופרידן, טשאַפּעט פויל מיט די שטעק־שיך. דערנאָך האָב איך אַפילו געהערט ווי דאָס וואַסער פון קראַן בלעזלט זיך ברוגז אין דער שיסל. איר קול האָט אים ווייטער געמונטערט: איך בין שוין גרייט און דו קראַצסט זיך נאָך...

פאַרנאַכט, אויב איך בין שוין געווען אין מיין צימערל, האָב איך ווידער געהערט, וויאַזוי זיי לייגן אַרויס די זאַכן פון די באַקומענע פעקלעך. ער קען זיך דערביי גאָרנישט אָפּוואונדערן: טאַקע אמתע קאַווע, פון אַמעריקע! דו ווייסט כאָטש, וויפל דאָס איז ווערט? און זי האָט אים דערביי נאָכגעקרומט מיט חוזק: וואַזשנע מציאות! כ'האָב שוין געזען בעסערס... אַזוי האָבן זיי זיך געקענט אַמפּערן וועגן יעדער זאַך, וואָס זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט פון די פעקלעך, ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין. שפּעטער האָבן זיי ווידער שלום געמאַכט. זי האָט זיך אויסגעפּוצט, אָנגעשמינקט די ליפּן און מיט שטאָלצע טריט אַרויס די ערשטע. ער איז איר נאָכגעגאַנגען און מיט זיינע גרויסע, נישט־דרייסטע הענט זי געהאַלטן ביים אָרעם. לויטן קוק וואָלט איך איר מער ווי צוואַנציק יאָר נישט געגעבן. נאָר אויף איר יינגן אויסזען איז געלעגן צעלייגט אַ שווערער שאָטן, וואָס האָט זיך געטונקלט ביי די מויל־קנייטשן און דער גרעבלעך־צעשפּרייטער נאָז.

איך האָב שוין געפילט, אַז זיי האָבן זיך שטאַרק ליב. אַפילו זייערע אַמפּערנישן הינטערן ווענטל האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אַ צערטלעך וואָרקעניש. פון זייער צימער האָבן זיך קיינמאָל נישט אַרויסגעהערט קיין קולות, ווי ביי אַנדערע צופעליק־צונויפגעפּאָרטע מענטשן. ער איז פון איר נישט אָפּגעטראָטן און זי האָט אים אָפּט געגלעטט איבערן שרונט, ווען זיי זענען געשטאַנען אין דרויסן.

זיי האָבן זיך אַזוי געדרייט עטלעכע וואָכן מיט אַנגענומענע הענט איבער די יידיש־געזעלשאַפטלעכע קיכן, גענומען געלט וואו עס האָט זיך געלאָזט און אין די פאַרנאַכטן זיך געלאָזט שפּאַצירן מיט ברייט־לעכע, רואיקע טריט.

4

איינמאָל, ווידער שפּעט אין דער נאַכט, האָט עמעץ געקלאַפּט אין מיין טיר. אויף דער שוועל איז געשטאַנען אַנטעק, מיט אַ פאַרשעמטן און דערשראָקענעם בליק. ער האָט זיך גענומען פאַרענטפערן: איך שטער אייך מסתמא... שוין אַזוי שפּעט!

איך האָב אים אַריינגעבעטן אינעווייניק, געוואָלט אַרויסלייענען פון זיינע אויגן וואָס ער וויל. דאָס איז אָבער נישט מעגלעך געווען. איך האָב בלויז געהאַט איין ברירה, צו ענטפערן: איך בין אַזוי מיד פון דער אַרבעט. נאָר... זעצט אייך!

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן עק פון בענקל און אויסגעקרומט אַ שמייכל: איך בין איצט נישט געקומען נאָך קיין שוועבעלע. אַפילו אַ ציגאַרעט וועט איר ביי מיר נעמען... יאָ?

זיין האַנט האָט אַ ציטער געטאָן ביים דערלאַנגען מיר דאָס שאַכטל מיט די פראַנצויזישע „גאָלואַז". ער איז נערוועז! איך האָב זיך צו־געבויגן נענטער, צו נעמען פייער, האָט צו מיר אַ שלאָג געטאָן דער אַלט־באַקאַנטער און שוין כמעט־פאַרגעסענער ריח פון פוילישן שנאַפּס.

ער האָט געדאַרפט וואַרטן אַ שטיק צייט, ביז ער האָט געפונען ווערטער אַנצוהייבן דעם שמועס: איר פאַרשטייט, פּאַניע קאָכאַני... מיר האָבן שוין געשמועסט, איך און מיין ווייב, וועגן דעם: אַ מענטש איז שוין עטלעכע וואָכן אונדזערס אַ שכן און — מ׳זעט נישט, מען הערט נישט! געדאַרפט אייך אַמאָל אַריינבעטן צו אונדז, נאָר עפּעס האָט זיך נישט געמאַכט. איצט איז מיין פרוי נישטאָ אין דער היים האָב איך באַשלאָסן...

זיין שיכורער וועג פון זוכן אַ וואָרט האָט מיך אָפּגעשראָקן. איך דאַרף מאָרגן אויפשטיין צו מיין אַרבעט. ווילאַנג וועט ער אַזוי זיצן? מיין נערוועזער קוק האָט אים צעטומלט און ער האָט ראַפּטום איבער־געריסן: ווייל איך, הייסט עס, מיר זאָלן ווערן פריינט... פריינט!

דער גאַנצער ענין האָט מיר אויסגעזען נישט אויפן אָרט: דערויף

האָט ער געדאַרפט קלאַפּן גראָד איצט? נאָר ער איז געווען צופיל געררייצט און אויפגערעגט. פון זיינע אויגן האָט זיך געצויגן אַזאַ ווייך געבעט, אַן הכנעה וואָס האָט גאָרנישט געפּאַסט צו זיין ברייט און געזונט פּנים. האָב איך זיך באַמיט אָוועקצופירן דעם שמועס אויף אַ צווייטער טעמע: אייער פרוי איז היינט נישט אין דער היים? שטענדיק אין דער צייט איז זי דאָך שוין אין שטוב... איר וואַרט אויף איר? איז זי ערגעץ אַוועקגעפאָרן?

מיינע ווערטער האָבן אים נאָך מער צעטומלט. ער האָט זיך האָס־טיק אַ הויב געטאָן פון בענקל און זיינע אויגן האָבן גענומען שפּריצן מיט העלן פייער: מיין פרוי, זאָגט איר? אָט וועגן דעם גייט עס דאָך! זיי ווילן זי צונעמען ביי מיר! די הינטישע זין. זיי מיינען, אַז איך זע גאָרנישט און פאַרשטיי נישט. אָבער זיי קענען מיך נישט! איר מעגט עס וויסן!

ער האָט גענומען זעצן מיט דער פויסט אין מיין שוואַכן טישל, געקלאַפּט איבער די ראַנדן פון מיין שמאָלן בעטל — אַז די ספּרוזשי־נעס האָבן געקרעכצט פון ווייטיק. וואָס איז דאָ געשען? ערשט פאַר־נאַכט האָב איך זייביידן געזען גיין אַזוי ליבלעך... וואָסזשע באַלבעט ער? איך האָב אים געלאַסן אָנגענומען ביי דער האַנט: פאַניע אַנטאָני, מענטשן שלאָפן דאָך שוין און ביי מיר דאַרפט איר נישט שרייען. ווער רירט אייך אייער פרוי?

אָבער ער האָט זיך שוין מער נישט געקענט באַהערשן. אויף זיינע ליפּן האָט זיך אָפּגעזעצט אַ דינער ראַנד פון ווייסן שוים און ער גופא האָט זיך שוין געטרייסלט פון ווילד־געוואָרענער רציחה: ווער? איר אַלע! אויך איר! זי איז מיין, זאָג איך אייך... איר זאָלט עס געדענקען! איר וועט חרטה האָבן!

איך האָב פּלוצים געהערט אַ גרילץ פון אַ שליסל ביי דעם צווייטן חדר. דאָס איז זי מן הסתם נאָר וואָס אַהיימגעקומען. איך האָב שטיל געעפנט די טיר, דערנאָך האָב איך אַ שפּרייז געטאָן פאַראויס און לייכט אָנגעקלאַפּט אין דער שכנות׳דיקער. אויך ער האָט מיר בייז נאָכגע־שפּרייזט. די אַנדערע טיר איז געווען האַלב־אָפן און קיינער האָט נישט געענטפערט. איך האָב פּעסט אַ שטויס געטאָן און זי האָט זיך באַלד צעעפנט. אַנטעקס פרוי איז ווייטער געלעגן רואיק אויפן בעטל. ווייזט אויס, אַז זי האָט מיין קלאַפּ נישט געהערט; געמיינט מסתמא, אַז דאָס איז ער. ווען זי האָט מיך דערזען, האָט זי זיך אויפגעהויבן און שטיין געבליבן ביי דער שוועל מיט אַן אָפן מויל. זי האָט באַלד אַוועקגעכאַפּט איר בליק פון מיר און צוגעלאָפן צו אים: אַנטאָש!

ביידע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און לאַנג זיך געקושט אויף דער שוועל. איך האָב זיך שטיל און געהיטן צוגעשאַרט צו מיין טיר. ערשט ווען איך האָב זי אויפגעמאַכט, האָט יענע זיך דערמאָנט אין מיר און

צעטומלט נאָכגעשריגן: אַ דאַנק אייך... אַ דאַנק, ליבער מענטש...

אָבער איך האָב זי שוין רעכט נישט געהערט... און ווען איך האָב זיך אַנידערגעוואָרפן אויף מיין בעטל האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין נאָרוואָס ניצול געוואָרן פון אַ גרויסער סכנה.

5

יענע נאַכט בין איך שוין געלעגן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן. זיין שרייען ביי מיר אין צימער האָט איצט אויסגעזען, ווי עפּעס אַ פּאַר־בלענדעניש. אַזאַ מין שכרות האָב איך נאָך ביי קיין ייד נישט געזען. איך האָב דערוואַרט, אַז ער זאָל זיך דאָרט יעדער מינוט אויף איר וואַרפן, זי שטיקן, רייסן ביי די האָר... און איך וועל דאַרפן אַריינ־לויפן ראַטעווען. אָבער פון דאָרט איז אַפילו קיין שאָרך נישט געקומען. איך האָב זיי ביידע געוואָלט אַרויסוואַרפן פון מיין געדאַנק: וואָס געהערן זיי זיך אָן מיט מיר? באַלד אָבער האָב איך זיך דערמאָנט אין איר בליק, וואָס איך האָב קוים אויפגעכאַפּט און עפּעס איז מיר פּלוצים קלאָר געוואָרן: איך האָב אים שוין געזען! דער זכרון האָט מיר באַין אופן נישט געוואָלט אָנווייזן וואו. אָבער אירע אויגן האָבן געשוועבט אין חלל און געררייצט זיך: דערקענסט טאַקע נישט?

מיר איז פּלוצים קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב אייגנטלעך אַ שייכות צו יענער זייט וואַנטל. קען זיין, אַז טאַקע דערפאַר פאַלט דער מאַן צו מיר אַלעמאָל אַריין אין מיטן דער נאַכט און וויל ביי מיר עפּעס אויסשנאַפּן. עס קען אויך זיין, אַז איך וועל אים אויסזאָגן דעם סוד, נישט ווויסנדיק אַליין וויאַזוי. אָבער העלפן זיך קען איך נישט. איך בין בלויז איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן קאָפּ און די גאַנצע נאַכט אַזויווי אָפּגעגאַנגען אין שוויס.

איך האָב זיך פרי אויפגעכאַפּט. דער ערשטער קרעכץ פונם בעטל אויף יענער זייט האָט מיך אַרויסגעטריבן פון צימער. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך דאַרף וואָס פריער אַוועק פון דאַנעט, באָך איידער זיי כאַפּן זיך אויף. עס איז בעסער אַזוי. נאָר ווען איך האָב געעפנט די טיר איז שוין מיין שכן געשטאַנען אין קאָרידאָר און אַזוי־ווי בלויז געוואַרט אויף מיר: מיר דוכט זיך, אַז איך האָב נעכטן ביי־נאַכט געמאַכט סקאַנדאַלן. איך געדענק אַפילו נישט, וואָס איך האָב דאָרט ביי אייך אָנגעפּלאַפּלט. זייט מוחל! איך בין אָפּגעריסן פון מיין היים און דאָ טאָטשעט אין מיר דער וואָרעם פון פרעמדקייט. האָב איך נעכטן געטראָפן אַ פּאָר לאַנדסלייט און זיי האָבן מיר פאַרשלעפּט אין אַ פּוילישער קנייפּע. ווייסט איר דאָך, אַז ביי אַזאַ געלעגנהייט גיסט מען אין זיך אַריין. דערנאָך האָט דער טייוול פון מיר אַרויס־געבורטשעט... פאַרגעסט! איך בעט עס דעם פּאַן...

דורך דער אָפענער טיר האָט זיך באַוויזן איר גאָלדהאָריקער קאָפּ און פאַרשעמט אַרויסגעשמייכלט. ער האָט זיך ערשט פאַרמאָסטן צו באַשיטן מיט רייד. אָבער זי איז שנעל אַריבער די שוועל, אַ נישט־אָנגעטוענע און מיד־צעפלאָמט פונם פרימאָרגן. זי האָט פאַרוואָרפן איר דיק־ראָזלעכע אָרעמס אַרום זיין האַלדז און מיט דער נאַקעטער גלאַטיקייט אים פאַרשטעלט דאָס מויל: וואָס דאַרפסטו אַזויפיל רעדן, אַנטאָש? דער הער איז אַן אינטעליגענטער מענטש און ער פאַרשטייט אַזעלכע זאַכן. וואָסזשע דאַרפסטו בראָקן נייע שטותים?

איר ברייטער, זיסלעכער שמייכל האָט זיך פון הינטער זיין נאַקן אַ וואָרף געטאָן צו מיר: נעמט נישט פאַר אומגוט, וואָס מיר בעטן אייך נישט אַריין צו זיך. ביינאַכט ווילן מיר אָבער אַריינקומען צו אייך. איר וועט מיטגיין זען אַ פילם? עס וועט אונדז זיין אַ כבוד...

איך האָב עפּעס אַ ברום געטאָן. מיין אַרבעטס־צייט האָט זיך אָנגערוקט און איך האָב געוואָלט אַנטלויפן. זי האָט אָבער צאַרט אָפּגעשטויסן דעם מאַן און זיך אַוועקגעשטעלט צווישן אים און מיר: מיר זענען דאָך נישט אומבאַקאַנט, כאָטש איר מאַכט זיך אַזוי! און זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַ דיק, קינסטלעך געלעכטערל.

אַזויווי אַ קינד, וואָס מען כאַפּט ביי עפּעס אַ זינד וואָס בלויז אַנדערע פאַרשטייען, האָב איך זיך שרעקלעך פאַרלוירן און אָנגעברוגז׳ט. איך האָב אָפּגעברומט אַ שנעלן „אַנטשולדיקט" און זיך אַוועקגעלאָזט מיט די טרעפּ. פון איר אָנבליק בין איך שוין איצט זיכער געווען, אַז מיר קענען זיך. זי האָט עס געזאָגט אויך. אָבער אינעם זאָגן איז געלעגן אַזאַ מין מורא פאַר מיר. דאָס געלעכטערל האָט מיך שוין באַצייטנס גע׳חנפ׳עט, מיר געוואָלט פאַרלויפן עפּעס אַ וועג.

איך זע שוין, אַז דאָ וואַרט אויף מיר אַ צרה. איז נישט בעסער, מיר זאָלן ווייטער בלייבן אומבאַקאַנט? דאָס שטיקל וועג ביז מיין אַרבעטס־אָרט האָט דער מח געהאַלטן אין איין ווילדעווען, דראָען און עצות געבן: אפשר גאָר נעמען און דינגען אַן אַנדער צימערל אין אַ ווייטן האָטעל? אפשר זאָל איך גאָר אויפהערן זיי צו גריסן? איך בין אַ פאַרנומענער מענטש און פאַרטיק! נאָך אַ נס, וואָס מיין אַרבעט האָט מיך אַוועקגעצויגן פון די אַלע מחשבות און איך האָב מער נישט געקענט אין זינען האָבן דעם אויסטערלישן פרימאָרגן.

6

ווען איך בין צוריקגעקומען פון מיטאָג, האָט מיר די סעקרעטאַרין פון אַרבעטס־פּלאַץ איינגערוימט אַ סוד: אַ מאַן האָט זיך אויף אייך געפרעגט... געזאָגט, אַז איר זאָלט אויף אים וואַרטן...

דאָס האָט זי זיך אליין געוואונדערט, וואָס מען פרעגט זיך אויף

מיר. די לעצטע צייטן האָבן זיך די טעג ביי מיר געשלעפּט מיט אַ נאַרישער נודנעקייט. האָב איך זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז עפּעס וויכטיקס זאָל האָבן צו מיר אַ שייכות. איז גענוג געווען, אַז עמעצער זאָל מיר זאָגן אַ סוד אָן אַ נאָמען און איך זאָל ווערן איין שטיק דער־וואַרטונג.

ווען דער מאַן איז שפּעטער געקומען, האָט ער לאַנג און געהיטן זיך אַרומגעקוקט. ערשט דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען נענטער צו מיר, באַטראַכט מיין פּנים ביז דעם מינדסטן שפּרענקעלע און גאָר צום סוף אַ פרעג געטאָן מיטן באַהאַלטענעם חשד: לייזער קאַנדל? איך האָב באַשטעטיקט. דער פרעמדער, אַ דיקלעכער מאַן אין די מיטל־יאָרן, האָט סודות׳דיק צוגעלייגט די האַנט צו די ליפּן. ס׳האָט געמיינט: שווייגן. אויפן קול אָבער האָט ער גענומען פּלאַפּלען וועגן מיינע פריערדיקע מסחרים, וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געפירט און וועגן מיינס אַ פריינט פאַר דער מלחמה, וואָס פרעגט זיך אויף מיר... אַ וואָרער משוגענער! נאָר זיינע פינגער האָבן באַרירט די פעדער אויפן טיש און אַ שטיקל פּאַפּיר. די ווערטער, וואָס ער האָט אָנגעשריבן זענען געווען זייער קורצע: איך וועל דאָ וואַרטן אויף אייך, ביז איר וועט ענדיקן די אַרבעט. דערנאָך וועט מען ערגעץ אַראָפּגיין, וואו קיינער קען אונדז נישט אונטערהערן...

די ערשטע מינוט איז מיר איינגעפאַלן, אַז איך דאַרף אַריינרופן מיינע אַרבעטס־חברים פון די אַנדערע צימערן, די סעקרעטאַרין... און ווען אַלע וועלן שוין זיין דאָ, זאָל איך זיך צעשרייען אויפן פרעמדן: איך פיר נישט קיין שום באַהאַלטענע געשעפטן און האָב זיי קיינמאָל נישט געפירט. אַרויס מיט לשון פאַר אַלעמען: וואָס דאַרפט איר?

איך בין אַלעמאָל געווען אַן אָפענער חי וקים, קיינמאָל נישט ליב געהאַט קיין סודות, פרעמדע און אייגענע. אָבער נישט איינמאָל האָב איך זיך דערפאַר געפילט אומגליקלעך. אַלע מענטשן האָבן עפּעס וואָס אויסצובאַהאַלטן. זיי קענען זיך אַלעמאָל שושקען מיט זיך אַליין און מיט אַנדערע אין אַ ווינקל. דאָס מאַכט זיי חשיבות׳דיק, אינטערעסאַנט. דערפאַר האָט מיך דעם פרעמדנס קומען איינגעוויגט אין אַ נעפּל. די פאַנטאַזיע האָט מיר באַלד אויסגעמאָלן אויסטערלישע בילדער; עפּעס אַזויווי מיין גאַנץ לעבן וועט זיך דאָ באַלד ענדערן, נאָכן אַריינ־קריכן אין דעם פרעמדנס סוד.

ער האָט זיך אָבער אַוועקגעזעצט גאַנץ געמיטלעך, אַרויסגעצויגן אַ צייטונג און זיך אין איר איינגעגראָבן מיט די אויגן. כ׳האָב באַמערקט, אַז די צייטונג איז אַ העברעאישע און דער נייגער איז נאָך מער גע־וואָקסן. אָבער איך האָב באַשלאָסן צו שפּילן מיט אים דאָס זעלבע שפּיל. זאָל ער נישט זען, אַז איך ברען; אַז איך ווער צעקראָכן פאַרן

ערשטן־בעסטן מענטש וואָס האָט פאַר מיר סודות. איך האָב דערפאַר גענומען האַמערן אויף מיין רעכן־מאַשין, אַזויווי קיינער וואָלט פאַר מיר נישט עקזיסטירט. ערשט ווען עס איז איבערגעלאָפן מער ווי אַ שעה, האָט זיך מיין גאַסט אויפגעשטעלט, עטלעכע מינוט אַרויסגעקוקט אומצופרידן דורכן פענסטער און צום סוף נישט אויסגעהאַלטן: זעט אויס, אַז איר האָט היינט אַ סך אַרבעט און איך שטער אייך. ברענט עס נישט. איך וועל קענען אַריינפאַלן ביי אַ צווייטער געלעגנהייט.

דערפון האָב איך זיך שוין דערשראָקן אויף אַן אמת: דאָס ערשטע מאָל קומט צו מיר אַ מענטש און ברענגט מיר אַ סוד ביז צום טיש. לאָז איך אים גאָר אַוועקגיין! דער סוף וועט זיין, אַז איך וועל אים שפּעטער אַרומזוכן און ער וועט מער נישט זיין. איך וועל ווידער זיך אַרומטראָגן מיט מיינע נאַרישע טעג און דאָרט, ביי אים, וועט זיך צאַפּלען עפּעס אַ גרויסער סוד מיינער! איך האָב זיך דערפאַר אויפגעשטעלט, האַסטיק אַרויסגעשלעפּט דאָס בייגעלע פּאַפּיר פון דער מאַשין און אַ זאָג געטאָן אַזויווי צו זיך אַליין: נו, גענוג אויף היינט... די אויגן טוען שוין וויי.

7

דער פרעמדער האָט נאָכאַמאָל אַ שלוק געגעבן זיין גלעזל ביר און אָנגעהויבן אַזויווי פון מיטן: איך האָף, אַז איר וועט מיט מיר זיין אָפנהאַרציק וועגן אייער חברטע.

איך האָב אויף אים געקוקט און נישט פאַרשטאַנען קיין וואָרט. וועמען מיינט ער? און וואָס האָב איך דאָ צו זיין אויפריכטיק? ער האָט פלינק אַ וואונק געגעבן מיטן אויג, אַזויווי אַ מענטש נישט פון זיין בכבוד׳יקן עלטער: נו, איך מיין אייער בלאָנדע... יוגנט־חברטע.

איך האָב אויף אים געקוקט מיט אַ שטאַרן בליק. עפּעס הויבט דאָ אָן דער גאַנצער סוד צו שמעקן מיט גראַנדע, מיט אויספאָרשונג. זאָל ער זיך זוכן אַנדערע נאַראָנים! אָבער זיין פּנים האָט באַקומען אַן ערנסט־פייערלעכן אויסזען. זעט אויס, אַז ער קומט פון גאָר וויט. פאַרוואָס זאָל ער זיך אומזיסט נאַריש מאַכן? מסתמא האָט עפּעס פּאַסירט מיט מיר און איך אַליין וויים נישט. איך האָב זיך אַליין איצט גענומען באַטראַכטן ווי עפּעס אַ פרעמדן, וואָס טוט אָפּ אַלערליי מעשים הינטער מיין רוקן: איר קענט מיר אפשר זאָגן, וועלכע בלאָנדע? וואָס פאַר אַ חברטע?

— איר קענט זי טאַקע נישט? כ׳מיין... די מאַדאַם קישעלעוו־סקאַ? איך האָב מיט טעמפּער אַנוגגסלאָזיקייט אַרויסגעקרעכצט: אַהאַ!

יענער האָט שוין געזוכט עפּעס אין זיין נאָטיץ־ביכל. דערנאָך האָט ער ווידער אַ פאָרש געטאָן: אין אַלע יידישע אינסטיטוציעס

האָט זי איך אָנגעגעבן ווי איר נאָמען באַקאַנטן. יאָ, עס שטימט: לייזער קאַנדל. האָטעל דער און דער. איר קאָנט זיך נאָך, זינט זי איז געווען אַ קינד. אַזוי זאָגן די רעפּערענצן. אין עטלעכע אַמטן איז אייער נאָמען געניטוג, בכדי אַרויסצוגעבן שטיצע. ווייסט איר טאַקע גאָרנישט וועגן איר?

וואָס קען דאָ זיין? איך האָב זיך שוין פאַרוויקלט אין אַ מוראַ־דיקער אינטריגע. מען וועט מיך שוין אָנהויבן רופן אויף ערטער וואָס איך קען נישט און מען וועט מיך כסדר פרעגן דיווילדסטע שאלות. איך האָב זיך געוואָלט אַ ריס געבן פון אָרט, לויפן ביז צו איר און שרייען געוואַלט: וואָס האָט זי עפּעס צו באַנוצן זיך מיט מיין נאָמען? ביינאַכט, ווען זיי וועלן אַריינקומען צו מיר, וועל איך מאַכן אַ סקאַנדאַל, זיי אַרויסטרייבן... אָבער ווי נאָר איך וועל זיך אַ ריס טאָן מיט כעס וועט ער זיך אויפהויבן, אַוועקגיין. בלויז פון זיינע באַהעלטענישן וועט ער מיך נאָך טיפער אַריינציען אינם פּלאָנטער. איז גלייכער נישט צו פרעגן אים ווער ער איז, נאָר דערציילן אים ווי ווייט איך קען זי און טאַקע בעטן אַז — עד כאן. דאָ זאָל ער אָפּהאַקן. איך בין אַ שטילער מענטש, אַן אַרבעטער. מער פעלט מיר נישט ווי צו האָבן עסקים מיט עפּעס אַ בלאָנדער שכנה און אַ מאַן אַ שכור, וואָס האָט אַזאַ אויסטערלישן נאָמען: קי־שע־לעוו־סקי; שוין דער נאָמען אַליין שמעקט מיט חזיר־פעטס און סאַמאַגאָנקע... באַלד אָבער האָב איך חרטה באַקומען: וואָס גייט עס עפּעס יענעם אַזוי שטאַרק אין לעבן? וואָס איז זיין עסק?

איך האָב זיך אויפגעשטעלט, געוואָלט אַוועקגיין און דערמאָנט זיך, אַז ביינאַכט דאַרף דאָס פאַרפאַלק זיין ביי מיר. קען זיין, אַז דאָס קומען זיי מיך נאָך טיפער אַריינשלעפּן אין אַ צרה. אפשר האָט שוין עמעצער באַמערקט איר נאָקעטן שמייכל צו מיר הײנטיקן פרימאָרגן? דאָס אַליין וואַנדערט שוין איצט פון מויל צו מויל און איך קען גאָרנישט וויסן וואו איך בין פאַרקראָכן. דאָס קען מיר בלויז אויפקלערן דער אומבאַ־קאַנטער. ער דאַרף עס בלויז וועלן. איז דאָס בעסטע צו רעדן מיט אים אָפן: הערט אויס, פריינט. איר האָט מיך אָנגענומען ביים גאָרגל און איך, אַ בלינדער, גיי אייך נאָך. מוז אַ סוף נעמען דערצו. איך קען זי נישט און ווייס נישט, וויאַזוי זי קען מיך יאָ. אָבער, אַז איר הויבט מיך אָן ציען ביי דער צונג מוז איך זאָגן: זי איז מיר עפּעס קענטלעך. אָבער פון וואַנעט? דאָס קענט איר אפשר בעסער וויסן פאַר מיר. ווילט איר מיר עס זאָגן? דער מאַן האָט געשוויגן אַ ווייל, עפּעס גענישטערט אין זיין נאָטיץ־ביכל און דערנאָך מיר אָפן געקוקט אין די אויגן אַריין:

— איר וועט דערלויבן אייך עפּעס צו דערציילן?

איך האָב נישט געוואוסט, וואָס דאָס האָט צו זיין סודות׳דיק רופן מיך ביז אַהער. אָבער דער נייגער האָט מיך שוין געפּאַקט און איך האָב אים אויסגעהערט ביז טיף אין דער נאַכט אַריין.

8

צווישן מיינע שכנים און מיר איז בלויז געשטאַנען אַ דין ווענטל. ווען איך זאָל עס אפילו אויפברעכן — וואָס וואָלט איך דאָרט געזען? צוויי מענטשן, אַ שמאָל בעט, אַ טישל און צוויי בענקלעך. אין יענעם שפּעטן אָוונט האָבן זיי לגמרי אין מיר פאַרגעסן. אָבער דווקא די שטילקייט, וואָס האָט זיך צו מיר געטראָגן, האָט מיר דערציילט, אַז דאָרט באַהאַלט זיך אויס נאָך עפּעס. נו, אפשר טאַקע אַ שטיק פון דעם אומבאַקאַנטנס מעשה, וואָס איך האָב היינט געהערט.

ס׳איז אַ מעשה מיט אַ יינג מיידל פון אַ רייכער היים, וואָס איר טאַטע האָט באַוויזן אויסצובאַהאַלטן אַביסל גאָלד ביז צום געטאָ. גע־מיינט האָט ער צו לעבן דערפון ביז דער דייטשער שטורעם וועט אַריבער. אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט. אדרבא, ער איז אין איין שיינעם פאַרטאָג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פלאַם און האָט אַרומגע־רינגלט מיט ביקסן דאָס גאַנצע געטאָ. ווען דאָס איז געשען איז זי געלעגן ערגעץ אויף אַ בוידעם און מיט אַלע אברים געשפּירט בלויז איין באַגער: זי וויל לעבן. ווען די נאַכט איז אַראָפּגעפאַלן איז שוין דאָס געטאָ געווען ליידיק. וואוהין זי האָט געוואָלט גיין האָט זי דאַן אַליין נישט געוואוסט. אַבי ווייטער פון דאַנעט. אירע האָר האָבן אפילו נישט געהאַט די בלאָנדע פאַרב פון פּוילישן דאָרף, נאָר דעם קופּער־רויטן פייער פון דער יידישער שטאָט. אָבער, וואָס האָט זי שוין געהאַט צו פאַרלירן? ווי צענדליקער טויזנטער יידישע מיידלעך אין אירע יאָרן, האָט זי איצט בלויז געהאַט איין חשק: צו לעבן... און דאָס לעבן איז געלעגן אויף יענער זייט.

דערפאַר האָט זי צווישן אירע קליידלעך אויסגעזוכט בלויז אַזעלכע וואָס האָבן נישט קיין יידישן קאָליר. דערנאָך האָט איר אַ העמער געטאָן אין קאָפּ: וואַרשע... פאַרוואָס עפּעס וואַרשע? ווייל דאָרט זענען זיכער פאַראַן אַזויפיל מענטשן, אַז מען האָט נישט קיין צייט צו קוקן יעדן אין פּנים אַריין. אָבער שוין אויף דער באַן האָט איר יינג, שיין פּנים געלאָקט, געצויגן צו זיך אַלטע און יינגע אויגן. עס האָבן זיך צוגעזעצט פאַרשוינען מיט אַלערליי פאַרלאַנגען. איינער האָט געוואָלט איר געלט, דער צווייטער איר קערפּער און דער דריטער איר לעבן. זי האָט געמוזט אַראָפּגיין אין מיטן וועג, זיך לאָזן מיט עפּעס אַ דאָרפישן שליאַך און אַ האָפענונג האָט איר געברענט אין מח: זי וועט זיך דאָרט באַהאַלטן אין אַ קלויסטער. אַ סך מיידלעך האָבן אַזוי געטאָן.

נאָר אויף דער שטילער סטעזשקע האָבן געוואַנדלט גיריקע אויגן. אומעטום דאָרף מען אַריינגיין קויפן עסן, נעכטיקן אונטער אַ דאַך און אומעטום הויבן זיך אויף פאַרדעכטיקע בליקן און קוקן, פאַרשן... האָט אויך דאָרט געמוזט טרעפן דאָס געוויינטלעכע: אַ פּאָר מענערישע

אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין איר. ס'איז געווען אַ ווייט, אָפּגעלעגן דאָרף און אַ מענטש האָט מען געקענט דערזען אויף אַ מייל. זי האָט געפּרואווט פאַרשנעלערן אירע טריט, אָבער יענער איז איר נאָכגעגאנגען און כח האָט ער געהאַט מער פאַר איר. זי האָט בלויז געקענט באַנוצן זיך מיטן אַלטן מיטל, וואָס אַ סך פאַרשטעלטע מיידלעך: זיך אָפּגע־שטעלט און געוואַרט. ווען יענער איז צוגעקומען נענטער האָט זי גע־נומען רעדן די זעלבע רייד, וואָס האָבן זי שוין נישט איינמאָל געראַ־טעוועט: וואָס לויפט ער איר נאָך? זי איז נישט פון יענע וואָס ער מיינט. זי איז אַן ערלעך מיידל, וואָס איז דאָ געקומען צו אירס אַ קוזינע. זאָל ער אַוועקגיין איידער זי מאַכט אַ געוואַלט און רופט פּאָליציי...

זי האָט גערעדט און אַפילו נישט געזען ווער עס שטייט פאַר איר. אָבער מיטאַמאָל האָט זי אים באַמערקט. דאָס איז געווען אַ דיקלעכער פויער מיט אַ פּאָר פרייע אויגן, גאַנץ אַנדערע ווי ביי די שפּיצלען. זיי האָבן געקוקט אויף איר, אַזוי ווי זיי וואָלטן נאָך קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן. אָבער אירע רייד האָבן זיך צו אים נישט געקלעפּט. זיין ברייט פּנים האָט זיך מילד צעלאַכט: מיידל, וואָס טויגן די אָנ־שטעלן? יעדער קען אין אייך דערקענען די יידישקע. איך וויל פון אייך גאָרנישט אויספּרעסן. דאָס האַרץ האָט מיר נאָר פאַרקוועטשט ביים זען אייך: אַזאַ פּרעכטיק קינד! און דאָ קען קומען ווער עס וויל און מיט אייך טאָן וואָס אים געפעלט... אפילו דערשטיקן, אָדער איבערגעבן דעם דייטש...

קיין עצה האָט זי אויף יענעם שמאָלן דאָרף־געסל נישט געהאַט. דערצו האָט ער גערעדט אַזוי מילד און געלאַסן, אַז איר האָט זיך פּשוט פאַרגלוסט צו גלויבן כאָטש איין מענטש אויף דער וועלט. דערפאַר האָט זי אים אויסגעהערט און יענער האָט עס סיוווי געמאַכט קורץ: דאָ דרייען זיך אַרום יידן־כאַפּער אין יעדן ווינקל. אויף אַזאַ מיידל וועלן זיין געענוג בעלנים. וויל איך אייך וואָרענען. טאָמער ווילט איר, גיי איך שוין אַוועק און פאַרגעס. דאָס האַרץ וועט אָבער וויי־טאָן. איך וועל שוין אויף אייביק מיינען, אַז דאָס האָב איך אייך אומגעבראַכט. זאָל איך אייך העלפן? טאָמער יאָ — קומט מיט מיר. איך וועל שוין געפינען עפּעס אַן עצה...

אַנדערש האָט גאָרנישט געקענט זיין: זי איז מיט אים מיטגע־גאַנגען... יאָ, דאָס מיידל פונם רייכסטן הויז אין מיין געבורטס־שטעטל.

9

יענער אַנטעק איז שוין געווען איבער די פערציק. אָבער די לופט אין דאָרף האָט אים פאַרשטעלט די יאָרן. אויך אירע אויגן, פול מיט עלנט און מורא האָבן דאָס נישט געקענט דערזען. ער האָט זיך אין

איר אויך פֿאַרליבט ווי אַ ייִנגל. ס׳איז נישט געווען קיין ווילן ביי אים זי צו באַשלאָפֿן עטלעכע מאָל און וואַרפֿן צום דייטש, ווי אַנדערע פֿאַ־לאַקן האָבן עס געטאָן. דאָס האָט זי געזען ביי יעדער שריט און טריט. זיינע עלטערן האָבן געוואוסט ווער זי איז און געמוזט שווייגן. ער וואָלט זיי גופֿא דורס געווען ביים מינדסטן וואָרט. אַ שטיק צייט איז זי געלעגן אין קעלער. ביינאַכט האָט ער זי גענומען אין דער כאַלופּע און געציטערט פֿאַר איר מינדסטן דעך.

אויב זי האָט אים טאַקע ליב געהאַט? אַזאַ ייִנג און געפֿלאָגט מיידל האָט פֿון אַזעלכע זאַכן גאָרנישט געקענט טראַכטן. ביי אים האָט זי געקויפֿט דאָס לעבן און דערביי געצאָלט מיט דעם איינציקן וואָס זי האָט פֿאַרמאָגט. זי איז אים אויך שולדיק געווען אַ דאַנק, וואָס זי האָט יעדע נאַכט געדאַרפֿט באַניין. ערשט נאָך דעם פֿאַרטרייבן די דייטשן, ווען זי האָט געמאַכט די ערשטע און פֿרייע טריט אין דרויסן, איז איר דאָס גאַנצע דערפּל פֿרעמד געוואָרן. פֿריער איז דער קעלער געווען איר ענגשאַפֿט. די פֿאַנטאַזיע האָט געזען אין די פּאָר דאָרפֿישע גאַסן די גרויסע וועלט וואָס זי קען נישט דערגרייכן. איצט אָבער האָבן גערופֿן ווייטע שטעט און עס זענען פֿאַר איר געשטאַנען אָפֿן אַלע וועגן.

צעטיילן זיך פֿון אים, אַרויסגנבֿענען זיך פֿאַרטאָג און אַנטלויפֿן האָט זי נישט געקענט. אַזוי דאַנקט מען נישט פֿאַרן ראַטעווען. דערצו איז ער געווען דער ערשטער מאַן, וואָס האָט זי נישט גענומען מיט געוואַלד. ער האָט געוואַרט ביז זי אַליין האָט זיך אים אַוועקגעגעבן... און דאַן האָט זי פֿריער געמוזט אַרויסרופֿן אין זיך אַ ליבשאַפֿט צו אים. אַנדערש וואָלט זי עס נישט געקענט. טאַקע יענע ערשטע ליבשאַפֿט איז געבליבן וואַך אין איר, נישט געלאָזט זיך פֿאַרווישן. זי האָט אים איצט געמוזט ליב האָבן, ווי אַ תּירוץ פֿאַר זיך, אַז זי האָט נישט סתּם אַזוי אָפּגעגעבן איר לייב. דערצו האָט זי שוין מורא געהאַט צו בלייבן אַליין, גיין ווידער איבער פֿרעמדע וועגן, כאָטש איצט זענען זיי שוין נישט אַזוי פֿול געווען מיט שרעק. ווער קען דען וויסן, וואָס עס וואַרט נאָך אויף איר? סאָלדאַטן דרייען זיך אויך איצט... רוסישע, פּויִ־לישע... און דאָס בלוט מאָנט אויך ביי זיי דאָס זעלבע. איז איר ווייטער גוט געווען צו באַהאַלטן זיך הינטער אַ פּאָר געזונטע, אָבער וואָרעם־אונטערטעניקע פּלייצעס. נאָר פֿון דאָרף האָט זי שוין געמוזט אַוועקגיין. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָ וועט זי שוין אייביק בלייבן ווי אין אַ תּפֿיסה. אַפֿילו דער ריח פֿון די מאכלים האָט איצט געשמעקט מיט געפּאַנגענשאַפֿט, מיט אַ סכּנה וואָס זי מוז אויסקויפֿן דורך לייגן זיך אויף יענעם געלעגער און אָטעמען די פּאַרע פֿון „סלאָנינע״. איצט וועט זי מוזן האָסן די מינדסטע דערנענטערונג זיינע, סיידן זיי זאָלן אַוועק ערגעץ ווייט. אַנדערש וועט זי זיך מוזן דערמאָנען כּסדר

יענעם ערשטן באַריר, וואָס האָט איר שטילערהייט אָנגעזאָגט: דו ווילסט... אָבער דו מוזט!

דורכגייענדיקע זעלנער האָבן געזונגען איבער די דאָרפישע געס־לעך און איר דערציילט, אַז די מענטשן איבער דער וועלט וואַנדערן. מענטשן פון יענעם עק וועלט קענען אין אַ שיינעם העלן טאָג באַווייזן זיך און דערקענען זי. וואָס וועט זיין? אפשר איז נאָך עמעץ געבליבן וואָס געדענקט איר אַלטן נאָמען. זי וועט זיכער חלש'ן ביים הערן נאָכאַמאָל דאָס אַלטע וואָרט אין וועלכן עס ליגן אַלע בענקשאַפטן פון איר וואָרצל: ר ח ל ע...

אַנטעק האָט זי איינגעקלאָמערט אין די נעכט מיט דער פעסטקייט פון די לעצטע שעה'ן. ער האָט געשפּירט ווי זי אַנטלויפט, כאָטש זי טוליעט זיך ווידער איין אין אים. ער האָט זי צוגעהאַלטן, ווי איינע וואָס קען יעדע מינוט זיך אַ ריס געבן און אַוועקפליען. אָט זאָל ער נאָר איינמאָל לויזער מאַכן די אָרעמס. טיילמאָל האָט זיך איר אויסגע־וויזן, אַז זי פאַרלירט ביי אים דאָס אָטעם.

אין אַזעלכע שעה'ן האָט זי געמוזט רעדן, דערציילן אים, זיך בעטן מיט גוטן. איר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס בעט זי אייגנטלעך ביי זיך אַליין, אַז זי זאָל זיך שענקען דאָס לעבן. לאַנגע נעכט איז ער אַזוי געלעגן און זיך איינגעהערט מיט אַ פאַרשטיקטן אָטעם. דערנאָך איז ער איינמאָל אויפגעשפּרונגען מיט אַ רוצח'ישן כעס: גוט. ער גייט מיט איר. ער וועט איבערלאָזן די אַלטע עלטערן, די כאַלופּע, די פעלדער און אַוועקציען אין דער וועלט אַריין. זי וויל אַזוי? איז גוט. וועמען קען ער דען שוין אויסקלייבן נאָך איר? איין זאַך האָט זי אים געמוזט נאָכגעבן: זיי האָבן פאַרן אַוועקפאָרן חתונה געהאַט ביים דאָרפישן גלח. דאָס האָט אַנטעק געמוזט צוליב טאָן זיינע עלטערן. זאָלן זיי נישט מיינען, אַז ער איז צוליב איר געוואָרן אַ פאַלנע זשיד. טאַקע מיט די דאָזיקע דאָקומענטן פון אַ פּוילישן מאַן און ווייב האָבן זיי זיך דערשלאָגן ביז פאַריז.

פון וואַנעט דער פרעמדער מענטש האָט עס געוואוסט אַזוי גענוי, האָב איך ביי אים נישט געקענט דערגיין. די גאַנצע מעשה האָט ער מיר סתם אַזוי דערציילט; בכדי צו פרעגן מיך, אויב איך וואָלט צוגע־האָלפן אַזאַ מיידל אומקערן זיך צו יידישקייט. דאָס אַלץ. אָבער אין דער ביינאַכטיקער שעה האָט די שטילקייט פון יענער זייט ווענטל געפליסטערט מיט דער זעלבער שפּראַך וואָס דאָרט — אין ווייטן, פּוי־לישן דאָרף. איך האָב זיך גענומען דערמאָנען די ערשטע באַגעגענישן, די היציקע רייד זיינע ביי מיר אין צימער, איר פאַרשעמטן בליק און מיטאַמאָל איז מיר קלאָר געוואָרן: דער פרעמדער ווייסט דעם אמת! דאָס זענען זיי.

אויך שפּעטער, ווען דער שליסל ביי די שכנים האָט אַ גרילץ געטאָן און איך האָב זיי געהערט פּרעפּלען אויף זייער געלעגער ביים ווענטל, האָב איך אַזויווי פאַרגעסן אין גאַנצן פּאַריז. די נאַכטיקע פינסטער־ניש האָט מיך אַ שליידער געטאָן. איך בין ראַפּטום געוואָרן אַ נישט־געזעענער עדות צו יענע שמועסן, וואָס פירן זיך נאָך אַלץ מיט דער גאַנצער שנאה און ליבשאַפט אויפן הייסן געלעגער אין אַ דאָרפישער כאַלופּע.

10

וואָכן זענען געלאָפן. איבער דער צייט האָב איך דעם פרעמדן מער נישט אָנגעטראָפן. פון זיינס אַ בריוועלע האָב איך בלויז געוואוסט, אַז ער איז ערגעץ געפאָרן און אַז נאָכן צוריק־קומען מוז ער מיך זען. אויך דאָס פאָרפאָלק אין מיין שכנות האָט זיך גענומען פילן אַביסל פרייער.

אין פראַנקרייך איז נאָך די פּוילישע פאַרטרעטערשאַפט געלעגן אין די הענט פון דער „לאָנדאָנער" גלות־רעגירונג. די אַנטלאָפענע פון פּוילן האָבן נאָך געקענט דאָרט קריגן אַ פּאָר איבעריקע פראַנק. אויך די „וואַרשעווער" פּאָליאַקן האָבן נישט געשוויגן און אָרגאַניזירט קרייזן מיט סימפּאַטיקער.ביידע פּוילישע לאַגערן האָבן זיך שאַרף באַקעמפט אין אייגענע טאָג־צייטונגען, וואָס יעדער איינער האָט אַרויס־געגעבן. אָבער אַ סך פּוילישע פּליטים האָבן אין דעם ערשטן טומל פאַרשטאַנען וויאַזוי צו געניסן פון ביידע.

אַנטעק האָט פּלוצים פאַרלוירן זיין הכנעה צום ווייב, וואָס האָט אומעטום יידישן יחוס און אויף יעדער גאַס פאַרמאָגט זי אַן אָרגאַ־ניזאַציע. אויך פּוילן איז נאָך נישט פאַרלוירן. אין די פרימאָרגנס האָט ער זיך מער נישט נאָכגעצויגן נאָך אירע געגג, נאָר גענומען דעם פּוילישן דאָקומענט און אַוועק מיט אים האַנדלען אויפן צעשפּלי־טערטן פראָנט פון די פּאָליאַקן. די „וואַרשעווער" האָבן געפירט אַן אַגיטאַציע, אַז די אַנטלאָפענע זאָלן זיך אומקערן אַהיים. מען האָט אפילו צוגעזאָגט ספּעציעלע צוגן פאַר רעפּאַטריאַנטן, ווי נאָר די אָרדענונג וועט איינגעשטעלט ווערן. יעדער, וואָס האָט זיך נאָר רעגיסטרירט האָט דערווייל באַקומען שטיצע און גאַנצע בערג מיט ליטעראַטור. ס'איז דאָרט געווען היימלעך און אַנטעק האָט זיך פאַרשריבן צווישן די ערשטע. דערפאַר אָבער האָבן די „לאָנדאָנער" אַגיטירט מען זאָל זיך נישט אומקערן צום פאַרשקלאַפטן פּוילן. זיי האָבן באַדאַרפט מער כוחות אַרום זיך און דערפאַר אונטערשטיצט יעדן איינעם וואָס וויל זיך נישט אומקערן. דאָס האָט באַדאַרפט באַווייזן, אַז עכטע פּאָליאַקן קענען דאָרט נישט לעבן, ווייל אין פּוילן הערשן היינט פרעמדע עלע־מענטן; אַ געמיש פון רוסן און זשידעס. האָט זיך אויך דאָרט אַנטעק איינגעשריבן צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע פּאָליאַקן און ווייניקע יידן.

זיי פירן דעם פּאָליטיק? זיי נעמען נאָר דאָס וואָס מען גיט. „לעולם תיקח“ האָט זיך אַנטעקט אויסגעלערנט צוויי יידישע ווערטער אויף די טרעפּ פון אינסטיטוציעס. ער האָט פּלוצים דערשפּירט, אַז דאָס זיין אַ פּאָליאַק איז נישט אַזאַ קרומע זאַך אַפילו אין דער פרעמד.

ער וואָלט שוין אפשר לגמרי אַראָפּגעוואָרפן דאָס פרעמדע היטל פון זיך: וויפל איז דער שיעור צו וואַלגערן זיך איבער יידישע קיכן? וואו קומט ער אַהין? אָבער זי האָט וויטער געצויגן, געשלעפּט. איז אים נמאס געוואָרן דאָס גאַנצע שפּיל: פאַר זיינע פּאָליאַקן האָט ער זיך געמוזט היטן, מען זאָל נישט וויסן וואו ער עסט און וואו ער נעמט געלט. ער האָט זיך אָבער געשראָקן, אַז די יידישע אָמטן זאָלן נישט דערגיין וואו ער פאַרברענגט די נעכט און אָפּלאָדירט אַנטי־סעמיטישע רעדעס. ס׳איז אַ לעבן פון אַ קונצנמאַכער אויפן שטריק, נישט פאַר זיינעטוועגן! ער וואָלט זיך מחיה געווען צווישן אַ רעדל פּאָליאַקן אין דער קנייפּע אויפן „פּלעצל“, בריה׳ן זיך מיט שקאָצישע כוחות און אָפּחוזקן פון די דערבייאיקע יידעלעך. האָט ער אָבער מורא. די קנייפּע איז פּונקט אַנטקעגנאיבער דער גרויסער שול פון די פּוילישע יידן. דאָרט דרייען זיך טאָג און נאַכט די זעלבע, מיט וועמען ער באַגעגנט זיך אין דער יידישער קיך — און גיי מאַך עפּעס. ער קען בלויז קויפן אַ פלעשל „וואָדקאַ“ און זיך אָנזשליאָקען אין אַ ווינקל, אָדער מיט עטלעכע קומעס אין אַ זייטיק געסל. וואָס טויג אַזאַ לעבן?

אין האָטעלעכל האָבן שוין אַ סך באַמערקט, אַז דאָס איז אַ געמישט פּאָרל. קיינעם איז אָבער נישט איינגעפאַלן זיי צו פאַר׳מסר׳ן: אַ גוי וואָס האָט געראַטעוועט אַ יידיש מיידל, מעג מען פאַרגינען די גרויסע גליקן. אָבער אַנטעקן איז נמאס געוואָרן זייער בליק פון טובה־וועגן.

נאָר מיטן וויב האָבן זיך אָנגעהויבן צרות. ס׳הייסט, אַז געקריגט האָבן זיי זיך נישט. ווידער געלעבט ווי די טייבעלעך. אָבער זי האָט זיך פאַרט איינגעגעסן אין די יידעלעך און קען פון זיי נישט אַרויס. ער האָט איר שוין עטלעכע מאָל געוואָלט זאָגן, אַז מען דאַרף זוכן עפּעס, געפינען זיך צווישן אייגענע. אָבער זינט ער איז אוועק פונם דאָרף האָט ער פאַרלוירן זיין תקיפות. וואָס טויגן אים דאָ זיינע ברייטע פּלייצעס? דאָרט איז ער געווען אַ שטאַרקער, אַ זיכערער אין זיך. ווער אָבער קען אים דאָ, אין דער שטאָט פון מיליאָנען? ער קען נישט מער ווי שטיין אין דער ריי, שנאָרן אויף איין אָרט מיטן פּוילישן פּאַספּאָרט און אויף אַ צווייטן אָרט זיך שטעלן הינטערן ווייבס פּלייצעס, בעת זי שוואַרגאָטשעט דאָרט אויף יידיש... אַפילו גיין אַרבעטן אין אַ פאַבריק און באַנוצן זיינע מוסקולן פאַר גראָשנס, טאָר ער נישט!

זי איז יינג, שיין, פול מיט לעבן און... האָט אַזויפיל יידן אַרום זיך! וואָס קען איר אַנטעק געבן? וואָס קען ער דען, אויסער שטרעקן די האַנט און זי ליב האָבן? דערווייל האָט ער פון איר גאָרנישט גע־

הערט. אָבער זי לייקנט, די נפקא. וואָס מער זי שמייכלט און גלעט אים דעם פּאָמאַדירטן קאָפּ, אַלץ מער זעט ער ווי דאָס איז פאַלש, ליגנעריש... וואָס איז ער דען ביי איר ווערט אין אַזאַ פּאַריז? נישט איינמאָל האָט ער באַמערקט ווי זי שמייכלט צו די יינגען אויף די טרעפּ, אין קיך, אין די ביוראָען, ביי די טישלעך... דערווייל האָט ער מער גאָרנישט געזען. טיילמאָל מוז מען אַזוי. אָבער וואָס מער דאָס האָט זיך איבערגעחזרט, אַלץ קלאָרער איז אַנטעקן געוואָרן, אַז דאָ וועט; אַז דאָ מוז עפּעס געשען מיט איר. ביי זיך אין דאָרף וואָלט ער אַלעמען אויסגעהאַקט די ציין, באַוויזן אַז עס איז גלייכער נישט אָנצו־הויבן מיט איר. וואָס טויג אָבער זיין גבורה אין דער פרעמדער שטאָט? דער מינדסטער ייד איז דאָ שטאַרקער פאַר אים, בריה׳שער... ווער פון זיי עס וויל נאָר, קען זי ביי אים צונעמען און שריי געוואַלד. פאַר־וואָס זאָל עס נישט טאָן, למשל, דער אייגענער שכן? און זי אַליין... מילא, וואָס יידיש בלוט קען זיך אָפּרופן! זאָל זי נאָר וועלן... זאָל עס זי נאָר אַ צי טאָן!

אין די אָוונטן האָב איך גענומען הערן אַנטעקס שכור קול. עטלעכע מאָל האָט דאָס ווענטל מיר געברענגט צו טראָגן בגניבה זיינע גע־פּעפּערטע אויסדריקן אויפן חשבון פון די זשידעס. אָבער אין די פרי־מאָרגנס האָבן זיינע אויגן מיך באַגעגנט מיט אַ העסלעך און חניפה׳־דיק פייערל. דערביי האָט פון זיי אַרויסגעשריגן אַ בייזער חשד, וואָס האָט זיך שטיל־שטיל געשאַרט צווישן די גלאַטיקע ווערטער: ער האָט מוראָ, דער פּאַן, אַריינקומען צו אונדז? טריפה, וואָס? אָבער מיינע איז אַ כשר׳ע זשידאָוועטשקע און שיין איז זי אויך. וואָס האָט ער מורא?

איך בין שנעל פאַרבייגעגאַנגען, געוואָלט ברוגז ווערן. אָבער ביי־נאַכט האָב איך ווידער אויפגעכאַפּט די אָפּגעריסענע ברעקלעך רייד. איך האָב געהערט ווי אַנטעק שעלט דאָס פּאַריז, איז זיך אפילו מיט איר מיישב, אויב עס וואָלט נישט גלייכער געווען צוריקצופאָרן קיין פוילן. וואָס וועלן זיי דאָ אויסזיצן? אָט, אין אַמעריקע, למשל, וואָלט ער איר באַוויזן, וואָס ער קען. אָבער דאָ, אין פּאַריז, וואו אַ פרעמדער האָט אפילו נישט קיין רעכט צו אַרבעטן, נאָר מוז וואַרטן אויף שטיצע? נאָר איר איז דאָ געפעלן. ס׳איז פריילעך דאָ, האָט זי גע׳טענה׳ט, מען זעט אַזויפיל מענטשן... און אויף וואָס זי דאַרף זען אַזויפיל מענטשן האָט אַנטעק נישט געקענט באַגרייפן. טיילמאָל איז אים גאָר איינגע־פאַלן, אַז דאָ איז זי שטאַרקער פאַר אים. זי קען אַזויפיל און דערצו איז זי נאָך שענער ווי פריער. פאַר אַזאַ וועלן זיך אַלע אָננעמען. אויף וואָס דאַרף זי אים דאָ אין גאַנצן? פאַרוואָס אַנטלויפט זי איצט נישט?

ס׳איז נישט זיין טבע איבערצוטראַגן. זי איז פאַרט נישט מער ווי אַ „באַבע״, אַ יידענע... און ווער עס האָט פאַר איר געגעבן דעם קאָפּ פאַרגעסט זי שוין, האַ? עפּעס האָט ער פון איר גוטסקייט אַרויסגע־

פילט מער באַליידיקונג ווי זיסקייט. דאָס קויפט זי אים אונטער, באַצאָלט אים, וואָס? דערפאַר וועט זי שפּעטער קענען זיין אַ פריי פויגעלע. אין דאָרף איז איר נאָך געווען צו־פרי. איצט וועט זי עס שוין קענען.

אָבער וואָס מער ער האָט אַריינגעטראַכט, אַלץ מער איז ער דער־שראָקן געוואָרן. איך האָב עס געפּילט פון זיין הכנעה׳דיקער העפלעכ־קייט, פון זיין וואַרטן לאַנגע שעה׳ן, אַבי צו קענען באַגריסן מיטן הויכן קול...

וואָס גייט עס מיך אָן? איך האָב אַליין נישט געוואוסט. דאָך בין איך שטילערהייט אַוועק זוכן אַ צימער אין אַן אַנדער האָטעל.

11

מיט איר אַליין איז אויך עפּעס געשען. דוכט זיך אַ קלייניקייט: מיט אַ יאָר צוריק האָט זי שוין געמיינט, אַז זי בלייבט אויף אייביק מאַלגאָשאַ קישעלעווסקאַ. אלא וואָס דען? ס׳האָט אַוועקגעצויגן. ערשט ווען זי איז געזעסן אויף אַ באַנק פון אַ פּאַריזער קאָרידאָר מיט אַנטעקן, איז צו איר צוגעלאָפן עפּעס אַ ווייבל מיט אַ צעפּלאָשעט פּנים:

—נ׳ווי איז מיר! רחלע!!!

נאָך איידער מאַלגאָשאַ האָט געוואוסט ווער דאָס איז, האָט זי שוין יענע געקושט; געקושט און געוויינט. יאָ, ס׳איז געווען אַ שכנטע פון דער היים. האָט זי קיין ברירה נישט געהאַט און צוריקגעקושט. יענע האָט זי שוין מער נישט אָפּגעלאָזט, אויסגעפרעגט מיט היימישן יידיש אויף אַנטעקן, אַזויווי ער וואָלט דערביי נישט געשטאַנען: עפּעס אַ לייטישער מאַן? ער שטאַמט פון אַ בעל־הבתישער משפחה? ווי איז דער מאַמען, וואָס האָט נישט דערלעבט דעם נחת...

מאַלגאָשע איז פון איר קוים פּטור געוואָרן, געגעבן איר אַ פאַלשן אַדרעס און זיך אָפּגעטראָגן. זי האָט נאָר געטראַכט, אַז עס וואָלט גלייכער געווען אין אַזעלכע ערטער צו גיין אַליין, אָן אַנטעקן. ערשט ביים אַוועקגיין האָט איר אַ שניט געגעבן ביים האַרץ: צי ער איז פון אַ בעל־הבתישער משפחה, האָט יענע געפרעגט... באַדויערט די מאַמע, וואָס האָט דאָס נחת נישט דערלעבט! און מאַלגאָשע האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט: אוי, זי האָט דאָך די גאַנצע צייט אפילו נישט געטראַכט וועגן די עלטערן! אין דאָרף האָט זי קיין עצה נישט געהאַט. דאָ אָבער איז זי אַ מענטש און אויסער אַנטעקן האָט זי דאָך נאָך עמעצן געהאַט!

„רחלע" האָט זי יענע גערופן — אַזויווי די מאַמע, דער טאַטע...

וואָס נאָך האָט זי געקענט געדענקען פון דער היים? גאָרנישט. בלויז אַ נאָמען פון דער צווייטער טיר האָט זי איצט שאַרפער געצויגן, נישט געלאָזט צורו. דאָס האָב איך זיך ערשט דערוואוסט, ווען זי האָט

ביי מיר פאַרשעמט אָנגעקלאַפּט און זיך אַזויווי געבעטן מיט נישט־היימישער דרייסטקייט: איר קענט מיך טאַקע נישט?

איך האָב גראָד געפּאַקט מיינע זאַכן און אויך אַנטעקס שכורער בליק איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. איך האָב דערפאַר שנעל אַרויסגעברומט: איך קען זיך נישט דערמאָנען... מער מיטן געפיל ווי מיטן בליק האָב איך ראַפּטום דערזען, אַז דאָס טוט איר אַ שטיק הנאה. אויב איך דערקען זי נישט, איז יענע פרוי בלויז געווען אַ צופאַל. זי דאַרף זיך מער נישט שרעקן. אָבער אַ באַליידיקטער בייגער האָט זי נישט געלאָזט באַלד אַרויסגיין. דערביי האָט זי אויך געהאַט אַ חשד, אַז דאָס מאַך איך זיך נאָר אַזוי, צוליב טאַקט. דערפאַר איז זי צוגעקומען נענטער, זיך אָוועקגעשטעלט ביז מיין בליק און געפאָרשט: איר געדענקט טאַקע נישט לייבן, דעם רויטן מילנער? זענט איר קיינמאָל נישט געקומען צו אונדזער טויער וואַרפן שטיינער?

אַ גאַנצער באַרג זכרונות האָט זיך איצט צעוויינט אין מיר. ס׳איז דאָך טאַקע דאָס דינע מיידעלע, נישט ווייט פון רבינס הויף! ווייגעשריגן, וויאַזוי איז זי דאָס געוואָרן אַזאַ דיק־צעוואַקסענע פרוי מיט אַ בלאָנדן קנויל האָר? אַנטעקס וויב? אַנטעקס? און וואָס זאָגט ר׳ לייב דערצו? אומזיסט, הייסט עס, געקראָכן צום רבין און גע׳חלומ׳ט, אַז דאָס מיידעלע מיט די געפלאָכטענע צעפּעלעך זאָל קריגן אַמאָל פאַר אַ חתן דעם רבינס שוואַרצאויגיקע, אין זיידנס־געהילטע שטיפערל?

איך בין שוין ווייט געווען פון יענע צייטן, ווען יעדער גוי איז ביי מיר געווען אַ רוצח און יעדע משומדת אַ טייוול. נאָר דאָס מאָל האָב איך ערשט בחוש דערזען, וויאַזוי אַ וועלט האָט זיך איבערגעקערט, אונטערגעגאַנגען. איך האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן, אָפּן געלאָזט די וואַליזע און פּשוט זיך צעשריגן: דעם רויטן לייבס אַ טאָכטער! אוי, געוואַלט... זי האָט דערשראָקן צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל: ער קומט באַלד אַריין... און איך האָב זיך מיט אַ דערשטיקטער בייזקייט ווידער גענומען פּאַקן מיינע זאַכן, אַזויווי זי וואָלט מער נישט געווען אין צימער. אַנטעק האָט דאָס מאָל נישט אָנגעקלאַפּט, נאָר גלייך אַריינגעשפּרייזט. אין דער לופט האָט ער אָנגעטאַפּט אַזאַ ברוגז שוויגעניש און פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז עפּעס געשמועסט געוואָרן אַ האַרבער ענין. ער האָט זיך געפילט אַזויווי שולדיק און צופרידן, וואָס ער האָט אונדז איבערגעריסן. ער האָט נאָר פון יוצא־וועגן געפרעגט: כ׳האָב געשטערט?

זי האָט געשוויגן און איך האָב שוין געמוזט ענטפערן: וואָס האָט איר אונדז צו שטערן? איך האָב זיך בלויז דערוואוסט, אַז מיר קענען זיך... ער האָט מיך רעכט נישט געהערט, נאָר גענומען זיך האַסטיק דרייען איבערן צימערל: איך ווייס, פריינטל, וויאַזוי איר קוקט אויף מיר. אַלעמאָל רייס איך זיך אַריין אַהער נישט ווי מען דאַרף. איך בין נערוועז, נישט העפלעך און קום, כאָטש מ׳רופט מיך נישט. פרעגט

זי אָבער, ווי רואיק איך בין געווען אין דער היים. אייער פּאַריז מאַכט מיך משוגע. איבערהויפּט... אייערע יידן! מיר דוכט זיך אַז איך דריי זיך כסדר אַרום צווישן הוילע פאַרשווערער מיט קאָמבינאַטאָרישע קעפּ. זיי ווילן מיך אַריינדרייען אין עפּעס וואָס איך באַנעם נישט און דאָס רייצט מיך אַזוי שטאַרק, צעווילדעוועט מיך...

אַ כעס האָט מיך אַ פּאַק געטאָן. איך האָב געוואָלט צוגיין נענטער צו אים און פּשוט אַרויסוואַרפן: וואָס הייסט? ווער האָט אים געבעטן קומען צו די יידן, נעמען ביי זיי געלט צום לעבן? זיי האָבן אים איינגעלאַדן, ער זאָל זיך דרייען צווישן זיי?

פון מיין האַסטיקן צאַפּל האָט ער זיך פאַרכאַפּט:

— טייטשט עס נישט שלעכט... עס האָט קיינער נאָך מיר נישט געשיקט. אָבער — עס איז מיר פאָרט אַזוי שווער! דאָס האָב איך געמיינט צו זאָגן... איך ווער דאָ צעדרייט און הילפלאָז, כאָטש וואַרף זיך אין דער סען אַריין. ווער ווייסט, אויב איך וועל זיך אַמאָל קענען אויסלערנען אַביסל יידיש... און וואָס וועט פאָרט זיין דער סוף?

ער האָט דאָס געזאָגט מיט אַזויפיל פאַרצווייפלונג, אַז מיין גאַנצער כעס איז אָפּגעקילט געוואָרן. איך האָב בלויז אַ בליק געטאָן אויף איר און געזען ווי זי רויטלט זיך, בלאַסט זיך, זוכט אַ וועג צו דער טיר... עמעצער האָט אין קאָרידאָר הויך געמופן: פּאַני מאַלגאַשאַ!

און איך האָב געזען, ווי זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער אָפענער טיר, ווי איינער ראַטעוועט זיך דאָס לעבן.

## 12

אַנטעק האָט זיך אויסגעבויט אַ פּלאַן. אָבער דאָס ערשטע מוז ער וויסן ביי מיר: קען איך זי טאַקע פון דער היים? אויב יאָ, אפשר קען איך אים זאָגן, ווי גרויס זענען געווען איר פאָטערס פאַרמעגנס? איצט, אין 1945 קען מען נאָך צוריקפאָרן קיין פּוילן און פאַרקויפן די ירושה. איין גאָט ווייסט, ווי שווער עס איז אים שוין צו לעבן פון נדבות. אָבער וואָס קען ער טאָן? דאָס ווייב דאַרף אים בלויז געבן אַלע רעכטלעכע פּאַפּירן און אים וועט מען שוין נישט אָפּנאַרן. ער וועט קענען פאַרקויפן דעם רויטן לייבס מיל, די ברויעריי און אפילו דאָס מעבל! ווי נאָר ער קומט אויף פּוילישער ערד איז ער צוריק אַנטעק... און אַז ער וועט צוריקקומען מיט אַזויפיל געלט — וועט שוין זיין אַנדערש. דער פּלאַן איז דווקא געמאַכט מיט קאָפּ. אָבער צי וויל זי אים נישט אַמאָל סתם אַוועקנאַרן? און וויאַזוי לאָזט מען זי דאָ איבער איינע אַליין?

דער געדאַנק פון באַקומענעם פאַרמעגן האָט אים שוין איצט שיכור געמאַכט. אָט, זאָל ער נאָר באַטרעטן די פּוילישע ערד! דאָרט קען ער אויסגלייכן די אַקסל, מויערן איינברעכן... ער האָט אָנגעטראָפן אַ

קלוגן ייד, טאַקע פון פּאַלעסטינע און יענער האָט אים באַוויזן דעם גאַנצן פּלאַן אויף דער האַנט. אָבער דאָס וואָס יענער איז דווקא באַ־שטאַנען, אַז זי מוז דאָ בלייבן איז פּאַריז געפעלט אים נישט. עס דאַרף הייסן, אַז שפּעטער וועט אַנטעק האָבן אַ תירוץ פאַרוואָס ער פאָרט נאָכאַמאָל קיין אויסלאַנד. טאַקע קלוג, אָבער וואָס האָט יענער אַזויפיל צו פרעגן אויף איר? נאָר פון דער אַנדערער זייט: וואָס איז דאָ מורא צו האָבן? זי האָט אים פאָרט ליב און יענער איז אַן אַלטער טשאַפּ... נאָר אַזאַ פריינט ווי איך מעג מען דאָך פרעגן, ניין?

פון זיין גאַנצן מבול רייד איז מיר עפּעס פלוצים קלאָר געוואָרן: דער פרעמדער מאַן מיט דער העברעאישער צייטונג! האָט ער בלויז צוליב דעם מיך דאַן גערופן און געבעטן מיין הילף?

איך האָב אַנטעקן בלויז געקענט דערציילן, ווי רייך דער רויטער לייב איז געוועזן. איך ווייס אָבער נישט, אויב אַנטעק וועט עס קענען צוריקנעמען. ער קען זיך אַמאָל דאַרפן שלאָגן מיט צענדליקער...

אָבער ער איז שוין אין גאַנצן פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר פאָטערס עשירות. זיין מויל האָט שווער געאָטעמט און זיינע ליפּן האָבן הייס איבערגעחזר׳ט יעדעס וואָרט מיינס. ווען איך האָב פאַרענדיקט, האָט ער אַ בייזן זעץ געטאָן אין טיש אַריין: איך וועל זיי ווייזן, וואָס מען מיינט פאַרכאַפּן! ס׳איז זייערס? כ׳בין נישט קיין דערשראָקן יידל. פאַר מיר וועלן זיי פאַלן אין דער בלאָטע. איר וועט זען!

זיין קול האָט זיך צעטראָגן איבערן קאָרידאָר. זעט אויס, מאַל־גאָשע האָט געמיינט אַז מיר קריגן זיך. דערפאַר האָט זי זיך געשעמט אַריינצוגיין און נאָר אָנגעקלאַפּט אין דער האַלב־צעעפנטער טיר: אַנטאָשו... קום אַריין אין שטוב... איך דאַרף דיר זייער נויטיק. ער איז אַרויס מיט אַ האַסטיקן זעץ אין טיר. נאָך אין קאָרידאָר האָב איך געהערט זיינע קולות:

— אַלע האַלטן מיך דאָ פאַר אַ שלאָק פון גאָט, וואָס קען בלויז נעמען פּעקלעך ביי זשידאָווסקיע אָרגאַניזאַציעס! אַפילו דער שכן גלויבט מיר נישט. כאָטש, גיי און דערצייל אים, וויאַזוי אַנטעק האָט געהאַט פּופּציק מאַרג פּעלד, זיך געלעבט ווי אַ גראַף...

דערנאָך איז גאָר־גאָר שטיל געוואָרן. אַ לענגערע צייט האָב איך געוואַרט אויף עפּעס אַ קלאַנג, אַ גערויש פון בעטל. אָבער זיי זענען דאָרט ביידע אַזויווי פאַרזונקען געוואָרן. דערפאַר האָב איך זייער שטיל געעפנט די טיר, אַרויסגעשטעלט מיין וואַליזע פון יענער זייט און ווי אַ גנב זיך אַראָפּגעלאָזט מיט די טרעפּ. ווען איך בין דאָס צווייטע מאָל געקומען נעמען די איבערגעלאָזטע זאַכן איז שוין דער קאָרידאָר געשלאָסן. איך האָב דערפאַר פייערלעך געטראָגן מיין פּעקל און אַריינ־געפאַלן אין נייעם האָטעל־צימערל מיט אַ גרויסער שמחה: ברוך

שפּטרני... עטלעכע נעכט האָט מיר בלויז געפעלט דאָס באַקאַנטע פּרעפּלען פון יענער זייט וואַנט.

13

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט עמעץ לייכט געקלאַפּט אין טיר. אויף דער שוועל איז געשטאַנען מאַלגאָשע. אירע אויגן האָבן געקוקט בייז און חוזק׳דיק אויף מיר. איך האָב זיך בלויז געקענט וואונדערן: וויאַזוי האָט איר געוואוסט מיין אַדרעס? — מען טרעפט שוין...

איך האָב זיך אָפּגערוקט פון דער טיר און זי געלאָזט אַריינגיין. דערביי האָב איך נאָך געוואַרט אַ וויַיל מיט דער קלאַמקע אין דער האַנט: וואו איז אַנטעק? זי האָט זיך פאַרשעמט: אין פוילן... געפאָרן נעמען נדן ביים טויטן לייב פאָגעל... איך האָב מער נישט געוואָלט פרעגן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, געכאַפּט אַ וויַיל דעם אָטעם און אויסגעשאָסן: הערט, איר באַהאַלט זיך טאַקע און ס׳איז נישט שיין פון מיין זייט צו קומען. אָבער איר זענט פאָרט דער איינציקער וואָס קען מיך ראַטעווען...

איך? יאָ. עפּעס אַ פרוי האָט געשריבן צו די לאַנדסלייט אין ארץ ישראל, אַז רחלע פאָגעל לעבט. זי איז מיט איר מאַן אין פּאַריז. מער האָט מען נישט געדאַרפט. ווער האָט זיך אָפּגערופן? נישט קיין אַנדערער ווי איר ברודער. אַנהייבס קריג איז ער געווען אין דער פוילישער אַרמיי. אַלע האָבן געמיינט אַז ער איז געפאַלן אויפן פראָנט. וויַיזט זיך אַרויס, אַז ער איז געווען געפאַנגען ביי די רוסן. שפּעטער איז ער מיט דער פוילישער אַרמיי אַריינגעקומען קיין ארץ ישראל און היינט האָט ער שוין דאָרט אַן אייגענע פאַבריק... וואָס ווייסט אַ ברודער? ער האָט שוין געשריבן צו דער ענגלישער מאַכט, אָפּגעהאַקט די טירן פון דער יידישער אַגענץ: נישט אַנדערש, נאָר מען זאָל איר געבן אַ סערטיפיקאַט! אַפילו זיינס אַ פריינט האָט ער אַראָפּגעשיקט קיין פּאַריז. נאָר יענער האָט זיך באַלד אַ קרום געטאָן: צי ווייסט איר, אַז אייער ברודער איז פרום? ער קען פאַרשטיין, אַז איר האָט אין די דייטשע צייטן געטראָגן אַ צלם אויפן האַרץ. אָבער איצט? וויאַזוי קען ער ברענגען עפּעס אַ מאַלגאָשע קישילעווסקאַ מיט איר גויישן אַנטעק? עס רייסן זיך אַזויפיל טויזנטער יידן קיין ארץ ישראל — טאָ פאַרוואָס עפּעס אַוועקגעבן זייערס אַ אָפּגעציטערטן סערטיפיקאַט צו איינעם אַן אַנטעק, וואָס איז נאָך דערצו אַ מיטגליד ביי די ווייסע פאַליאַקן?

זעט אויס, אַז דער מענטש האָט גוט נאָכגעפאָרשט. דאָס האַרץ וואַרפט זיך אין איר: געוואָלט, הערשל לעבט! לעבט! הערשל! אָבער אָן אַנטעקן קען זי נישט פאָרן, וויל זי נישט. זי איז אויך געזעצלעך געבונדן צו אים. צוזאַמען בלייבט זי אַ קריסטין, בעת אַ סערטיפיקאַט

קען זי נאָר באַקומען פאַר רחלע פאָגעל. זי איז שוין געווען אין עטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, דערציילט אַז זי מיט איר מאַן האָבן נאָר געלעבט אונטער אַרישע פאַפּירן און ביי זיי שוין געבליבן. אָבער יענע לאָזן זיך נישט נאַרן — און וויאַזוי זיי האָבן באַקומען באַוויזן אַז פון אַנטעקס דאַרף בלייבט פאַר איר אַ רעטעניש. דערצו קומט די מעשה מיטן קאַטוילישן „שליוב“ שוין נאָר דער באַפרייאונג. וואָס וועט זיין? הערשל דאַרף זיך נאָך דערוויסן, אַז אַנטעק איז געפאַרן אויפמאָנען דעם יידישן טאַטנס ירושה... זי האָט שוין אַפילו געשריבן אַנטעקן וועגן דעם. עס זעט אָבער אויס, אַז ער איז דאָרט היפּש צערייצט. ער ענטפערט נישט און זי האָט מורא פאַר אים. ער קען אַמאָל קומען און זי דערהרגענען. וואָס געהער ער זיך אָן מיט פאַלעסטינע! אפשר האָב איך אָן אַנדער עצה? אפשר קען איך שרייבן איר ברודער, אָדער גאָר כאַפּן אַ שמועס מיט אַנטעקן, ווען ער וועט קומען? אַז זי האָט אַזוי מורא! יאָ, עפּעס אַ שייגעץ פון פוילן האָט איר אָפּגעגעבן אַ גרוס פון אַנטעקן. ער האָט איר באַפוילן, אַז די מיל איז שוין כמעט ווי פאַרקויפט. ער זוכט נאָך די אַנדערע טיילן פון דער ירושה. ער איז איר געטריי און שטעלט נאָך איצט איין דעם קאָפּ פאַר אירעטוועגן. וואָס דאַרף מען מער? ער איז נאָך אַפילו נישט געפאָרן זען זיינע קרובים. אָבער איינס מעג זי וויסן: מיט אַנטעקן שפּילט מען זיך נישט. ער איז גוט, האַ? אָבער אָן אים וועט זי נישט לעבן... אָט זאָל ער נאָר הערן, אַז זי מאַכט זיך נאַריש מיטן שרייבן בריוו צום ברודער — קען ער אויך יענעם באַווייזן וואָס ער קען. אַ דאגה, מיט אַ זשידעק ווינציקער... און טאַקע מיט אַ זשידואווקע אויך. ווייניק פון זיי זענען אומגעקומען? און קיין לאָך אין דער וועלט איז נישט געוואָרן. וואָס מיינט זי, די וועלט וועט זיך צערייסן דעם יאַשטשיק פאַר אירעטוועגן? זאָל זי קומען קיין פוילן וועט זי עפּעס זען!

און מיט אָפענעם פּחד אין די אויגן האָט זי מיר צוגעגעבן: זי האָט אָפּגעלאָזט דאָס צימער אין פריערדיקן האָטעל... דאָס הייסט, זי האָט באַצאָלט פאַר עטלעכע וואָכן פאָראויס אויף אַנטעקס נאָמען. אַלע זאַכן זיינע האָט זי דאָרט איבערגעלאָזט. אויב ער וועט נאָר צוריקקומען, האָט ער וואו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ. אָבער זי אַליין ציטערט, אַז ער זאָל נישט אַריינפאַלן מיטאַמאָל אין מיטן דער נאַכט און זי דערווערגן, איידער עמעצער וועט נאָך דערהערן. דערפאַר האָט זי דערווייל גענומען פאַר זיך אַ באַזונדער צימער אין מיין האָטעל, טאַקע בשכנות... אַ היימישער בין איך? דאַרף איך איר העלפן. איך מוז!

איבער די ביינער איז מיר אַדורך אַ שוידער פון איר וואַרעמען, צוגעלאָזטן בליק.

## 14

מיר האָבן זיך נאָך עטלעכע מאָל באַגעגנט אויף די טרעפּ. איך האָב זי כמעט נישט דערקענט. איר גאַנצער גאַנג איז געוואָרן דערשראָקן און אָפּגעלאָזט. עפּעס האָט זי אַלעמאָל געוואָלט דערציילן וואָס העלפֿט שרייבט, נאָר איך האָב עס מורא געהאַט צו הערן. עס איז קענטיק געוועזן, אַז זי בענקט שטאַרק צום ברודער. אָבער אויך אַנטעק האָט זי נאָך אַלץ געהאַלטן אין צוים. זי האָט עטלעכע מאָל געפּרוּווט זיך אַליין אַרויסשלאָגן די וואַקלעניש, די מורא: איר ווייסט? איך האָב געטראַכט וועגן דעם: ווי קען לייב פּאַגעלס טאָכטער זיין אַ גויע? זאָגט אַליין... אַנטעקן האָב איך געגעבן וואָס איך האָב געקענט. איך בין אפילו נישט זיין ווייב. וואָס איז? מיר זענען געשטאַנען אונטער דער חופּה ביים רב? מיר געהערן זיך מער גאָרנישט אָן. איך דאַרף האָבן אַ יידישן מאַן... אַ יידישן... און טאַקע פון דער זעלבער שטאָט, דער טאַטע זאָל אים קענען און זיך נישט דאַרפן שעמען... פאַרוואָס זאָל מיך אַנטעק וועלן הרגענען?

איך האָב זי געוואָלט אויסמיידן. אָבער יעדע נאַכט, פאַרן אַרויפ־גיין אויף די טרעפּ, האָב איך געכאַפּט אַ בליק צו איר פענסטער. איך בין אַריינגעצויגן געוואָרן אין איר וועלט, אין איר לעבן כאָטש איך האָב עס נישט געזוכט. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער גורל אַליין האָט זי געטריבן אַלץ נענטער און נענטער צו מיר — און איך האָב נישט קיין ברירה. איך מוז אים פאָלגן. טיילמאָל, אין עלנטע נעכט, האָב איך אפילו מורא געהאַט טאָמער דער דאָזיקער גורל מאַכט בלויז שפּאַס פון מיר. איך האָב זיך נאָך אַלץ געשראָקן פאַר איר אָנקלאַפּן אין מיין טיר. אָבער דערביי האָט מיך אָנגעהויבן פאַרדריסן פאַרוואָס עס איז טיילמאָל פינסטער ביי איר, הגם עס איז שוין אַזוי שפּעט... וואוהין גייט זי עס?

עטלעכע מאָל, ווען איך האָב באַמערקט ליכט אין איר פענסטער, בין איך ווידער אַוועק שפּאַצירן. אָבער נאָך מער בין איך צופרידן געוועזן וואָס זי וויל, וואָס זי מוז מיך זוכן. עס וואָלט מיר אַפילו גאָר גוט געווען ווען זי זאָל מער פאָדערן; מער אָנוואַרפן זיך, מער גלויבן, אַז איך בין עס מחוייב און איך זאָל עס מוזן האָרכן. נאָר אויך צו דעם האָט גענומען אַ סוף. עטלעכע נעכט נאָכאַנאַנד האָב איך נישט געהערט דעם גרילץ פון איר שליסל. עס איז דאָרט געווען פינסטער און שטיל. דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיך געוואָגט צו פרעגן ביי שכנים אויף אַ זייטיקן מענטש. איך האָב זיך אַפילו נישט געוואונדערט, וואָס איך האָב זיך עס דערוואוסט דער לעצטער:

מיט עטלעכע טעג צוריק איז זי געקומען און באַצאָלט איר חשבון פאַרן גאַנצן חודש. דערנאָך זענען געקומען צוויי פרעמדע בחורים און

איר געהאָלפן טראָגן די צוויי שווערע טשעמאָדאַנעס. זי האָט דערביי אויסגעזען אי טרויעריק און אי פריילעך. די צוויי בחורים האָבן זי אָבער אונטערגעטריבן, אַזויווי זיי וואָלטן זיך געאײַלט צו אַ וועג וואָס מען קען אויף אייביק פאַרשפעטיקן. זי אַליין האָט זיך נאָך עטלעכע מאָל אומגעקוקט, געוואָרפן בליקן צו די אויבערשטע פענסטער. אָבער איינער פון די בחורים האָט שנעל צוגעברענגט אַ טאַקסי צום פאַר־לעגענעם געסל און זי ממש אַרייַנגעשלעפּט אַהין. דאַן זענען זיי מיט־אַמאָל נעלם געוואָרן. מען האָט דערקענט, אַז די צוויי לייט זענען אויסלענדער. איינער פון זיי האָט אַפילו צו איר גערעדט מיט אַזאַ טאָן, אַזויווי זי וואָלט געווען זיינס אַ כלה אָדער אַ שוועסטער... וואָס נאָך קען מען דאָ וויסן?

איך האָב זיך קוים אַ וואַקל געטאָן און אַוועק צו זיך אין צימער. ערשט גאָר שפּעט ביינאַכט, ווען דער גאַנצער קאָרידאָר איז געווען געהילט אין טונקעלער שטילקייט, האָב איך זיך צוגעשאַרט צו איר טיר. דאָס צימער איז געווען געשלאָסן און אַזויווי געוואַרט אויף עמעצן. זי האָט באַצאָלט ביז סוף חודש און קיינער האָט עס דערווייל נישט געקענט דינגען. אַלץ איז געווען שטיל און רואיק. בלויז פון הינטער דער שוועל האָט זיך געוויזט אַ פאַרקלעפּטער בויגן פּאַפּיר, וואָס מען האָט לייכט געקענט אַרויסציִען מיט צוויי פינגער. זעט אויס, אַז דאָס האָט זי עמעצן איבערגעלאָזט אַ גרוס. פאַר וועמען? פאַר מיר אָדער פאַר אַנטעקן?

איך האָב זיך טיף אַראָפּגעבויגן, נאָר אין דער לעצטער מינוט האָב איך זיך דערשראָקן: טאָמער איז עס נישט פאַר מיר? איך האָב דאָ נישט געציטערט פאַרן לייענען פרעמדע סודות. איך האָב נאָר געוואָלט זיכער זיין, אַז דאָס האָט זי געלאָזט פאַר מיר. איז שוין בעסער, אַז איך זאָל עס ווייטער לאָזן שטעקן אויפן זעלבן אָרט און ביי מיר אין צימער לייענען דאָס פּאַפּיר ווי נאָר מיין מחשבה וועט עס וועלן. דאָרט בין איך דער האַר און קען איר באַפעלן צו שרייבן אַזויווי מיר גלוסט זיך...

איך האָב אַפילו מורא געהאַט אַ לאַנגע צייט צו קוקן, אויב דאָס פּאַפּיר ליגט נאָך, אָדער עמעצער האָט עס שוין אַוועקגענומען. בלויז פאַר דער שוועל האָב איך עטלעכע טעג אַרויפגעקוקט צום פענסטער: טאָמער וועט דאָרט ווידער ליכטיק ווערן... איך האָב זיך ערשט ווײ־טיקלעך באַרואיקט, ווען אין איינעם אַ פרימאָרגן האָב איך דערזען, וויאַזוי עפּעס אַ צעוואַקסענע מויד פאַרשליסט דאָס צימער. זי האָט עס געטאָן מיט אַ סך געהיטנקייט — אַזויווי זי וואָלט דאָ איבערגענומען יענערס סוד צו באַוואַכן.

## 15

נאָך פון די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ, האָט מען געקענט הערן דעם רעש. איך האָב אויפגעעפנט די טיר צום

גרויסן זאָל און באַמערקט ווי עטלעכע חברים מיינע רייסן זיך מיט עפּעס אַ צעקנייטשטן פּאַרשוין. זיי האָבן דערקענט, אַז ער איז דאָ געקומען זיך שלאָגן און אים פאַרהאַלטן ביי דער טיר. ס׳איז געווען אַנטעק. ער האָט מיך באַמערקט און אַראָפּגעלאָזט די געביילטע פויסט. איך האָב אים אַ שלעפּ געטאָן ביי דער האַנט: קומט...

ער האָט זיך געלאָזט פירן ווי אַ פאַרשולדיקטער. ערשט ווען איך האָב צוגעמאַכט די טיר און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט זיך דער כעס אין אים צעזאָטן: איר האָט אַלץ געוואוסט... אַ שכן געווען! איך האָב אַ צאַפּל געטאָן: ווייסט ער עפּעס? אָבער געפרעגט האָב איך אים גאָר געלאַסן און תמעוואַטע: פּאַניע קישילעווסקי, וואָס מיינט איר? ער האָט זיך שוין אָבער פאַרקייכט פון צאָרן און נישט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון זיך. ער האָט בלויז אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש עפּעס אַ בריוו מיט ארץ־ישראלדיקע פּאָסט־מאַרקעס: לייענט!

איך האָב געהאַט פאַרלאָפענע אויגן און קוים געקענט אַדורכקריכן צווישן אירע שורות. ס׳איז פון איר, מאַלגאָשען! עפּעס האָט זי דאָרט געשריבן גאָר פּשוטע רייד, אַז בלוט איז נישט קיין וואַסער. זי האָט געמוזט אַוועק און דאָך בענקט זי נאָך אַנטעקן. זי האָט שוין אַפילו געפּרואווט רעדן מיט איר ברודער וועגן אים — נאָר דערווייל קען מען גאָרנישט טראַכטן דערפון. ס׳איז בעסער, אַז אַנטעק זאָל דערווייל וואַרטן אין פּאַריז. זיין קומען וואָלט איצט געווען געפערלעך. מען מוז האָבן געדולד. דער ברודער וועט זיכער בעסער ווערן. ער וועט מוזן פאַרשטיין... אַנטעק האָט איבערגעריסן: אָט — יידן! ראַטעווע זיין שוועסטער! גאָרנישט — וואָלט זיי בעסער געווען... „בלוט איז נישט קיין וואַסער" שרייבט זי. און אַז ביי מיר זענען גאַנצע צוויי יאָר די בלוטן פאַרגליווערט געוואָרן פאַר שרעק? און אַז איך האָב צוליב איר איבערגעלאָזט די עלטערן און דאָס גאַנצע דאָרף? דאָס איז גאָרנישט, האַ? נאָר אַז איך בין אַ אידיאָט, טאָ ווער איז שולדיק? אַלע זענען געווען רוצחים אין פּוילן, זיי אַזוי ווי אַלע! אַ גאַנצע וועלט איז נישט משוגע. דאָקטוירים און געלערנטע האָבן פיינט געהאַט יידן — קומט זיך אַזאַ וואַנץ ווי אַנטעק און גייט זאָגן אַנדערש. וואָס־זשע איז ער ווערט? ער האָט זי דען סיווי נישט געקענט האָבן? און דערנאָך וואָלט ער געדאַרפט טאָן אַזוי ווי אַלע אַנדערע. וואָלט ער שוין היינט זיכער געהאַט אַ ווייב מיט קינדערלעך, געווען צווישן אייגענע... איצט האָט ער!

אַנטעק האָט שוין אַפילו געוואוסט: דער ברודער אירער האָט ספּעציעל אַהערגעשיקט אַ יינגן בחור, וואָס זאָל איר פאַרדרייען דעם קאָפּ. אפשר האָבן זיי שוין דאָרט חתונה געהאַט פּאַ זשידאָווסקו און זיי לאַכן איצט ביידע פון זיין קאָפּ. אָבער ער וועט נישט שווייגן. זי איז

זיינע און ער האָט פאַר איר געגנוג באַצאָלט. ס׳גייט עפּעס אין כאַפּעלעך, אין אויסנאַרענישן? נישט ביי אַנטעקן!

נאָך מער איז ער בייז געוואָרן אויף מיר: ביי פריינט זאָל אַזוינס פּאַרקומען? ער איז דאָך מיר געקראָכן אונטער די נעגל, געוואָלט מיט מיר לעבן ווי צוויי ברידער... ער האָט נאָר נישט געוואוסט וויאַזוי. גיי איך און שווייג. מיט קייטן האָב איך זי דאָך געדאַרפט בינדן און וואַרטן ביז אַנטעק וועט קומען! פון יענעם עק וועלט האָב איך דאָך אים געדאַרפט רופן... נאָר אַ זשיד פאַר אַ זשיד וועט אַלץ טאָן...

איך האָב אים געדאַרפט אַרויסטרייבן, נאָר עפּעס בין איך גאָר געזעסן ווי אַ פאַרשולדיקטער. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָ זיצט אַ מענטש וואָס איז גאָר שטאַרק באַ׳עוולה׳ט געוואָרן. פון וועמען — ווייס איך אַליין נישט. אפשר פונם נאָקעטן לעבן און אפשר פון זיך אַליין. ער איז גערעכט און דאָך וועט אים קיינער זיין גערעכטיקייט נישט געבן, נישט טאָרן אים געבן. וואָסזשע נאָך קען מען טאָן פאַר אים, סיידן אויסהערן זיין משוגענעם געשריי? און נאָך עפּעס: ווי נאָר ער האָט דערמאָנט יענעם חתן־בחור, וואָס איך האָב אַפילו פאַר די אויגן נישט געזען, האָט זיך דאָס האַרץ אין מיר אַראָפּגעזעצט מיט אַ פינסטערן פאַרדראָס. עס האָט זיך מיר שטילערהייט אויסגעוויזן, אַז אייגנטלעך דאַרף איך גאָר אַזוי שרייען. איז גוט וואָס עס איז פאַראַן אַן אַנטעק און ער טוט עס שוין פאַר מיינעטוועגן. אַז ער שרייט, קען איך זיך זיצן מיט אַ געלאַסענער מינע אויף מיין שטול, מכלומרשט אים אויסהערן און קיינער זאָל אפילו נישט וויסן, אַז דאָס מאַך איך גאָר אַזעלכע געוואָלדן...

עס איז מיר אפילו גוט געוואָרן, וואָס איך קען זיך אַזוי שטאַרק באַהאַלטן אונטער מיין רחמנות צו אים. די טרערן וואָס האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן זענען געווען אמתע. אַז דאָס האָב איך רחמנות אויף זיך אַליין, האָט אַנטעק באַין אופן נישט געקענט וויסן. דערפאַר האָט ער אויף מיר נאָכאַמאָל אַ בליק געטאָן און פּלוצים שטיל געוואָרן, געוואַרט אַ ווייל און צוגעפאַלן צו מיין פּנים מיט אַ געוויין. ער האָט זיך אַפילו צוגעטוליעט צו מיין אָרעם, ווען איך האָב אים שטום אָנגענומען ביי דער האַנט און אַראָפּגעפירט פון די טרעפּ פאַר אַלעמענס פאַרוואונדערטע אויגן.

16

אַנטעק האָט זיך אויסגעזוכט אַ צימער בשכנות פון מיר. טאַקע איר צימער. עטלעכע טעג כסדר איז ער געלאָפן אין האָטעל אַריין, ביז ער האָט עס באַקומען. אין די נעכט האָב איך געהערט ווי ער שפּרייזט צעחושט, אַזויווי דאָרט וואָלט זיך געקנוילט עפּעס אַ שווערע זאַווערוכע. טיילמאָל האָב איך פון דאָרט געהערט אַ שווער קרעכצן, ווי פון איינעם

וואָס ראַנגלט זיך מיט דער אייגענער גסיסה. צו מיר איז ער מער נישט אַריינגעקומען און אויך איך האָב אים אויסגעמיטן. פון זיין בליק האָט זיך געטראָגן עפּעס אַ טיפע גערעכטיקייט, וואָס נאָר ער איינער האָט פאַרשטאַנען. דאָס לעבן האָט אים אַנגעוואָרפן אַ פּעקל וואָס אים איז שווער צו טראָגן. ס׳איז באַלד נישט געווען פאַר זיינע כוחות. ווער האָט אים אַריינגענאַרט אַהין, אויב נישט מיר, די אַלע וואָס האָבן אין יענע שווידערלעכע צייטן געבעטן גאָט, אַז אַזעלכע אַנטעקס זאָל זיך געפינען אויף זיין פינסטערער וועלט? אָבער יעדער אַנטעק איז אויך אַ מענטש מיט פלייש און בלוט. זיי האָבן זיך אַליין אויך אַריינגענומען אין חשבון אַריין. פאַר זייער ראַטעווען האָבן זיי געוואָרט אויף לוין. אַ סך מאָל האָבן זיי זיך אַליין אויסגעקליבן די פּרייז — און מיר שטייען איצט ווי באַנקראָטירטע. נישט מיר קענען און נישט מיר ווילן זיי באַצאָלן וואָס זיי ווילן...

זיין אימפּעטיק אַרומשפּרייזן אין די נעכט האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַן אימה. איך האָב געפילט, אַז אויף יענער זייט וואַנט וועבט זיך אויס אַ טעמפּער פּלאַן און קיינער קען אים נישט אָפּהאַלטן. ערשט מיט לאַנגע טעג שפּעטער האָבן די טריט דאָרט אָנגעהויבן ווערן געלאַסענער, באַדאַכטער. מיר האָט זיך אַפילו אויסגעוויזן, אַז זיי ווערן דאָרט פּלוצים פרייליכער, האָפערדיקער. אין איינער אַ נאַכט האָב איך אַפילו געהערט אַ לוסטיק צופייפן און איך האָב זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות נישט אַריינצוגיין פרעגן: וואָס איז דער מער? אָבער אַנטעק האָט דאָס מאָל, ווייזט אויס, נישט געקענט זיין אַליין. ער האָט זיך צו מיר אַריינגעריסן אָן שאלות און באַלד אַוועקגעשטעלט עפּעס אַ שווער פּעקל אויפן טיש מיט בייזן טריאומף: מיין פרוי שיקט מיר...

עפּעס האָט ער זיך אַליין נישט געקענט צוגלייבן, אַז זי טראַכט נאָך פון אים, אַז עפּעס ציט נאָך אַ פאָדעם פון אים צו איר. האָט ער געדאַרפט, אַז נאָך עמעצער זאָל עס זען, אָנטאַפּן דאָס פּעקל און מסכים זיין: טאַקע פון איר! דערנאָך זענען אַוועק לאַנגע נעכט אין וועלכע ער האָט זיך נישט געוויזן. איך האָב געוואוסט: אין די פּעקלעך איז געווען פלייש און קאַווע, פּוטער און צוקער. דאָס נאָך־מלחמה׳דיקע פּאַריז האָט אַזעלכעס ווייניק געזען. אַנטעק האָט דאָס אויספאַרקויפט און אַוועק שיכורן מיט חברים. עס זענען אָבער געווען לאַנגע טעג ווען ער איז פון צימער נישט אַרויס. גאַנצע שעה׳ן איז ער געשטאַנען פאַר די שויבן און אַרויסגעקוקט סתם אַזוי. אין אַזעלכע אָוונטן האָט ער זיך נישט געקענט איינהאַלטן, אָנגעקלאַפּט טיילמאָל נאָך האַלבער נאַכט און זיך אַוועקגעזעצט ביים ראַנד פון מיין בעטל: פּאַניע קאַנדעל, וואָס וויל איך פון אייך? איר זענט בייז אויף מיר. איך זידל אייך אומזיסט און קום נאָך קלאַפּן. נאָר וואָס זאָל איך טאָן? איך גיי אויס... איר זעט מיין געזונטן גוף? דאָס איז גאָרנישט. ער האָט אַ קורצע צייט געלעבט,

נאָר איצט איז ער קאַפּוט. זי האָט צוגענומען דאָס לעבן און אַוועק־
געפירט איבערן ים. איצט פאַרשטיי איך: אויך זי איז נישט שולדיק.
אַ מענטש קען זיך נישט אַוועקרייסן פון אייגענעם וואָרצל. אויך איך
האָב עס נישט באַדאַרפט טאָן. ביזטו אַ פויער — זיץ אין דיין דאָרף,
האַלט דיך ביי דיין כאַלופּע און ביי אַ „באַבע" פון דיינס גלייכן. ווי
קומסטו צו אַ יינגער זשידאָווקע, צו פּאַריז, צו פּאַלעסטינע?

דאָס ערשטע מאָל האָב איך געזען אין אַנטעקס אויג אַ טרער. זי
האָט געהאָנגען איבער זיין ברעם אַ פרעמדע, קוים־קוים אַראָפּצופאַלן —
אָט אַזויווי אַנטעק האָט איצט געהאָנגען איבער דעם גאַנצן פּאַריז. איך
האָב אים געוואָלט איינגעמען, טרייסטן, דערציילן אַז נישט איינמאָל
האָט זיך אַ כלאָפּ פון דאָרף אַרויסגעריסן און אַוועק אין דער וועלט.
געוואָרן אַ גאַנצער — — —

נאָר אַנטעק האָט נישט געלאָזט רעדן. ער האָט זיך אַלץ מער
צעקאָכט אויף זיך אַליין: געלאָפן בין איך... געוואָלט האָבן אי אַ שיין
גרויסשטאָטיש ווייב, אי געשמאַניעט ביי איר אין שטאָט און געוואָלט
אַריינכאַפּן די גאַנצע מאַטניאַ, וואָס איר טאַטע האָט געלאָזט. אַ פריץ
האָט זיך מיר געגלוסט צו זיין... וואָס וואָלט איך דערנאָך געטאָן?
סיידווי געבליבן אַ כלאָפּ אין ווייסע גאַטקעס. עפּעס אַ קליינינקייט?
אַנטעק קישילעווסקי גייט ווערן אַ כראַביע... נאָר איצט איז פאַרפאַלן.
זי האָט מיך פאַר'סמ'ט און איצט ליג איך דאָ און רייס פון זיך שטיקער.
דערציילן אייך ווי גוט מיר איז געווען אין מיין דאָרף? גייט עס צו
אַלדע טייוול! דאָרט איז איצט אַ מחיה צו זיצן מיט מענטשן, אָבער
זאָל עס פאַרברענט ווערן. פאַר מיר האָט עס מער קיין אָרט נישט.
איר ווייסט כאָטש, נאָך וואָס איך בין אַהער אַריינגעקומען? בלויז דער־
פאַר וואָס איך מוז מיט עמעצן רעדן וועגן איר, מאַלגאָשען. כ'בעט
אייך: דערציילט מיר, וויאַזוי האָט זי אויסגעזען קליינערהייט... איר
האָט דאָך זי געקענט...

איך בין אַזוי איבערגענומען געוואָרן, אַז איך האָב זיך געגראַבלט
אין זכרון, אויסגעזוכט אין קאָפּ וואָס דאָרט איז נאָר פאַרבליבן פון איר.
מיין רחמנות האָט מיר אפילו אונטערגעטראָגן זכרונות, וואָס איך האָב
גאָר קיינמאָל נישט געדענקט און זיי ערשט באַשאַפן, ספּעציעל פאַר
זיינעטוועגן. ער איז דערביי געזעסן מיט אָפענע אויערן, די ליפּן האָבן
זיך ביי אים באַוועגט און זיי האָבן איבערגענומען יעדעס וואָרט גלייך
פון מיינע. אַ ווײַלע האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס פאַרוויג איך מיט
אַ לידל אַ גרויס קינד מיט מעכטיקע פּלייצעס און צוואָקסענע הענט.

ערשט ווען אין צימער איז אויף אַ מינוט שטיל געוואָרן און די
גאַנצע לופט אַרום אונדז האָט אויסגעזען ווי אַ געשטאָרבענע, האָט ער
זיך אַ טרייסל געטאָן. ער איז אויפגעשטאַנען, אַ רוק געטאָן זיך
פאַראויס אַזויווי אַ שטיק צערייצטער שווידער. איך האָב געפילט אַז

דאָ גייט עפּעס געשען און ווי נישט מיט מיין קול אים אַ רוף געטאָן: פאַניע אַנטאָש...

ער האָט זיך שוין אָבער אָנגעשפּאַרט אין דער קעגנאיבערדיקער וואַנט, אַזויווי פאַר חלשות. דערנאָך האָט ער אַ זעץ געטאָן אין דער וואַנט מיט דער פויסט, איינמאָל און נאָכאַמאָל. איך האָב געפילט אַזויווי דאָס וואָלט ער געהאַמערט איבער מיין קאָפּ. זיינע אויגן האָבן געקוקט מיט אַזויפיל רציחה און אַזויפיל צער, אַז איך האָב מורא געהאַט אים צו שטערן. זיין גאַנצער קערפּער האָט איצט געציטערט און ווען ער האָט זיך ווידער אַ לאָז געטאָן צו מיר, האָבן זיך זיינע טריט געפּלאָנטערט ווי ביי אַ שווער־קראַנקן: הערט! איך מוז זי נאָך זען... איך פאַר צו איר! זיין בענקשאַפט האָט מיך מיטגעריסן, אַזוי אייגן געוואָרן מיט מיר, אַז איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטן מיטצופּרעפּלען: איך אויך...

17

אַ שטיק צייט האָט זיך אַנטעק נישט אַריינגעוויזן. איך האָב אים מער נישט געוואָלט זען און דאָך געוואָרט מיט אַ נייגעריק האַרץ אויף זיינע וויטערדיקע אויסברוכן. וואָס האָב איך מיט אים פאַר אַ שייכות? אפשר זאָל איך גאָר נעמען און אַנטלויפן ערגעץ אין אַ פּריוואַט־הויז, וואו ער וועט נישט וואַגן אַריינצוקומען? דאָס האָב איך זיך געפרעגט צענדליקער מאָל, אָבער אַלץ געבליבן בשכנות מיט אים. דערפאַר האָט ער ווידער געמוזט אָנקלאַפּן און איך האָב אים ווידער געמוזט עפענען. דאָס לעצטע מאָל איז ער אַפילו געקומען מיט אַ גענויעם פּלאַן:

—איר מוזט מיר העלפן. וואָס פאַר אַ ווערט האָט דען מיין לעבן? איך זע עס שוין איצט. גאָרנישט. ווען איך זיץ דאָ, האָב איך נישט קיין מעגלעכקייט זי אָפּצונעמען כאָטש אויף אַ וואָך, אויף אַ טאָג ביי יענעם יידישן ראָצערל. אַז מיך ברענט גאָרנישט אַזוי, דערפאַר וואָס איך האָב זי נישט מער. עס טוט מיר בלויז ווי, פאַרוואָס ער האָט זי ביי מיר אַזוי לייכט צוגענומען. ער איז געקומען און זי אָוועקגעפירט אַזוי לייכט ווי אַ פעדערל... לאַכט נישט: איך מוז פאָרן אַהין און אַ שפּיל טאָן אויף אַלע מיינע כוחות. אַזוי איז יענער געקומען ווי אַ גנב און איך האָב אפילו אים נישט געקוקט אין פּנים אַריין, נישט איר... דאָס לאָזט מיך נישט לעבן. קען זיין, אַז איך האָב שוין פאַרשפּעטיקט — נאָר איך וועל עס ערשט גלויבן, ווען איך וועל זיך אַ שלאָג טאָן פאַר איר; פּרואוון באַווייזן וואָס איך קען. מילא, אַז ס׳וועט דאַמאָלסט זיין פאַרפאַלן — וועל איך עס כאָטש וויסן. קען זיין, אַז איך וועל דערנאָך זיין שטיל ווי אַ קינד און ס׳קען גאָר זיין, אַז כ׳וועל אַלעמען דער־הרג׳ענען. יענעם און זיך. אָבער איך מוז דאָרטן זיין: אַהין אָדער אַהער... וואָס וויל איך פון אייך? העלפט מיר פאָרן אַהין! ראַטעוועט!

איך בין שוין געווען ביי אייערע אָרגאַניזאַציעס, בין אפילו גרייט געווען אָנצוטאָן אַ יידישן צלם אויף זיך — אָבער זיי גלויבן נישט, ווילן נישט... דער טייוול ווייסט זיי!

איך בין געזעסן פאַרשטאַרט, נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן אים. אָבער ער האָט מיין שוויגן סיזוי נישט געהערט: איך בין אייך יידן נישט קיין שונא. פאַרוואָס? אָט האָב איך געשאָלטן און געזידלט. אָבער ווען איך דאַרף עמעצן פון אייך ראַטעווען, וואָלט איך עס ווייטער געטאָן. אַזאַ פאַרשאָלטענע נאַטור האָב איך שוין. וויל איך איצט פאָרן מיט אייער הילף. קיין ייד קען איך נאָך נישט ווערן, אָבער איך וויל האָבן פאַרוואָס יידן צו דאַנקען.

אַנטעק האָט זיך צו מיר אַראָפּגעבויגן און די גאַנצע שכרות פון זיינע אויגן האָט מיך אויפגערודערט: אַז נישט... זוכן איצט די אַראַבער מענטשן מיט בלוט. אַ סך דייטשן פאָרן איצט צו זיי און מען מאַכט זיי דאָרט פאַר גענעראַלן. אַלע דערציילן דאָס זעלבע. פאַרוואָס זאָלן זיי נישט נעמען אַנטעקן? איך האָב קאַנטשאַפּט דאָרט. אַז איך וועל קיין עצה נישט האָבן — וועל איך זיך פאַרשרייבן. געדענקט: זייט שפּעטער נישט בייז, אויב איך וועל שניידן יידישע העלדזער. איך ווייס אַליין נישט, וואָס פון מיר וועט דאָרט ווערן. איך האָב גענוג געטראַכט וועגן דעם. נאָר איך מוז נקמה נעמען. איין ייד וועל איך זיכער דאָרט אַרומזוכן און איך מוז אים געפינען. צו איר ברודער האָב איך גאָר־נישט. זי איז געווען זיין שוועסטער איידער זי איז געוואָרן מיין ווייב. איז ער פריער. אָבער יענעם, וואָס איז געקומען אַזוי קעציש און זי אַוועקגענומען, מוז איך זען. איך וועל אים נאָר זאָגן: אויב דו האָסט זי געוואָלט צונעמען ביי אַנטעקן — איז נישט ווי אַ גנב! אַפילו ביי אונדז אין דאָרף האָט מען זיך געשלאָגן פאַר אַ מויד, אַמאָל מיט מעסערס און אַמאָל מיט די גאָלע פויסטן... אָבער געשלאָגן האָט מען זיך! בפרט נאָך פאַר אַ ווייב, מיט וועלכער מען האָט חתונה געהאַט און פאַר וועלכער מען האָט איינגעשטעלט דעם קאָפּ. פאַרוואָסזשע האָסטו מיר כאָטש די געלעגנהייט נישט געגעבן? בין איך איצט דאָ... קום און לאָמיר פּרואוון: ווילסט מיט די בלויזע הענט — ביטע זייער! אויב נישט — איז מיט וואָס דו ווילסט. אַנדערש גייט עס נישט...

יאָ, דאָס בלוט מוז ער זיך קילן. דאָס ווייסט ער. ער זאָל כאַפּן קלעפּ אָדער געבן — אַבי זיך געשלאָגן פאַר האָנאָר. דערנאָך? אפשר וועט ער אויך דאָרט זיך אויסגעפינען עפּעס אַ דערפל און אפשר וועט ער זיך גאָר צוריקלאָזן קיין פּוילן, אַוועקפאַלן אויף די היימישע פעל־דער און אויסקושן יעדעס זעמדעלע... ער וועט דערנאָך צונויפרופן דאָס גאַנצע דערפל מיט פּויערים אויף אַ שנאַפּס און צו זיי זאָגן אַזוי: לאָזט אייך נישט אַוועקציען פון אַלערליי רייצן און שיינקייטן! זוכט נישט קיין גליקן אין דער ווייטער וועלט, ווייל אויך אַנטעק האָט זיי

נישט געפונען. זיי זענען דאָ, די גליקן. איך אַליין האָב זיי געזען מיט די אייגענע אויגן. אָבער זיי זענען נישט באַשאַפן פאַר די הענט פון אַן אונדזעריקן. וועט איר שוין איין גליק האַלטן אין די הענט, ווי אַ געפאַנגען פישעלע פון גאָלד, וועט קומען אַ צווייטער, אַ פלינקערער, אַ ספּריטנערער פון אייך — און עס אַוועקנאַרן מיט אַ ווערעמל, אָדער עס אייך אַרויסשלאָגן מיט דער פויסט. טיילמאָל וועט עס זיך ביי אייך אַליין אַרויסגליטשן פון די פינגער, איידער איר וועט עס נאָך באַמערקן. דערפאַר זאָג איך אייך: וואו געבוירן — דאָרט פאַרלוירן...

אָבער די דאָזיקע רעדע וועט ער שוין האַלטן שפּעט, גאָר שפּעט... צוערשט מוז ער זיין אין פּאַלעסטינע. און פאָרן וועט ער דורך וועמען עס וועט זיך לאָזן. איך ווייס נישט, אויב איך וועל קענען באַזאָרגן די רייזע דורך די יידן? איך קען קיינעם נישט און זיי וועלן מיך נישט פאָלגן? נו, גוט, ער האָט בלויז געפרעגט. ער האָט עס געמוזט טאָן, ווייל ער וויל זיך שפּעטער נישט שעמען פאַר מיר. אַ מאָדנע זאַך ביי אים: ער שעמט זיך פאַר אַ זשידעק ווי איך. פאַרוואָס שעמט זיך קיינער נישט פאַר אים? עך, ער האָט נאָר געוואָלט זען, אויב עס גייט... אַ גוטע נאַכט, פריינטל...

18

אַ גאַנצע נאַכט האָט מען נישט אויפגעהערט צו טרינקען אויף יענער זייט ווענטל. אַלערליי קולות האָבן זיך געמישט מיטן בראָנפן און נישט אויפגעהערט צו שרייען: זיי געזונט, אַנטעק! האַלט זיך! די וועלט עקט זיך נאָך נישט צוליב אַ יידישער זונה; דערלאַנג דאָרט! כמאַליע אַנדערע זשידעס אויך! לאָז פון זיך הערן!

עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז די גאַנצע צעיושעטקייט פון די פּוילישע שטעט און דערפאַר האָט אַריבערגעוואָלגט קיין פּאַריז און באַהאַלט זיך דערווייל איצ אין דעם איינעם צימערל. די גאַנצע פולקייט פון פּוילישן פּאָגראָם האָט זיך דאָרט אַריינגעקוועטשט ביי פלעשער בראָנפן. אָט באַלד וועלן זיי אַלע דאָס ערשטע זיך אַריינרייסן צו מיר, אַנהויבן ביי מיין קאָפּ... איך האָב שוין געוואָלט אַראָפּלויפן אין גאַס, דרייען זיך ערגעץ ביז אין דער פרי. אָבער אַנטעקס קול האָט זיך אַרויסגעריסן פון די פּענטעס, אַלעמען איבערגעשריגן און אַ קראַנקער בייגער האָט מיך געצוואונגען איינצוהערן:

— ...און אים וועל איך בלויז אַ נעם טאָן פאַרן גאָרגל, אַז ער זאָל אפילו נישט קענען שרייען. דערנאָך וועל איך זי אַ כאַפּ טאָן אויף אַ פערד און היידאַ! ערשט אויפן וועג וועל איך מיט איר שמועסן אויף אַ לשון, וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט: אַנטלאָפן ביזטו, האַ? האָסט געמיינט, אַז אַנטעק וועט דיך נישט געפינען? מיט פּעקלעך

זשידאָווסקי וואורשט וועסטו אים איינגעמען, אַזויווי אַ קינד? אפילו קיין אַדרעס וועסטו נישט אָנגעבן, האַ? איז האָסטו דיר! האָסטו דיר!

דאָס האָט ער פאַנטאַזירט אויף אַ הויך און פייכט־גאַרגלדיק קול וועגן זיין נקמה. פון אַלע זייטן האָט מען געטומלט, געדעוועט און צוגעפליעסקעט מיט די הענט. זיצן דאָרט בלויז עטלעכע לאָבוזעס, אָדער אַ גאַנצער מיליאָן פאַגראַממשטשיקעס? ווי קומען אַזעלכע רייד אַהער, איבער אַזויפיל גרעניצן? אַנטעקס משוגע־געוואָרענער קוויטש האָט אַדורכגעבויערט אַלעמענס קולות. ער האָט געהאַלטן אין איין שעלטן, דראָען, פלאַנירן, רויבן, פאַרגוואַלטיקן, מאָרדן... און אַלעמען איז געדרונגען די שרייענדיקע סלינע פון קנאה, אַזויווי אָט טוט ער עס טאַקע! דערנאָך איז שטיל געוואָרן. עס האָט זיך נאָר געהערט אַ שווער כראָפּען פון שכור־איינגעשלאָפענע. אויך איך בין מיד געוואָרן און איינגעדרימלט אין אימה. דער גאַנצער קאָשמאַר פון ווייטע שטעט האָט זיך איצט אריינגעגנבעט אין מיין אומרואיקן דרימל און איך האָב געזען אונטערגעצונדענע הייזער, צעשניטענע לייבער און גויים מיט העק און לאָמען... ערשט טיף אין מאָרגן אַריין האָב איך זיך אויפֿ־געכאַפּט פון נאָנטע קולות. עמעץ האָט פויל געפרעגט פון יענער זייט: איז וואָס אַנטעק? מען דאַרף שוין גיין, האַ? זיין מיד, געבראָכן קול האָט קוים געענטפערט: יאָ, אָבער וואַרט נאָר אַ מינוט. איך מוז זיך דאָ געזעגענען מיט אַ שכן...

אַ שוידער האָט אַ שניט געטאָן אין לייב: מיינט ער מיך? דאָס האַסטיקע קלאַפּן אין טיר האָט מיר באַלד געגעבן אַן ענטפער. איך האָב זיך אַ ריס געטאָן פון געלעגער. ביי דער טיר איז געשטאַנען אַנטעק און אויף צעוויגטע פיס זיך אָנגעלענט אין דער וואַנט. דאָס מאָל איז ער נישט אַריינגעגאַנגען, נאָר מיר קאַלט אַריינגעשטעקט אַ האַנט איבער דער שוועל: זייט געזונט און ... פרעגט נישט. מיר איז שוין אַזוי באַשערט! איך בין שטיין געבליבן אויף דער שוועל אַן אַ וואָרט און בלויז זיך איינגעהערט אינם עכאָ פון די אָפּגעגאַנגענע טריט. דערנאָך בין איך ווידער אַריינגעפאַלן אַזויווי אין אַ היסטערישן שלאָף. וואוהין ער איז אַוועק האָב איך מער נישט געוואָלט וויסן. איך בין אַרויס פון יענעם האָטעל, אַזויווי איינער אַנטלויפט פון אַ שריפה. דאָס האָט מיך אַפילו באַרואיקט און איך האָב רעכט נישט געטראַכט מער פון אים: אַ דאגה דאָרט! נישטאָ אַנטעק... ערשט נאָך לאַנגע חדשים האָט זיך אין מיין פּאָסט־קעסטל פאַרוואַלגערט אַ קורץ קאַרטל, צעקנייטשט פון לאַנגן וועג. די פּאָסט־מאַרקע איז מיר געווען קענט־לעך. עס האָט פון איר געשמעקט מיט מרחקים און מיט געהאָרבטע קעמלען פון תנ״ך. דאָס האַרץ האָט מיך אָבער נישט געלאָזט עס נעמען אין דער האַנט און אַדורכלייענען. בלויז די קרומע שורות פונם אַדרעס האָבן מיר בגוואַלט אָנגעזאָגט: אַ גרוס פון אַנטעקן...

שפּעטער איז דאָס קאַרטל געלעגן לאַנגע חדשים אויף מיין פּאַר־שטויבטן טיש נישט געלייענטערהייט, ביז עס איז ברוגז געוואָרן און אַוועקגעפלויגן מיטן ווינט דורכן צעעפנטן פענסטער.

## ע פּ י ל אָ ג

איך האָב צו קיין ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע קיינמאָל נישט גע־הערט און אַוודאי נישט געטראַכט, אַז איך וועל אַמאָל מגולגל ווערן קיין ארץ ישראל. אָבער די שלאַכטן מיט די אַראַבער האָבן זיך איינגעשטילט און דאָס יאָר 1948 האָט אויפגעוועקט אַזויפיל יידן פון דרימל. בין איך אויך מיטגעריסן געוואָרן. איך האָב דאָרט קיינעם נישט געהאַט, נישט קיין ברודער און נישט אַפילו קיין רעכטן אַדרעס. דאָך האָב איך איינ־מאָל זיך אַוועקגעלאָזט צום יידישן קאָנסולאַט און געפּועלט אַ וויזע. געפאָרן בין איך אָן אַ ציל און בלויז געוואָלט זען, אויב די גאַנצע מעשה איז אמת.

ערשט ביים אַראָפּגיין אין פּאָרט האָב איך געפילט אַ ווילדע פרייד און אַ גרויסן צער. יידן קומען, יידן פרייען זיך, יידן וואַרטן אָפּ און איך — נישט איך דערוואַרט עמעצן און נישט עמעצער וואַרט אויף מיר. צוליב וואָס בין איך געפאָרן? אין דער מינוט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אַהער מעג נאָר קומען אַזעלכער וואָס האָט דאָ עמעצן — אָדער ער וויל זיך אַליין איינטוליען אין דער דאָזיקער ערד. סתם שפּאַצירן און זען טאָר מען נישט. קאָנטיק, אַז אויך די באַאַמטע האָבן אַ טראַכט געטאָן דאָס זעלבע. איינער האָט מיך טאַקע אַ פרעג געטאָן: איר האָט קרובים אין לאַנד? איך האָב זיך פאַרשעמט, געוואָלט זאָגן אַז אַלע יידן זענען מיינע קרובים. אָבער פּלוצים האָט מיר אַ בליץ געטאָן אין מח: הערשל פאָגעל... און רחל... פאָגעל! אַדרעס? ניין איך ווייס נישט.

אַ ייד פון דער זייט איז מיר גרייט געווען צו העלפן, מיר אָנגעוויזן וואו מען קען פרעגן אויף אַן אָרגאַניזאַציע פון לאַנדסלייט. די ערנסטע פייערלעכקייט פון אַ ניי לאַנד, אַ יידיש לאַנד, האָט מיך אַדורכגענומען און איך האָב זיך אַליין געגומען זידלען: וועמען נאָר איך דאָ אָפּ? און וואָס פאַר אַ פּנים וועל איך עס האָבן ביי איר? נאָר אַ פרייד איז מיך פּלוצים באַפאַלן: פאַרוואָס טאַקע נישט צוגיין אַהין? איך וועל איר דערציילן דעם אמת, בעטן צו זאָגן אַז יאָ, ס׳איז אַ קרוב — אויב מען וועט קומען פרעגן... אין אַ פרעמדן לאַנד וויל מען זיך אָנכאַפּן אין אַ שטיין און דערפאַר...

יאָ, דערווייל וועל איך זי זען... קוקן אויף איר פּנים און פּרוואון אַראָפּלייענען: וואָס איז געוואָרן מיט אַנטעקן? ליגט ער נאָך ערגעצוואו ביי איר אין האַרץ אָדער שוין... אינגאַנצן פאַרגעסן?

איך האָב פּלוצים באַקומען אַ ציל. גאַנצע טעג בין איך אַרומ־געלאָפן פון אָרט צו אָרט, געפרעגט, געפאָרשט. ביז איך בין מיטאַמאָל שטייך געבליבן מיט אַן אַדרעס אין דער האַנט. איך בין אַזוי צעמישט געוואָרן, גלייך ווי איך וואָלט נאָר צוליב דעם געקומען. דער אַדרעס אין מיין האַנט האָט מיך פּלוצים צעפּלאַמט, אויפגערעגט, געררייצט. אָבער דערביי האָב איך מורא געהאַט, געוואָלט אָפּלייגן מיין משונה׳דיקן גאַנג אויף שפּעטער, נאָך שפּעטער. וואָס האָב איך דאָרט צו פרעגן, צו זאָגן, צו הערן? אָבער דאָס פּאַפּיר אין דער האַנט האָט מער נישט געלאָזט צורו. איך האָב בלויז באַשלאָסן גיין צופוס, אַבי עס זאָל געדויערן לענגער און איך זאָל זיך דערווייל אָנגעמען מיט קוראַזש.

האָט זיך געצויגן אין גאַס, נאָך איינע... צענדליקער. עפּעס אַ פּלאַץ אויף דער גרעניץ צווישן תל־אביב און יפו האָט מיך פאַרהאַלטן. יאָ, דאָרט נישט ווייט איז דאָס הויז, דער נומער! מוז איך טאַקע באַלד אַריינגיין? אָדער אפשר וואַרטן אַביסל, נאָך אַביסל, זיך אַרומזען פריער... סייווי ברענט ביי מיר דאָס צעטל אין דער האַנט מיט עפּעס אַזאַ פרעמדן נאָמען, צו וועלכן איך האָב זיך נאָך לגמרי נישט פאַר־היימישט: רחל גם־זו... גמזו... קען עס טאַקע זיין זי?

כלערליי מענטשן זענען געשטאַנען אויפן טומלדיקן פּלאַץ. ראַוווערן זענען אַרומגעפלויגן, אַ תימנער אויף אַן אייזעלע איז זיך שטיל גע־ריטן און אַ מחנה ריזיק־בלאַנדע בחורים האָבן בערלירט מיט ברוינע מוסקולן אַנטקעגן דער פייערדיקער זון. פון דערווייטנס האָט אַן אָפּ־טיילונג זעלנער מאַרשירט גלייך אויף מיר און איך האָב זיך קוים געכאַפּט, אַז דאָ איז נישטאָ וואָס צו מוראָ האָבן. איך האָב זיך אָפּגע־רוקט אין אַ זייט, באַטראַכט די פּלאַטפאָרמעס מיט פערד, אַזויווי אין דער אַלטער היים. אויף איינער, מיט צוויי פערד, האָב איך דערזען אַ געבויגענעם מאַן. מסתמא אַ בעל עגלה פון דערהיים, וואָס האָט זיך דאָ געצומען צו דער אַלטער פּרנסה און האָט איצט גראָד נישט ווער עס זאָל אים דינגען. וואָס ווייס איך? נאָר זיינע איינגעהויקערטע אַקסל און ברייטע פּלייצעס האָבן מיך אין עפּעס דערמאָנט. זיין קאָפּ האָט שוין אויסגעזען אַזויווי אין געעלטערטן גרוי און פון זיין מיד פּנים האָט אַזויווי אַרויסגעשריגן אַ צער, וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט דער היציקער פּיין פון דער זון. זיינע אויגן האָבן זיך געשטרעקט צו יענעם הויז, וואָס זיין נאָמען האָט מיך געבראַכט ביז אַהער. איך האָב נאָכ־אַמאָל אַ בליק געטאָן אויף זיין ברייט־צעפּעכערטער נאַז און געוואָלט אויסשרייען פון איבערראַשונג: אַנטעק! אַ פאַר׳יאוש׳טער אַנטעק...

אָבער איך האָב נישט געשריגן. גיכער פאַר אַלץ האָב איך זיך בעסער געוואָלט באַהאַלטן, ער זאָל מיך נישט זען. ווי גוט עס איז, וואָס איך בין אַהין נישט אַריינגעגאַנגען. זיין בליק וואָלט מיך זיכער געוועז אויפגעכאַפּט, אַרומגענומען מיט לאַנגן חשד און ווייטיק. וואָס

דאַרף איך עס? סיווי וועל איך שוין אַהין נישט אַריינגיין, כל זמן ער שטייט דאָ. אָבער ווילאַנג וועט עס דויערן?

איך בין שוין פון מיין באַהעלטעניש נישט אָפּגעטראָטן. פון אַ זייט האָב איך געהאַלטן אויג אויפן פאַר׳יתומ׳טן בעל עגלה און געוואַרט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ. ווילאַנג האָט עס אַזוי געדויערט? איך האָב עס נישט געקענט וויסן. פּלוצים האָט דער מאַן אויף דער פּלאַטפאָרמע זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי איינער דערשמעקט אַ געפאַר. ער האָט מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן די בייטש און אַ טרייב געטאָן די פערד, אָט דאָרט, נענטער צום הויז, נאָך נענטער...

ווי אַ פאַרכשופטער האָב איך זיך נאָכגעשליכט, פאַרגעסן וואו איך בין אויף דער וועלט און מיין בליק האָט בלויז אַדורכגעבויערט אַנטעקס פּלייצע. עס האָט פון איר אַראָפּגעשריגן אַזאַ געבויגענער צער, אַז מיר האָט זיך געוואָלט צוגיין און אים אַרומנעמען. איך האָב אָבער סיווי קיין צייט נישט געהאַט דערצו. פון דער צווייטער זייט האָט זיך באַוויזן אַ פּאָרל, אַ בלאָנדער מאַן און אַ פרוי מיט רויטע האָר — אַזויווי דאָס זונענגאָלד פון גאַס וואָלט געשלאָפן אויף איר קאָפּ. איך האָב זיך ראַפּטום דערמאָנט: די זעלבע! אָבער מיט עפּעס אַ גאָר יינגן טריט וואָס האָט געגומען ווערן שלאָבערדיק, געשטרויכלט ווי גאָר זי האָט זיך דערנענטערט צום הויז...

פון ביידע זייטן האָבן געשטראָמט יינגען מיט ברוינע גופים און דאָס געזונט האָט אַרויסגעזונגען פון אַלע זייערע אברים. זיי האָבן זי אויף אַ ווייליע איינגעשלונגען אין זייער שטראָם, זי אַרומגערינגלט אַזוי־ ווי צום באַשיצן און זי ווידער אַרויסגעלאָזט פון זייער לויפנדיקן קלעם. דער מאַן אויף דער פּלאַטפאָרם האָט זיך אויפגעשטעלט, גלייך געמאַכט די צעשאָטענע האָר אויפן שטערן און פּלוצים אַרויסגעבריִלט אין איר זייט אַריין: גוט מאָרגן, מיין ווייב!!!

זי איז שטיין געבליבן אַ רגע, אַרומגעקוקט זיך. דער מאַן אירער האָט בלויז אַ שמייכל געטאָן און מיר האָט זיך געגלוסט נעלם צו ווערן, איידער זי באַמערקט מיך צווישן נייגעריק־אָנגעלאָפּענעם עולם. עס איז אָבער גאָרנישט געשען. דער מאַן אויפן פּלאַטפאָרם האָט אַ שטאָלצן פייף געטאָן צו די פערד און אַ טרייב געטאָן דעם וואָגן פאָראויס. באַלד איז זי פאַרשוואונדן אין טויער און די פערד האָבן אַ רייב געטאָן מיט די פּאַדקאָווס אין טרוקענעם שטויב.

איך האָב שוין מער נישט געטראַכט פון אַרויפגיין צו איר. עפּעס אַ בייזער צער האָט מיך בלויז איינגעהאַלטן נאָך אויף אַ רגע צווישן דעם קליינעם, צונויפגעלאָפּענעם עולם. דערפאַר האָב איך נאָך געקענט כאַפּן אויף זיך דעם געבייזער פון אַ קליינגעוואוקסיקן ייד:

— מה יש?... עפּעס אַ משוגענער האָט זיך אָנגעזעצט און קומט יעדן פאַרנאַכט זאָגן „גוט מאָרגן" דער שיינער גברת... מען

קען אים דאַן פּאַר אַ מיליאָן פונט נישט דינגען... יעדן טאָג אַזוי. איז טאַקע אַ רחמנות אויף אַזאַ אומגליקלעכן פּאַרשוין. אָבער וואָס איז דאָס לויפעניש אויפן בייזן וואונדער?

איך האָב זיך אַ פּאַרשעמטער אַוועקגעטראָגן אויף די מידע פיס פון לאַנגן שטיין. אָבער אין דמיון האָב איך זיך געזען זיצנדיק אויף דער ברייטער פּלאַטפאָרם, וואָס די געזונטע פערד האָבן איצט אַוועקגעטראָגן ערגעץ טיף אין די געסלעך פון יפו.

ניו־יאָרק, 1956

# וואָס אין אַ מענטשלעך האַרץ קען זיך אָפּטאָן

1

זיי מיר מוחל, ליבער לייענער, אויב איך האָב פון דעם גרויסן און שיינעם פּאַריז נאָר אויסגעזוכט אַ קליין, טונקל ווינקעלע. אמת, עס שפּרייטן זיך דאָ אויס גענוג גאַסן פאַר די אויגן. נישט אין פענסטער פון די פּאַריזער מויערן ווינקט פרייליך מיט לאַכנדיקע פייערלעך, אַזויווי עס וואָלט זיך געריסן צו דערציילן אַ לוסטיק מעשהלע יענעם וואָס וויל עס נאָר אויסהערן. עס העלפט אָבער נישט. אין יענעם פינסטערן ווינקל וואַרפט זיך אַ מענטשלעך האַרץ אויף שוואַרצע שטריק און וואַרט אויף אַ שעה פון ווידוי.

דאָס וואָס מיט אים האָט פּאַסירט געהער זיך גאָרנישט אָן מיט די גרויסע וועלט־ראַנגלענישן און געשעענישן. דערפאַר אָבער פאַרלייגן אַזעלכע גורלות ווי זיינע אַלע וועגן פון דער וועלט און גראָבן־איין אַ מענטשלעכן קרעכץ אונטער יעדנס שריט. זיי זענען די וועלף אויף אונזערע וועגן, וואָס פרעסן אויף אונדזער רו שטומערהייט. דערביי ווערן זיי די בעל־תפילות פון אַלע נישט־אויסגעהערטע אומעטום.

קליין, גאָר קליין איז דער שטח, וואָס זיי פאַרנעמען. ס׳איז בלויז דאָס אייגענע שטיקל האַרץ. און אויך דאָס זענען זיי נישט בכח איינגאַנצן אַדורכצושפּרייזן. אויך די משא איז פאַר זיי שווער, ווייל דאָרט ליגט איינגעיאָרעמט זייער גאַנצע, אָפּגעלעבטע צייט. דאָרט ראַנגלען זיך אויס אַלע זייערע געוועזענע ליידן און פריידן. עס גייט דאָרט אויך געפּאָרט דער פאַרציקונגס־ווילן פון אַ חיה מיט דער מילדקייט פון אַ קינד און קיינער זעט עס נישט. נאָר אין געציילטע מינוטן גיט זיך אַזאַ האַרץ אַ פּראַל אויף אין דער גאַנצער ברייט און עס נעמט אַרויסשטראַלן דער גרויסער יאָך פון זיין אַ מענטש.

2

פון דעם ברייטן פּאַריזער בולוואַר, וואָס רופט זיך בעלוויל, ציען זיך קויטיקע גאַסן־אברים אין אַלע זייטן. דאָ האָט זיך די אָרעמקייט פון שטאָט באַפעסטיקט אין יעדן ווינקל און געלייגט איר חותם אויף יעדן הינקעדיק טרעפּל און אויף יעדער צעקרומטער מויער.

אַהער האָט פאַרבלאָנקעט אַ טייל פון דער יידישער עמיגראַציע און איז שוין דאָ אַריינגעוואַקסן. זי האָט דאָ געשעפּט איר נחתדיקן צער אַזוי לאַנג, ביז עס איז שווער געוואָרן פון דאַנעט זיך אַרויסצו־רייסן — אפילו ווען דאָס ביסעלע מזל האָט גענומען דינען.

דאָס האַרץ פון יידישן פּאַריז! אַזוי פליסטערט מען דיר אַריין מיט אַ טאָן פון אַ פּסק־דין. גיט עס דיך אַמאָל אַ צי און דו לאָזט זיך אַוועק איינהערן, וויאַזוי דאָס דאָזיקע האַרץ קלאַפּט. זאָל עס אפילו ליגן אין אַן אָפּגעריבענער קרעטשמע פון אַן איינגעהאָרבעט, פּאַריזער געסל.

איבער אַ קרום גאַניקל זעסטו אַ שילד פון אַ טרינק־שטיבל, וואָס זאָגט דיר אָן, אַז דאָ איז דאָס „בעלווילער ליכט״. אַ געל, צעחושט לעמפּל בליצט שטיפעריש מיטן אייגל און איז מסכים דערצו. בייגסטו דעם קאָפּ פאַרן קליינעם טויערל און גליטשסט זיך אַריין אינעווייניק.

דאָ קען זיך נאָך אַ יידישער מאָגן אויסלעבן בשלימות, זיך אָפּזוכן אַלע היימישע פעפערן און זאַלצן, אַלע יויכן, באָרשטשן און קוואַסן, וואָס זיינען שוין פון אומעטום פאַרשוואונדן. טאַקע אַהער האָט זיך מיט אַ צייט צוריק פאַרצויגן שמחה שרייער. ער האָט זיך געמאַכט אַ מסחר פון יידישע מעדנים, אויפגעשטעלט טישלעך מיט לעדערנע בענק און פאַרלייגט זיך אַן אייגענע מלוכה פאַר גוטע ברידער פון דער גאַנצער געגנט.

ווערזשע קען עס נישט שמחה׳ן? ווייזט זיך אַרויס, אַז אַלע קענען אים טאַקע. אָבער קיינער ווייסט נישט גענוי, ווער ער איז און וואָס ער איז פריער געווען. דער באַלעבאָס פון רעסטאָראַנדל איז ע ר . אַן אייגענער צום נעמען אַ כוסה מיט יעדן איינעם, וואָס קומט נאָר אַריין — דאָס איז ער אויך. נאָר וואָס ער איז געווען פאַר זיין קומען אַהער און וואָס ער קלערט שפּעטער צו זיין — ווייסט נישט קיין בן־אדם.

ער קען אַ סך שרייען, שמחה. נאָך מער קען ער שווייגן. און וואָס ע ר וויל פאַרשווייגן, וועט מען ביי אים מיט קיין טויזנט צוואַנגען נישט אַרויסרייסן. איז עס נישט קיינעמס דאגה. עס איז גענוג צו וויסן, אַז ער האָט דאָ פאַרלייגט אַזאַ נעסטעלע, וואו מען קען אַריינכאַפּן אַ טרונק, אַ ביס טאָן, ציען אַ קערטל און כאַפּן אַ שמועסל אויף יידיש. וואָס נאָך ? בלאָטע! נישט כדאי די רייד און דאָס אַריינקלערן.

3

שמחה האָט אַ ווייב. קינדער האָט ער אויך. דאָס דאַרף מען ביי אים נישט פרעגן. מען זעט עס. פון צייט צו צייט פאַלט דאָ אַריין אַ דיקע, הויכע פרוי מיט גרויסע, גרינע אויגן. זי קומט באַהאָנגען

מיט שווערע, בריליאַנטענע אוירינגלעך און אָן אַ שיעור סינגעטלעך אויף אַלע פינגער. ווען זי באַווייזט זיך, ווערט שמחה אומרואיק; אָנגעלאָדן מיט עפּעס אַזאַ בייזן פייער. זי קען אים שוין. קומט זי אַריין אויף דער שוועל, גיט אַ פלאַטער אַדורך, וואַרפט אַ בליק אויפן גאַרנדיקן זאַל וואו עס קומען פאַר היימישע חתונות — און זי לויפט דערנאָך אַוועק ווי אַ געוויטער. שמחה רופט זי צוריק, מיטן בלויזן שטעכיקן בליק זיינעם, ערשט פאַר איר אַוועקגיין:

— האָסט עפּעס געוואָלט?

דאַן בויגט זי זיך אַריבער צו אים, רעדט עפּעס גיך און הייס, אַזויווי זי וואָלט געוואָלט אַריינכאַפּן אַלע רייד אויפאַמאָל — כל זמן ער הערט. זי ווערט דערביי ווייך, גלעטנדיק. אירע אויגן גיסן זיך אָן מיט פייערדיקן גלאַנץ. אין שמחה׳ס בליק נעמט אָבער בושעווען אַ שטורעם:

— ס׳איז נישט דיין דאגה דערצו... איך לעב נאָך דערווייל אויף דער וועלט... מאַרש!

פאַרוואַרפט זי גיך די שאַל, אָדער דעם פוקסענעם קאָלנער, אַרום דעם האַלדז און לאָזט זיך צוריק צו דער טיר. דאָס חזרט זיך שוין איבער גאָר אַ לאַנגע צייט. נעמט עס יעדער אויף ווי אַ זאַך, וואָס קען גאָר אַנדערש נישט זיין.

עס טרעפט זיך אַמאָל, אַז עס גיבן אויך אַ פאַל אַריין אַהער אַ דאַר, הויך בחורל אָדער אַ פעטלעך, שוואַרץ־חנוודיק מיידל. ווען איינער פון זיי גיט אַן עפן די טיר — קוקט ער זיך באַלד אום דער־שראָקן אין אַלע זייטן. עפּעס נייגערט זיי דאָ גאָר שטאַרק. זיי ווייסן אָבער, אַז זיי מוזן דאָ אַלץ דערזען אין איין אויגנבליק, ווייל באַלד וועלן זיי עס נישט טאָרן. ווי נאָר זיי מאַכן איין טריט ווייטער, גיט זיך שמחה אַ טרייסל מיט זיין געוואַלטיקן גוף אונטערן בופעט. זיין גאַנצע מראה ווערט איין שטיק רויט, בלוטיק פייער:

— וו אַ אָ ס!? געקומען אַ ה ע ר?

נעמען די חברה באַלד אַנטלויפן. ערשט ווען זיי זיינען שוין אויף יענער זייט, לויפט זיי שמחה נאָך. ער שפּרינגט אַרויס פון דער שוועל ביז צום פאַרקאַנדל און כאַפּט זיי אַרום. דערנאָך קען מען אַזש הערן אינעווייניק זיינע משונהדיקע צערטלערייען. ע ר וויינט, לאַכט און רעוועט פאַר פאַרגעניגן.

דאָס זיינען שמחה׳ס ווייב און קינדער. פאַרוואָס ער פירט זיך אַזוי וועט אים קיינער נישט פרעגן. ס׳איז געגוג געווען דאָס איינע מאָל, ווען אַ גוטער ברודער האָט אים צוגעשליידערט אַ שכור וואָרט:

— שמחה! וואָס טרייבסטו אַזוי די יידענע? זאָל זי אויך אָנקוקן אַ היימיש פּנים...

וואָס פאַר אַ חלק יענער האָט באַקומען צוגעטיילט פון שמחה׳ס פויסטן, האָט מען זיך נאָך היינט מוראָ צו דערמאָנען.

דערפאַר האָבן שוין אַלע געוואוסט, אַז מער דאַרף מען נישט פרעגן. ווען מען גייט עס דען אָן? עס איז ז י י ן ווייב און ז י י ב ע קינדער! זאָל ער טאָן ווי אים געפעלט. טאָמער האָט זיך אַפילו איינער דערוואוסט וואָס מען דאַרף, האָט ער געשוויגן ווי אַ פיש. עס איז בעסער צו האָבן עסקים מיט אַ רואיקן, געמיטלעכן שמחה, איידער מיט אַן אָנגעצונדענעם פון רציחה. האָט מען עס געלאָזט לויפן מיטן ווינט.

4

ביים עפענען די טיר, איז נישט מעגלעך צו זען, וואָס אין שמחה׳ס רעסטאָראַן געפינט זיך. אַ געמיש פון רויך מיט וואַרעמער פאַרע גיט זיך קנויליק אַ וואָרף אין די אויגן אַריין. עס דוכט זיך, אַז מען איז אַקאָרשט בלינד געוואָרן. דויערט מינוטן, ביז מען קען אַרויסשיילן מיטן בליק פונעם נעפל אַרויס דעם בופעט, האַרט נעבן דער טיר.

אויף דעם הילצערנעם קרענצל זיינען אָנגעשטעלט גלעזער, טעלער, פלעשער און קליינע קאָניאַק־כוסה׳לעך. אַ דאַמעלע מיט אָנגעשמירטע ברעמען און ליפּן באַדינט געשיקט די אַרומשטייענדיקע, מיט גלעזעלעך „ריינעם" און מיט שמייכלען. שמחה אַליין זיצט אין אַ זייט, קוקט זיך צו און פרייכט פונם כסדר׳דיקן איבערעסן זיך.

אַהערצו צום בופעט ציען זיך אַלע מענטשן, וואָס ווילן עפּעס איבערכאַפּן אויף דערווייל. זיי זיינען משפחה־מענטשן מיט אַן אייגע־נער היים. עס שטייט זיי נישט אָן סתם צו עסן אַ מיטאָג אין שמחה׳ס רעסטאָראַן, ווי אַנדערע דאָרט. זיי עסן ביי זיך אין שטוב. נאָר אַז מען גייט פאַרביי אַ גוטן ברודער — כאַפּט מען שוין אין איינוועגס אַ ביס. שטייען זיי ביים בופעט אָנגעלענטערהייט און באַשטעלן אויף איין פוס אַ טיי־גלעזל ביינציקער. שפּעטער הייסט מען זיך דערלאַנגען אַ געפילטן ראָד פיש צום פאַרבייסן. צו דעם שמעקט שוין אַ פאַרבייס פון אַ טעלער טרוקענע קרעפּלעך. דאָס רופט אַרויס אַ נייעם חשק צו אַ שנעפּסל, פאַרביסן מיט טרוקענעם וואורשט... ביז דער ערשטער דערמאָנט זיך, אַז אייגנטלעך דאַרף מען שוין אַהיימגיין עסן מיטאָג.

שמחה אַליין מישט זיך וויניק מיט די טישלעך. דערפאַר אָבער ווערט ער שטאַרק געפאַלן ביי זיך פון די מענטשן ביים בופעט. עס פאַרדריסט אים, פאַרוואָס זיי האַלטן זיך גרויס קעגן זיינע געקאָכטע מיטאָגן. דאָך שטאַרקט זיך דער דרך־ארץ זיינער איבערן פאַרדראָס. אַזוי דאַרף צו זיין. דאָס זיינען מענטשן פון אַ היים! האַלט ער זיי אונטער מיט אַ גלעזל און ער אָטעמט אַריין מיט זיינע נאָז־לעכער

דעם היימישן ריח, וואָס זיי יאָגן אָן אויף אים מיטן דערמאָנען זייער שטוב. וואָס זיינען דען די, וואָס קומען עסן געהאַקטע לעבערלעך מיט קרעפּלעך־יויך? גאָרנישט! אָן אָנגעלאָפענע סטאַדע, וואָס איז היינט דאָ און מאָרגן דאָרט... דערפאַר זיינען אָבער די בופעט־שטייער מער יחוס. אַז זיי שטעלן זיך אַוועק עסן — מוז עס אים מיטרייסן. דאָס זיינען ק ע נ ע ר אין דער דאָזיקער מלאכה! איז צוזאַמען מיט זיי לייכטער אַריינצוכאַפּן אַ געוויכערט הערינגל, אַ האַלבן טוץ וואורשטלעך, אַ געפּילט מעגעלע און אַ ראָד געפילטע פיש, וואָס דעקט צו דעם גאַנצן טעלער.

נישט איינמאָל ווילט זיך אפילו שמחהן אויספיינען, איינרעדן און בעטן זיך ביי זיי, אַז זיי זאָלן זיך אַוועקזעצן ביי זיינס אַ טישל, פאַרזוכן אַ שוועמלעך־זופּ. זאָלן זיי אַליין זאָגן, אויב עס שמעקט נישט ווי אין דער היים, אדרבא... ער טוט ער אָבער נישט. ביי זיך אַליין ווייסט ער, אַז דערמיט וואָלטן זיי געפאַלן אין זיינע אויגן. אויך ער אַליין וואָלט דערביי עפּעס פאַרלוירן, מיט דער גאַנצער באַרימעריי. האַלט ער זיך אַלעמאָל איין און באַגלייט זיי מיט אַ טרויעריק־כעסדיקן בליק, וואָס שמייכלט זיי נאָך ביז צו דער טיר.

דאָ זיצט שמחה אויס זיינע טעג און נעכט. קומט אַ פּנים, וואָס אים געפעלט און שטעלט זיך נעבן בופעט — וועט שוין שמחה נישט דערלאָזן, אַז זיין שותפטעס טעכטערל מיט איר פאַרריסן שמייכעלע זאָל יענעם באַדינען. ער אַליין גיט זיך אַ צי אויס אין זיין גאַנצער לענג און פרעגט שוין וואָס מען דאַרף. שפּעטער האָט ער אַ ספּע־ציעלן פאַרגעניגן פון דערלאַנגען דעם גאַסט, וואָס ער וויל נאָר. דערביי נעמט ער אויך פאַר זיך יעדער ברעקל, וואָס יענער באַשטעלט; גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט פילן דעם גאַנצן טעם, וואָס אַ מענטש מיט אַזאַ פּנים האָט אין די אַלע זאַכן.

אַ גאַנצן טאָג מיט אַ האַלבער נאַכט ווערט שמחה נישט מיד ביי דער עבודה פון אַריינעסן אין זיך. קיינמאָל וועט ער עס אָבער נישט טון גלאַט אַזוי, נאָר ער מאַכט עס נאָך אַ בכבודיקן מענטש, וואָס געפעלט אים. אַז יענער עסט אַ ז ו י — דאַרף שמחה נאָכעסן מיטן זעלבן שטייגער, אַזויווי ער וואָלט זיך דאָ געוואָלט אויסלערנען ביי יענעם אַ גאָר־וויכטיקע זאַך, אַן איידעלע קונסט.

דער בופעט — דאָס איז געוואָרן שמחה׳ס נאָרע און היים. פון דאַנעט שפּירט ער עפּעס אויס; שטודירט ער אַזוינס, וואָס קיינער ווייסט נישט. עס איז נאָר גענוג אַ בליק צו טון אין שמחה׳ס ברייט־צעעפנטע, מיט בלוט־אָדערן באַצויגענע אויגן — אַז מען זאָל פאַרשטיין מיט וויפל אָנשטרענגונג דאָס קומט אים אָן.

מ׳האָט אויך געוואוסט: שמחה האָט ערגעצוואו אַ דירה — אַ גאַנצער פּאַלאַץ! אַ מאַנאַרך דאַרף נישט קיין שענערס. געלט דאַרף

ער אויף פאַרמאָגן מער ווי נישט איין אויסגעקלויבענער מיליאָנער. וואָסזשע זיצט ער דאָ אָפּ גאַנצע חדשים און יאָרן צווישן די געפּילטע מילצן און געפּעפּערטע שנאַפּס־פלעשער?

אַ רעטעניש פון אַ מענטש! קיינעם גייט אָבער נישט צופיל אין לעבן אויפצודעקן שמחה׳ס סודות. ס׳איז אַ מורא אויך. זעט מען עס ביסלעכווייז צו, ווי אַ געוויינלעכע זאַך וויאַזוי שמחה עסט זיך אָן, טרינקט זיך אָן און ציט זיך דערנאָך אויס אויף אַ זייטיקער, האַרטער באַנק. מען וויל זיך נישט איינהערן צו זיין געוואַלטיקן שנאָרכן אויף טיש און אויף בענק. ער שלאָפט דאָ אַזוי געזונט און אַזוי אָפּט, אַז קיינער ווייסט נישט וואָס ער טוט אייגנטלעך ביי זיך אין דער באַהאַל־טענער היים און אויף וואָס ער דאַרף זי דאָרט אינגאַנצן...

5

ווייטער־צו זיינען די טישלעך אַרומגעשטעלט מיט שטולן, וועלכע זיינען איבערגעצויגן מיט רויטער, אָפּגעריבענער צעראַטע. דאָ פליען אַרויס פון די הענט צעהיצטע קאָרטן, ווי געשליידערטע רוחות און מאַכן אָן אַ ווינט אויף די טישן. דאָ שפּילט מען טעג און נעכט, מען פאַרשפּילט געלט און מען זידלט זיך. שמחה קוקט קיינמאָל נישט אַהער. בלויז ווען דאָס געשריי גייט שוין איבער אַלע גרענעצן טוט ער זיינס אַ ברום, פון וועלכן אַלע גלעזער אויף די טישן בעמען ציטערן. דאָס איז גענוג. מען דאַרף נישט מער. וויבאַלד עמעצער טומלט זיך נאָך אַלץ — קלעקן בלויז זיינס אַ פּאָר ווערטער, וואָס הילכן אָפּ ווי האַמער־קלעפּ:

— עס וועט זיין שטיל, פרעג איך, אָדער נישט?! האַ?

הויבן אָן די קאָרטן ביי די טישלעך צוריק צו שאָרכן שטילערהייט. עס דויערט דערנאָך ווי־לאַנג, ביז דער עולם נעמט זיך צוריק דער־וואַרעמען און היציק אַריינזאָגן איינער דעם צווייטן. מיט זיי מאַכט שמחה נישט קיין לאַנגע מחזקות. דאָס געלט מאָנט שוין אויף דאָס קליינע, געשמינקטע מיידל און ער וויל אפילו קיין בליק נישט טון אויף די אַלערליי חשבונות. ווען זי וויל אַמאָל יוצא זיין פּאַר אים, אים דווקא דרייען אַ קאָפּ, וויפיל זי האָט איינגעמאָנט — שטעלט שמחה בלויז אָן די אויגן אויף איר:

— ד ו וועסט מיר אויך דרייען אַ ספּאָדעק? האַ?

פאַרלירט זיך דאָס מיידל, ציט זיך צוריק צום שופלעדל וואו זי ציילט לאַנג און נערוועז דעם פּדיון.

נישט אַלע ביי די טישלעך שפּילן אין קאָרטן און טרינקען ביר. אין דער זייט שטייען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן נישט מיט וו אָ ס צו שפּילן. זיי קומען זיך אַהער רייבן אַרום אַנדערע. זיי אַליין האָבן

נישט קיין שטוב, ווילן זיי דאָ אַריינאָטעמען זייער פּאַרציע היימישקייט. אַמאָל ווערט איינעם פון די שפּילער גוט אויפן האַרצן — הייסט ער דערלאַנגען אַ פּאָר גלעזלעך פאַר די אַרומשטייענדיקע, מיט וועלכע דאָס אויג איז מיט דער צייט אייגן געוואָרן. די דאָזיקע מענטשן קוויקן זיך מיט די קאָרטן-נצחונות פון אַנדערע. זיי שטייען אַרום, פרייען זיך דערמיט וואָס דער אָדער יענער האָט אַריינגעשאָסן. פּאַטשן זיי מיט די הענט און לעבן עס איבער ווי אַן אייגענע פרייד.

זיי איז גוט, וואָס זיי קומט קיינמאָל נישט אויס זיך אַזוי אויפ־צורעגן. זיי שטייען און שמייכלען כסדר. ס'איז זיי וואויל דערפון, וואָס דאָ געווינט ווער און שרייט פון צעפרידנקייט. זיי טיילן זיך אומגעבעטענערהייט מיט דער הנאה און שרייען מיט. אָבער נאָך בעסער איז, וואָס אַ סך פון די אַרומזיצנדיקע דאָ — וואָס זיינען אָנגעגעסענער און לעבנס-זאַטער — קאָכן זיך און עסן זיך אָפּ די גאַל ביים פאַרשפּילן.

אויף די דאָזיקע צוקוקער האָט שמחה אַ ספּעציעל אויג. ער לאָזט זיי אַריינשאַרן זיך אין זיין מלוכה וויפיל זיי ווילן נאָר, כאָטש קיין פּדיון איז פון זיי נישטאָ. זיין באַיאָרטע שותפטע האָט איינמאָל אפילו פאַרוואָרפן אַ וואָרט וועגן דעם, אַז דאָ האָט מען נישט געעפנט קיין קלוב פאַר ליידיקגייער. אַלץ קאָסט דאָ. אויב זיי ווילן אַריינ־קומען — דאַרף מען פון זיי עפּעס האָבן!

אָבער מיט איר האָט שמחה שנעל אָפּגעשניטן:

— ווילסט נישט? קענסטו מאָרגן קריגן דיינע פאַר קרייצער און ווילד! אויס מחותנים...

און פאַר שמחה'ס אַ זאָג ציטערט זי ווי פאַר פייער. עס דוכט זיך איר אַלץ, אַז אַן שמחה'ן וועט זי אַליין גאָרנישט אויפטאָן. ער ציט עפּעס צו זיך די מענטשן און זי ווייסט נישט פאַרוואָס און וויאַזוי.

שמחה קען שוין זיינע מענטשן. יעדן איינעם פון זיי, וואָס שטייט פאַרלעגן ביי דער טיר און שעמט זיך ווייטער צו גיין, דערמוטיקט ער:

—העי, דו יאָלד איינער! קיינער וועט דיך דאָ נישט אויפעסן... חזיר-פלייש איז ביליק. טאָ לאָמיר בעסער זען, וויאַזוי דו מאַכסט אַ טריט...

פון שמחה'ס געשריי, וואָס קומט פון בופעט-ווינקל, ווערן שוין אַזעלכע מער אויפגעהייטערט. דער בעל-הבית ווייסט דאָך, אַז זיי גיבן דאָ נישט אויס קיין פראַנק — און דאָך... זיי נעמען זיך דערפאַר פילן נישט ווי מענטשן, וואָס שאַרן זיך סתם אַריין אין אַ פרעמד אָרט, נאָר ווי פאַרבעטענע געסט. שמחה לאָזט זיי אַריינגיין ווייטער, זיך אָנשטעלן ביי די טישלעך און שפּעטער ערשט קען ער אַ רוף טון איינעם, אַ צווייטן:

— דע, קום אַהער נענטער... מיר וועלן מאַכן אַ שנעפּסל צוזאַמען!

נישט איינער קווענקלט זיך די ערשטע צייט. אָבער שמחה׳ס לאַפּע ציט אים שוין נענטער צו זיך:

— יאַלד איינער! איך שטיי אויף דיין לייזעכץ מיינסטו? מיט וועמען רעדסטו דאָס אַזוי, האַ? ס׳פעלט מיר מיינסטו? קום, שמחה וועט זיך שוין אויסצאָלן פאַר זיינע שותפים... מיט קיין געלט ווערט מען נישט געבוירן און ס׳איז נישט דיין דאגה...

עסט מען, פאַרטרינקט מען — און חברה קען נישט פאַרשטיין:

— י ע נ ע, וואָס גיבן צו לייזן געלט, זעט ער אַפּילו נישט, האָט נישט פאַר זיי קיין גוט וואָרט — און דאָ נעמט ער און פלאַדיעט אַן אַלערליי קריכער... מאַכט פון זיי אַ גאַנצן יום־טוב...

אָבער שמחה נעמט זיך ספּעציעל איבער מיט זיינע משוגעתן. דאָס גיט אים אַ ווילדע פרייד, כאָטש ער זאָגט עס נישט אויס. די צעברענטע פייערלעך אין די אויגן זאָגן עס שוין במילא. ווייסן שוין אַלע וועגן שמחה׳ן:

— נישט קיין שלעכטע בריה אפילו, נאָר אַ טשודאַק... איין גאָט ווייסט, וואָס ביי יענעם טוט זיך אַזוינס אין מוח...

אַפּילו דאָס וויב זיינס, וואָס פאַלט אַמאָל אַריין אַהער אויף אַ רגע און האָט מורא אַ וואָרט אַרויסצורעדן, אויך זי גיט שנעל אַ לייג צו אַ פינגער צום שטערן און דרייט מיט אים — ווען שמחה פאַרקוקט זיך אויף אַ סעקונדע... זי גיט דערביי אַ בליץ מיט די גרויסע, גרינע אויגן צו די טישלעך מיט אַ גע׳גנב׳עטן וואונק. דאָס זאָל הייסן:

— איר זעט דאָך אַליין, אַז עס פעלט אים דאָרט עפּעס אין קאָפּ... אַ קלעפּקע אַזאַ... זאָגן זאָגט זי אָבער גאָרנישט. זי ווייזט און אַנטלויפט.

6

דאָ רודערט עס זיך ווי אין אַ מיל. אַלע מינוט קומט אַריין אַן אָפּגעריסענער ייד אָדער אַ צעקנייטשטע פרוי, וואָס האַנדלען מיט אַלץ און מיט גאָרנישט. זייער גאַנצע קראָם איז ביי זיי פאַרשטעקט אין די טיפע טאַשן. בלויז דאָס מויל דעקט אַלץ אויף מיט אַ וויינענדיק קול:

— אַמעריקאַנער ציגאַרעטן... שאָקאָלאַד... זייפלעך צום ראַזירן... שיך־בענדלעך...

דאָס זיינען על פּי רוב סחורות, וואָס מען טאָר נישט פאַרקויפן אויף אַזאַ וועג. זיי וואַנדערן אָבער דערמיט פון גאַס צו גאַס, פון רעסטאָראַן צו רעסטאָראַן. וואָס קען מען טון? קיינער באַמערקט זיי אָבער דאָ נישט, מען הערט זיי נישט. דרענגען זיי זיך נענטער צו די טישלעך, שרייען אַריין, בעטן אַריין די קאָרטן־שפּילער אין פּנים אַריין:

— ציגאַרעטן... שאָקאָלאַד... פּאַלמאָליוו־זייף...

ווערט שוין עמעץ אין כעס, בייזערט זיך:

— יידענע, וואָס טומלט איר אַ קאָפּ? איר זעט דאָך, וואָס מען טוט דאָ און איר דרייט גאָר אַ ספּאָדעק!

דער ייד אָדער די פרוי זיינען אָבער פאַרצווייפלט, טרעטן זיי נישט אָפּ:

— זייפלעך... שיך־פּאַסטע... איר וועט זען ווי גוט...

עפּעס איינעם, אַ געווינער, איז גאָר פריילעך אויפן האַרץ. וויצלט ער זיך:

— איי, ליב מענטש איר! מען דאַרף אייך דאָך לערנען מיט וואָס צו האַנדלען! אָט, זעט איר, ווען איר ברענגט אַהער אַ פּאָר טייז — וואָלט איר דאָ געהאַט גענוג קונים. מיין מיטשפּילער לייגט אַוועק דאָס גאַנצע געזונט, בלויז דערפאַר, וואָס ער קען נישט ציען קיין טויז...

די סוחרים הויבן זיך אָן צו דרייען פאַרצווייפלט אויף די ערטער. זייערע ליפּן נעמען ציטערן:

— אָבער ע פּ ע ס גיט צו לייזן! נאָך היינט נישט פאַרקויפט, וואָס אַ סאַנטים האָט די ווערט... איך בעט אייך...

נאָר דאָ קומט פּלוצים אַ בת־קול פון יענער זייט בופעט:

— העי, אַ באַלעבאָס טאָר מען שוין גאָרנישט פאַרקויפן, וואָס?

באַלד שטייט שוין דאָרט די פרוי און ציט אַרויס, ווי אַ קונצנ־מאַכער, אַלערליי שטיקער זייף און שאָקאָלאַדעס פון די טאַשן. שמחה זעט אפילו נישט, וואָס זי לייגט אים דאָ אָן. ער באַצאָלט און שאַרט עס אַרונטער צו זיך אונטערן טיש, וואו עס וואַלגערן זיך פלעשער און צעבראָכענע געפעסן. די פרוי אַנטלויפט שנעל, מיט אַ פּחד ער זאָל זי אַמאָל נישט צוריקרופן. באַלד באַווייזט זיך ווידער אַ ייד מיט אַן אויסגעדאַרטער באָרד, וואָס זינגט ווידער אויס דעם זעלבן פּזמון:

— זייפלעך... ציגאַרעטן...

דאָס איז שוין פאַר שמחה׳ן איבערגענוג. טוט ער אַ בריל:

— הער נאָר, דע! מיינסט אַוודאי, אַז דאָ פעלט אויס די מציאה? קום נאָר אַהער, זעסט וואָס דאָ טוט זיך?

דער ייד זעט דאָרט אַ גאַנצע קראָם, וואָס וואַלגערט זיך אונטער די טישן, וויל ער זיך פאַרענטפערן, דערקלערן שמחה׳ן אַז... אָבער שמחה לאָזט אים נישט לאַנג ברייען. ער האָט נישט קיין געדולד צו אים. רייסט ער אים שנעל איבער:

— הער אויס... קיין קאָפּ צו דיר האָב איך נישט. דאָס גאַנצע ביסל זאַכן דאַרף איך אויף כפּרות. אויב דו ווילסט — נעם עס מיט זיך, וועסטו האָבן וואָס צו פאַרקויפן. איך וועל עס סייווי אַרויסוואַרפן...

ער האָט זיך אפילו אַוועקגערוקט פון בופעט און נישט געוואָלט זען וואָס דער פאַרגאַפטער ייד פּאַקט דאָרט אַלץ אַריין אין די טאַשן.

ערשט ווען יענער ווערט נעלם, האָט שמחה זיך ליב אויסצו׳טענה׳ן הנאה׳דיק מיט וועמען אויפן קול:

— איצט איז אַ מחיה... כ׳בין געוואָרן קוויט מיט זיי: איינע האָט איבערגעלאָזט, דער צווייטער האָט צוגענומען — און איך בין פון אַלצדינג פּטור געוואָרן...

7

ביי דער זייט פון בופעט, אין דער הויך פון סופיט, זעט זיך קוים אָן אַ קליינע עפענונג צום צווייטן גאָרן. אַהין ציען אַרויף זייטיקע טרעפּלעך, וואָס מ׳קען אין דער ערשטער מינוט נישט באַמערקן. דאָרט רופט עס אַרויף יעדן איינעם, וואָס וויל דערוויילן אַריינכאַפּן אַ מיטאָג „אַזיווי אַמאָל אין דער היים". דאָ שמעקט מיט אַלדאָס גוטס; מיט לעבערלעך, ציבעלעס, לאָקשן מיט יויך, קנאָבל און פיש — אַז די גאַנצע יידישע נשמה, ווי אַ פאַרשלאָפענע בת־מלכה, כאַפּט זיך אויף מיט ליאַרעם.

אַהער ווייזט זיך שמחה זעלטן אַרויף. דאָ קעניגן אַ פּאָר קעלנער מיט פּאָמאַדירטע שרונטן און ווייס־פאַרשמוציקטע אויבער־רעקלעך. ביי אַ זייטיק טישל זיצט אַ פּאָרל געמאַכטע בלאָנדינקעס, שרייבן חשבונות און ווינקען זיך פריילעך איבער מיט די געסט. די קעלנער באַוויזן גאָר־פלינק זיך אַדורכצוגליטשן צווישן די אָנגעשטעלטע טיש־לעך און אַוועקטראָגן מיטן געהער אַלעמענס פאַרלאַנג צום קליינעם קיך־פענסטערל.

אינם פענסטערל גופא רודערן אַ פּאָר אָנגעדראָלענע שווערע הענט און זיי דערלאַנגען שנעל־שנעל אַרויס אַלץ, וואָס מען וויל פון זיי. פון צייט צו צייט שטרעקט זיך אויך אַרויס אַ צעשויבערטער קאָפּ מיט גרויסע, איבערגעקערטע אויגן אין מיטן פּנים. דאָס קוקן זיי נאָך פּאַר ווע מ ע ן דער לעצטער טעלער איז געגומען געוואָרן. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע קונים, וואָס צוזאַמען מיטן מאכל דאַרף מען זיי אויך נאָכשיקן אַ באַזונדערע צוגאָב־פּאָרציע איינרעדעניש און אַפּעטיט־מאַכעריי:

— אַזאַ באָרשט האָט איר נאָר געקענט עסן ביי אונז אין וואַרשע, מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק...

טיילמאָל געפינט זי איין, די קעכין, אַז מען דאַרף נאָכדערציילן דעם יחוס פון יעדער פּאָרציע פלייש באַזונדער. ווי פריש דאָס איז נאָך היינט אין דער פרי געווען! און ווי אייערדיק די לאָקשן האָבן זיך ערשט מיט אַ האַלבער שעה צוריק געקנעטן! היינט דער פיש? מיט אַ פּאָר שעה צוריק האָט ער זיך נאָך געצאַפּלט...

דאָס טוט זי סתם אַזוי, אָן אַ ספּעציעלן מיין, נאָר פון גלאַטער הנאה וועגן. זי האָט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן אויסצולויבן די מאכלים,

וואָס זיינען אַדורכגעגאַנגען אירע הענט. זי וועט אפילו געדענקען יעדעס געגדזל, וואָס זי האָט אויסגעפּרעגלט מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק. יעדעס ביינדעלע באַזונדער איז זי נאָך בכח היינט אָפּצושילדערן. ס׳זענען דען די היינטיקע געגדז? אַ גבורה פון אַ קעכין! איינס ווייסט זי וועגן זיך אַליין: זי קען איינרעדן, אָנמאַכן חשק. אַפילו שמחה אַליין וואַרפט זיך אויפן עסן ווי אַ הייזעריק, נאָך דעם ווי זי האָט אים אָפּגעשילדערט די היינטיקע קאַרטאָפל־זופּ, מיט קנאָבל און רייזעכץ... האָט זי ליב אויסצופּרובירן פון דאָסניי איר דאָזיקן כח אויף די פאַרשידענע מענטשן וואָס קומען אַריין אַהער.

די ערשטע קרבנות אירע זיינען די פרישע פּנימער, וואָס פאַלן דאָ אַריין. עס גייט איר נישט אין געווינען די קליענטן. ברענגען זיי ווי קין! שמחה זוכט נישט זיין פּרנסה ביי די פּאָר ליבהאָבער פון דיקע קליסקעס מיט לעבערלעך. ער קען זיך זיין שטעטל באַשטיין. נאָר זי ווייסט, אַז שמחה האָט הנאה דערפון, וואָס דאָ טומלט זיך. איז זי שוין אויך מיטגעריסן געוואָרן מיט זיין זוכעניש. זי ווייסט נישט וואָס ער זוכט דאָ אַזוינס צווישן די דאָזיקע מענטשן און וואָס ער וויל דאָ געפינען. זי פילט אָבער: וואָס מער מענטשן עס קומען אַריין, ווערט דאָ לעבעדיקער. זי זעט ווי דער פאַרכמורעטער שמחה ווערט טייל־מאָל דערפון גאָר אַן אַנדער מענטש. ער וואַקסט ווי אויף הייוון! און ליב האָט זי אים, אַז דאָס האַרץ פאַרגייט. ער מעג טאָקע מאַכן קולות — אָבער אַזאַ גאָלדענע נשמה מעג מען פאָרן אויסזוכן איבער לענדער! העלפט זי דערצו מיט וואָס זי קען נאָר.

טאָקע זי, די גראָבע קעכין, האָט זיך די ערשטע באַרימט, אַז זי איז תופס דעם גאַנצן שמחה מיט זיינע זוכענישן:

ער ווייסט שוין דווקא י אָ וואָס ער וויל... עס קומען אַריין מענטשן — ווערט לעבעדיקער. אַ גאַנצער קלוב וועט דאָ ווערן — איר וועט זען! ס׳וועט שוין איינמאָל זיין היימלעך...

און צום גלאָטן, פּאָמאַדירטן קעלנערל האָט זי אַפילו געוואוסט אַריינצושושקען אין אויער אַריין איר גאַנצן סוד:

— ער האָט קינדער... האָסט פאַרשטאַנען? אַז עס קומען אַלערליי מענטשן — קען מען אַמאָל וואַרפן אַן אויג אויף עמעצן אויך... היינטיקע צייטן קען אַהער אַריינפאַלן נישט אַבי־ווער — און ער זאָל אויך זיין הונגעריק. זאָרג זיך נישט פאַר שמחה׳ס שכל!

נאָר די טעג האָבן זיך דאָ וויטער נאַריש געצויגן. פון דער קעכינס האַלב־דערשראָקענע נביאות׳ן האָט זיך דערוויל גאָרנישט אויסגעלאָזט. שמחה איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג, זיך רעכט נישט אומגעקוקט ווען די קעכין שיקט צו גרעסערע פּאָרציעס פליש און קוועלט שוין פון אים באַצייטנס אָן אין איר אויסגעזאָטענעם האַרץ.

8

עס טרעפט אַמאָל, אַז אויף דעם אויבערשטן גאָרן ווערט אַלץ אָפּגעשטעלט. עס איז מער נישטאָ וועמען צו דערלאַנגען קיין עסן. די פריערדיקע געסט זיצן אַריינגעטאָן אין די מאכלים און נאָר די ציין לאָזן פון זיך הערן. ווערט די לופט אָנגעפּאַקט מיט אָנגעדראָלענער באַנגיקייט. אַפילו דער פריילעכער לעפל־געריוש הויבט זיך אָן צו קלאָגן מיט אַ נערוועזן סקריפּ.

געשעט דאָס אויך: עס פאַלט אַרויף אַ שייגעצל, מיט פלאַקסענע האָר און אַ גרויסער צי־האַרמאָניע. ער איז מער ווי צען־צוועלף יאָר נישט אַלט. דער אַקאָרדעאָן זיינער איז גרעסער פאַר אים אַליין. אָבער דער גאַסן־עלנט האָט אים שוין געוויזן דעם וועג, וויאַזוי צו גיין איבער רעסטאָראַנען. ער דאַרף נישט מער ווי שפּילן, אַרויסציען ביי די מענטשן זייערע געפילן און אַרויסלייגן אויפן טעלער.

דאָס קלוגע קינד פון דער נויט ווייסט שוין אַליין, וואָס אַזאַ שטיל־קייט אין רעסטאָראַן מיינט און מיט וואָס מען קען זי ברעכן. שטעלט ער זיך אַוועק ביים טרעפּן־אַראָפּגאַנג. אָן אַ וואָרט אַרויסצוזאָגן נעמט ער ציען ביי די קלאַווישן — און שוין. באַלד נעמען זיך צעטאַנצן האָפּסנדיקע קולות. עס נעמט זיך דאָ ווער דרייען אין דער לופט, טאַנצט און פאַרבויגט זיך, כאָטש קיינער זעט אים נישט — און אַלעמענס חושים טאַנצן מיט, זיצנדיקערהייט.

דער קליינער ווייסט שוין אַפילו, וויאַזוי צו פאַרוואַרפן מיט געניט־קייט דעם קאָפּ זיינעם הינטערווייַלעכץ, ביים שפּילן, ווי אין קינסטלע־ריש־פאַר׳חלש׳טן עקסטאַז. דאָס האָבן אים אַוודאי אויסגעלערנט די גרויסע, וואָס שיקן אים אַהער. פאַרמאַכט ער די העלע אויגעלעך, שטייט אָנגעלענט אַ פאַרגליווערטער ביי דער וואַנט — בלויז די פינגער אַליין זיינען פיבערדיק־וואַך. דאָס נעמט איין. ביים עולם נעמט עס יובלען שטיל און פאַרגאַפט. ווייסט שוין דער קליינער, אַז דאָ דאַרף מען זיך אָפּשטעלן. עס איז בעסער, אַז פון די טישן זאָל מען אים נעמען מאָנען, פאָדערן ווילד:

— ווייטער, קליינטשיקער... שפּיל ווייטער!

אַזוי שפּילט ער און שפּילט, ביז ער פאַרפלעכט אַלעמענס הערצער צווישן די קלאַווישן. עס איז אים אַפילו געלונגען אויפצופאַנגען שמחה׳ן. ווי אַ גרויס קינד איז ער געשטאַנען, שמחה, און זיך פאַרגאַפּיעט אויפן קליינעמס פינגערלעך. דערנאָך האָט ער זיך אַזוי צערעוועט, אַז מען האָט נישט געקענט וויסן אויב ער האָט דערפון ווייטיק אָדער הנאה. ער האָט דעם קליינעם אַ כאַפּ געטאָן אויף די הענט, געטראָגן אים, געלאָפן איבער דער שטוב און נישט געוואוסט, וואָס מיט אים צו טאָן.

זינט דאַן האָט שמחה יעדן טאָג שוין געלויערט ביי דער טיר. עס איז נאָר געווען געוואָרן, אַז דאָס פלאַקס־האָריקע שייגעצל זאָל זיך באַווייזן — און שמחה זאָל אַלץ איבערלאָזן אויף הפקר. ער האָט אַפילו אָנגע־זאָגט דעם קליינעם, אַז ער זאָל אין דער צייט מער נישט גיין צו די שכנות׳דיקע פלעצער. שמחה לעבט נאָך און ער קען זיך פאַרגינען אַזאַ שייגעצל צו באַפרידיקן דערפאַר. איז ביסלעכווייז אַריינגעקומען נאָך אַ באַשעפעניש אַרום שמחה׳ן, וואָס זיך האָט שוין געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם. ער האָט זיך שוין אַפילו גענומען פיעשטשען פאַר שמחה׳ן, ווי אַ בן־יחידל, וועלכן מ׳מוז אַלצדינג נאָכגעבן.

9

דערנאָך האָט ווידער פאַסירט אַזאַ מעשה:

דער קליינער האָט זיך אָנגעשפילט ביז די לעצטע כוחות. ער האָט שוין איינקאַסירט שמחה׳ס אַלע צערטלערייען און זיך גענומען אַרומדרייען צווישן די טישלעך ווי אַ דרייסטער זיגער. שמחה איז שוין אַראָפּ צוריק צום בופעט און די מענטשן האָבן צוגעענדיקט די לעצטע רעשטלעך פון מיטאָג. דער קליינער האָט צוזאַמענגעשאַרט די לעצטע געלט־פאַפּירלעך, וואָס מ׳האָט אים צוגעוואָרפן אין די אַש־בעכערלעך. ער האָט וואוילעריש פאַרוואָרפן זיין שפּיל־כלי אויף די שמאָלע אַקסלען און זיך אַ לאָז געטאָן אין וועג. פלוצים זיינען אָבער געקומען אַרויפ־צולויפן עטלעכע פאַרשוויצטע קאָרטן־שפּילער און זיך אַוועקגעזעצט ביי די טישלעך מיט בליציקע אויגן, ווי ביי הונגעריקע וועלף.

די אויגן פון דער דיקער קעכין זיינען פול מיט רחמנות. ווינקט זי צום קליינעם שפּילער, אַז ער זאָל צוריק אַראָפּציען פון זיך דאָס קעסטל און ער זאָל עפּעס דערלאַנגען פאַר די פרישע געסט׳ס כבוד וועגן. אַזאַ שוועלבעלע, נעבעך, ווייסט זי — און עס מוז שוין האָרעווען אויף ברויט... טאָ זאָלן אויך די פאָר לייט אים עפּעס געבן!

פאַרשטייט דער קליינער, אַז דאָ דאַרף מען זיך ווידער נעמען צו דער אַרבעט. ציט ער אַראָפּ די לעדער־רימענס און גיט אַזוי זיכער אַ פאַרפאָר אין די קלאַווישן... באַלד אָבער נעמט ער אויפכאַפּן מיט זיין אָנגעשפּיצטן געהער עפּעס פאַרדעכטיק־באַקאַנטע קלאַנגען. טוט ער אַ ציטער. שוין הערט זיך אַן אומהיימלעך שאָרכן פון טריט אויף די טרעפּ, עס באַווייזט זיך אַ פּנים און דער קליינער בלייבט שטיין פאַרשעמט און דערשראָקן. אוי, דאָס קומען זיינע קאָנקורענטן, וואָס פאַרטרייבן אים פון אומעטום! וואָס ווייסט אַ קליין שייגעצל? ער האָט זיך קוים אויסגעזוכט עטלעכע ערטער. די מענטשן פון די פאָר רעס־טאָראַנען רעדן אַפילו אַזאַ אַנדערן פראַנצויזיש. טיילמאָל פאַרשטייט ער נישט קיין וואָרט, ווען זיי רעדן צווישן זיך. דערפאַר אָבער וואַרפן

זיי גיכער צו אַ פּאָר פראַנק. דאָס וואָלט גאָר גוט געווען, אָבער אַז ז י י קומען ווערט שוין גאָרנישט פריילעך!

איבער דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ נידעריקער, פלינקער בחור מיט ציגיינער־האָר און שאַרפע, ברענענדיקע אויגן. ער האָט געפירט ביי דער האַנט, מיט געמאַכטער צערטלעכקייט, אַ קליין ברוינלעך מיי־דעלע. ביי שמחה׳ן אין רעסטאָראַן פילט זיך דער קליינער שפּילער אַביסל זיכערער. אַנטלויפט ער נישט, נאָר רוקט זיך אָפּ אין אַ זייט און בלייבט שטיין. דאָס וויל ער בלויז באַנעמען די וועלט: די צוויי לייט האָבן גאָרנישט מיט זיך, נישט קיין פידל און נישט קיין האַרמאָניע מיט אַזויפיל ביינערדיק־שפּילנדיקע קנעפּלעך ווי ער. די קליינע האָט בלויז אַזאַ דין, וויינענדיק שטימעלע און אַ ל ש ו ן, פון וועלכן ער פאַרשטייט נישט קיין איין וואָרט. מסתמא פאַרשטייט עס דאָ קיינער נישט, אַקוראַט ווי ער . . . און דאָך הרגעט זי אים אַוועק דערמיט.

שטייט ער אַ פאַרלוירענער אין זיין ווינקל און זעט־צו, וויאַזוי די קליינע שטעלט זיך שוין אויף אַ טיש. דער שוואַרצער באַגלייטער אירער האַלט זי צו מיטן אָנשטעל פון גרויסער זאָרגעוודיקייט, ביי אַ האַנט. זי הויבט אָן מאַכן טראַגישע פּיסקעלעך — אַזויווי זי וואָלט זיך געגרייט צום וויינען. באַלד נעמט איר שטימעלע שטעכן די לופט, ווי אַן אָנגע־גליטע שפּילקע:

דער ייד מעג זיין אַר—רעם
איז ער דאָך זיי—ער ר יי יי יי ך!

שטייט ער, דאָס קליינע שפּילערל, און גאַפט אויף איר, ווי אויף עפּעס אַ מכשפה׳לע אין זיינע יאָרן. ער קוקט אויף איר און קוקט אויף די אַרומזיצנדיקע. ער זעט זייערע צעגלאַנצטע אויגן, ווי זיי גייען שוין־שוין גיסן מיט טרערן און ער קען נישט פאַרשטיין: וואָס האָט זיי דאָ אַזוי צענומען? אַז אומעטום זעט ער דאָס זעלבע! אפשר דאַרף ער זיך אויך נעמען צום זינגען?

אָבער — ניין! צום זינגען דאַרף מען אויך האָבן דער קליינערס ו ו ע ר ט ע ר. ס׳איז זיכער אַזאַ צעריסענער ניגון פון פאַרשידענע קלאַנגען. נאָר דאָס ברוינע ממזרת׳ל האָט זיי געפונען, בשעת אַלע מענטשן פון דאַנעט זוכן דאָס אַרום . . . וויאַזויזשע זאָל ער, דאָס קליינע פראַנצויזישע יינגל, זיי אויסזוכן? אפילו ער וועט זיי ערגעץ הערן — וועט ער זיי אויך נישט דערקענען . . .

ווייסט ער: אויב זיי זיינען אַהער געקומען — האָט ער שוין דאָ נישט וואָס צו זוכן. פאַלן אים בלויז די העלע הערעלעך אַראָפּ מיט צער אויפן פּנים, ווען ער לאָזט זיך שטילערהייט אַראָפּ מיט די טרעפּ־לעך צו זיין קליינער גאַס פון בעלווילער קעלער־געגנט.

10

אָפּ׳געפּטר׳ט דעם קאָנקורענט — ווערט די קליינע דרייסטער. דעם שוואַרצן יינגס אויגן באַפּעלן עס אויך. וואַרפט זי מיט די הענטלעך, זינגט די „יידישע מאַמע״ און ווייזט מיטן פינגערל אין דער זייט פון צאַפּלדיקן, שרעקעוודיקן הערצל.

הערט מען אויף צו דערלאַנגען עסן די געסט. שטעלן זיך אָפּ אין מיטן לויף די קעלנער מיט די גלאַנציקע שרונטן. צופן זיך נערוועז די נעגל יענע צוויי מאַדאַמעלעך, וואָס שרייבן די חשבונות. אַפילו די גרויס־אויגיקע קעכין פאַרגעסט אין אירע פאַרעדיקע טעפּ און קומט אַרויס. ווערט אַרום איין שטיק שטילקייט.

דאָס יינגע שטימעלע נעמט זיך רייסן אַלץ העכער און העכער. באַלד קייקלט זיך עס אַראָפּ פון די טרעפּ און רייסט זיך צו ביז די אונטערשטע טישלעך. נעמט עס שלעפּן, אַרויפציען. דאָס איז דיר ניט קיין שייגעצדיקע קאַטערינקע! דאָ קומט צוגאַסט דער יום־כפור׳דיקער כל נדרי און די מאַמע פון דער היים. דאָס געסעלע ווי אַ פּעסעלע, צוזאַמען מיטן מלמד פון חדר... און קינדער־יאָרן טרויעריקע, שוואַרצע, מרה־שחורה׳קע...

אַ קינדעריש קולעכל זינגט עס... און וויפל קינדער קען מען עס נאָך הערן אַזוי זינגען אין נאָך־מלחמה׳דיקן פּאַריז? ווי אַלט איז דען דאָס גאַנצע קאַנאַריקל? און שוין יאָמערט עס:

קינדער יאָרן, שיינע זיסע בלומען
צוריק צו מיר וועט איר דאָך מער נישט קומען — — —

ווערט ענג. נישטאָ מער קיין פּלאַץ צווישן טישל און טישל. מען שטייט צווישן די בענק, מען רינגלט אַרום די קליינע אין אַ רינג, וואָס ווערט אַלץ ענגער און ענגער. מען קען שוין באַלד דערשטיקט ווערן פון היץ. אָבער דאָ האָרכט מען און מען האָרכט — אַזוי ווי עמעצער וואָלט זיי אַלעמען אָנגעכאַפּט און אַוועקגעטראָגן ערגעץ אַנדערש.

פּלוצים גיט זיך אַ ריס אַזאַ משונה׳דיקער ציטער פון איבעראַשונג. פון די טרעפּ נעמט זיך טראָגן די באַקאַנטע מעכטיק־הייזעריקע שטימע:

— לאָזן אַדורעך, זאָגט מען ענק! לאָזן אַדו — רעד! עטץ פאַר־שטייט נישט קאַ יידיש?

ס׳איז דאָס איינציקע קול, וואָס רייסט זיך אַריין אַהער און וואַרפט זיך אויפן דינעם, יינגן געזאַנג. די געפּרעסטע שטילקייט אַרום קען מער דעם מיידעלעס קול נישט שיצן. דאָס הייזעריק־דיקע קול פון די טרעפּ שלינגט עס איין, דערשטיקט עס ווי אַ גראָב־בייכיקע קאַץ טויט עס מיט אַ פייגעלע, וואָס לערנט זיך ערשט פליען...

צערוקן זיך אַלע מיט אמת׳ער מורא און געמאַכטן דרך ארץ, ביז עס באַווייזט זיך די פיגור וואָס האָט נאַר־וואָס געשריגן. ס׳איז ער

אַליין, שמחה שרייער. ווערט נאָך שטילער ווי סתם שטיל. די גאַנצע לופט ווערט איין שטיק געשפּאַנטע וואַרטעניש.

פון דעם בעל דבר׳ס אויגן, וואָס זיינען באַצויגן מיט אַ נעץ רויטע פעדעמלעך קוקט אַרויס אַ פּייכטע, בייזע שכרות. זיין גאַנצער בליק איז איצט געפאַנגען אין דעם בלוטיקן פאַרהאַנג פון רויטע ווערעמלעך, וואָס צאַפּלען זיך ביי אים אין אויג ווי לעבעדיקע. אַלע מוסקולן פון פּנים געציטערט ביי אים און ווערן באַלד פאַרשטייפט. עס דוכט זיך, אַז אָט־אָט וועט פון דאָרט אַרויסברעכן אַזאַ כעס, וואָס וועט די וועלט איבערקערן. זיינע אויגאַנעס נעמען אָבער אַרום דאָס קינד מיט אַ בליק, וואָס באַמיט זיך צו זיין צערטלעך. ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר קען פון זיך גאָרנישט אַרויסברענגען. האָקט ער אָפּ זיינע נישט־אַרויסגע־ברענגטע ווערטער ביי זיך אינערווייניק און טוט בלויז אַ בורטש, מיט ברוטאַלן געבעט און מילדן באַפעל, וואָס קנעטן זיך צוזאַמען:

— און איצט — זינג וואַטאָ... יאַך וויל הערן...

איצט ווייסט דאָס קינד, אַז דאָ דאַרף מען זיך פאַרמעסטן, שטאַרק ראַנגלען זיך, בכדי איינצובייסן אָט־דעם גרויסן שטיק גוף. זוכט זי אַ ווײַלע אין איר קעפּל דאָס ווייכסטע און שטאַרקסטע, וואָס זי האָט נאָר אין זכרון. איר ציגיינערדיקער באַגלייטער זאָגט איר שטילערהייט אונטער:

— זינג דאָס ליד ביי וועלכן אַלע וויינען...

זינגט זי... און יעדעס וואָרט פאַלט אויף שמחה׳ס ברוטאַלער גרויס, ווי אַ האַמער וואָלט געקלאַפּט אויף אַ שטיין. אָט באַלד וועלן נעמען פאַלן שטיקער פון זיין ריזיקייט און ער וועט זיך צעקרישלען; קליין ווערן און איינגעשרומפּן ווי אַן אויסגעוואַקסן קינד, וואָס האָט נישט באַקומען קיין לשון ביי די יאָרן זיינע.

די קליינע דערשפּירט איר כח. פּאַכעט זי מיט די ווערטער ווי מיט אַ בייטש איבער זיין קאָפּ. זי האָט אַלערליי לידער, וואָס דער שוואַרצער קוזין זאָגט אונטער. דאָרט באַוויינט זי אַ מאַמען, באַקלאָגט אַ כלה, וועמענס חתן ס׳איז פון איר אַוועק זיך שלאָגן אויפן פראָנט. און דערצו האָט זי אַזויפיל לידער וועגן קליינע קינדער, וואָס מ׳האָט אַוועקגעריסן פון די מוטערס הענט. האַלט זי דערמיט שמחה׳ן און אַלע זיינע מענטשן אין צוים. זי וואַרפט מיט שמחה׳ן, רייסט פון אים שטיקער און ער — לאָזט זיך... ס׳איז גוט אַזוי, וואָס עס צופּט אים דאָרט אינעווייניק. בלויז זיינע אויגן פייכטן זיך, גיבן זיך אַ בלעזל און גיסן זיך איבער... די ערשטע באַמערקט עס די גרויס־אויגיקע קעכין און זי צעכליפּעט זיך:

— אוי, ב׳ווי איז מיר! ער וויינט דאָך ווי אַ קינד, דער באַלעבאָס אונדזערער! ווי אַ קינד, זאָג איך אייך...

פאַרשעמט ער זיך שוין, שמחה. נעמען זיך אויך אויפכאַפּן די

אָנגעדרימלטע טישל־זיצער. דער קעכינס זיפץ האָט איבערגעריסן די שטילקייט. אַלע אַרום אַפּלאָדירן דער מיידעלע. דערנאָך זעצן זיי זיך צוריק צו די טישן און באַשטעלן געהאַקטע קאָטלעטן מיט קנאָבל.

11

עטלעכע טעג דויערט עס אַזוי. דער שוואַרצער יינג, וואָס פירט דאָס מיידעלע, גיט זיך אָן פּאָר אירס אַ שטיקל פעטער. אַ גאַנצע מעשה ווייסט ער צו דערציילן, וויאַזוי איר גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען אין פּוילן. עס גרווילט אויפן לייב ביים הערן אים דערציילן. בלויז דאָס קינד איז לעבנגעבליבן אין אַ פּוילישן קלויסטער — האָט ער זיך אַהין ביינאַכט אַריינבאַקומען דורכן פענסטער, נאָכן אַריבערשפּרינגען עלף פּאַרקאַנעס — און ער האָט זי אַרויסגעגנבעט. דערנאָך איז ער געלאָפן מיט איר אויף די אַקסל... יאָ, איז ער אַזוי דערלאָפן ביז פּאַריז. ביי יעדן זאַץ גיט ער זיך אַ ווענד צו דער קליינער:

— דו געדענקסט, מאַלגאָשאַ?

אַ שאלה, אויב זי געדענקט!? יעדער ווילע שאָקלט איר קעפּל שוין פון זיך אַליין אויף יאָ. קיינער גלויבט אים אָבער נישט. ביי שמחה'ן אין קנייפּע געפינען זיך נישט אַבי־ווער. טייל פון זיי האָבן זיך שוין געבראָטן אין פייער און געקילט זיך אין שניי — קוקן זיי אויף דעם שוואַרצן יינג מיט געפּרווירענעם חשד:

— דו זאָג בעסער מיט גוטן, וועמענס ילד'ל דאָס איז... האָסט ערגעץ אַוועקגעריסן אַ נפש פון אַ מאַמען, אויסגעלערנט זי זינגען און דו בוצט עס אויס... אַ שריפה דיר אין די געהירן! דו ווייסט, אַז אַזאַ זיס קינד וועלן אַלע צוואַרפן אַ פּאָר פראַנק... מ'קען שוין די היסטאָריעס, נישט פון היינט!

אָבער דער שוואַרצער מאַכט זיך גאָרנישט דערפון. ער גיט נאָר אַ „מאָראַלישן" בליק צו דער קליינער און קלאָגט פּאַר איר:

— דו הערסט? זיי ווילן מיך אַוועקנעמען פון דיר...

מער האָט די קליינע נישט באַדאַרפט. זי האָט זיך גענומען וואַרפן אויף דער ערד, טופּען מיט די פיסלעך און שווערן, אַז זי האָט נישט קיינעם; נישט קיין מאַמען און נישט קיין שוועסטער אַפילו. בלויז דער פעטער איז געקומען און זי מיטגענומען מיט זיך. ער גיט איר פּאַרשידענע זאַכן און האָט זי ליב... וויל זי נאָר גיין מיט אים, מיט אים!

גלעטן איר אַ סך פאַרגרעבטע הענט דאָס זיידענע, ברוינע פּנימל און מען באַרואיקט זי קוים. טאָר עס שוין קיינעם נישט אָרן, וואָס דער יינג זעט אויס צו זיין איינער פון די גאָר וואַזשנע חברה־לייט. ווער קען עס דען באַוויזן? ווייסט שוין דער פּיפּיקער ציגיינער, ווען זי צו ברענגען אַהער. בשעת ער גייט פאַרביי דעם בופעט, שטעלט ער זיך

ספּעציעל אָפּ אַ מינוט לענגער און ער נעמט איר פֿאַריכטן די שאַל אויפֿן העלדזל. שמחה באַמערקט עס און שרייט אויס מיט זיין הייזעריק־באַסאָווער צעפּרידנקייט:

— האַ, ס׳קאַצל קומט! זיי זיינען שוין דאָ!

און ער גיט אַ ברום אַריין אין דעם דאַמעלע, זיין שותּפטעס טאָכטער, מיטן רויט־באַשמירטן שמייכל:

— דו בלייב דאָ דערווייל... א י ך מוז אַרויסגיין...

טאָמער וויל יענע זיך כאַטש שטעלן אויף די ערשטע טרעפּלעך — קאָכט שוין אין שמחה׳ן אַ מין אייפערזוכט. זיין קוק ווערט ווידער דראָענדיק, אַרויסגעזעצט און בייז:

— דו, וואָס פֿאַרשטייסטו דען פֿון אַזעלכע זאַכן? דו קענסט נאָר אַרויפֿגיין, ווען דאָס שייגעצל וועט קומען... איצט בלייבסטו דאָ. האָסט געהערט?

האָט זי נישט קיין ברירה. שמחה ווערט דערווייל צוריק צוקערדיק־מילד. ער זעט אַפֿילו נישט, וויאַזוי דאָס בופֿעט־מיידל זוכט אים נאָך איינצונעמען דורכן חנדלען זיך מיט די שמאָלע ליפּעלעך און די אויס־געקיילעכט־געשטרעקטע אָרעמס. ער שטויסט אָפּ דעם שוואַרצן ייִנג און ער פֿילט עס אַפֿילו אַליין נישט. ער כאַפּט אָן די קליינע ביי אַ הענטל און צעשפּריינגט שיעור נישט פֿון פֿאַרבאָרגענעם נחת:

— קום, פֿייגעלע! קרוינעניו, נחת׳ל, פּופּעלע...

ער טראָגט זי אויף אַן אַקסל און איר קעפּעלע ציטערט דערשראָקן אויף זיין רויטן, אָנגעגאָסענעם קאַרק. דער באַגלייטער אירער גייט אים נאָך מיט כיטרער שרעק אין די אויגן. די קליינע האָט מורא. וואַרפֿט זי זיך, דריגעט מיט די פּיסלעך און וויל זיך פֿאַרגיין אין קולות. דער ייִנג באַרויִקט זי פֿון הינטן, וויַיזט איר מיט שטומע סימנים זי זאָל שטיל זיין; זי זאָל אים ווייך גלעטן דעם רויטן האַלדז... אָבער שמחה זעט גאָרנישט. נאָך פֿון די טרעפּ געוואַלדעוועט ער אַרויף צו עמעצן:

— זי איז דאָ, די קליינע! זי איז דאָ! איך האָב זי...

און פֿון דער הויך הערט מען דאָס צערוקעניש פֿון שטולן און טישלעך.

## 12

שמחה אַליין טראָגט די קליינע צום טיש, וואו זי דאַרף שטיין און זינגען. ער אַליין רוקט זיך דערנאָך אָפּ אין אַ זייט און די צונג בלייבט ביי אים שטעקן צעחושט צווישן די ליפּן. דאָס גרייט ער זיך עפּעס גאָר־געשמאַק אַ נאַש צו טון. ווען די קליינע זינגט די ערשטע „בומערן" אירע, ברומט ער אונטער שטילערהייט. דאָס זאָגט ער נאָך אירע ווערטער. ער כאַפּט זיי אויף, צעקייט זיי נאָכאַמאָל און וויל זיי אַליין שפּירן אויף זיינע ליפּן. פֿאַרוואָס ציען זיי אים ביי די געדערים?

פאַרוואָס זיינען זיי אַזוי טעמ'דיק? ער ווערט אָבער ביסלעכווייז אַלץ מער און מער צעוואַרעמט, אויפגערעגט און דענערווירט.

אין זיינע אויגן גיט זיך אַ באַווייז דאָס שאַרפּע בלינצל, וואָס קוקט אַרויס פון צוויי פעסער מיט כעס. זעט מען בחוש, אַז דאָ האָט זיך פּלוצים עפּעס פאַרטשעפּעט אין אים, אָנגע'שרפה'ט — ווי אַ קנויטל פון אַ קאַלטן גראַנאַט וואָלט אומגעריכט באַקומען אַ שטיק פייער אין דער שפּיץ. זיינע ריזיקע פויסטן נעמען זיך ביילן, דאָס פּנים ווערט אַן אויסגעקרימטע מאַסקע און ער צעברילט זיך מיטאַמאָל אויפן קינד:

— שטיל זאָל זיין!!!

בלייבט די קליינע אַן לשון און די בליקן פון אַלע געסט שטעלן זיך אָן אין שמחה'ס זייט אַריין:

— וואָס האָט ער צום קינד, אין מיטן דערינען?

שמחה פרייכט אָבער שווער, גלייך ווי ס'וואָלט אים עמעץ גע־שטיקט אינעווייניק:

— איצט וועל איך זינגען אַביסל! ס'איז מיין שטוב דערוויייל און זיי האָבן זיך שוין דאָ גענוג אָנגעטרילט ווי די קאַנאַרקעס... איר קענט זיך אויף מיר אויך פאַרלאָזן!

זעען אַלע מיט שטוינען, וויאַזוי שמחה וואַרפט פון זיך אַראָפּ די אויבערשטע מלבושים ביז צום העמד. ער שטעלט זיך אַוועק אין מיטן עס־שטוב, פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אין דער זייט און נעמט זיך רייסן, אַז די ווענט מיט די שויבן ציטערן דערפון:

— אוי — אוי — אוי, שמע קולנו, אַדושם אלקינו — —

קיינער גלויבט נישט, אַז שמחה קען פון זיך אַרויסברענגען אַזאַ עברי. עס וואונדערט נאָך מער, וואָס ער איז אויפאַמאָל אַרויס מיט אַזעלכע חזנישע טרילן. האָט ער זיך אפשר מתקנא געווען אין דעם קינד? אָדער אפשר וויל ער זיך גאָר דערמאָנען אין זיין קינדיש שטימעלע פון אַמאָל און דערמיט זאָל ער זיך אַליין אַביסל מער געפעלן? גיי ווייס עס ביי אים, אַז ער האַלט זיך קוים אויף די פיס... מסתמא האַלט ער שוין אַ סך ווייטער פון דער ערשטער כוסה.

ס'איז טאַקע געוואָרן שטיל ווען שמחה זינגט. נאָר איינער דאָרט, פון דער זייט, מוז זיך גראָד דאַן געבן אַ שושקע. שמחה האָט אָבער אָנגעשטעלטע אויערן אין אַלע זייטן. כאַפּט ער עס אויף אין מיטן זינגען און האַקט אָפּ. דאָ איז עפּעס געזאָגט געוואָרן, וואָס קאָכט אים אויף. דערביי מאַכט עס אים טרויעריק, אָפּהענטיק און פאַרלוירן. ער וויל אָפּענטפערן און ווייסט נישט וועמען. שטייט ער מיט אַן אָפן מויל, זוכט מיט די בלאָנקענדיקע אויגן צו דערקענען, ווער עס האָט דאָ יענעם זאָג געטון און ער קען זיך נישט כאַפּן. ווערט ער פאַרצווייפלט. אויב ער כאַפּט נישט י ע נ ע ם — טאָר ער דאָ מער נישט שטיין, זיינען אים אַלע שונאים.

הענגט ער אָן די אויגן אין אַ בלאַסן יינגערמאַן, מיט אַ פּאָר ברילן און אַן אײדל פּנימל. דרייט זיך ביי אים אין מוח. ער האָט נאָר־וואָס געוואָלט דערלאַנגען עפּעס, אַז אַלע דאָ זאָלן אַ ציטער טון. נאָר זאָגן מוז ער עס א י י נ ע ם — האָט ער אָבער נישט דעם אַדרעס. דער־וויל זיצט דאָ אָט־דער מיט אַ ז אַ מין פּנים! קען מען שוין מער נישט זאָגן דאָס, וואָס ער האָט געהאַט בדעה. שליידערט ער צו דעם עק פון זיין קנויל רייד ביז צום בלייכן יינגנמאַנטשיק. עס זעט אים אויס, אַז באַלד דערוואַרגט ער זיך מיט די רייד; ז י י נ ע רייד, וואָס בלייבן שטעקן אינווייניק. וואַרפט ער זיי איבער אַלעמענס קעפּ. ווער עס וויל זאָל זיי פאַרהאַלטן ביי זיך אין מוח:

— זיי מיינען, אַז איך בין ש י כ ו ר... אָבער גלויבט מיר, חברל: דאָס איז אפשר ס'איינציקע מאָל, ווען איך בין ניכטער... אויף אַן אמת ניכטער.

13

דער בלאַסער יינגערמאַן צו וועלכן שמחה, האָט זיך אַ קער געטאָן, איז שוין לאַנג געפאַלן שמחה'ן אין די אויגן אַריין. מילא, וואָס ער האָט שוין וועגן אים אַלץ איבערגעקלערט! ער האָט אָבער ליב צו טראַכטן איבער אַזעלכע זאַכן אין דער שטיל, קיינער זאָל נישט זען אפילו, אַז שמחה האָט אים אין זין.

אָבער איצט האָט ער זיך אַדורכגעשלאָגן צו אים, שווער זיך אַראָפּ־געזעצט און אָפּגעווישט דעם אָנגעשטרענגטן שווייס פון שטערן. די פּלושענע באַנק האָט זיך הכנעה'דיק אַ טרייסל געטון און מיט אַ שטילן קרעכץ געגעבן אָנצוהערן, אַז זי איז נישט בכח אויסצוהאַלטן אַזאַ משא. אָבער שמחה האָט שוין אַרויפגעלייגט זיין מורא'דיק־שווערן אָרעם אויף יענעמס האַלדז. דאָס בחורל האָט זיך געוואָלט אָפּרוקן און דערביי געציטערט פון שרעק. דער אָטעם איז אים געוואָרן שווער, אָפּגעהאַקט. נאָר שמחה האָט שוין סיווי קיינעם נישט געזען. ער האָט איצט בלויז געדאַרפט האָבן עמעצן אין וועמען זיך צו קלאַמערן. דערפאַר האָט ער דאָס באַברילטע בחורל נאָך מער צוגעצויגן צו זיך און כמעט באַפעלעריש אַריינגעקרעכצט אין אים:

— מיר וועלן ביידע אויסטרינקען... מיר זאָלן טאַקע אַזוי ביידע געזונט זיין! איר הערט? מיט שמחה'ן מוז מען זיין גוטברודעריש.

האָט דאָס דאַרע בחורל נישט קיין עצה, נאָר שאָקלט מיטן קאָפּ אויף י אָ. ציטערן שוין פון דערווייטנס די בעכערלעך ביים פּאָמאַדירטן קעלנער אין דער האַנט. שמחה זעט עס און איז צופרידן, וואָס יענער פאַרשטייט אויפן וואונק. דערפאַר ווערט ער רואיקער, געזעצטער. בויגט ער אַראָפּ זיין ריזיקן קאָפּ צום נייעם פריינט און רוימט אים איין אַ סוד אין אויער, אַלע זאָלן הערן:

— איר מיינט אַז א י ך פאַרשטיי נישט? איר שעמט זיך צו זיצן מיט מיר. לייקנט נישט און זאָגט גאָרנישט. איך בין נישט בייז דערויף. איך קען שוין מיינע געסט! מסתמא אַ סטודענטל, אפשר גאָר אַ שרייבער אין די בלעטער... אָדער — דער רוח ווייסט אייך! אויפן שטערן איז אייך גאָרנישט אויפגעשריבן. זייטזשע וויסן, אַז ס'איז פאַרפאַלן: זענט איר אַריינגעפאַלן צו שמחה'ן אין די הענט אַריין — מוזט איר טרינקען מיט אים. אַ גאַנץ לעבן שווייג איך. זיי קענען אַלע שפּרינגען אויף די קעפּ — וועלן זיי וויסן אַ מכה, וואָס ביי מיר אונטער דער קאַמיזעלקע טוט זיך. נאָר אַז איר קוקט אויף מיר אַזוי־אַ, ווי אויף אַ כוליגאַן, אַ שיכור — טוט עס מיר נישט אָן קיין נחת... דערפאַר וויל איך א י י ך דערציילן, אַראָפּרעדן זיך און פּטור אַן עסק! איך וויל אַזוי — און טוט מיר עפּעס...

דער גלאַנץ אין שמחה'ס אויגן האָט זיך געהאַלטן אין איין בייטן. אָט איז ער געווען אָנגעזאַפּט מיט געוויין און געניגט צום קושן זיך. באַלד אָבער האָט אים עפּעס אַ וואָרעם אַ פּיק געטאָן, אָנגעזאָגט אים, אַז דאָס מענטשעלע קען זיך אויפהויבן און אַוועקגיין. האָט זיך אים פאַר־וואָלט אָננעמען דאָס בחורל פאַרן קאַריק; צוהאַלטן און אַריינדערציילן אין אים בגוואַלט אַלצדינג, וואָס ער וויל נאָר, וואָס ער מוז נאָר... זיינע אויגן האָבן אַפילו אָנגעהויבן צו דראָען. ער איז אָבער תיכף אַריינגעפאַלן צוריק אין בעטנדיקן אויסזען:

— שרעקט אייך נישט. שמחה טוט קיינעם גאָרנישט. איך וויל נאָר, אַז א י ר זאָלט הערן, וואָס מיט מיר האָט זיך אָפּגעטאָן אויף דער וועלט. איר וועט זען, אַז איך וועל אייך די משפחה נישט פאַרשעמען. איך האָב אויך אַמאָל אַריינגעקוקט אין די קליינע פּינטעלעך... אין אַזאַ היים ווי מיינע האָט מען געמוזט קענען ע ב ר י און אַפילו חומש... וואָס רעדט איר! איר ווייסט דען, וואָס פאַר אַ היים דאָס איז געווען? אַפילו אַ בר־מצווה האָב איך דאָך געהאַט... נאָר היינט, זעט נאָר זעט, וואָס היינט טוט זיך...

אויף זיין פּנים האָט זיך אויפסניי אויסגעגאָסן אַזאַ מין אָנגעוויי־טיקטער צאָרן, וואָס קען אַליין חרוב מאַכן אין איין רגע:

— זעט איר די גאַל האָט מיר פּלוצים אַ קיצל געטאָן. כ'האָב קינדער, אַ ייגגל מיט אַ מיידל. קינדער — ווי גאָלד... נאָר אַ יידיש וואָרט פון מיינס אַ קינד האָב איך שוין גאָר לאַנג נישט געהערט. איך רעד צו זיי יידיש און זיי ענטפערן מיר טאַטעריש... איך קען דערצו גאָרנישט טאָן; אַזוי איז עס שוין. נאָר היינט... קומט צוגיין אָט־דאָס קליינע בופעלע און שטעלט זיך אַוועק האַקן אַן עברי — אַז דאָס האַרץ צעגייט! וואָס מיינט איר קלער א י ך דערביי? איך האָב טאַקע הנאה, אָבער פּלוצים כאַפּט גאָר אָן די קנאה — כאַטש נעם און קריג די פּאָפּלעקסיע! וואָס איז? פון מיינע צוויי דערוואַקסענע שטיקער

לייב וועל איך דאָס הערן? וואָסזשע טויג מיר מיין רודערן, מיין האַרעוואַניע? ווען זי הערט נישט אויף, די קליינע, וואַלט איך...

ער דערשרעקט זיך אָבער פאַר זיינע צעהיצטע טראַכטענישן און ער וויל נישט דערזאָגן, וואָס ער וואָלט דאַן געטאָן מיט דער קליינער... פאַרענדיקט ער בלויז:

— ... פאַרשטייט איר מיך, האָב איך אַ ל י י ן גענומען זינגען... לאָמיך נאָר זען טאַקע, אויב איך אַליין האָב שוין נישט פאַרגעסן... אוי, דאָס פאַריז... אַ שריפה איר אין די געדערים!

14

שוין אַ לענגערע צייט, אַז עס האָט פאַרשלעפּט דעם יינגן, בלייכן בחור אין שמחה'ס געגנט. אַליין אַ פרעמדער — האָט אים זיין אַרבעט צוזאַמענגעפירט מיט נאָך אַ הויכן בחור, אינם מונדיר פון דער יידישער בריגאַדע. כאַפּן זיי זיך ביידע טיילמאָל אַריין צו שמחה'ן און האָבן דערביי הנאה, וואָס עס זיינען נאָך געבליבן יידן.

שמחה שטייט טאַקע ביים בופעט און טרינקט מיט יעדן לחיים. נאָר זען און באַמערקן טוט ער אַלעמען. אויף דעם בלאַסן יינגל האָט ער אַן אויג פון דער ערשטער מינוט אָן. נאָך איידער ער האָט מיט אים אויסגערעדט דאָס ערשטע וואָרט, האָט ער אים שוין געהאַלטן פאַרן בעסטן „פרוינט". נאָכן אויסטרינקען מיט אים די ערשטע כוסה, ווערט אויך יענער ביי אים אַ שטיק דערוואַרטונג יעדן טאָג.

ער דאַרף עמעצן ליב האָבן, שמחה. דערביי קען ער נישט יעדן איינעם ליב באַקומען. האָט ער פיינט אַלעמען דערפאַר וואָס זיי לאָזן זיך נישט ליב האָבן. ער זוכט זיך נאָר אויס יעדעס מאָל אַן אַנדערן מענטש, עס קען זיין אַן אַלטער אָדער אַ קינד — און ער קלעפּט זיך אין אים ממש אָן. דאָס דויערט אַזוי לאַנג, ביז עס רוקט זיך אונטער עמעץ אַנדערש. וואַרפט ער זיך מיט דער גאַנצער האַסט צום צווייטן, פאַדיעט אַרום אים, ביז אויך יענער ווערט אים נמאס. נייק, אין גאַנצן נמאס ווערט ער אים נ י ש ט, אָבער ליב האָבן קען ער נאָר א י י ן מענטש. דער פולט אים אויס דאָס גאַנצע האַרץ. טאָמער איז דאָרט פאַראַן נאָך עמעץ — מוז ער זיך אָפּטראָגן... שמחה ליידט נישט, אַז מען שטערט אים!

וואָס שמחה האָט אַזוינס דערזען אין דעם בחורל — ווייסט אים דער גוטער יאָר! נאָר אַז ער זעט אים אַריינקומען מיט זיין מונדירטן חבר — לאָזט ער אַלעמען שטיין, שאַרט אַוועק אַלע מענטשן פון זיך און לויפט זיי אַנטקעגן. ער פאַרענטפערט זיך דערביי פאַר זיינע קאָלע־געלעך:

— א י י ך האָב איך דאָ שטענדיק און דאָ קומען אַזעלכע פרוינט, וואָס מען זעט איינמאָל אין יובל... עס וועלן אַוועקגיין נאָך

אַ פּאָר טעג — וועט מען אַפילו נישט וויסן וואו זייער געביין איז אהינגעקומען.

ער בייגט זיך דערביי אַראָפּ צו זיי מיט אַ גדלות׳דיקער מינע:

— מיינט נישט, אַז דאָס איז אַ ליאַדע־וועער, ווייל זיי חברן זיך מיט שמחה׳ן... יענער מיטן מונדיר איז אייך נישט קיין זעלבער־טשינע, וואָס מ׳קען זיי דאָ אָנשאַרן אין די טויזנטער אויף אַ קופּע... איר זעט? אַ מגן־דוד האָט ער אויפן אַרבל! ס׳איז אַ יאַט פון ארץ־ישראל... אפשר אַן אָפיציר און אפשר גאָר אַ גענעראַל... מ׳קען דען וויסן ביי זיי? היינט — דער צווייטער! אַ יינגעלע, זאָגט איר? נו וואָס איז דאָ מיט אייך צו טענה׳ן? איר זענט דען אַ מבין אויף לייטישער סחורה?

די צוויי דאַרפן באַלד אַוועקגיין. אָבער גראָד היינט איז שמחה׳ן באַפאַלן אַ חשק זיי אַוועקצוציען באַזונדער און מיט זיי טרינקען; שמועסן און טרינקען אויף וואָס די וועלט שטייט. נאָך נעכטן האָט ער דעם יינגערן געזאָגט, אַז ער מוז אים עפּעס דערציילן, ער מוז! און ער האָט היינט קוראַזש דערצו.

אָט־דאָ זאָלן זיי זיך זעצן! אַהער וועט קיינער נישט צוקומען אָנשטעלן קיין נייגעריק אויער. העי, ליאַלקעוואַטע באַדינער, וואו ביסטו ערגעץ מיט די גלעזלעך!? שמחה איז נאָך אַזאַ גאַסט ווי יעדער איינער, וואָס קומט נאָר אַהער. אָט־שוין זאָלן די גלעזלעך שטיין דאָ אויפן טיש! וואָס צו גיסן ווייסטו שוין סיווי... אָבער נאָר אַוועקשטעלן — און דיין געביין זאָל מען דאָ נישט אָנזען!

שמחה האָט עפּעס אַ חשד, אַז די צוויי לייט קוקן זיך צופיל איבער. זיי קענען זיך אַמאָל אַוועקדרייען און נעלם ווערן. דאָס בלאַסע יאַטל מאַכט צופיל גרימאַסן. ער קען אים דערפאַר בלויז פאַלן צו די פיס, בעטן — אָדער דערלאַנגען אין די ציין אַריין. טאָמער באַשליסט עפּעס שמחה — מוז עס זיין. אַז נישט קען ער קראַפּירן אויפן אָרט. האַלט ער יעדן איינעם פון זיי מיט זיינס אַן אייזערנער האַנט, אַזויווי מיט קייטן...

15

...איז אַזוי: וואָס וועט ער דאָ גיין ברייען וועגן זיין יחוס? שוין איינמאָל געהאַט אַ משפחה! טאַקע העט־העט אַרויף ביז... נו, בקיצור: אַ טאַטנס אַ קינד! נאָר ע ר אַליין האָט נישט געוואָלט לערנען. אָן אַ פּאַרוואָס. און צוריקגעשמועסט — וואָס איז? מיט אַ ז אַ גוף און מיט אַזעלכע י ד י ם וועט ער זיך אַוועקשטעלן שאָקלען איבער אַ חומש אָדער איבער אַ מחזור? נאָר אַז מען קומט אַרויס פון אַזאַ מין שטוב קען מען נישט ווערן סתם אַזוי, מיר־נישט דיר־נישט גלאַט אַ וויסעך־וואָס־דאַרט... דערצו האָט ער געהאַט אַ

קול פון אַ לייב. סיראָטע איז געווען אַ מפיל־קינד קעגן אים, ווי זיי זענען אים דאָ אַ לעבעדיקן!

האָט ער אָנגעהויבן זיין אַ משורר און ער האָט זיך געשניטן אויף אַ חזן. אין אַמאָליקן וואַרשע צו זיין אַ חזן איז נישט געווען פון די זאַכן, וואָס מ׳ווערט זיי בילי־וויאַזוי. ס׳איז אַ כבוד און אַ נחת. נאָר גאָרנישט, צו אַ גלעזעלע זעקס און ניינציקער איז עס נישט געקומען...

האָבן זיך אָנגעהויבן שטראָף־רייד פון אַלע זייטן. עס פּאַסט נישט, מען קען נישט, מען וועט נישט... אַנדערע האָבן אים אַפילו געוומען וואָרענען, אַז די „כלי״ האָט פיינט ווען „מ׳נעצט״ זי צופיל. זי קען אָנהויבן צו זשאַווערן. היינט גיי און דערצייל יעדן איינעם די מעשה „פאַרוואָס״ און פאַר ווען... אַז ער וואָלט עס נישט געקענט אויסהאַלטן.

און צו זיין אַ משורר אין אהרן סאַרדינערס שול איז פאָרט אַן אַנדערע זאַך. קייטן מוז מען טראָגן אויף די הענט! ד אָ ס פּאַסט נישט, די אַנדערע זאַכן קען מען נישט און דאָס דריטע טאָר מען נישט — אַפילו ער זאָל זיך שטעלן מיטן קאָפּ אַראָפּ... און די לייטישע היים איז אויך נישט געוואַקסן אויפן מיסט־קאַסטן. איר כבוד וועט זי נישט לאָזן באַפלעקן... און דאָ קאָכן ביי אים די בלוטן, עס רייסן זיך די הענט און אַלע אברים אַ הוליע צו טון — אַז די גאַנצע שטאָט זאָל זיך איבערקערן. וויאַזויזשע גיט מען זיך אַן עצה?

האָט ער געקלערט און געקלערט, ביז אַ חברל האָט אים אַריינ־געקלאַפּט אין קאָפּ אַריין:

— וואָס האָט זיך אַזאַ ריז ווי ער צו שרעקן? ס׳איז פאַראַן אַ פּ אַ ר י ז אויף דער וועלט. דאָרטן קענען בלויז פאַרפאַלן ווערן קליינע, שטרויענע ווערעמלעך — אָבער נישט אַזעלכע אייזערנע הענט און גבורה׳דיקע פּלייצעס ווי זיינע. איז ער געקומען אַהער מיט אַ דרייסיק הושענאָ׳ס צוריק. דאָס זענען שוין איינמאָל געווען יערע־לעך! און די וועלט איז אויך געווען אַן אַנדערע. אמת, משוררים און זינגער האָט מען דאָ געהאַט גענוג. ער אַליין איז אַפילו אַוועק ערגעץ פרעגן אַן עצה. דאָס איז געווען אויף אַן ערטעלע צווישן די גרויסע, אָפּגעפּוצטע גאַסן. האָט מען אים דאָרט דערציילט אַ גאַנצע געשיכטע, וויאַזוי ער דאַרף גאָר איבעראַרבעטן די שטימע זיינע... דאָס עסק איז נישט פאַר זיין שכל געזאָגט געוואָרן. פאַרשטייט ער טאַקע נישט ביז היינט: וויאַזוי קען מען עס נעמען אַ פאַרטיק קול אין דער אַרבעט אַריין? וואָס איז עס דען, אַ שטיק האָלץ אָדער אַ געוואַנטל? נאָר מילא, פאַרגעסענע צייטן...

האָט ער גענומען דאָס לעבן אָט אַזוי, ווי עס האָט זיך אים אונטערגערוקט אונטער די הענט. מען האָט אים געפירט אַרבעטן

אויף אַן אָרט — איז ער געגאַנגען. ער האָט געטראָגן זעק און קאַסטנס, געווען אין אַ מעטאַל־פֿאַבריק, אַריבערגעוואַנדערט אין אַ בעקעריי... נאָר די כוחות האָבן אים געקלעקט פֿאַר אומעטום.

ער האָט געאַרבעט ווי עטלעכע פֿערד צוזאַמענגענומען, אָבער פֿריילעך איז מען געווען. אויב מען האָט נאָר אַ פּאָר פֿראַנק, איז דאָ פֿון וואָס נהנה צו זיין אויף גאָטס וועלט. אַליין איז ער אַ גרויסער ע ס ע ר. ער האַלט, אַז דאָס וואָס אַ מענטש קען עסן און טרינקען — איז די גרעסטע מתנה, וואָס דער הימל האָט געשענקט אַ מענטש. און אַז מען קען ביינאַכט, נאָך דער אַרבעט, אַריינוואַרפֿן אין זיך אַ פּאָר כוסות, פֿאַרבייסן מיט אַ קאָפּ פֿיש און אַ געפֿילט מעגעלע — וואָס דאַרף מען נאָך בעסערס? האָט ער טאַקע דעמאָלסט הנאה געהאַט פֿון דער וועלט, וויפֿל עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

16

עס זאָגט זיך נאָר אַזוי: ער האָט געלעבט אַ טאָג... נאָר אַז מען וויל גוט איבערקייען די גאַנצע זאַך, לויטן גאַנצן אמת — איז עס אויך נישט געווען קיין לעבן. צוריקגעשמועסט — האָט ער זיך אַרומגעוואַלגערט. ס'אַראַ טעם האָט ער דען געהאַט אינם זיין היינט דאָ און מאָרגן אין אַן אַנדער מקום? זיין היים אין וואַרשע האָט נישט געוואָלט הערן פֿון אים. פּסול געמאַכט זיי דעם יחוס! דערצו האָט ער נישט ביי אין „פּרווינט" זיינעם געזען אַן אייגענע שטוב, די ווייבער זייערע, צערטלעכע קינדערלעך מיט ליכטיקע אייגעלעך... וויאַזוי־זשע דרייט מען זיך עס אַרום אין פּאַריז איינער אַליין, ווי אַ משוגענער אויפֿן מאַרק?

האָט ער באַשלאָסן: דאָס ערשטע־בעסטע מיידל מיט וועמען ער וועט זיך נאָר צוזאַמענרעדן — וועט ער מאַכן פֿאַר דער מאַמע פֿון זיינע קינדער. ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט ליב האָבן עמעצן, אַז ער האָט זיך פֿ אַ ר ל י ב ט... סתם אַזוי. ער האָט געזען אַ מיידל, איינמאָל און נאָכאַמאָל. איז אים איינגעפֿאַלן: אפֿשר ז י? און אַז זי האָט געלאָזט צו זיך רעדן, האָט ער איר געזאָגט אַזוי:

— הער אויס... איך בין אַ פּראָסטער חי וקים — דערפֿאַר זאָג איך דיר קורץ און קלאָר: כ'שטאַרב אַוועק פֿאַר דיר! געלט האָב איך אַביסל און דיך בין איך גרייט צו טראָגן אויף די הענט ס'גאַנצע לעבן — וואָסזשע וועלן מיר דאָ אַריינקלערן אין עסק אַריין? אין הימל איז שוין דאָ ווער עס זאָל וייטער זאָרגן און דו מיש זיך נישט אין זיינע געשעפֿטן. מ י ר אַליין דאַרפֿן נאָר אויסזוכן אַ רב, אַ פֿלעשל משקה און קיכלעך צום פֿאַרבייסן. ווייטער — גייט אַ באַן... איצט לאָמיר הערן, וואָס דו האָסט נאָך צו זאָגן...

וואָס ז י האָט דאַן געענטפערט — איז נישט פאַר זיין מח צו געדענקען. אַ שוואַכער זכרון ביי אים. דער עיקר איז דאָס: זיי האָבן געשטעלט אַ חופה, געדונגען אַ דירה און געוואָרן אַ משפחה׳לע. איי־דער ער האָט זיך באַוויזן אומצוקוקן האָט זי אַרויסגעוואָרפן פון זיך אַ קליין, קוויטשיק יאַטל מיט בלאָנדע הערעלעך. דערנאָך ווידער איז געקומען אַ מיידעלע — אינגאַנצן ווי די מאַמע. זאָלסט זאָגן: צוויי טראָפּנס וואַסער... די זעלבע בלויע אויגן מיטן זעלבן, פאַר־ריסענעם נעזל.

האָט ער באַקומען קוראַזש, צעפּאַכעט מיט די הענט און געררודערט מיט דער וועלט. ער האָט זיך געקויפט אַ געשעפט, געעפנט אַ פּאַבריקל און געלט האָט געגומען אַריינפאַלן דורך טיר און דורך טויער. זאָל מען אים גלויבן אויף נאמנות: ער איז געוואָרן אַ לייט! אַליין איז ער אַ כעסן, אַ קאַכעדיקער, אַ בייזער — אָבער פאַר זיינס אַ פראַנק איז נאָך קיינער נישט געשטאָרבן. פון דער נאַטור האָט ער אַן אָפן האַרץ און אַן אָפן האַנט. ער קען זיך גאָרנישט העלפן דערצו. ווען עס האָט געוואָלט — איז געקומען און געגומען. וואָס גייט אים אָן? ער ה אָ ט — גיט ער. אַבי עס קומען נאָר י י ד ן און בעטן.

וואָסזשע מיינט איר, ס׳איז שלעכט געווען? ס׳איז געווען אַ מחיה. ער האָט זיך אַפילו נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון, ווי גוט אים איז. איז אָבער נישט באַשערט געווען! היינט זעט ער באַשיינפּערלעך, אַז ס׳איז געווען אַ הימלס־זאַך. כאָטש ביז איצט מוז ער שרייען, ווען ער דערמאָנט זיך אין דעם... אַזוינס פּאַסירט נאָר איינמאָל אין טויזנט יאָר... נאָר מילא, זאָלן זיי זיך נישט שרעקן! א י צ ט וועט ער עס דערציילן רואיק.

17

קיין צייט זיך צופיל אַרומקוקן אין שטוב האָט ער, וואָס אַן אמת, נישט געהאַט. ער איז צו־וויט פאַרפאָרן אין זיינע געשעפטן. נאָר ביסלעכווייז האָט ער גענומען באַמערקן, ווי דאָס ווייב הויבט אים אָן אויפצונעמען ביינאַכט מיט אַ זויערער מינע. ער האָט אַפילו פיינט אַ סך צו פרעגן, נאָר אַז עס איז אַוועק אַזוי אַ טאָג און צוויי, און אַ וואָך — מוז ער דאָך אַ פרעג טון: וואָס איז דער מער מיט איר!?

כמורעט זי זיך אָן און שווייגט. קען ער דאָך נישט מער — הויבט ער זיך אָן צו קאָכן:

— סטייטש? איך האָב דיר גענומען נאַקעט און באָרוועס ווי דו שטייסט און גייסט, איך האָב אַפילו נישט געוואָלט וויסן וו ע ר דו ביזט און וואָס דו פאַרמאָגסט. מיר האָבן נאָך די ערשטע צוויי ווערטער געשטעלט אַ חופה... און ביז היינט — פאַר ווען האָרעווע איך? אַרויפגעאַרבעט האָב איך זיך, דוכט זיך, גאַנץ גוט. ד י ר פעלט אוודאי גאָרנישט, וואָסזשע איז געשען אין מיטשקע דערינען?

נעמט זי פּלאָנטערן מיט די רייד, אַז אמת טאַקע... ס׳איז אַזוי... וואָס פעלט איר דען? נישט מער, זי האָט אים נישט ליב... זי ווייסט אָפּילו: ער איז אַ גאָלדענער מענטש... זי וואָלט אים געדאַרפט פאַלן צו די פיס און אויסקושן יעדעס נעגעלע, נאָר גיי טו עפּעס אַז... און דערביי ווייזט זי מיטן פינגער אויפן האַרץ.

האָט ער זיך דאָך אויסגעלאַכט: ל י ב — שמיב! וואָס איז דאָס גאָר פאַר אַ דיבורים? אַ יידענע האָט חתונה, האָט שוין אונטערגע־וואַקסענע קינדער און ערשט דערנאָך דערמאָנט זי זיך אין אַזעלכע נאַרישקייטן! דערפאַר האָט ער איר בלויז אָפּגעענטפערט מיט אַ גע־לעכטערל, אַז פאַר אים איז זי גוט אָפּילו אָן דער ליבשאַפט, וואָס איר פעלט. דאָס איז דיר נישט קיין האַנט אָדער אַן אויג, וואָס אַז דאָס פעלט — איז מען נעבעך אַ קאַליקע...

ער איז דאַן געווען אַ נאַרישער בולוואַן. ער זאָגט עס אַליין. האָט ער נישט פאַרשטאַנען פון אַזעלכע זאַכן דאָס מינדסטע. איז עס געווען פאַר אים אַ געלעכטער. דערצו האָבן זיך זיינע מסחרים געררוקט אַ ר ו י ף און ער האָט קיין צייט נישט געהאַט אַראָפּצוקוקן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן דרך־ארץ פאַר אים, דעם פריערדיקן בעקער־יונג. ווערזשע קען זיך דערלויבן צו שפּילן אין אַריינקלערע־נישן, אין נאַרישקייטן?

האָבן אָבער גוטע פריינט געגומען קומען צו אים, רעדן האַלבע ווערטער פון וועלכע ער האָט קיין טאָלק נישט געקענט דערגיין. זיי האָבן צוגעקוועטשט אַן אייגל, געשושקעט זיך און געהאַלטן אין איין צוואוואַרפן אים איין שטעכעדיקע שפּילקע נאָך דער צווייטער... אַ ז ו י? מיינען זיי טאַקע י ע נ ע זאַכן? ער וועט דעם ערשטן שפּאַלטן דעם קאָפּ און פאַרטיק, אויס יריד! האָט מען אים אָבער געגומען דערציילן פון אַלע זייטן אַזוינס און אַזעלכעס. האָט ער שוין קיין כח און קיין העזה נישט געהאַט אין כעס צו ווערן אויף אַלעמען. אַזאַ טבע ביי אים: ער שווייגט און שווייגט... נאָר טאָמער עפּנט ער דאָס מויל — נעמט ער אַלץ אָן ביים קאָפּ און קוועטשט דערפון אַרויס די געדערים. קיין סך רייד פאַרמאָגט ער נישט — איז איינס פון דיביידע: אָדער לאָזן אַריינקומען די מענטשן מיט זייערע ווערעמדיקע רייד, אויסהערן זיי און לאָזן דאָס צעטראָגן איבער דער גאַנצער שטאָט — אָדער ער מוז אַהיימקומען און צעהאַקן אַלץ אין שטוב... אויך איר אָפּהאַקן די לונגען מיטן געזונט — און פאַרטיק!

איז ער אָבער אַ מענטש מיט האָנאָר. מ׳דאַרף טאַקע קענען איינשטילן די מענטשלעכע מיילער, אָבער כאַפּן דעם הייסן כעס און וואַרפן אים אויף איר קאָפּ — איז אויך נישט קיין וועג. ער האָט זיך איבער דער גאַנצער צייט געסטאַטקעוועט און מוז זיך שוין אומגיין איידל, עלעגאַנט. ער וועט איר אָבער מוזן ווייזן ווער שמחה איז!

נישט מער ווי  פ ר ע ג ן  וועט ער זי, בלויז אַ קליינעם שמועס וועט ער כאַפּן — ווייטער גאָרנישט.

נאָר אַהיימגעקומען איז ער יענעם אָוונט ווי אַ געליימטער: מיט וואָס הויבט מען אָן? קיינמאָל אין לעבן איז אים נישט אויסגעקומען צו פירן  אַ ז אַ  שמועס, בפרט מיט אַן אייגן ווייב. האָט ער קוים געפונען איין וואָרט אין מה, מיט וועלכן ער זאָל איר קענען דערזאָגן אַלצדינג, וואָס אים האָט זיך אָנגעקליבן אויפן האַרץ. אַזויווי ער האָט נאָר געעפנט די טיר, איז ער צו איר צוגעגאַנגען און זי אַ פרעג געטון מיט אַ שאַרף, אָבער איינגעבראָכן קול:

— ו ע ר  א י ז  ע ר?

זי איז אויפאַמאָל בלאָס געוואָרן, דערשראָקן... ווייטער געשוויגן. זאָגט ער ווייטער:

— וועסט מיר ווייזן וואו ער איז... איך וויל  א י ם  זען. כ׳האָב מיט אים אַ גאַנצן ענין איבערצושמועסן...

האָט זי מער נישט געקענט. אין איר קול האָט מען דערקענט, אַז זי גייט שוין אַרויסוויינען:

— וועסט אים שלאָגן... מיט איין קלאַפּ דיינעם — ממיתטו אים אויף טויט...

האָט ער שוין פאַרגעסן אין וואָס דאָ גייט אים אייגנטלעך. אירע איצטיקע ווערטער האָבן אים שוין גאָר באַליידיקט:

— דו! וועגן וועמען רעדסטו עס אַזוי? שמחה איז נישט קיין  ע ש י ו,  דו הערסט? וואָס הייסט עס עפּעס — מ מ י ת ן!? זי וואָלט אים שוין געמעגט בעסער דערקענען! נאָר לאַנג אַריינ׳טענה׳ן מיט איר — וועט ער נישט. ער וועט פּשוט צושליסן די טיר און זיי וועלן שוין אַזוי ביידע בלייבן אינעווייניק. ער וויל נישט, זי זאָל אים שלעכט פאַרשטיין: ער האָט חלילה נישט בדעה זי צוצוהאַלטן ביי זיך מיט געוואַלט. אַזעלכע זאַכן וועט  ש מ ח ה  נישט טאָן. זי וויל נישט — וויל זי נישט. ער האָט זיך אָבער זיכער פאַרדינט ביי איר, זי זאָל אים צוזאָגן דאָס איינע: אַז זי וועט אים אַוועקפירן צו יענעם, דעם שלימזל, וואָס געפעלט איר בעסער ווי  ע ר.  דאָס וויל ער נאָר זען וועמען זי האָט  י אָ  ליב... מער נישט, ווי  ז ע ן.  ער מוז כאָטש וויסן, וואָס אים פעלט! אפשר איז ער גאָר אַ קאַליקע און ער ווייסט אַליין נישט דערפון? אָבער אַזוי, אַז ער וועט זען יענעם — וועט ער דערנאָך אַריינקוקן אין שפּיגל און טאַקע דערגיין אַ טאָלק וועגן זיך אַליין. אַ מענטש קען דאָך נישט לעבן בלינדערהייט! ד אָ ס  מעג ער פון איר פאַרלאַנגען — און ער וועט זי נישט לאָזן אַרויסשטעלן קיין טריט, ביז  ז י  וועט אים נישט צוזאָגן.

בקיצור:  מ ע ן  א י ז  ג ע ג אַ נ ג ע ן!  אַז שמחה זאָגט עפּעס — מעג מען דערויף אַוועקשטעלן אַן אייזערנע בריק!

צוליב וואָס לייקענען? דאָס האַרץ האָט אין אים געוויינט. אַזאַ חרפה האָט ער נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט. אויפן וועג האָט ער געטראַכט מיט זיין צעהיצטן געמיט, אַז ער וועט זיך נישט קענען איינהאַלטן. ער וועט צופאַלן צו יענעם און ער וועט אים פשוט דערשטיקן! אויך זי וועט ער דאָרט דער׳הרגענען אויפן אָרט און זיך אַליין וועט ער אַ מ ע ש ה אָנטאָן... מ׳קען דען נישט משוגע ווערן פון אַזאַ דונער אין מיטן אַ ליכטיקן טאָג?

נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך גאָר עפּעס אַנדערש: ווען ער איז אַרויף אויף די שמאָלע, שמוציקע טרעפּ פון אַ קליין האָטעל־צימערל און געעפנט די טיר — זיינען ביי אים אַלע בייזע געפילן פאַרלוירן געגאַנגען. עס איז אים אַנטקעגן געקומען אַ קליין, צעבראָכן מענטשע־לע, וואָס האָט אים דערזען און פאַרלוירן דאָס לעצטע ביסל קאָליר פון פּנים...

אַזויווי ער האָט נאָר יענעם דערזען און דער געדאַנק האָט אים אַ פּיק געטאָן, אַז ד אָ ס א י ז ע ר — ווייסט ער אַליין נישט פאַרוואָס, נאָר ער האָט זיך צ ע ל אַ כ ט . אָבער דאָס לאַכן איז געווען אַזוי הויך, אַז די שויבן אין חדרל האָבן גענומען ציטערן. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט זען, ווי דאָס פּאָרל שטייט דערביי און קוקט אים אָן, ווי אַ משוגענעם. אַפילו איצט, ווען ער זעט נאָכ־אַמאָל דאָס בילד פאַר די אויגן, ווילט זיך אים נאָך אַלץ לאַכן אַזויווי דעמאָלסט. היינט אָבער וואָלט ער שוין י אָ פאַרשטאַנען פאַרוואָס...

18

אַז מען פאַרגעסט אויפאַמאָל דעם גאַנצן צ ע ר פון אַ פּאָר מינוטן פריער, איז עס דאָך טאַקע נישט מער ווי אַ וויץ צום לאַכן:

אָט שטייט ער, דער לאַכטיקער יינג... אַ גבר, אַ ריז — און אַ פאַרדינער! נעבן אים שטייט אַן אויסגעדאַרט, נידעריק און צעקנייטשט מענטשעלע, וואָס ציטערט, אַז ער זאָל אים נישט אָנרירן מיט קיין פינגער — טאָ גיי און לאַך נישט! אַ פּאָר מינוט איז ער געשטאַנען און פשוט הנאה געהאַט פון דער שפּיל. ס׳איז אים גאָר אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ די גאַנצע קאָמעדיע: י אָ ל י ב . . . נ י ש ט ל י ב . . .

באַלד אָבער האָט ער זי ווידער דערזען, דערמאָנט זיך און ערנסט געוואָרן. האָט ער אַ ב אַ פ ע ל געגעבן דעם מענטשל:

— זעץ זיך אַוועק! מיר דאַרפן עפּעס רעדן צווישן זיך...

און צו איר האָט ער זייטיק צוגעוואָרפן:

— דו זיץ אויך... זיי דערביי!

ביידע האָבן אים געפאָלגט. האָט ער זיך פאַרויכערט אַ ציגאַר און גענומען רעדן רואיק. דאָס געלעכטער האָט פון אים אַרויסגעשלאָגן

דעם גאַנצן שטורעם. האָט ער דערפֿאַר געקענט זיצן, פֿאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און רעדן „דערפֿון“, ווי וועגן עפּעס אַ ביליקן מסחרל, וואָס ער האָט זיי צו דערליידיקן יעדן טאָג אין די צענדליקער:

— הער אויס ייִנגערמאַן! איך וויל מיט דיר קיין לאַנגע שמועסן נישט פֿאַרפֿירן. ס'איז נישט פֿאַר מיין כבוד. אייגנטלעך וואָלט איך דיר צומערשט  ב אַ ד אַ ר פֿ ט  צו געבן, דאָס וואָס דיר קומט. דער־מאַן זיך נאָר: אַ מאַמע פֿון קינדער און אַ ווייב פֿון אַ מאַן! נאָר פֿון איין קלאַפּ מיינעם צעפּאַלסטו דאָך אויף ברעקלעך — וואָסזשע טויג עס אונדז ביידע? וויל איך אַלץ אַוועקלייגן אין דער זייט. בין איך דיך נאָר געקומען פֿרעגן: ביזטו גרייט מיט איר  ח ת ו נ ה  צו האָבן? א י ך ,  זעסטו, וועל נישט לאָזן באַפֿלעקן דעם כבוד פֿון מיינע קינדערס מאַמע.  אַ ז ו י  קען עס נישט גיין. האָסטו עס געמיינט ערלעך מיט איר — גיב איך דיר אַן אויסוועג. טאָמער אָבער נישט —ביזטו אַ מנוול! נאָך איידער דו זאָגסט  נ י י ן ,  איז גלייכער זאָלסט פֿריער אַ קוק טון אויף מיין לאַפּע.  ז י  וועט זיך דאַן מיט דיר אויס'טענה'ן. געדענק!

דאָס מענטשל האָט געשוויגן. ער האָט נאָר גענומען זיך אַרומקוקן פֿאַרלוירן איבערן צימערל. דאָס האָט ער הפּנים געוואָלט זען, אויב ער קען זיך דערלויבן אַזאַ זאַך ווי חתונה האָבן. ער, שמחה, האָט אים נישט געאיילט, געגעבן אים צייט זיך מיישב צו זיין. דערוויל האָט ער זיך אויסגעדרייט צו איר און אַ פֿרעג געטאָן, מער מיט די אויגן ווי מיטן מויל:

— נו, וואָס  ז אָ ג ס ט ו  דערויף?

געוואָלט האָט ער איר זאָגן גאָר אַ סך. שרייען האָט ער געוואָלט, אַז גאַנץ פֿאַריז זאָל דערהערן. עפּעס אַזאַ טיפֿע באַליידיקונג, אַזאַ שפּלות האָט אים אַרומגענומען: אויב אָט דאָס־אָ מענטשעלע, דאָס דערשראָקענע ווערעמל האָט געקענט נושא־חן זיין ביי זיין ווייב, מיט וועלכער ער האָט אָפּגעלעבט אַ שטיק לעבן... אויב דאָס בינטלביינער קען  ג ע פֿ ע ל ן  ווערן מער פֿון אים און אויב צוליב דעם סקעלעט זאָל ער, שמחה, אַוועקגעוואָרפֿן ווערן פֿון אַן אייגענעם ווייב — טאָ וואָס קען  ע ר  אַ ל י י ן  שוין ווערט זיין מישטיינס געזאָגט, מיט זיין גאַנצער גבורה און בריה'שקייט?

האָט ער בשעת־מעשה נישט באַדויערט אַזויפֿיל  ז י  אַליין ווי זיין אייגענעם כבוד: וואָס וועלן מענטשן זאָגן? אויף  ו ו ע מ ע ן  האָט זי אים אויסגעביטן? עס וואָלט אים גאָר אַנדערש געוווען געאַרט, ווען דאָס זאָל כאָטש געווען זיין אַ פֿאַרשוין אויף וועמען מען קען אַ קוק געבן מיט ביידע אויגן. ער וואָלט אפֿשר דעמאָלסט געהאַט מער יסורים — עס וואָלט אָבער כּדאַי געווען דער ווייטיק. ער וואָלט זיך דאַן

כאָטש נישט געפּילט צעטראָטן ווי אַ וואָרעם אויפן מיסט. אָבער ד ע ר ? רחמנא ליצלן!

האָט ער איר געוואָלט זאָגן, אַז זי זאָל זיך איבערעכענען. זאָל זי זיך אַרומזען אויף דעם אָנגעשטונקענעם צימערל, זען דעם וואַזשנעם פּאַרשוין, וואָס זיצט דאָ קעגנאיבער אים. דערנאָך זאָל זי זיך דער־מאָנען אין די דריי ליכטיקע צימערן, די פּאַלייען אין וועלכן זיי וואוינען... און צום לעצט זאָל זי א י ם אָנקוקן אויפסנײ נעבן יענעם. אָט, וועט ער זיך אומיסטן אויפשטעלן — און זאָל זי אים זען אין דער גאַנצער לענג און גרויס!

דאָס אַלץ האָט ער נאָר ג ע וו א ל ט זאָגן. דער טאָן מיט וועלכן ער האָט אָנגעהויבן, האָט אים שוין אָבער געהאַלטן געפּאַנגען. אַראָפּ־גיין פון וועג איז אים מער שוין נישט מעגלעך געווען. דערצו האָט זי אים אַפילו נישט געלאָזט קיין צייט געווינען, ביז ער וועט זיינע רייד קענען איבערשטעלן אויף אַ נייעם קער. אַזוי קאַלט, ווי אַ באַ־הערשטע פון אַ פאַרפרוירענעם משוגעת, האָט זי שטיל אַרויסגע־ציטערט:

— א י ך ? איך האָב גאָרנישט צו זאָגן. אויב ע ר באַשטייט — באַשטיי איך אויך...

טאָ וואָס האָט ער, שמחה, שוין געהאַט מיט איר צו רעדן? האָט אים נאָר אַזאַ פאַר׳חלש׳טע נאַגעניש אַ ריס געטאָן אין האַרץ, אַז ער האָט געמיינט דער מח שפּרינגט אים אַרויס פון קאָפּ. כאָטש ער האָט דערביי מיט אַ קאַלט פּנים און טויטע אויגן זיך ווידער אויסגעדרייט צו דעם מענטשל ביים טישל.

## 19

נישט אַנדערש, נאָר ביי אַלע פרויענצימערס מוז זיין פאַרבאָרגן אַזאַ מין צוגעדעקטע משוגעת. אַמאָל קען זי ליגן באַהאַלטן אַלע יאָרן אין האַרץ און נישט האָבן די מעגלעכקייט אַרויסצוקומען. נאָר טייל־מאָל געשעט עפּעס, וואָס גיט ביי זיי אַ רייס אויף — און דאָס גאַנצע משוגעת גיט דאַן אַ כ מ אַ ל י ע אַרויס... אוי, דאַן איז אַלץ פאַרפאַלן!

שפּעטער־צו האָט עס שמחה נישט איינמאָל געזען. דעמאָלט איז אָבער געווען דאָס ערשטע מאָל, ווען ער איז געשטאַנען פאַר אַזאַ רע־טעניש. אין יענער מינוט איז אים א י י ן זאַך יאָ קלאָר געוואָרן: אַז אַזאַ משוגעת איז פאַראַן. ס׳איז אים אַזוי פאַרשטענדלעך געוואָרן, אַז ער האָט געשפּירט ווי דאָ וועלן קיין שום רייד מער נישט העלפן. ס׳איז פאַרפאַלן — און געענדיקט דערמיט! אָט איז ער ש ו י ן

אַן איבעריקער צווישן זיי ביידע אין קליינעם צימערל. ער מאַכט זיי נאָר ענגער די לופט. באַלד וועלן זיי אים גאָר אַרויסשליידערן! איז ער דען עפּעס אַ יידענע, וואָס זאָל פּלאַטערן, פאַלן צו די פיס?

עט, שמחה! האָט ער זיך אָנגעמאַכט קוראַזש... שטותים! זי וויל אַ ז ו י — זאָל זיין אַזוי!

האָט ער מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן זיין מענערישע ווערדע און מיט אַ רואיקן טאָן זיך אַ ווענד געטאָן צום דאַרן מענטשעלע, וואָס איז דאָרט אַריינגעזונקען אין זיין שטול און אין די מחשבות:

— נו, דאָ איז אַ פאַרפאַלענע זאַך, ברודערקע! עס וועט דיר שוין גאָרנישט העלפן. מאָרגן זוך איך זיך אויס אַ רב, מען וועט שרייבן די צוועלף שורות און — היידאַ! דערנאָך וועט קומען דיין ריי צו גיין צום רב... אָבער מיט א י ר . מאַך זיך עס דיר קלאָר. טאָמער וועסטו נישט גיין אַליין — וועל איך דיך טראָגן אַ געבונדענעם אויף מיינע פּלייצעס ביז צו דער חופּה. נאָר מיט א י י ן זאַך זעסטו, ב י ס ט ו גערעכט: פאַר שמחה׳ס אַמאָליק ווייב און דער מוטער פון זיינע קינדער — פּאַסט זיך נישט צו וואַלגערן אין אַזאַ מין חורבה. ווער איך אייך דינגען אַ לייטישע דירה, ווי עס געהער צו זיין. איך טו עס נישט צוליב א י י ע ר כבוד־וועגן. איר זענט נישט ווערט קיין דירה, אַפילו אויפן מיסט־קאַסטן. איך וויל אָבער נישט, מען זאָל זאָגן וועגן דער שלעפּערין, וואָס וואוינט דאָרט אין אַ פינסטערן האָטעל־לאָך, אַז ז י איז אַמאָל געווען ש מ ח ה שרייערס ווייב. האָט איר פאַרשטאַנען? איך אַליין וועל אייך אַרויסטראָגן פון דאַנען אין אַ פיינער וואוינונג, אויב איר וועט עס אַליין נישט וועלן טאָן. אַזוי וו י ל א י ך!

ביידע האָבן פאַרשטאָפּט זייערע מיילער מיט שווייגעניש. הייסט עס — זיי זיינען מסכים. האָט ער זיך בלויז אָפּגערופן צו איר:

— איצט קום אַהיים. ביז מ אָ ר ג ן ביסטו נאָך אַ מ אַ מ ע און די קינדער זענען נישט מחוייב צו וויסן, וואָס פון זייער מוטער איז געוואָרן. מיט דעם טויגעניכטס דיינעם וועל איך שוין קומען צו אַ טאָלק. ביי מיר קען מען אים טראָגן אויף אַ טהרה־ברעט צו דער חופּה. זאָל אים גאָט שטראָפן און אים אַריינשיקן אַ געדאַנק פון וועלן זיך אַרויסדרייען. מער דאַרף ער נישט!

און ביים לאָזן זיך צו דער טיר, האָט ער זי נאָך געלאָזט אַרויסגיין די ערשטע — מיט דעם כבוד, וואָס מ׳גיט אָפּ אַ פרעמדער דאַמע. ערשט ווען זי האָט שוין אַריבערגעשפּרייזט די שוועל האָט ער אַזוי שטאַרק צוגעהאַקט די טיר, אַז אַלע טרעפּלעך אונטער זייערע פיס האָבן זיך אַ וואַקל געטאָן.

20

אויפן וועג זיינען זייביידע געגאַנגען ווי פרעמדע. דאָס איז פאַר אים לאַנג נישט מעגלעך געווען. האָט ער דאָ, צווישן זיך, געוואָלט וויכער ווערן. דערפאַר האָט ער אַרומגענישטערט אינעווייניק נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס זאָלן זי איבערעדן, אויפקלערן... אפשר קען ער גאָר דערגיין, וואָס עס איז איר פּלוצים געשען. ער האָט זיך אַפילו צעזיפּצט, אָנגעהויבן באַדויערן, וואָס פאַר אַ דאַליע זי נעמט אויף זיך. מילא, מען קען זיך באַנאַרישן. ער פאַרשטייט עס. זי שעמט זיך אפשר פאַר אים צוריקצודרייען — הויבט ער אָן דער ערשטער. זאָל זי עס האָבן לייכטער! אָבער זי האָט אים אַפילו מיט קיין איין וואָרט נישט געענטפערט. ערשט ווען זיי זיינען צוגעקומען האַרט פאַר דער שטוב האָט זי אים איבערגעריסן מיט אַ פראַגע:

— וועלן מיר טאַקע מאָרגן שוין גיין זיך גט'ן?

ער האָט אַ צאַפּל געטאָן. זי האָט חרטה! זי האָט מורא... ער האָט אָבער נאָר געדאַרפט איין קוק געבן אויף איר און ער זאָל פאַרשטיין זיין טעות. אירע ווערטער האָבן נאָכאַמאָל איבערגעקלונגען אין זיינע אויערן אומגעדולדיק און נישט־גלויבעריש. איר איז שוין צו לאַנג דאָס וואַרטן. זי קען זיך אויך נישט צוגלויבן, אַז עס וועט אַזוי לייכט צוגיין; אַז ער וועט זי טאַקע אַזוי שנעל אָפּלאָזן פון זיך. האָט אויך ער שוין געמוזט טרוקן זיין; האַרט ווערן ווי אַ שטיין. האָט ער איר געענטפערט געלאַסן, אויסגערעכנט. ער האָט אַפילו פאָרגעלייגט דעם פּלאַן פון מאָרגנדיקן טאָג, אַזוי ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ געוויינלעכן שפּאַציר:

— באַלד אין דער פרי וועל איך אַוועק אין דער פאַבריק. איך וועל פון דאָרט רופן די גויע. זאָל זי דערווייל זיך שפּילן מיט די קינדער. דערנאָך וועלן מיר אַוועק אין אַ קאַפע און נעמען עפּעס אין מויל אַריין. ערשט דערנאָך... דערנאָך וועט מען אַוועק צו אַ רב אויפן פּלעצל. דאָ, אויפן בעלוויל, אין דער נאָענט, וויל ער נישט. זאָל זי אים דאָס איינע צוליב טון. יאָ?

ער האָט גערעדט און זי האָט אים בלויז אויסגעהערט. די רייד זיינען ביי אים אַזוי אַרויסגעקומען, אַז זי האָט אים געגלויבט. טאַקע דערפאַר איז איר פּנים אויסגעגלייכט געוואָרן, צופרידן אויפגעלויכטן. אין שטוב זיינען זיי ביידע אַריינגעקומען שווייגנדיק, ווי פאַרפאַלענע. בלויז אַ קליין ברעקל האָפענונג אין אים האָט זיך נישט געלאָזט אויסלעשן: זי וועט זיך אויסשלאָפן, איבערטראַכטן, אָנצערטלען די קינדער... קען זי אַמאָל אויפקומען אין דער פרי און צופאַלן צו אים:

— זיי מוחל... אַ משוגעת איז מיך נעכטן באַפאַלן... לאָז מיך בלייבן!...

ער וועט אין אַזאַ מינוט אַלצדינג פון זיך אויפדעקן. ער וועט אַפילו נישט פּרוואוון מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ האַרטן ביין, נאָר — פאַרגעסן! אָפּווישן וועט ער פון זכרון דאָס געשעענע, אַז עס זאָל קיין זכר דערפון נישט בלייבן! אויפן צווייטן טאָג וועט ער אויפשטיין, אַזויווי עס איז קיינמאָל גאָרנישט געווען. די חרפּה וועט אויף דער גאַס צופיל נישט אַרויסגעטראָגן ווערן און מען וועט נאָך אַלצדינג קענען פאַרגלעטן. וועט ער זיך וואַרפן מיט נייעם קוראַזש צו דער אַרבעט, די וועלט וועט ער איינרייסן! און צו איר וועט ער רעדן נאָך מער גוטע רייד ווי פריער. ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט ער זי פרעגן:

— זאָג מיר, אדרבא, וואָס פעלט דיר? דו זאָג מיר נאָר...

אָט אַזוי האָט ער פאַנטאַזירט שטילערהייט ביים אַריבערשפּרייזן די שוועל. נאָר אַזויווי זיי זיינען אַריינגעקומען — האָט זי זיך אַוועקגעדרייט פון אים און איז אַוועק שלאָפן אין קיך אַריין. דאַרף ער דען דערציילן ווי לאַנג יענע נאַכט האָט ביי אים געדויערט? דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער אַזויפיל געטראַכט און אויך געהאַט איבער וואָס. אַלערליי מחשבות זיינען אים געקומען אין קאָפּ אַריין — משוגע צו ווערן! אָט האָט זיך אים געגלוסט אין מיטן דער נאַכט אַריינצופאַלן צו איר, נעמען זי מיט געוואַלט אויף די הענט און אַריינלייגן אין שלאָף-צימער. גאָרנישט מער, נאָר דאָ זאָל זי זיין מיט אים! ער איז נישט קיין חיה, פאַר וועלכער מען דאַרף זיך באַהאַלטן אין דער נאַרישער קיך. דערנאָך איז אים גאָר איינגעפאַלן: ער וועט אַריינגיין, זי אָננעמען און אַרויסשליידערן אין בלויזן העמד פון שטוב. זאָל זי זיך אַזוי אַרומדרייען אין דער פינסטערער גאַס און מער נישט אַריינשמעקן אַהער. די ק י ך איז אויך זיינע, די העמדער אירע זיינען אויך זיין, אַלץ איז זיין! בלויז דער נאַקעטער חושך פון דרויסן קען געהערן צו איר... זאָל זי גיין! אַרויס!!! די רגע טאַקע!...

ערשט נאָכן אָנזעטיקן זיך מיט פאַרשידענע נקמה-מחשבות איז ער צוריק ווייך געוואָרן. עס האָט אים געצויגן אַריינצוגיין צו איר, אויפוועקן זי און אַרומנעמען, בעטן זיך ביי איר:

— וואָס האָט זי צו זיין לעבן, וואָס? — — —

ער האָט אָבער גאָרנישט געטאָן. די אברים זיינען אים שווער געוואָרן. די נאַכט האָט זיך אַרויפגעלייגט אויף אים, ווי אַ געדיכטע, שוואַרצע קייט און אים נישט געלאָזט זיך רירן פון אָרט. איז ער אַזוי געלעגן און מיט צעהיצטע געדאַנקען אָפּגעוואַרט דעם נייעם טאָג.

21

יאָ, דאָס וויל ער אויך דערציילן קורץ: זיי האָבן זיך טאַקע גע'גט... עס איז צוגעגאַנגען אַזוי טויט-שטיל, אַז אַפילו די פּאָר

יידן ביים רב האָבן געגאַפּט פון וואונדער. ער האָט איר קיין הויך וואָרט נישט געזאָגט. אדרבא, ער האָט איר נאָך אַרומגעוויקלט צערט־לעך דעם האַלדז ביים אַרויסגיין, זי זאָל זיך נישט צוקילן. זי האָט דערביי גאָרנישט געזאָגט, נאָר מעכאַניש געטאָן אַלץ, וואָס דער רב האָט געהייסן. די פּאָר יידן אין דער זייט האָבן זיך טרויעריק און שווייגנדיק צוגערוקט צום שטיקל פּאַרמעט, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען אַבלים.

ערשט ווען ער איז אַרויס באַזונדער און אַוועק אַ פּאָר טריט פון דעם רב׳ס שטוב, האָט ער זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד: פאַר־וואָס? פאַרוואָס? מיט יעדער טריט, וואָס ער האָט געשטעלט — האָט עס אים געגומען פאַרדריסן אויף זיך מער ווי אויף איר. אפשר האָט ער זיך טאַקע צופיל געאיילט? אָט, ווען ער זאָל געווען באַלד אין אָנהויב מיט איר שמועסן ווייך, איינגעמען זי מיט רייד — וואָלט עס געוועזן אַנדערש אַרויסגעקומען. זי וואָלט נישט געווען אַוועק און קיין לייטישע חרפּות וואָלט נישט געווען אַרויסגעקומען. אָבער אַזוי — שעמט ער זיך צו ווייזן דאָס פּנים פאַר מענטשן...

אין זאַך האָט ער איינגעזען, שמחה: דעם מענטש׳ס געדאַנקען — דאָס זיינען גזלנים. זיי באַפאַלן דעם מענטש ספּעציעל, בכדי אים משוגע צו מאַכן. זיי זיינען אויך גרויסע פאַרגעסערס. זיי ווייסן אַליין, אַז נעכטן האָט ער נישט געקענט אַנדערש רעדן צו איר. ער האָט זיך אַזוי אויך געגוג איינגעהאַלטן. ער האָט צו איר גע׳טענה׳ט שטיל, געצוימט און מיט אַ מאָס. אָבער פרעגן האָט ער זי דאָך געדאַרפט, האָט ער דאָך געמוזט! אַז אַלץ אין אים האָט זיך דאַן איבערגעקערט אויף דער לינקער זייט... ווי קען מען דען גוט זיין און ווייך זיין אין די ערשטע מינוטן, ווען מען הערט פּלוצים אַזוי נס?!

ער וויל זיך אַליין פאַרענטפערן אין די געדאַנקען, באַווייזן דעם נאָגנדיקן וואָרעם, אַז ער איז גאָרנישט שולדיק... אַז ער האָט אַלצדינג געטאָן ווי עס באַדאַרף צו זיין. עס העלפט דען אָבער? שפּעטער קומט אַלצדינג אַרויס קאַפּויער. ווען ס׳איז שוין אָפּגעטאָן — נעמט מען ערשט ווערן אַ חכם: געדאַרפט רעדן אַנדערש, כ׳האָב גע־קענט זיין צאַרט, איידל... מוחל זיין אין די ערשטע מינוטן, ווען דער ווייטיק האָט געשניטן דאָס האַרץ מיט טויזנט מעסערס...

נאָר אויך די דאָזיקע בייסענישן, דאָס פרעסן זיך אַליין האָט ער אָפּגעטריבן ווי בייזע הינט. אָפּגעטאָן — איז אָפּגעטאָן. זאָל זיך דער נעכטיקער טאָג גיין צו אַלדע שוואַרצע יאָר! עס איז גאָר־נישט געווען. ער איז נאָך איצט אַ בחור, ווי מיט אַ צען יאָר צוריק. ווייטער האָט קיין שום זאַך נישט פּאַסירט. דאָך האָט עס אים אַוועק־געצויגן אין אַ שענק אויף די גרויסע בולוואַרן. דאָרט האָט ער זיך

אַנגעטרונקען איבער אַלע מאָסן. זאָלן אַלע ווייטיקן אויסגעברענט ווערן מיט דער משקה!

די נאַכט נאָך דעם איז ער געשלאָפן ווי אַ דערקווילעטער. די מידקייט און די שכרות האָבן אים אַוועקגעשליידערט אויפן בעט אין די בגדים. ער האָט זיך ערשט אויפגעכאַפּט ווייט־ווייט אויפן טאָג. און אויפגעשטאַנען איז ער מיט אַ נייעם אימפּעט. הערט וואָס אים איז גאָר געלעגן אין קאָפּ די ערשטע מינוטן: ער איז געלאָפן אויס־זוכן אַ דירה פאַר זייערטוועגן! אַ גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעלאָפן, ביז ער האָט געפונען. דאָס האָט ביי אים איינגעשלונגען אַלע אַנדערע געדאַנקען.

דאָס צוהעלפן זיי איינאָרדנען איז ביי אים געוואָרן אַ תאווה. עפּעס האָט ער אין דעם געפינען אַזויפיל שטעכיקע פרייד, אַז עס לאָזט זיך גאָרנישט דערקלערן. זיין ליבשאַפט צו איר איז נאָך נישט אויס־געלאָשן געוואָרן. ער האָט נאָך אַלץ געוואָלט קענען שטיין נאָנט נעבן איר — כל זמן דאָס געפיל צו איר איז נישט אָפּגעשטאָרבן. דאָס, געדענקט ער, איז זיכער אַזוי געווען. איינגאַנצן זיך אָפּרייסן פון איר אַזוי שנעל איז טאַקע נישט געווען פאַר זיינע כוחות... אַז מיט דריי טעג צוריק האָט ער נאָך אַפילו נישט געאַנט פון אַ זאַ דונער אין מיטן העלן טאָג!

אָבער דאָ האָט אויך זיין באַליידיקט געפיל פאַרלאַנגט זיין חלק. ער האָט געזוכט דורך דעם נקמה צו נעמען. זאָל זי זען וועמען זי האָט פאַרלוירן. זיין האַרץ דאַרף פאַר איר לויכטן ווי גאָלד און קרישטאָל. אפשר וועט זי עס איצט אפילו נישט באַמערקן. עס מאַכט אָבער נישט. שמחה האָט שוין צייט. קודם זאָלן זיך אַזעלכע זעקעצער אַריינגנבענען אין איר, כאָטש זי פילט עס נישט. זיי וועלן שוין אַמאָל אָפּנעמען דאָס זייעריקע... איי, ווי זיי קענען שפּעטער רייסן פון איר שטיקער!

יענעם טאָג איז ער געווען צופרידן פון נאָך אַ געדאַנק: זי איז שוין נישט זיינע... פאַרפאַלן! ס'איז שוין אַלצדינג אָפּגעטאָן. טאָ זאָל זי כאָטש אַריינפאַלן צו אַזאַ פּאַקראַקע, איידער צו איינעם, וואָס קען זי גליקלעך מאַכן. זאָל זי מאַטערן זיך און אַ גאַנץ לעבן דערמאָנען די ערשטע, גאָלדענע יאָרן מיט שמחה'ן. עס וועלן זיך שוין געפינען אַזעלכע גוטע פריינט, וואָס וועלן איר מוסר זאָגן, דערמאָנען זי יעדן פינטעלע פון איר אַמאָליקער גדולה און זי נישט לאָזן פאַרגעסן, וואָס זי האָט זיך אַליין אָפּגעטאָן מיט די אייגענע הענט... מיט דעם מענטשל וועט איר זיכער שנעל נמאס ווערן. זאָל זי זיך נאָר אָנעסן מיט די ערשטע פאָר וואָכן. עס קען דען זיין אַ לעבן מיט אים? ס'איז דאָך נאַריש! אַזאַ ליכטיקע שיינקייט און אַזאַ שטיקל שפּינוועבעכץ... נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן. איז בעסער אַזוי! ווייל

דערנאָך... יאָ, טאָמער וועט זי דערנאָך זוכן אַ וועג צוריק און ער, שמחה וועט נאָך קענען — זאָל עס זיין אַ לייכטער ענין. דאָ גייט זי נישט אַוועק צו ווייט פון אים. דאָס מענטשל איז נאָר אַ נישט־ווייטע סטאַנציע אויף איר צעחושטעטער רייזע. קען עס זי נאָך צוריקטרייבן, עס וועט זי מוזן! טאָמער נישט דער — קען זי נאָך אָפּזוכן אַ פאַרשוין, אַ רייכער, אַ גוטער, אַ שיינער — און? דענצמאָל, ווער ווייסט...

ער האָט געמוזט טראַכטן אַזעלכע געדאַנקען. ער וואָלט זיך אַ מעשה אָנגעטאָן, ווען ער זאָל פאַר זיך נישט געווען אויסזוכן כאָטש אַזעלכע האָפענונגען און שפּילן זיך מיט זיי... טאָ וואָס איז דער וואונדער, וואָס ער איז געלאָפן, גערודערט, געאײַלט זיי צו דער חופּה? עס האָט דען בכלל אַ שיעור צו דעם, וויפיל געדאַנקען און פּלאָנטערן ס'האָבן ביי אים געבושעוועט אין מח נאָכן גט?

פאַר זיין געלט האָט מען געקויפט פון אַלדאָס גוטס. די טישן, אין אַ יידישן רעסטאָראַן אויפן פּלאַץ רעפּובליק, האָבן זיך געבראָכן אונטער די וויינען און לעקעכער. דעם רב האָט ער צוגעזאָגט אַ באַזונדערע באַפּרידיקונג, אויב ער וועט אַלצדינג מאַכן אין אָרדענונג. דער בלייכער, דערשראָקענער ייד האָט אים אַפילו אָנגעקוקט אַזוי־ווי איינעם, וואָס איז געריררט פון זינען: וואָס הייסט? וויאַזוי קען מען דען מאַכן, אַז עס זאָל נישט זיין אַלץ אין אָרדענונג? אויף דעם איז ער דאָך אַ רב, איז ער דאָך... נאָר שמחה האָט קיין קאָפּ נישט געהאַט צו גיין זיך אויס׳טענה׳ן מיט אַלעמען. שכור איז ער געווען, דער מח האָט זיך אים געדרייט — אָבער געהאַלטן האָט ער זיך. און אַ חתונה האָט ער צוגעגרייט — אַקוראַט ווי ער וואָלט דאָ געפירט צו דער חופּה זיין יינגסטע טאָכטער!

ער אַליין האָט פאַרבעטן געסט, זיי אויפגענומען מיט אַן אָפן פּנים. ער האָט אפילו קיין קרום נישט געטאָן מיטן אויג, ווען אַזויפיל מענטשן זיינען זיך אָנגעלאָפן זען דאָס בייזע וואונדער, וויאַזוי שמחה שרייער מאַכט חתונה דאָס אייגענע ווייב. געטאַנצט האָט ער יענעם אָוונט מער ווי אַלע. ער האָט זיך געמאַכט מער שכור ווי ער איז געווען אין דער אמת׳ן. דערביי האָט ער געזונגען ווי אַ באַנומענער. אַלע לידער און שיינע „שטיקלעך" פון זיינע משוררים־יאָרן האָט ער זיך דאָ דערמאָנט, זיי אויסגעזונגען אויפן קול, נישט פרעגנדיק ביי קיינעם קיין דעה... זיינע פריינט און אויך נישט־פאַרגינערס האָבן עס נישט געקענט פאַרשטיין:

— וואָס האָט ער זיך אַזוי צעהוליעט, דער משוגענער!? אַ גדולה אויף אים... דאָס ווייב זיינס האָט חתונה מיט אַן אַנדערן...

זאָלן זיי מיינען, אַז דאָס האָט ער אַליין דערפירט דערצו, ווייל ער האָט זיך זיינע חשבונות. דאָס קען אים מאַכן פאַר אַ חזיר.

זיי קענען זאָגן, אַז ער האָט זי אַרויסגענאַרט פון שטוב, פאַרטריבן זי, כאָטש ער האָט מיט איר אַזעלכע גאָלדענע קינדער. איצט טאַנצט ער נאָך פאַר פרייד, וואָס ס'איז אים געלונגען!... דאָס איז אָבער אַ סך בעסער. ס'איז שענער ווי צו זיין ביי אַלעמען אין די אויגן אַן אַוועקגעוואָרפענער, וואָס קען זיך אַפילו מיט אַזאַ דאַר, באַברילט סקעלעטל נישט פאַרמעסטן.

ער וויל איצט נישט זיין גאָט די נשמה שולדיק. מיט ליאָרעם און פאַראַד האָט ער געריסן די חופה־שטאַנגען, געבייזערט זיך וואָס מען ציט אַזוי לאַנג: גזלנים, ווען נעמט שוין אַ סוף צום שלעפּעניש? מען האָט אים קוים באַרויקט, אַז ער זאָל זיין אַביסל געדולדיק. מען וועט שטעלן די חופה. זאָל ער זיין אויסגעזאָרגט! אַ געמורמל איז אַפילו דורכגעגאַנגען אין אַלע זייטן:

— ווער ווייסט, וואָס דער ממזר האָט דאָ אויסגעקאָמבינירט...

און ער האָט אָנגעקוואָלן, מחיה געווען זיך פון זיין ווייטיק אַרויס. אויב אַ מכה — זאָל כאָטש זיין אַ פלאַסטער, וואָס זאָל זי צודעקן. אַ קרענק זאָלן זיי וויסן וואָס ביי אים אין האַרצן טוט זיך. ער האָט אַפילו דעם ערשטן „מזל טוב" אויסגעשריגן נאָך דער חופה. אַזויווי זיי זעען אים אַ ייד געבוירן!

22

וויי־וויי, וואָס ער האָט אין יענער נאַכט אויסגעווילדעוועט! נאָך דער חופה האָט ער איינגעלאַדן זיין געוועזן וויב צום טאַנץ. דער־נאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט נישט ווייט פון איר און אויפן הויכן קול געליאַרעמט, אַלע זאָלן הערן:

— דו הערסט, לאַלאַ? דו זאָלסט ווייטער קומען צו מיר און נעמען געלט וויפל דו דאַרפסט. און אַז דיין לא־יוצלח וועט זיך וועלן מאַכן עפּעס אַ געשעפטל — זיינען שמחה'ס טאַשן ווייטער אָפענע. דו ווייסט עס שוין פון לאַנג...

פאַרן געזעגענען זיך האָט ער זי אַפילו אַרומגענומען און זי האָט זיך געמוזט צעקושן מיט אים פאַר אַלעמען אין די אויגן. און נאָך עפּעס האָט ער איר אָנגעזאָגט פאַרן אַוועקגיין, ווען ער מיט איר זיינען שטיין געבליבן זייטיק און אַביסל צעטומלט:

— הער אויס. דו ווייסט דאָך: איך האָב אַ פאַבריק פון נאַש־וואַרג... ווען דו ווילסט עפּעס — קום און נעם... וואָס רעד איך? דו וועסט מוזן קומען און נעמען. איך אַליין האָב דיך געפירט צו דער חופה, זעסטו? אַזוי ווי אַ שוועסטער. וויל איך דיר אויך ווייטער געבן צו אַכלען. דו וועסט עס זיכער דאַרפן. טאָמער ווילסטו נישט קומען — וועט איר ביידע האָבן צו טון מיט מיר...

אָפּגעזאָגט זיך זיינס, האָט ער מער אַפילו נישט געוואָלט אויפכאַפּן איר ענטפער. ער האָט גענומען הויך אונטערפייפן אַ פריילעך לידע־לע און אַזוי זיך געלאָזט אַוועקגיין מיטן וועג צו די גרויסע בולוואַרן, וואָס הויבן זיך אָן נישט ווייט פון חופה־רעסטאָראַן. ערשט גאָר שפּעט פאַרטאָג, ווען ער האָט זיך שוין אויף אַן אמת געוואַקלט און געזוכט דעם וועג אַהיים — האָט ער אַזוי, מיטאַמאָל אין מיטן גאַס דערשפּירט, אַז ער איז איינער אַ ל י י ן. ער איז ממש אַליין און וועט עס שוין אַזוי שטענדיק בלייבן. ערשט מיט אַ שעה צוריק איז ער געזעסן מיט אַ פּאָר איבערגעפּולטע אויגן אין אַ קאַבאַרעט און געטראַכט, אַז דאָס אַלץ זיינען נאַרישקייטן. אַזויפיל פרויען זיינען פאַראַן אין פּאַריז. ער דאַרף בלויז אַ פייף טון, אַ ווינק טון מיט אַ פינגער און זיי קומען... יינגערע פאַר איר, שענערע. ער אַליין איז דאָך אַ ריז, וואָס די ערד ציטערט אונטער אים ביים גיין... די אויגן רייסט ער דאָך אויף ביי אַלעמען!

נאָר איצט, ווען די פאַרטאָגיקע, איינגעשלעפערטע לופט האָט מיט אַ קילער צונג אים אָפּגעלעקט דעם גלאַטן קאָפּ — האָט ער געוואָלט שרייען, איבערשרעקן אַלע טויטע גאַסן און אָנגיסן זיי מיט באַנומענע קולות. ער האָט זיך געשפּירט ווי אַ נאַקעטער, וועמען רויבער זיינען באַפאַלן, אָפּגעצויגן פון אים אַלצדינג אין מיטן גאַס... און ער, דער שוטה, האָט זיי נאָך אַפילו צוגעהאָלפן אָפּשנירלען די בענדלעך פון די שיך.

נאָר גיי, שריי צו אַ ליידיקער, גרויער וועלט, וואָס געגעצט נאָך מיט אַ ביינאַכטיקן פיסק פון פוילקייט וועגן.

23

זיך אַליין קען מען נישט אָפּנאַרן און פאַר זיך אַליין העלפן נישט קיין פריילעכע אָנשטעלן. ווען מען איז נאָר מיט זיך אַליין — איז זיך נישטאָ מיט וואָס צו שעמען. האָבן טאַקע די טרערן פון אים גע־נומען פלייצן ווי פון אַ קראַן. ער האָט אַריינגעהעשעט אין די קי־שנס אַריין ווי אַ קליין קינד. יאָ, ער האָט דאָך גאָר פאַרגעסן אין די צוויי קינדער! איצט זיינען זיי סיעווי געשלאָפן. זיי האָבן געוואוסט, אַז די מוטער איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ חתונה און זי וועט זיי צוריק־ברענגען אַ סך גוטע זאַכן. די גויע, וואָס ער האָט צו זיי געברענגט פון דער פאַבריק, האָט זיי איינגענומען מיט אַזעלכע מעשה׳ס. טאַקע זי איז שוין מיט זיי פאַרבליבן די גאַנצע צייט און נישט אָפּגעטראָטן... גיי שאַץ אָפּ דאָס האַרץ פון אַן ערלטע!

האָט ער זיך אַריינגעשאַרט אין זיין צימער און אויפאַמאָל אַנטדעקט די פינסטערע פאַרלאָזנקייט. די ווענט האָבן זיך גענומען אַרויסווייזן

פאַר צו גרויס און אין איינוועגס פאַר צו ענג. ער וואָלט זיי מיט די פויסטן אויפגעבראָכן! וואָס דישען זיי אים? פאַרוואָס מאַכן זיי אים אָן אַזאַ ענגשאַפט אין האַלדז? זיך אַליין האָט זיך אים געגלוסט צו ממיתן, זיך אויסצופּלאַסקען מיט די געזונטע, אייזערנע פויסטן:

— וואָס האָט ער געטאָן? וואָס האָט זיך מיט אים געטאָן? אוי, האָט ער זי פאַרשפּילט! אַזוי נאַריש פאַרשפּילט זי, אָן אַ חשבון — ווי עס טרעפט אַמאָל מיט אַ טויזנטער אין אַ זעקס און זעכציקל. דערנאָך — דערנאָך האָט ער זי נאָך אונטערגעפירט צו דער חופּה. פאַר זיין געלט האָט מען געפרעסן, געזויפט און זיך משמח געווען! איצט זיינען זיי ביידע אַזוי גליקלעך. זיי האָבן זיך אַוודאי געקושט אין דער זעלבער מינוט, ווען ער האָט זיך געשלענדערט איבער די גאַסן, ווי אַן אַדורכגעשאָסענע חיה... פאַר זיין געלט האָבן זיי איצט אַזוי רואיק און גוט, זיי לאַכן איצט פון אים דאָס הויכע געלעכטער! און ער האָט זיך נאָך מיט איר געקושט, איר צוגעזאָגט... האַ, וואָס האָט ער איר דען אַלץ נישט צוגעזאָגט!?

פאַרוואָס איז ער נישט צוגעפאַלן צו איר און זי נישט געשטיקט אַביסל? זי מעג? זי האָט אים דאָך אָנגעטאָן אַ פּעטליע אויפן האַלדז, וואָס וואַרגט טעג און נעכט — טאָ פאַרוואָס זאָל אויך זי נישט פילן דעם זעלביקן טעם? אַהאַ, אַריינקריכן צו איר אין האַרץ און דאָרט בייסן, רייסן שטיקער — קען ער נישט. אָבער מיט די הענט!? כאָטש איין מינוט האָט זי געדאַרפט שפּירן זיינע ידים אויף איר האַלדז! ווי דאָס שרעטעלע אירס איז געשטאַנען דאָרט אונטער דער חופּה — אַזוי אויסגעפּוצט און שטאָלץ, אַזוי צופרידן מיט זיך!... פאַרוואָס טאַקע האָט ער נישט אַ כאַפּ געטאָן דאָס דאַרע פאַרזעענישל און נישט געמאַכט פון אים אַש און שטויב?!... ביינאַכט, אין זיין פינסטערן, אָפּגעלאָזטן צימער האָט ער עס טאַקע נישט געקענט פאַרשטיין.

נישט אַנדערש נאָר ע ר איז משוגע געוואָרן, נישט קיינער. טאַקע דערפאַר האָט זי מיט אים כּפּרה געשלאָגן. וואָס דען? ווען ער זאָל זיין אַ מענטש מיט אַן אייגענעם האָנאָר אין זיך — האָט ער באַדאַרפט צו ווייזן ווי ליב ער האָט זי! אַז ער איז גרייט צו הרגענען צוליב איר. זי וואָלט דאַן אַנדערש געווען געטראַכט פון אים... און אַזוי...

איי, ווען דאָס זאָל אים געווען קומען פ ר י ע ר אויפן זינען! נאָר איצט — גיי און לויף, טו עפּעס, אַז זיי זיינען שוין צוזאַמען אין יענעם פיינעם דירה'לע, וואָס ער האָט פאַר זיי צוגעגרייט. אפשר טוט איר אַפילו דאָס האַרץ נישט ווי פאַר אים. עס זעט איר נישט אויס, ער זאָל זיך האָבן איבערגענומען מיט דער גאַנצער מעשה — און זי איז גאָר צופרידן דערפון. דערמאָנט זי זיך כאָטש, אַז ד אָ זיינען פאַראַן אירע צוויי קינדער, אַז אויך ער איז אַמאָל נישט געווען אירס קיין פרעמדער?

ער האָט זיך געוואָרפֿן אויפֿן געלעגער, זיך געריסן די האָר, אַלע־מאָל זיך אויפֿגעהויבן פֿון געלעגער און אַרונטערגעלאָפֿן. דערנאָך איז אים געקומען אַ צווייט בילד אין קאָפּ אַריין: זי דאָרט, מיטן אויסגע־קוואָרטן באַשערטן אירן, ליגן זיך רואיק, אַרומגענומען... זי געדענקט אַפֿילו נישט וועמען זי האָט געלאָזט; עס גיט זי אַפֿילו נישט קיין באַריר. אַ שטיק קאַלט אייזן — נישט קיין ווייב, נישט קיין מאַמע... און צוליב אַזאַ א י י נ ע ר וועט ער זיך דערהרגענען, פּייניקן זיך? זי איז דען ווערט כאָטש איין מינוט?

דאָס האָט גענומען לעשן אין אים דאָס פֿייער און דערבײַ אים נאָך מער העצן, בונטעווען קעגן זיך מער ווי קעגן איר:

— אַז נישט דערלעבן וועלן זיי עס! נישט ביי שמחה׳ן געטראָפֿן דאָס אָרט! זאָל ז י עס איבערקרענקען און נישט איך!

אַזויווי עס איז שוין געווען גאָר שפּעט — איז דער געדאַנק מיד געוואָרן און געלאָזט זיך באַרואיקן. ער האָט שוין קיין כח נישט גע־האַט מער זיך אַרומצושלאָגן מיט די שוואַרצע אַריינטראַכטענישן. איז דאָס געווען די זיסע פּיל, וואָס האָט אים איינגעוויגט און אַריינגעטראָגן אין שוואַרצן פּאַלאַץ פֿון טיפֿן שלאָף.

24

ס׳איז געשען אַזוי, פּונקט ווי ער האָט פֿאָראויסגעזען. דער גייער מאַן אירער, מ׳זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, האָט נישט געקאָנט פֿאַרדינען קיין סאַנטים. עפּעס האָט ער זיך געדרייט אַרום אַזאַ אינטע־ליגענט פֿאַך, ביי וועלכן מ׳קען קיינמאָל נישט וויסן, ווען עס וועט אויסקומען צו זען אַ לעבעדיקן פֿראַנק פֿאַר די אויגן. עס האָט אים אַפֿילו געפֿעלט געלט פֿאַר די לאַנגע, שמאָלע בייגעלעך פּאַפּיר, אויף וועלכע ער האָט כסדר געשריבן און געשריבן...

איז זי איינמאָל, עטלעכע וואָכן נאָך דער חתונה, געקומען און שטיין געבליבן ביי דער טיר, ווי אַ בעטלערין. זי האָט גאָרנישט געזאָגט. עס האָט אים בכלל געוואונדערט, וויאַזוי זי האָט דאָס גע־קענט פּועלן ביי זיך. ער האָט שוין כמעט פֿאַרגעסן, וואָס ער האָט דאַן אָנגעפּלאָפּלט אין דער חופּה־נאַכט. איבער דער גאַנצער צייט, וואָס זיי האָבן געלעבט צוזאַמען, האָט זי קיינמאָל פֿון אים גאָרנישט געבעטן. ער האָט זיך צו אַלץ געמוזט דערקלערן מיטן אייגענעם שכל.

זינט זי איז געוואָרן זיין ווייב — איז זי געוואָרן אַ שטיק פֿון אים און ער האָט זיך קיינמאָל נישט פֿאַרטראַכט איבער איר כאַראַקטער. ער האָט זי אויפֿגענומען ווי אַ טייל פֿון זיך — און זיך אַליין קען ער. דערפֿאַר האָט ער זיך אויך צו איר נענטער נישט צוגעקוקט. ער האָט שוין אַזאַ טבע: כל זמן אַ זאַך איז נישט זיינע — וועט ער זי פֿאָרשן,

באַטראַכטן און זען, אויב ער דאַרף זי באַקומען פאַר זיך אָדער נישט. אָבער ווי נאָר ער קויפט אַריין די זאַך צו זיך אין שטוב אַריין — האָט ער מער נישט קיין חשק צו צאַצקען מיט איר. עס איז זיין און דאָס איז פאַר אים גענוג. קען עס שוין אָפּליגן גאַנצע יאָרן אין אַ שטוב־ווינקל און ער זאָל עס אַפילו נישט באַמערקן. מעג עס אַפילו אַרויס־שטאַרצן קעגנאיבער זיין אויג.

האָט ער אויך זיין ווייב קיינמאָל נישט באַטראַכט צו־שאַרף. אויף וואָס דאַרף ער עס? זי איז — אַזוי ווי זי איז. אַנדערש וועט זי שוין נישט ווערן. אַז זי איז אַ טייל פון זיין שטוב, אַ שטיק פון זיין לעבן — האָט ער זי נאָר געזען אַזויפיל, וויפיל ער זעט זיך אַליין. אַריינ־טראַכטן זיך אין איר האָט ער אָנגעהויבן, ערשט דאַן ווען דאָס איז געשען.

איצט האָט ער זי פאַרלוירן. דאָס האָט אים געצוואונגען זיך צו דערמאָנען אַלטע רייד אירע. ער האָט געוואָלט וויסן, וואָס ער האָט אַלץ פאַרלוירן אין איר. דערמאָנט זיך האָט ער ערשט איצט, אַז זי איז טאַקע געווען אַ פאַרשלאָסענע אין זיך, אַ שטאָלצע. זי האָט איבער דער גאַנצער צייט מיט אים נישט גערעדט, נאָר דאָס וואָס זי האָט שוין געמוזט. ער האָט זי כמעט אין גאַנצן נישט געקענט פון אינעווייניק.

אויסער דער שאַרפער בענקשאַפט צו איר, האָט זיך אין אים אויפגעוועקט אַ ניי געפיל: זי בעסער צו דערקענען, דערזען וואָס עס טוט זיך ביי איר אין די געדאַנקען. איז אָבער צו שפּעט געווען. זי איז אין די ערשטע וואָכן פאַרפאַלן געוואָרן. ער האָט עטלעכע מאָל געוואָלט אַרויפגיין צו זיי — אָבער דאָס האַרץ האָט עס אים נישט געלאָזט. האָט ער געוואַרט, ביז עס וועט קומען פון זיך אַליין. אָבער געגלויבט אין דעם האָט ער נישט, כאָטש זייטיקע מענטשן האָבן אים דערציילט, אַז זי ליידט נויט. די וואָס האָבן אים דאָס איבערגעגעבן, האָבן דערביי געמאַכט אַ באַהאַלטענעם פאַרוואורף. אַלע האָבן שוין שפּעטער געמיינט, אַז דאָס האָט ער זי פּשוט אַרויסגעוואָרפן, ווייל זי איז אים נישט געטריי געווען. איר חתונה האָבן מיטן מענטשל, אָן אַ באַשטימטער אַרבעט, האָט מען באַטראַכט ווי אַ נקמה אין אים. זי האָט טאַקע אויך נישט געהאַט וואו צו גיין. האָט ער זיך געמאַכט נישט־הערנדיק. נאָר אַ ווייטיק איז אים געווען: אָט וואָס פאַר אַ משוגעתן דאָס לעבן פּראַוועט! איז שוין פאַראַן אַביסל גליק — קומט אַ ווינט און גיט עס אַ צעבלאָז. מען העלפט אַליין צו עס זאָל זיך צעפאַלן. דערנאָך גייט מען גאָר אַרום אומגליקלעך, מען טראָגט זיך אַרום מיט זכרונות פון אַזאַ שיינעם נעכטן...

נאָר זי איז געקומען, ווען זיין געדאַנק איז געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש. ער האָט זי נישט דערוואַרט באַלד פרימאָרגנס. אים האָט זיך כסדר אויסגעוויזן, אַז זי וועט דאָס ערשטע מאָל זיך באַווייזן

פאַרנאַכט, אָדער גאָר שפּעט אין אָוונט. זי וועט זוכן צו רעדן מיט אים אין דער טונקל, ווען דאָס אויג דערזעט נישט אַלץ. דאַן איז מען שוין מיד פון דעם גאַנצן טאָג און עס איז אויך לייכטער צו פועלן ביי זיך מען זאָל איינברעכן דעם אייגענעם שטאָלץ...

נאָר איצט, אין די ערשטע שעהן פון טאָג, זיינען פון אים אַוועק־געפלויגן אַלע רייד, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג צוגעגרייט פאַר אירעט־וועגן. האָבן זיי ביידע געשוויגן. זי האָט אויף אים קוים געוואָרפן אַ בליק און אַוועקגעכאַפּט די אויגן. האָט ער זיך שוין אַביסל צוריק־געפונען; דוקא זי אַרומגענומען מיטן אויג, געוואָלט אַריין אין אירע געדערים און איינמאָל פאַר אַלעמאָל זען וואָס דאָרטן טוט זיך. זי האָט אויסגעזען אַזוי בלאַס, צוגעגרינט — און נאָך שענער. אין איר אַוועק־דרייען דעם קאָפּ איז געווען עפּעס פון נידערשלאַגנקייט, פון אַ חרטה אויף עפּעס. דערביי האָט אָבער פון איר אויך געשלאָגן מיט פאַר־ביסענער עקשנות. דאָס האָט אין איין מינוט אויפגערודערט דעם גאַנצן כעס און די גריזאָטע. ערשט מיט אַ פּאָר סעקונדן פריער וואָלט ער צוגעפאַלן צו איר, געגלעט, אַרומגענומען. נאָר איצט איז אים ווידער באַפאַלן אַזאַ מין שגעון:

— איצט איז די צייט! אויפמאַנען מוז ער ביי איר דעם ווייטיק פון דער גאַנצער צייט. זי מוז דאָ היינט וויינען! טייכן טרערן וויל ער דאָ זען פון איר. פאַר יעדן איינעם קומט זיין שעה — וויל ער איצט זיין צייט אויסנאָגן ביזן לעצטן טראָפּן. ער וויל אויסזויגן די גאַנצע הנאה פון איר שטיין און וואַרטן אויף דער שוועל — און דערמיט זאָל ער טרייסטן די אַלע טעג און נעכט, וואָס זיינען צעשטאָכן געוואָרן פון וואַרטן און יסורים.

25

פון איר פּנים האָט ער שוין אַראָפּגעלייענט אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט; וואָס עס האָט זיך אים געגלוסט דאָרט צו זען. כאָטש פון דער צווייטער זייט האָט זיך דאָס האַרץ ביי אים צעשריגן פון רחמנות. דערפאַר זיינען זיינע ווערטער צו איר געווען אַ געמיש פון אַלע געפילן צוזאַמען:

— וואָס? דאַרפסט אַוודאי געלט? ווען נישט — וואָלסטו דאָך נישט געקומען צו מיר... זעט אויס, אַז קיין וואַזשנע ברויט־געבער איז ער זיכער נישט, דער ליבלינג דיינער, האַ?

האָט זי פאַרשעמט צוגעבאַמקעט:

— ניין... ער האָט נישט קיין אַרבעט... און דו האָסט מיר דאַן געזאָגט...

האָט ער שוין גאָר שטאַרק הנאה באַקומען פון עסן ביי איר די גאַל. דאָס רחמנות זיינס וועט ער נאָך האָבן צייט צו באַרואיקן. ער

דאַרף נאָר אַריינשטעקן די האַנט אין טאַש. דערוויַיל אָבער מוז ער זיך אָפּנעמען זיין חוב ביי איר. זי וויל פון אים, אַז ע ר זאָל באַצאָלן זיינס — טאָ זאָל עס אויך זי עפּעס קאָסטן. ער וועט עס אָבער ביי איר נישט ב ע ט ן מיט קיין פאַרשעמטער מינע, נאָר זיך נעמען בגוואַלט. דעם אָטעם וועט ער ביי איר אַרויסציען:

— איצט האָסטו אַוודאי חרטה, וואָס? עס האָט זיך דיר צוריק פאַרבענקט נאָך די וויכע מאַטראַצן... האָסט זיך אַוודאי דערמאָנט אין יענע טעג, ווען שמחה האָט דיר צוגעטראָגן פון פויגלס־מילך אין בעט אַריין? דו ווייסט דאָך אָבער אַליין, אַז עס איז שוין צו־שפּעט... איך דאַרף נישט, מען זאָל בענקען צו מיינע שטובן און דערפאַר זאָל מען קומען צו מ י ר...

איז זי אָבער גאָרנישט נתפּעל געוואָרן. עפּעס האָט זיך ביי איר גאָר אָנגעצונדן און זי איז שוין געוואָרן דרייסטער. אירע אויגן האָבן אים אַרומגענומען מיט בייזער שטעכעדיקייט: וואָס רעדט ער? זיי האָבן געקוקט אויף אים מיט אַזאַ חוזקדיקן רחמנות, ווי אויף אַ חולה, וועלכער רעדט פון היץ נישט־געשטויגענע זאַכן:

— עס פאַלט מיר גאָרנישט איין... וואָס הייסט ח ר ט ה? איך האָב דען פריער נישט געוואוסט אויף וואָס איך גיי? נאָר אַז דו האָסט מיר דאַן געזאָגט — בין איך געקומען. טאָמער ווילסטו זיך נאָר רייצן מיט מיר און דאָס האָסטו געמיינט — האָב זשע מיר אַ גוטן טאָג...

ווען זי האָט זיך אויסגעדרייט אַוועקצוגיין האָט ער דערזען, אַז אַלע רייד וועלן זיין אַרויסגעוואָרפן. האָט עס אים פאַרקלעמט ביים האַרץ. פאָרט אייגן בלוט און פלייש! איז ער ווייכער געוואָרן:

— נאַרעלע, איך האָב גאָרנישט געמיינט... גלאַט אַזוי, אַ מענטש האָט אַ צונג — זאָגט ער. דאָס טוט מיר נאָר ווי דאָס האַרץ — האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט. זיי נישט בייז. נאַ, דאָ האָסטו מיין טייסטער און נעם, וויפל דו באַדאַרפסט...

האָט זי גענומען זיין טייסטער מיט די שפּיץ־פינגער, אַרויסגעצויגן שטילערהייט עטלעכע פּאַפּירלעך און זי איז אַוועק מיט געלאַסענע טריט.

דאָס האָט זיך גענומען גאַנץ אָפּט איבערחזרן. ער האָט אָבער זיך גענומען היטן מיט אַ וואָרט און אויך זי האָט אויסגעמיטן עפּעס צו זאָגן. נאָר יעדעס מאָל, נאָך איר אַוועקגיין, איז אים ווידער באַפאַלן דער כעס. האָט ער זיך ווידער גענומען מאַכן פּלענער, וואָס צו זאָגן און וויאַזוי אָנצושרייען אויף איר. עס איז אָבער געווען, אַז זי זאָל קומען און זיך אַוועקשטעלן שאָטנדיק נישט ווייט פון אים — און ער האָט זיך פאַרלוירן, געציטערט איר נישט ווי צו טאָן מיט קיין פּיפּס.

אַזוי זיינען אַוועק גאַנצע וואָכן.

בלויז איינמאָל איז עס ביי אים געקומען צו אַן אויסברוך. ער

איז אין דעם גאָרנישט שולדיק געווען און אפשר איז זי אויך נישט געווען אומגערעכט. ווער ווייסט? נאָר עס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט. געקומען איז זי ווי אַלעמאָל, נעמען דאָס איריקע. ווי שטענדיק, האָט ער אַרויסגענומען זיין געלט־בייטל און איר דערלאַנגט, אָן צו זאָגן אַ וואָרט. עס איז שוין געווען לאַנגע חדשים נאָכן גט. ס'איז שוין געוואָרן ביי זיי אַזאַ געוואוינהייט, אַז מען דאַרף שווייגן. פאַר איר איז עס זיכער געווען אַ פאַרלייכטערונג, האָט ער איר צוליב געטאָן. נישט איינמאָל האָט ער באַמערקט, אַז נאָכדעם ווי זי נעמט דאָס געלט, בלייבט זי שטיין אַ מינוט צעטומלט און פאַרלאָרן. זעט אויס, אַז זי וויל אים עפּעס זאָגן, בעטן — נאָר זי האָט נישט קיין העזה. ער האָט באַלד פּ אַ ר ש ט אַ נ ע ן, וואָס זי קען אים וועלן זאָגן. ער האָט זיך אָבער געמאַכט נישט־וויסנדיק. געוואוסט האָט ער, אַז ווען זי וועט אירע רייד ברענגען איבער די ליפּן, וועט ער זיך מער נישט קענען באַהערשן. ער קען זיך אַפילו וואַרפן אויף איר און שלאָגן, רייסן שטיקער. איז בעסער אַז עס גייט אַזויווי עס גייט. אפשר שפּעטער, ווען עס וועט זיך אַביסל אָפּקילן...

דאָס מאָל איז זי אָבער שטיין געבליבן, געשטאַנען אַזוי און געקוקט אויף אים... נישט אָפּגעטראָטן. אַ טונקל געפיל האָט אים אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרץ: אַ ה אַ! ער האָט זיך אָבער אַוועק־געדרייט פון איר, געמאַכט אַ פּאָר וויטערדיקע שריט און געוואָלט זי שטיין לאָזן איינע אַליין.

איר קול האָט אים אָבער דערגרייכט ביים אַוועקגיין:

— ש מ ח ה!!!!

זי רופט! ער האָט געוואָלט גיין ווייטער און דער ציטער אירער האָט אים געריסן צוריק. איצט וועט זי אים אַוועקשטעלן פאַר אַ נסיון. צוליב וואָס טוט זי עס? אָט רייסט זיך שוין ביי אים איין קול נאָכן צווייטן, די געשרייען שטויסן זיך אין אים פון אַלע זייטן — און ער דאַרף זיי נאָר לאָזן אַרויספליען... האָט ער זיך געוואָלט צוימען, מאַכן זיך, אַז ער ווייסט נישט וואָס זי וויל; אַז ער האָט בכלל קיין צייט נישט צו שטיין מיט איר און זיך אויסטענהן. האָט ער איר נאָר צוגעוואָרפן אַן אומרואיקן בורטש:

— נו, וואָס נאָך?

אירע אויגן זיינען אָבער שוין איבערגעפולט געוואָרן מיט פייכטער אומגעדולד. זי זעט שוין מער גאָרנישט, נישט זיין באַהאַלטענעם צאָרן און נישט זיין בייז איילן זיך. דורך די אָנגעלאָפענע טרערן זעט זי אַ ווייטערע זאַך, פאַר וועלכער זי איז גרייט צו וויינען פאַר אים, פאַלן אים צו די פיס, רייסן זיך מיט געוואַלט... דערוויל ב ע ט ן נאָך אירע בליקן, זוכן ווייך צו מאַכן זיין שטיינערן האַרץ. אָבער הינטער זיי גלאַנצט שוין און שאָטנט זיך אַ צווייטער קוק פון

אַ באַרויבטן מענטש, וואָס דערזעט זיין גזלן פאַר די אויגן. איז אויף אים אָנגעפאַלן דער ערשטער שלייער פון פאַרצווייפלטן זוכן אַן אויסגאַנג: וואָס טוט מען מיט איר? ביי איר האָט זיך שוין אַלץ איבערגעפולט. די רייד אירע האָבן זיך שוין אַליין איבערגעגאָסן:

— שמחה... איך בין דאָך פאַרט אַ מ אַ מ ע... שמחה! איך ווייס, אַז דו ווילסט נישט לאָזן. כ׳בעט דיר אָבער: לאָז מיר נאָר אַריין אויף אַ פּאָר מינוט.. כ׳וויל א י י ן קוק טאָן אויף די קינדער, זען ווי זיי שפּילן זיך... נאָר אַ קוש טאָן... זיי אַ גוטער, שמחה...

דאָ האָט די גאַל געפּלאַצט אין אים. האָט ער זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער הויך:

— אַ ז ו י! די קינדער גאָר! דו ביסט דען אַ מאַמע, וואָס? אַבי די קינדער ווייסן נישט, אַז זיי פאַרמאָגן אַזעלכעס אויף דער וועלט... זיי האָבן שוין פאַרגעסן, דו הערסט? ווילסטו זיי צוריק דערמאָנען און אָוועקגיין? מכשפה! וואָס האָסטו צו זייער רו? די שיקסע פון דער פאַבריק איז זיי דאָך אַ סך געטרייער פאַר דיר...

יעדעס וואָרט איז געווען געצילט צו קלאַפּן איר איבערן קאָפּ, איבער די געהירן. זי איז געבליבן שטיין צעמישט. אירע שוואַרץ־אַפּלען האָבן גענומען פינטלען פאַרלוירן, אַזויווי זיי וואָלטן זיך מער נישט געהאַט אין וואָס צו האַלטן. זי האָט ווייזט אויס געזוכט עפּעס אַ וואָרט מיט וואָס אים אָפּצוענטפערן — און נישט געפונען. האָט זי נאָר געמאַכט אַ פּאָר שריט פאַראויס, אין דער ריכטונג פון זיין שטוב און מיט אַ ווילדן קרעכץ זיך אַ לאָז געטאָן צו זיין שוועל. די הענט האָט זי געהאַלטן פאַראויס, גרייט זיך איינצובייסן מיט די נעגל און ציין. אויף אים האָט זי מער נישט געקוקט. בלויז צו זיך אַליין האָט זי אַ געשריי געגעבן; אַ באַפעל צו דער אייגענער, שוואַך־געוואָרענער דרייסטקייט:

— איך גיי אַריין!

דאָ האָט אים שוין אַרומגעכאַפּט אַ שוידער צוזאַמען מיטן טריפּנ־דיקן צאָרן: וואָס וועט דאָ זיין? זי גייט... און ער וועט אַזוי צוזען ווי זי כאַפּט די קינדער, דערמאָנט זיי צוריק אין זיך. זי וועט זיך אַריינרייסן צו אים, אַוועקנעמען ביי אים אויך דאָס וואָס זי האָט פריער איבערגעלאָזט, און זוער ווייסט? אפשר וועלן אויך די קינדער ביסלעכווייז אַריבערלויפן צו איר. ער האָט דען אַזויפיל צייט צו זיין פאַר זיי אַלצדינג? און קעגן אַ מוטער — וועט אויך ער זיין ביי זיי אַ פרעמדער!

האָט עס אים אַ ריס געטאָן פון אָרט. ער איז אָבער צו איר נישט צוגעלאָפן מיטן גאַנצן האַסט, ווי ער האָט פריער גערעכנט. ער איז געבליבן שטיין נאָכן ערשטן טריט און זיך צעברילט — אַז אויף גאַנץ פאַריז האָט מען עס געקענט הערן:

— מאַרש פון דאַנעט, נפקא! זאָלסט שוין דאָ נישט זיין! און טאָמער נעמסטו נאָכאַמאָל דאָס וואָרט „קינדער" אין מויל אַריין — פלעט איך דיר דעם שאַרבן... ברענג מיר נישט דערצו...

זיינע לעצטע ווערטער האָבן זי אָפּגעשטעלט. דעם זאַץ ביים סוף האָט ער שוין געזאָגט מיט אַ שטיל־בעטנדיקן טאָן, געקרעכצט אינעווייניק — אין יעדן אות באַזונדער, ווי אַ פאַרצווייפלטער. איז זי שטיין געבליבן, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן. זיין געשריי האָט זי נישט אַזוי איבערצייגט ווי ער האָט זי פּאַראַליזירט. ס'איז קענטיק געווען, אַז זי איז איצט נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען. האָט ער נאָך אויסגענוצט אַ געבליבענע סעקונדע און געטאָן דעם לעצטן פּאַך מיט דער בייטש:

— ג י י!

און ווי אַ מעכאַנישע כלי האָט זי זיך אויסגעדרייט צוריק, אַ בלאַסע און דערשלאָגענע, אַ קוק געטאָן נאָך איין מינוט אויף אים און הענדום־פּענדום גענומען לויפן ווי אַ משוגענע. איז ער געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערטער און נאָכגעקוקט צעמישט, וויאַזוי זי לאָזט זיך אַוועק מיטן ברייטן בולוואַר.

26

עס האָט נאָר געדויערט עטלעכע מינוט ביז דער געדאַנק האָט זיך אומגעקערט צו אים. זי איז שוין געווען גאָר־וויט, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין עפּעס גאָר־ווichטיקס. האָט ער איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר און איר גענומען נאָכלויפן. מיט אַלע כוחות האָט ער גענומען שרייען איבער דער גאַנצער גאַס:

— לאַלאַ! שטיי אַ מינוט, לאַלאַ!

זי איז ווייטער געגאַנגען. ער האָט זי אָבער דערגרייכט און אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט. דאָס האַרץ האָט אים פאַרקלעמט פון רחמנות און ער האָט איר געוואָלט זאָגן אַ פּאָר שטילע ווערטער, זיך פאַרענטפערן... די האַרטע רייד זיינע האָבן זיך אָבער אַדורכגעריסן דורך אַלע צאַרטקייטן, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין זאַמלען אין זיך:

— איין זאַך האָב איך דיר פאַרגעסן צו זאָגן: דאָס געלט זאָלסטו ווייטער קומען נעמען! טאָמער נישט — וועל איך דיר אויפזוכן. איך וועל עס דיר נישט אַוועקטראָגן, נאָר דיך ברענגען צו שלעפּן ביי די האָר ביז צו מיר — און ערשט ביי מיין שוועל וועסטו באַקומען דאָס דייניקע. דו מוזט! דאָס איז מיינס אַ זאַך, פאַר מ י י ן פאַרגעניגן וועגן. אַזוי־אַרום דאַרפסטו מיר באַצאָלן פאַר די גאַנצע צען יאָר... פּרוביר מיר נאָר פאַרלייקענען דעם חשבון!

אָפּגעזאָגט זיינס — האָט ער זי געלאָזט שטיין און שנעל געלאָפן צוריק. מיט דעם האָט ער זיך אויסגעלאָדן. אויך זי האָט אים גע־פּאָלגט און ווייטער געקומען. זי האָט געוואוסט, וואָס עס הייסט זיך איינשפּאַרן קעגן שמחה׳ן. האָט ער טאַקע יעדע וואָך געהאַט אַ שעה, פון וועלכער ער האָט געשעפּט פודן מיט תענוג. ניין, נאָך גאַנצע שעהן פריער האָט ער זיך געשמאָלצן פון פרייד. ער האָט געוואוסט ווען זי דאַרף קומען און נאָך מיט צוויי שעה פריער האָט ער זיך געשטעלט אויף דער שוועל זי אָפּוואַרטן. אוי, ווי גוט יעדע מינוט אַזעלכע איז געווען! נישט איינמאָל איז פאַרבייגעגאַנגען אַ היימישער מענטש, זיך אָפּגעשטעלט נעבן אים און גערופן:

— שמחה! וואָס שטייסטו אַזוי? קום אַריין ערגעץ, וועלן מיר עפּעס נעמען אין מויל אַריין...

די דאָזיקע מינוטן האָט ער אָבער נישט געוואָלט פאַרשאַכערן פאַר אַ טרונק. ער האָט דערפאַר יענעם צוגערופן נענטער און מיט אַן איידל קול אים געגעבן צו פאַרשטיין:

— איך קען נישט אַוועקגיין... מ י י נ ע , די פון אַמאָל מיין איך, איז אויף גרויסע צרות. זי דאַרף באַלד קומען און נעמען ביי מיר אַ פּאָר סאַנטים. אויב איך וועל נישט געבן — וועט זי טאַקע נישט האָבן... און אַז זי וועט מיך נישט טרעפן — וועט זי אַוועק און זי קען אָפּהונגערן אַ טאָג...

דאָס האָט ער דערציילט בכיוון. מענטשן זיינען נייגעריק, האָט איינער דערציילט דעם צווייטן. פון אַלע זייטן האָבן זיך מענטשן אַריינגעשטעלט אין טויער, ביי די פענסטער און צוגעזען פון וויטנס, וויאַזוי שמחה צאָלט אויס שכירות זיין געוועזענער פרוי. דאָס האָט ער טאַקע געוואָלט. נאָך בעסער וואָלט געווען ווען אויך ז י זעט, וויאַזוי מען קוקט פון אַלע זייטן. אָבער נקמה האָט א ו י ך אַ גרע־ניץ. דערפאַר האָט ער נישט געקענט פועלן ביי זיך, אַז ער זאָל עס איר אָנווייזן. דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן איבער אַ יאָר צייט. זי האָט זיך נישט איינמאָל געוואָלט באַפרייען, נאָר זי האָט מורא געהאַט. ער ווייסט, אַז זי וואָלט בעסער געווען געהונגערט, איר מאַן אויך... מען האָט אים דערציילט, אַז זי איז אַרומגעגאַנגען זוכן אַ שטעלע צו אַרבעטן און נישט געקענט געפינען, נישט געקענט זיך צופּאַסן. דער מאַן אירער האָט עפּעס יאָ אָנגעהויבן צו טאָן, אָבער ער האָט צו־ווייניק פאַרדינט. איז זי שוין אַזוי צוגעוואוינט געוואָרן צו זיין געלט און עס געמוזט אַריינגעמען אין איר חשבון אַריין. אַז מען הויבט נאָר אָן, קען מען שוין ביי זיך אַליין נישט פּטור ווערן דערפון.

די לאַגע האָט זיך ערשט געענדערט ווען זי איז איינמאָל נ י ש ט געקומען. דעם אמת געזאָגט ווערן קרעפּלעך אויך נמאס. אים אַליין איז עס שוין אויך דערעסן געוואָרן. ער האָט שוין מער נישט גע־

שפּירט קיין  ט ע ם  אין דעם גאַנצן עסק. נאָר אַז זי איז נישט געקומען — האָט עס אים געאַרט, אומרואיק געמאַכט. האָט ער געשיקט אַ גוטן ברודער, אַז ער זאָל זיך זייטיק דערוויסן, וואָס עס איז געשען מיט איר. איז טאַקע יענער צוריקגעקומען מיט אַ גוטער בשורה:

— מזל טוב! זי ליגט שוין אין שפּיטאָל... אַ אינגעלע געבוירן!

האָט ער צורו געלאָזט דערמיט. ער האָט שוין געוואָלט אַביסל איבעררייסן דעם עניך. נאָר דעם ברית האָט ער אַליין איינגעאָרדנט. ער האָט צוגעשיקט געלט, מענטשן און אַנדערע בויטיקע זאַכן. איז עס שוין אַזוי געבליבן. יעדע וואָך האָט זיינס אַ מענטש צוגעטראָגן אַ סומע. ער האָט זיך אַפּילו אויפגעהערט צו אינטערעסירן, אויב זיי דאַרפן עס נאָך אָדער נישט. אַבי ער האָט געטאָן דאָס זייניקע.

27

לאַנג קען מען זיך מיט קיין גיפט נישט אַרומטראָגן. אָדער מען פּאַרסמט זיך דערמיט, אָדער דער גיפט וועפּט זיך אויס. ביי אים איז געשען דאָס צווייטע. יאָ, איבער דער צייט האָט אויך ער חתונה־געהאַט. די קינדער האָבן שוין גענומען אַרומלויפן אויף דער גאַס, גיין אין שולע אַריין און ער האָט ווידער נישט געהאַט קיין צייט זיי אָנצוקוקן. האָט עס אים אַפּילו אויפגעהערט צו אַרן, ווען ער האָט געהערט: זי וואַרט זיי נישט איינמאָל אָפּ, ווען זיי גייען אַהיים און נעמט זיי אַריין צו זיך. אוי, וואָס די צייט קען אַלץ מאַכן! באמנות, ווי ער האָט זיך אַפּילו נישט אויפגערעגט דערפון. פאַר דעם, וואָס האָט אים געמיינט אויפצורייצן מיט דער בשורה, האָט ער געהאַט אַ פּשוט'ן ענטפער:

— וואָס איז דען? זי איז דאָך אַ  מ אַ מ ע  — און די קינדער זיינען אַזוי אירע ווי מיינע. טאָ זאָלן זיי אויך פילן דעם טעם פון האָבן אַ מוטער, אויב זי לעבט נאָך. ווער האָט מיר דען געגעבן דאָס רעכט צו מאַכן זיי פאַר  י ת ו מ י ם  ביים לעבן?

איר הערט ווערטער? דאָס האָט געזאָגט ער, דער זעלבער שמחה, וואָס האָט איר נישט לאַנג צוריק געוואָלט פלעטן דעם קאָפּ דער־פאַר... ער האָט זי אַפּילו געזען אַמאָל אין גאַס און זי אָפּגעשטעלט:

— הער נאָר, איך וואָלט חשק געהאַט צו זען דיין יאַטל. ער מוז דאָך שוין זיין אַ גאַנצער בחורעץ! ברענג אים אַמאָל צו מיר אַהיים — זאָלן אויך די קינדער זיך שפּילן מיט אים אַביסל. זיי געהערן זיך דאָך מיט אים עפּעס אָן, נישט אַזוי? פאַרוואָסשע זאָלן זיי זיך בלייבן פרעמד?

אויף אַזויפיל האָט ער געהאַט כח! און אַ מאָדנע זאַך: ווען ער

האָט געזען דאָס יאַטל מיט די געקרייזלטע הערעלעך — האָט ער עס גענומען אויף דער שויס, געשפּילט זיך דערמיט און עס געקויפט די בעסטע זאַכן. ס׳זאָל נאָר נישט אויסגערעדט זיין, האָט ער דעם קליינעם מער ליב באַקומען ווי זיינע קינדער. פּאַרוואָס — ווייסט ער אַליין נישט. וואָלט דאָך גוט געווען, האַ? איז אָבער געבליבן פון איר אַ ירושה, אַ קרענק אַזאַ, פון וועלכער ער האָט זיך שוין אין לעבן נישט באַפרייט: צוליב איר האָט ער פיינט באַקומען אַלע ווייבער. וואָס שייך פ י י נ ט? די ערשטע צייטן האָט ער כמעט פאַרגעסן, אַז עס איז נאָך ווער דאָ אויף דער וועלט, אויסער איר. ערשט דערנאָך איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַזאַ מין קילע בייז־קייט צו זיי, אַ חשק אָפּצוטאָן אַ שפּיצל די פרויען פון דער גאַנצער וועלט. טאַקע ד אָ ס האָט אים דערפירט נישט צו איין משוגעת. עס רעדט זיך נאָר אַזוי: מ ש ו ג ע ת... אַז סך הכל טוט אים נאָך היינט באַנג, פאַרוואָס ער זיצט אַזוי רואיק די גאַנצע צייט. ער האַלט זיך נאָך היינט אויך פאַר גערעכט. נאָר גיי שלאָג זיך אַרום מיט דער גאַנצער וועלט!

28

לאַכט נישט: טאַקע דערפאַר וואָס ער האָט זיי אַלע אַזוי שטאַרק פיינט געהאַט — האָט ער אַזוי שנעל ווידער ח ת ו נ ה געהאַט. אַז אַלע זענען די זעלבע — וועט ער נישט גיין זוכן און קלייבן! פאַר מענטשנס מיילער האָט עס געהייסן, אַז ד אָ ס טוט ער צוליב די קינדער: ער איז פאַרנומען און זיי דאַרפן דאָך עמעצן האָבן נעבן זיך! נאָר צווישן זיך גערעדט — האָט ער עס געטאָן צוליב ש נ א ה, ווייל ער האָט געוואָלט נקמה נעמען. און געטאָן האָט ער עס אויף זיין שטייגער:

ער האָט זיך באַקענט מיט אַ פרוי. זי האָט שוין געהאַט אַ מאַן, נאָר זיך שנעל מיט אים געג׳גט. פאַרשטייט זיך, אַז לויט א י ר — האָט ז י נישט געוואָלט... זיין מעשה! יענעם מאַן האָט ער נישט געקענט, ער האָט אָבער ז י ך געזען — און דאָס איז שוין גענוג געווען. איז מען אַוועק צו אַ רב, געשטעלט אַ חופה און אַהיימגעקומען. אַ שטוב איז ביי אים געווען — פון כל הגוטס אין דער וועלט. אַ ל ץ האָט ער איר נאָכגעגעבן. האָט זי זיך צעשפּרייט איבער אַלע שטובן און געטאָן דאָרט וואָס זי האָט נאָר געוואָלט. ער האָט זיך דערביי אַרומגעדרייט און אָנגעקוקט. ער האָט נאָר געוואַרט, אַז זי זאָל עטוואָס פאַרלאַנגען און שוין איז ער געלאָפן, עס געבערענגט און איר אונטערגעטראָגן. ערשט דאַן ווען זי האָט זיך שוין איינגעלעבט אינעם נחת — איז ער פּלוצים אַהיימגעקומען און מיט גזלן־מינע אַ זאָג געטאָן:

— דו, מיר גייען מאָרגן אַוועק צום רבּ און מיר גט׳ן זיך...

ער האָט אַ גוואַלטיקע הנאה געהאַט, זי אַזוי צו איבעראַשן. דאָס האָט אים געגעבן אַ זין אין זיין גאַנצן אַרומדרייען זיך איבער דער וועלט. זי האָט אים סייווי פון דער ערשטער מינוט אָן נישט געבונדן צו זיך — און וועלכע האָט עס דען י אַ געקענט? די געפילן פון ליבשאַפט האָבן זיך שוין ביי אים א י ב ע ר ג ע ב ר ע נ ט. מעגלעך אַז אַלע זיינע צאַרטקייטן צו אַ נאָנטן מענטש זענען נאָך אַלץ געווען פאַרקניפּט מיט יענער. ער האָט עס נאָר געזוכט אָפּצוהאַקן: אַ פאַרפאַלענע זאַך! אָבער דאָרט אינעווייניק קען מען נישט אָפּנאַרן.

אויך דאָס ווייסט ער נישט אויף זיכער. מעגלעך, אַז ווען זי אַליין זאָל געווען צוריקקומען — וואָלט ער זי שוין אויך געווען פיינט געהאַט. דוכט זיך, אַז נאָך דעם האָבן זיך טאַקע ביי אים געענדיקט די האַרץ־שפּילערייען. דער טייוול ווייסט עס! נאָר אַזוי האָט ער געפונען זיין באַפרידיקונג. אויף אַלע וויינענדיקע „פאַרוואָסן" פון איר זייט האָט ער נאָר געהאַט איין ענטפער. טאַקע דעם זעלבן וואָס „זי" האָט אים אַמאָל געגעבן:

— איך האָב דיך נישט ליב...

אַ גאַנץ לעבן האָט ער זיך מיט די ווערטער אַרומגעטראָגן און דאָס גאַנצע לעבן האָט ער אין זיי באַגראָבן. ער ווייסט שוין איצט אַליין נישט, וויפל מאָל ער האָט חתונה געהאַט און גע׳גט זיך. אַ שד האָט אים געטריבן איבער דער וועלט. פאַר די קינדער האָט ער אויסגעזוכט ווער עס זאָל פאַר זיי זאָרגן און ער אַליין האָט זיך געטראָגן פון אָרט צו אָרט. אומעטום האָט ער געמאַכט מסחרים און אומעטום האָט ער איבערגעלאָזט זיינע גע׳גטע ווייבער. ביז אויך דאָס איז אים נמאס געוואָרן. ווילאַנג איז דער שיעור? איז שוין די לעצטע מיט אים פאַרבליבן. פּשוט: נאָר דערפאַר ווייל ד אָ ס שפּיל איז אים שוין אויך געקראָכן פון האַלדז. עס האָט זיך אים פאַרבענקט נאָך די קינדער פונקט נאָך אַ חתונה און ער איז צוריקגעקומען פון ווי־ וויט. איז אויך זי מיטגעקומען. די לעצטע האָט פאַרשטאַנען וויאַזוי צוצובינדן די קינדער צו זיך, ווערן פאַר זיי אַ שטיק מאַמע — האָט ער זיך מיט איר איינגעלעבט. נאָר טיילמאָל וויזט זיך אים אויס, אַז אויך דערמיט וועט ער ענדיקן. ער האָט צו איר גאָרנישט, נאָר דער שד ווייסט וואָס עס נורעט נאָך אַלץ אין אים: נישט ליב... נישט ליב....

איז אָבער די מעשה אַזוי: די יאָרן לויפן... אין דער צייט, ווען די דייטשן האָבן באַזעצט פּאַריז האָט ער זיך אויסגעוואַלגערט איבער אַלע לעכער, איבער די וועלדער. אויך די פרוי זיינע האָט זיך גע־ מוזט אויסבאַהאַלטן ערגעץ אַנדערש. אין וועלכע מקומות איז ער דען נישט אויסגעלעגן? אָבער דער עיקר: פון די היטלער־צייטן אָן,

האָט ער זיך פֿאַרבענקט צו אַ שטיקל היים. זאָל זי אויסזען, וויאַזוי זי וויל נאָר אַליין — אַבי אַ שטיקל מקום! ווידער נעמען און צעבערעכן זי? עט, זאָל עס גיין, אַז ס'גייט...

נאָר זיין אמתע היים האָט ער זיך געמאַכט דאָ, אין רעסטאָראַן. אַ גאַנצן טאָג טאָרן אַהער נישט אַריינקומען נישט זי און נישט די קינדער. דאָס איז נישט זייער פּלאַץ. פֿאַר זיי האָט ער אויפֿגעשטעלט געגנוג פֿאַרמעגנס — טאָ זאָלן זיי זיין צופֿרידן.

29

ווען ער איז צוריקגעקומען פֿון זיינע ווייטע נסיעות איבער דער וועלט קיין פּאַריז, נאָך פֿאַר דער מלחמה, האָט ער מיט זיך געברענגט אַ פֿאַרמעגן. אויך זי איז געווען אַ פֿייערדיקע אויפֿטוערין אין איר ווייטן דרום־אַמעריקאַנער לאַנד. האָט זיך אויך ביי איר אָנגעקליבן אַ שיינער נדן. האָבן זיי זיך ווידער אַ נעם געטאָן צום עסק און עס איז אַוועק אַ גאַנג. ער האָט זיך אין דעם אַריינגעוואָרפֿן מיט לייב און לעבן: קודם כל דאַרף מען האָבן ג ע ל ט און דערנאָך וועט מען זען ווייטער! ער האָט צוגענומען פֿראַנצויזן פֿאַר שותפֿים און זיי האָבן גאָר גוט פֿאַרשטאַנען, וויאַזוי צו דרייען דאָס רעדל. דערצו האָט ז י באַוויזן אַזעלכע בריה'שאַפֿטן, פֿון וועלכע ער האָט געשטוינט. האָט ער זיך געדונגען אַ רייכע דירה אין דער אַריסטאָקראַטישער געגנט. אַזוי האָט ז י געוואָלט. די קינדער, ווי יינג זיי זענען נאָך דאַן געווען, האָבן זיך שוין געגומען חבר'ן מיט קינדער פֿון יענער געגנט. ער האָט אפֿילו קיין צייט נישט געהאַט צו זען מיט וועמען זיי גייען און וואוהין זיי קומען.

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין פֿראַנקרייך האָט ער די קינדער איבערגעלאָזט ביי פֿראַנצויזישע פֿריינט זיינע און ער מיטן ווייב האָבן זיך געוואַלגערט אין די בערג. ער האָט זיך שוין נישט פֿאָרגעשטעלט אָפּצוראַטעווען עפּעס פֿון זיין פֿאַרמעגן. האָט ער אָבער געהאַט אַ באַזונדער מזל. די פֿראַנצויזישע שותפֿים זענען געווען ערלעכע מענטשן. ווען ער איז צוריקגעקומען — האָבן זיי אים אָפּגעגעבן אַלץ וואָס געהערט צו אים. נאָך עטלעכע יאָר וואַנדערן איבער דער מדינה האָט ער אָנגעטראָפֿן צוויי אויסגעוואַקסענע בוימער, אין וועלכע ער האָט קוים דערקענט זיינע אייגענע קינדער... וואָס־זשע דאַרף נאָך מער אַ מענטש? אָן זיין שאָדן — הלוואי אויף אַלע יידן נישט ערגער!

ווייסט ער טאַקע, וואָס ער האָט צו טאָן — ער טיילט וויפֿל ער קען. זיין ווייב איז אַ קאַרגע און זי האָט נאָך ביז איצט נישט פֿאַרלוירן די טבע צו ציילן און זאַמלען יעדן פֿראַנק. דערפֿאַר לאָזט ער זי נישט

אַהער אויף די אויגן. ער וויל נישט עס זאָל זי קרענקען, ווען זי וועט זיך צוקוקן וואָס דאָ טוט זיך אָפּ און וויאַזוי ער רודערט דאָ אַרום...

צופרידן איז ער נאָר פון איין זאַך: וואָס ער האָט כח צו שטיין מיט אַן אָפענער האַנט און ג ע ב ן. עס טוט אים נישט דעם מינדסטן צופּ ביים האַרצן, ווען ער גיט אַוועק אַ מטבע. קיין פּאָליטיק פּירט ער נישט. יידן זענען יידן — און עס קריכן אים נישט אין קאָפּ אַריין אַלע חילוקי דעות. ער וועט זיך אויף די עלטערע יאָרן נישט אַוועקזעצן ברעכן דעם קאָפּ, בכדי צו פאַרשטיין אַלערליי זאַכן. ער האָט שוין ס׳זייניקע אָפּגעלעבט. וויפל ער קען געבן — גיט ער אַלעמאָל, ווער עס קומט נאָר און בעט. זאָלן זיך די יידן, מיט קליגערע קעפּ פאַר זייַנעם, אַליין אויסגלייכן צווישן זיך. אַפילו אַ קלאָפּ פאַר אַ יידנס וועגן איז ער גרייט צו געבן און צו באַקומען. ער איז נישט קיין יינגערמאַן, נאָר טאָמער חלילה דאַרף מען עס — וועלן אים שוין די יאָרן באַנייט ווערן. ער האָט עס געענוג באַוויזן אונטער די דייטשן — און אויך איצט קען ער נאָך אונטערשטעלן אַ פּלייצע... וואָס איז דאָ צו באַרימען זיך? נאַרישקייטן. ער שרעקט זיך שוין נישט פאַר קיין קויל און נישט פאַר קיין מעסער. סיווי שטעקט שוין ביי אים אַ מעסער אין האַרץ. שלאָגן זיך? דאָס איז פון די זאַכן, וואָס ער קען געבוי, אָן צו קנייטשן דערויף מיטן מח...

דערווייל אָבער, כל זמן ס׳איז דאָ געלט, קען ער אויך ג ע ב ן. כאָטש ווער עס קוקט אָן זיין צורה — וויל עס זיך נישט צוגלויבן. טיילמאָל גייט מען פאַרביי נעבן אים און מען שרעקט זיך, מען זאָגט אים גאָרנישט — איז ער מסוגל אויף יענע אַרויפצופּאַלן און גיין אויף קידוש השם... ער האָט שוין עטלעכע מאָל אויסגעפּליאָסקעט אַ פּאָר יינגלעך, חברה־לייט, וואָס זענען געגאַנגען זאַמלען געלט פאַר ארץ־ישראל. עמעץ האָט זיי אָנגעשראָקן — זענען זיי צו אים נישט אַריינ־געקומען. וועלן זיי שוין געדענקען שמחה׳ן אַ שאָק מיט יאָרן!

אין זאַך ליידט ער אָבער נישט: ווען מ׳קומט צו אים אַריין מיט אונטערלעקערישע ריידעלעך. פאַר אים איז געענוג, אַז מ׳רעדט צו אים יידיש. וואָס נאָך דאַרף מען? אַ מענטש איז נישט קיין בהמה, ביי וועלכער מען דאַרף קומען מעלקן מיט אַביסל גלעטערייען. ער פאַרשטייט דען נישט וואָס מען מיינט? מען האַלט אים פאַר אַ קאַלב, אַ נאַר — ביי וועלכן מען דאַרף אַרויסציען אַ מטבע מיט קונצעלעך? ער האָט, זאָלן אויך אַנדערע הנאה האָבן.

איז דאָך גוט? האָט ער דען וויפיל נחת? ביין, עס איז נאָך וויט נישט גוט מיט אים: אויף וואָס דאַרף ער דאָס גאַנצע רעסטאָראַנדל מיטן טומל און קלאַפּערגעצייג? פאַרוואָס כאַליעט ער נישט ביי זיך אין די געררומע שטובן מיט די שיינע פאַרהאַנגען? אויף וואָס טויגן אים קורח׳ס אוצרות מיט דער קייזערלעכער דירה אין יענעם עק

פון שטאָט? דאָס איז זיי נישט איינגעפאַלן צו פרעגן אים. נו, פרעגט ער אַליין און ער ענטפערט: ווייל אַ ייד קען קיין גוי נישט ווערן... יאָ־יאָ, זיי וועלן עס באַלד פאַרשטיין!

30

ער דאַרף עס נישט צוליב פרנסה. דאָס וויסן זיי אַליין. ער האָט געַנוג געשעפטן, צו וועלכע ער גיט זיך שוין אַפילו נישט אָפּ. זיי גייען שוין. ער טוט אויך קיינעם קיין טובה נישט. איבערהויפּט זאָלן זיי וויסן: אַלץ טוט ער נאָר ז י ך צוליב. די מעשה איז אַ פּשוטע

די קינדער זיינע זענען איבער דער צייט פון דער מלחמה געוואָרן גאַנצע מענטשן. די פּאָר יאָרן קריג זענען זיי געווען צווישן פראַנצויזן, גערעדט אויף זייער לשון און פאַרגעסן דאָס גאַנצע ביסל יידישקייט. ער אַליין קען אויך אַ מכה, אָבער די קינדער האָט ער אַמאָל געקלערט צו מאַכן פאַר מענטשן. גיי מאַך אָבער — אַז היטלער איז אַריינגעשפּרונגען אין מיטן!

ער האָט אַפילו לעצטנס אויסגעזוכט עפּעס אַ ייד, וואָס זאָל קומען פאַרנאַכט־צו און זיי אויסלערנען דערקענען אַ יידיש אות. נאָר די טאָכטער איז שוין געוואָרן אַ גאַנצע דאַמע און זי טענה׳ט, אַז זי פאַרשטייט נישט קיין וואָרט. מיט אַכצן יאָר איז די צאַצקע אַרויס פון דער קריג! איז זי שוין נישט קיין קינד, צו פירן אין חדר אַריין. דער עלטערער, דאָס בן־יחידל איז אַ גאַנצער אָפיציר געוואָרן. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אַרויסגעדרייט פון לערנען אָן רעש. דערנאָך האָט ער געוואָלט אַראָפּוואַרפן דעם ייד פון אַלע טרעפּ. וואָס פייניקט ער אים? און דער פאָטער, וואָס מיינט? ער איז שוין נישט קיין קינד...

שמחה איז נישט קיין טויבער און נישט קיין בלינדער. האָט מען אים אַפילו שוין דערציילט, אַז מען האָט זיין בנ׳דל צופיל געזען אַרומגיין מיט אַ קריסטלעך מיידל. פון אַלע זייטן האָט מען אים אַפילו איבערגעגעבן, אַז דאָס איז שוין גאָר אַן ערנסטע מעשה. עס איז אויך צום פאַרשטיין: מען געפינט זיך אין אַ געגנט וואו מען זעט נישט קיין ייד אַפילו אויף אַ רפואה — און מיט ז י י זעט מען זיך יעדער מינוט און יעדער רגע, מען שמייכלט און מען פאַרוואַרפט אַ וואָרט ווי אַ האַטשיקל... וואָס איז דען פאַר אַ וואונדער?

ווייסט ער שוין, שמחה, אַז דאָ וועלן קיין קלעפּ נישט העלפן. זיי קענען נאָך ערגער מאַכן. שווייגט ער. אויב עס טוט ווי? וואָס דען, עס פאַרשאַפט נחת? נאָר גיין ענדערן די וועלט איז שוין נישט פאַר זיינע כוחות. פאַרשפּילט זיי נאָך פריער... ע ר אָבער האָט יאָ אַ ברירה פאַר זיך אַליין: אויס אַמאַליקער מ ש ו ר ר קען ער נישט

ווערן. אַ גוט, יידיש „שטיקעלע", אָדער אַ פּאָר יידישע ווערטער מיט אַ גוטן ברודער דערקוויקן אים נאָך אַלץ דאָס האַרץ. היינט — נאָך מער ווי פריער. דאָס איז נאָך פון די איינציקע פאַרגעניגנס זיינע — טאָ פאַרוואָס זאָל ער זיך עס נישט פאַרגינען?

מיט זיין פראַנצויזיש וועט ער זיך שוין מיט די אייגענע קינדער נישט צוזאַמענריידן. אַזוי איז עס און אַזוי דאַרף עס מסתמא צו זיין. האָט ער געוווג, וואָס ער שלאָפט איבער די נאַכט מיט זיי אונטער איין דאַך — און אַמאָל דאָס אויך נישט. דאָס רעשט ביסל לעבן וויל ער פאַרענדיקן צווישן אייגענע. איז דאָס בעסטע צו לאָזן די מסחרים פאַרן ווייב. ס'וועט שוין רעכט זיין! ער אַליין האָט זיך אויסגעזוכט דאָס מסחר און עס גענומען אין די הענט אַריין. ער שטייט דאָ אונטערן בופעט און שלינגט אַריין יעדן טאָג אַ פּאַרציע יידישע רייד, יידישע זידלערייען, יידישע קללות און יידישע מעשה׳ס. וואָס איז דען דאָס נישט ווערט? דאָ האָט ער מיט וועמען אַ וואָרט אַרויסצורעדן און עס איז דאָ היימיש, ווי אַמאָליקע צייטן אין וואַרשע, אויף דער קראָכמאַלנע.

דערביי טרעפט זיך נאָך, אַז עס פאַלט דאָ אַמאָל אַריין סתם אַ לייטישער מענטש אויך — איז דאָך שוין גאָר אַ פאַרגעניגן! וואו נאָך קען ער זיך געפינען אַן אָרט? ער האָט דען דאָ אַ געשעפט, אַ רעס־טאָראַן? דאָס האָט ער זיך דאָך בלויז געקויפט אַ שטיקל ווינקל פאַר זיך, צו האָבן מיט וועמען אַ לחיים צו מאַכן און טאָקע אַ וואָרט אַרויסצורעדן, ווען עס פאַרגלוסט זיך און וויאַזוי עס ווילט זיך אים! ווען נישט וואָלט דאָך אים די נשמה געוואָרן ווי אַ סוכאָטנע קישקע...

זענען זיי דען נישט קיין נאַראָנים, דאָס ביסל אַריינקומער אַהער? זיי באַצאָלן נאָך! וואָס וואָלט ער געטאָן, ווען די גאַנצע כאָפּטע הייסט זיך ביי אים צוצאָלן? ער וואָלט דען געהאַט אַ ברירה? נאָר די הצלחה זיינע איז אין לשער. ס'איז דאָס זעלבע ווי ביי די אַנדערע מסחרים זיינע — עס גייט און שוין! נאָר אַמאָל, אַז עס קומען אַריין אַ פּאָר אָרעמע חברה, וואָס קענען זיך דעם ביסן נישט פאַרגינען — וויל ער זיי נישט אויסנוצן. זאָלן זיי אויך וויסן פון אַ לעבן!...

31

די אויגן זענען שוין ביי שמחה׳ן איבערגעגאָסן געוואָרן. אָבער דער האַלדז האָט זיך ביי אים אָנגעריבן פון לאַנג דערציילן. האָט ער איבערגעריסן אין מיטן און אַ געשריי געטאָן צום קעלנער:

— גולם! מען זיצט און מ׳שמועסט — אַז דער גאָרגל איז שוין געוואָרן טרוקן ווי אַ ביין... דו זעסט ווי די גלעזלעך זענען ליידיק

— און גאָרנישט ! מיינסט, אַז איך האָב שטענדיק אַזעלכע געסט ? דערלאַנג !

די קעלישקעס זענען באַלד אַזוי פול געוואָרן, אַז זיי האָבן זיך צעכליפּעט מיט פייערדיקע טרערן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט איבער די גלעזערענע פּנימער. אויך ביי שמחה׳ן האָבן זיך די אויגן אָפּגענעצט פון דאָסניי. ער האָט זיך אין עפּעס דערמאָנט :

— איר ווייסט ? היינט טרינק איך, ווייל עס איז ביי מיר אַ באַזונדערע גדולה. בעט איך אייך : טרינקט מיט... כ׳האָלט נישט ווייט פון אַ שמחה...

ער האָט זיך טיפער אַראָפּגעבויגן און איינגערוימט אַ סוד, אַזוי שטיל, אַז קיינער זאָל אים נישט אויפכאַפּן :

— איך האָב אָפּגעשניטן מיט מזל. מיין בן־יחיד האָט זיך דאָך געדרייט מיט עפּעס אַ סטודענטקע. ווי ווייט עס האָט געהאַלטן — ווייס איך נישט. מענטשן ווייסן מסתמא בעסער... דער יינג פרעגט דען ביי עמעצן ? דאַרף ער גראַד אָנטרעפן אויף אַ פרום־קאַטוילישער משפּחה, וואָס האַלט נאָך פון יענע זאַכן. האָט עס א י ר פאָטער דערהערט און אים אָפּגעזוכט אין אַ ווינקל, וואו ער האָט אים געזאָגט קורץ און שאַרף : ער איז נישט מסכים מיט קיין י י ד ! זי וויל שוין אויך נישט...

אַז א י ך שווייג — קומט גאָר דער נס פון אים ! דאָס, זעט איר, טרעפט זיך זעלטן־ווען ביי אונדז... ווייס איך ? אפשר האָט זי זיך דאָרט געמיט ? אַז איך הויב שוין נישט אָן צו ווייסן אויף וועלכער וועלט איך בין. איז דאָך מיין יינגאַטש געראָטן אין טאַטן, האָט ער האָנאָר אין זיך : מען וויל אים נישט — דאַרף מען נישט ! און ער האָט פריילעך אַ פייף געטאָן דעם מחותן אונטער דער נאָז... נאָר וואָס דערנאָך האָט זיך געטאָן ? פרעגט שוין בעסער נישט ! ווער נאָך זאָל אים אַזוי פאַרשטיין ווי איך ? אוי, האָט ער זיך געוואָרפן עטלעכע נעכט אויפן געלעגער, געביסן דאָס ליילעך און אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג ווי אַ דערופענער... און אויף מיר האָט ער גענומען קוקן מיט אַזעלכע אויגן — אַז דאָס האַרץ איז מיר אַרויסגעשפּרונגען. איך האָב אים אַפילו געפּאַקט ביי אַ משוגענער זאַך :

ער האָט פון ערגעץ אויסגעזוכט אַן אָפּגעריבן בילד פון א י ר, זיין מאַמען, וואָס האָט זיך ביי אים געוואַלגערט פון מתושלח׳ס צייטן. האָב איך אַזוי געזען, ווי ער קוקט זיך איין בייגאַכט אין איר בילד, אין די אויגן — און וויל עפּעס פון דאָרט אַרויספּאָרשן, דערוויסן זיך... דערנאָך, ווען איך בין אַריינגעקומען און געמאַכט זיך נישט־זעענדיק, האָט ער דעם זעלבן בליק איבערגעטראָגן אויף מיר און געוואָלט עפּעס דערגיין, אַרויסלערנען דערפון... אַ חכם פון אַ יינגל, זאָג איך אייך — — —

אָבער דער סוף איז גוט... הערט:

מיט מיר טענה'ט ער דאָך וויניק די גאַנצע צייט — אָבער די לעצטע טעג האָט ער זיך צו מיר צוגערוקט, אַרומגענומען מיך און מיט טרערן אין די אויגן זיך צע'דבר'ט: פּאַפּאַ! דו האָסט לעצטנס געהאַט יסורים פון מיר... און דיר פעלט נישט קיין צרות פון לאַנג, איך ווייס... זיי זשע ווייסן, אַז איך האָב שוין געהאַלטן ביי אָפּטאָן אַזוינס... נו, וואָס דו וואָלסט געוועז זיך געריסן די האָר פון קאָפּ! נאָר זינט איך האָב געהערט אַז ז י י דערמאָנען מיר דעם ייד — זאָג איך דיר: זוך מיר אויס יידישע פריינט, אפשר טאָקע אויך אַ יידיש מיידל מיט וועלכער איך זאָל זיך באַקענען... צו־להכעיס זיי — נאָר אַ יידיש מיידל!

דאַרף עס נישט זיין קיין שמחה ביי מיר? אַז איך האָב שוין סייווי עמעצן אויפן אויג! דערצו איז מיין פרייד אַ טאָפּלטע: מיין טעכטערל דערשמעקט אַלצדינג פון דער ווייטנס — האָט זי זיך אויך אָנגעשראָקן פון דער גאַנצער מעשה. שטעלט אייך פאָר, ווי איך האָב געציטערט: ה י י נ ט י ק ע צ י י ט ן! איך האָב גע'חלומ'ט וועגן אַ געלערנטן, איידעלן בחור פאַר איר... נו, טאָקע אַזאַ ווי איך פאַרשטיי. דרייט זי זיך אָבער ווער ווייסט מיט וועמען! איצט אָבער בין איך זיכער, אַז טאָמער זוכט זיך אָפּ עפּעס אַ וואויל בחורל — קען מען זיך זעצן און שרייבן תנאים. זי אַליין האָט עס מיר געזאָגט: אַ יידישן בחור וויל זי! אַ געלערנטן, אַ שטילן... ווי דאָס ציטערט איצט!

זי שעמט זיך מיט מיר? זאָל זי! אָבער שוין בלויז דערפאַר אַליין, וואָלט איך זיי ביידע אויסגעקושט יעדעס ביינדעלע. איך זיץ נאָר און קוק זיך אויס די אויגן, זוך דאָ אַרום עפּעס רעכטס — איידער אַן עין־הרע קען זיך צושטעלן... נאָר זאָרגט זיך נישט פאַר מיר. איך וועל שוין מיין נחת אָפּגעפינען. הלמאי זאָל איך וואַרטן? און צוריקגעשמועסט: ווען איר קוקט אָן מיין טעכטערל! זי איז נאָך נישט די גאַנצע גויע... אָט האָב איך גלאַט אָנגעפּלאַפּלט אויף אַ קינד... אַ יידיש קינד מיט אַ יידיש האַרץ! ווער ווייסט? ווער ווייסט? אפשר וועלן נאָך מ י י נ ע זיין בעסערע יידן פאַר מיר? עס ווענדעט זיך נאָר אין וועלכע הענט זיי וועלן אַריינפאַלן. אוי די הענט, די הענט!

שמחה האָט דערביי אַראָפּגעלאָזט זיין גרויסן קאָפּ צווישן די האַנט־געלענקען און אויפּאַמאָל אַוועקגעפלויגן מיט זיינע מחשבות אין אַ ווייטן וועג אַריין.

32

עמעץ האָט זיך דאָרט אַ שטרויכל געטאָן און אַראָפּגעלאָזט אַ טעלער אויף דער ערד. שמחה האָט זיך אַ דערציטערטער אויפ־געכאַפּט פון קליינעם דרימעלע און זיך גענומען בלאָס צעשמייכלען:

— איר זעט? מיר רעדן פון חתונות — ברעכט מען שויך באַ־צייטנס די טעלער... איז עס נישט קיין גוטער סימן? טאַ לאָמיר טאַקע נאָכאַמאָל אויסטרינקען פאַר... פאַר אַלץ, וואָס מען דאַרף זיך ווינטשן! העי, יינגערמאַן, לעבעדיקער!... אָט אַזוי! וואָס? איר שטעלט זיך שוין אויף? אַ שאָד... איך וויל נאָר צוענדיקן:

— מיינט נישט, אַז ד אָ ס איז עס שוין ביי מיר. ווען איר ווייסט, וויפל איך קרענק איבער פון איין זאַך בלויז: מילא, דאָס לעבן איז גע'פּטר'ט אין אָט דער שענק? פאַרפאַלן. ס'איז אַ גאָט־זאַך. נאָר איצט, זעט איר... באַלד וועט מען אפשר פירןביידע קינדער צו דער חופה און די מ אַ מ ע, די אמתע מאַמע וואו איז?

איר זאָלט נישט מיינען, אַז איך האָב זיך נישט נאָכגעפרעגט! וויזט זיך אַרויס אַז י ע נ ע ר, דאָס מאַנדל אירס, איז באַלד די ערשטע קריגס־טעג אַוועקגעשטאָרבן. אַ שוואַך האַרץ געהאַט — קוים גוט געווען פאַר רואיקע צייטן, אָן פחד און אָן בהלה... און זי? איין גאָט ווייסט וואוהין זי האָט זיך נאָכדעם פאַרוואַלגערט. נישטאָ קיין אַדרעס! איך האָב שוין געבעטן וועמען איר ווילט נאָר אַליין אָבער... שריי חי וקים. נישט זי און נישט די צוויי קינדער אירע!

אוי, ווען זי איז איצט נאָך דאָ! איך אַליין וואָלט אַוועק אַהין, צוגעפאַלן צו איר און איר בלויז אַזוי געזאָגט:

— פון אַלע קונצן אין לעבן, מיט די אַלע באַהאַלטענע שטיקלעך — ז ע ס ט ו דאָך וואָס עס ווערט. דאָס אַלץ איז קיין ציבעלע נישט ווערט... אָבער איצט — קום! איך האָב אַ ווייב. דו ווייסט עס. אָבער היינט — דערמאָן זיך נישט אין דעם. לאָמיר אָנגעמען אונדזער קינד אונטער דער האַנט און לאָמיר כאָטש האָבן אָ ט ד אָ ס איינע שטי־קעלע נחת צוזאַמען. מיר גייען פירן דאָס קינד צו דער חופה! יאָ, און נאָך דער חופה פון דער טאָכטער וואָלט ער זי אפשר אַוועקגערופן אין אַ ווינקל. גאָרנישט מער, נאָר געפרעגט וואָלט ער זי:

— נו, האָט זיך עס געלוינט? דאָס גאַנצע עסק האָט זיך געלוינט, האַ? געלאָזט די יאָרן אָפּלויפן אין אַ משוגענעם צער, אין פרעסן זיך איינער דעם צווייטן... ווער האָט עס באַדאַרפט? אָט האָב איך אַביסל יאָרן אָפּגעפּינסטערט הינטערן בופעט, כאָטש ס'איז מיר גוט געווען — ווייל איך האָב קיין בעסערס נישט געהאַט... און דו? אויך דו האָסט אָפּגעפּראַוועט אַ לעבן! ווי איז מיר, אָפּגעפּינסטערט אין אַ לאָך, אין בויט, צעקנייטשט געוואָרן... האַ? יאָ, די יאָרן זענען שוין אָפּגעלאָפן און ס'איז שוין סייווי אַלצדינג פאַרפאַלן. אָבער אַ שמועס טאָן דערפון מעג מען דאָך... יאָ צי ניין?...

אָט די אַלע טענות צו איר טראָגט ער די גאַנצע צייט אַרום אין זיך... און דער עיקר וואָלט ז י דאָך באַדאַרפט זיי אויסהערן... און טאַקע ביי דער טאָכטערס חופה! נאָר וואו איז זי? ער ווייסט,

אַז דאָס איז שוין מער נישט מעגלעך. אַ נעכטיקער טאָג! בלייבן טאַקע די רייד אי ין אים, וויפל ער זאָל זיי נישט אַרויסרעדן פון זיך. ווייסט ער דען? אפשר דאַרף ער זיי שוין נאָכטראָגן איר, ביז מען וועט זיך טרעפן אויף יענער וועלט און דאָרט וועט מען זיך שוין צעלייגן מיט די טענות? וואָס ווייסט אַזאַ פּשוטער חי וקים ווי שמחה שרייער? ער קען דאָס אַלץ נישט דערטראַכטן ביזן סוף, נאָר שווער איז אים פון דער משא רייד... און עס בענקט זיך אים שוין זיי אַרויסצורעדן פאַר איר — — — אַזוי שטאַרק!

## 33

אין איין זאַך איז אָבער שמחה זיכער. ער פילט עס:

ווען עס וועט קומען דער טאָג און די חופה וועט געשטעלט ווערן — איי, וועט ער דענסטמאָל אַ לעב טאָן! דאָס לעבן קען אים שוין סיַיווי נישט באַקומען ווי עס באַדאַרף צו זיין, אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. איז גוט וואָס דאָס דאָזיקע שטיקל פרייד איז אים נאָך באַשערט געווען. ער וועט זיך פריער גוט־גוט אָנטרינקען. דערנאָך וועט ער אַוועק צו אַ רב... ער האָט אים עפּעס גאָר אַ וויכטיקע זאַך צו פרעגן. ער דאַרף נאָר האָבן איינעם פון די אמתע רבנים, נישט פון די וואָס טראָגן גרויסע טראָלדן און גאָלן זיך די מאָרדעס. וואָס קען ער דען ביי אַזעלכן זיך דערוויסן? און דאַרפן דאַרף ער אי י ן זאַך וויסן אויף קלאָר. פאַרזיכערן דאַרף מען אים, אַז עס איז אַזוי.

דערנאָך וועט ער צוריקקומען אויף דער סאַליע און וועט זיך גוט־גוט אָנ׳שכורן, אַזויווי קיינמאָל נישט. שפּעטער וועט ער זיך אַוועקלאָזן אין אַ ראָד, אַז אַלע שפּילקעס אינעם האַרץ זאָלן מיטטאַנצן... ווי ער איז אַ ייד געבוירן.

נאָר ווען מ׳וועט זיך צורוקן צו דער חופה און אַלץ אַרום וועט ווערן שטיל, שטיל... וועט ער געבן אַ צייכן מיט דער האַנט... וועלן זיך אַלע אָפּשטעלן און אויך ער וועט שטיין בלייבן. דערנאָך וועט ער צומאַכן די אויגן, גוט צוקוועטשן זיי .. אָט־אַזוי... און דאַן וועט ער נעמען דאָס וואָרט. אין יענער מינוט מ ו ז ער אַלץ אַרויס־געבן פון זיך... אַלץ! ער ווייסט נישט פאַר וועמען ער וועט עס זאָגן. זאָל עס גיין אַין הימל אַריין, אָדער זאָל זיך עס צעשפּרייטן אויף דער ברייטער וועלט. אים איז קיין חילוק נישט. ער וועט זיך נאָר אַוועק־שטעלן און הויך אויפן קול וועט ער זיך אויס׳טענה׳ן מיט איר... און טאָמער איז עס טאַקע אמת, אַז די געשטאָרבענע מוזן קומען צוגיין צו זייערע קינדערס חופות — ז אָ ל ז י ע ס ה ע ר ן!!!

זאָל זי אַ ציטער טאָן!... וועט זי עס הערן? — — —

...אין רעסטאָראַן איז שוין געוועזן שטיל. די געסט זענען זיך שוין לאַנג צעגאַנגען און מיט זיי איז אויך דער רעש מיטגעלאָפן. שמחה האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ רגע פון זיינע צעשריגענע פאַנטאַזיעס און אַ שאַר געטאָן מיט די הענט. דאָס האָט ער מסתמא געוואָלט אָנטאַפּן די חופה־שטאַנגען... און אפשר האָט ער זי גאָר דערשפירט נעבן זיך, ביים שטיין און אויסהערן זיינע שטילע געשרייען?

דער סופיט האָט זיך צופיל אָנגעשוויסט. האָבן זיך גענומען אָנזאַמלען טראָפּנס און אַראָפּטריפן איבער זייערע קעפּ. טראָפּן נאָך טראָפּן. אַזויווי אַן אומגעזעענער וואָלט דאָ אַראָפּגעוויינט. איבער שמחה׳ס אויג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַזאַ טראָפּן, פאַרהאַלטן זיך אַ ווייל און מיטגעשלעפּט אויך שמחה׳ס אַ טרער מיט זיך.ביידע צוזאַמען האָבן זיך אויסגעמישט און אַראָפּגעקויקלט זיך, ווי פּאַר־זיווג׳טע, ביז אונטערן טיש אַרונטער.

פּאַריז, יולי 1947

# שאָטן־ייִד

1

די געמיטלעכע גאַסן פון דער קליינער, אייראָפּעאישער הויפּטשטאָט האָבן דאַן געהאַט מער ליכט ווי די פּאַריזער. די יחסנ׳דיקע מעטראָפּאָליע פון פראַנקרייך האָט נאָך געקאַרגט מיטן ביסל קוילן, בעת דאָס קליינע לענדל ביים ראַנד האָט שוין באַוויזן זיך אויסצוהיילן פון די מלחמה־וואונדן. די פאַרביקע פייערן איבער די דעכער האָבן געוואונקען, געלאַכט און זיך אַזויווי גערייצט מיט מיר: זעסט ווי מיר כישוף׳ן מיט גלאַנץ און העלקייט? קוק־זשע זיך גוט איין און גיב דערנאָך איבער א גרוס דיין שטאָלצער, איינגעפינסטערטער אכסניה — פּאַריז!

מחנות פון יינגוואַרג האָט געשטראָמט פון אַלע זייטן. די קינאָ׳ס האָבן זיך נאָר־וואָס געשלאָסן. זייערע פייער־רעקלאַמעס האָבן שנעל אָפּגעג׳גוסס׳ט און פאַרגאַנגען. האָבן זיך די יינגע פאָרלעך אַריינגעלאָזט מיט שטורעם אין די קאַפע־הייזער און באַזעצט אַלע טישלעך. מיינע באַגלייטער איבער דער פרעמדער שטאָט זענען שוין מיד געוואָרן. איך אויך. האָב איך זיך פון זיי געלאָזט אַריינציען אין אַ פול־געפּאַקטער קאַפע. איינער פון די מיטגייער האָט בלויז שטיל אַ קרעכץ געטאָן: איר זעט דאָ די יוגנט? אונדזערע פּנים׳ער, יידישע. וואָס ווייסן זיי אָבער פון אונדזער צער? שוין פאַרגעסן! זיי לאַכן, פרייען זיך...

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. עס האָט זיך אָנגעהויבן קייטלען אַ לאַנגער שמועס וועגן אַ נייעם יידישן דור, וואָס וואַקסט אַריין אין דער פרעמדער לופט. די רייד זענען געווען אמת און באַנאַל. אָבער דער טרויער האָט צו די יינגע טישלעך נישט דערגרייכט. אַלעמאָל האָט דאָרט אויסגעפּלאַצט אַ פריש, געזונט לאַכן וואָס האָט זיך גע־קייקלט ביז אונדזער טיש. זיי האָבן אַפילו נישט געוואוסט, די יינגע חברה־לייט, אַז ביי יענעם טיש־ווינקל זאָרגט מען פאַר זיי, מען באַדויערט זייער אָפּגעפרעמדקייט און דערביי איז מען זיי שטילער־הייט מקנא. זיי האָבן לגמרי צו אונדז נישט געקוקט. פון אַלע געסט האָט נאָר אַריבערגעוואָרפן זיין בליק עפּעס אַ דיק מענטשל מיט אַ גרויען קאָפּ און פוכיקע באַקן. ער איז געזעסן אָפּגעזונדערט צווישן שכנים וואָס קענען אים נישט. עס האָט אויסגעזען, אַז ער וויל אויפּ־כאַפּן וואָס מען שמועסט ביי אונדז. ער איז אָבער זיכער נישט קיין ייד. דאָס האָבן באַוויזן זיינע העלע אויגן און דאָס רונדע, אויסגעגלעטע

פּנים. זענען מיר געזעסן, פֿאַרנומען מיט די אייגענע רייד, ביז די קעלנער האָבן גענומען קוקן מיט אָנצוהערעניש: שוין שפּעט... צייט צום שליסן... און אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט פֿון די ערטער.

2

פֿאַרטאָג האָב איך שוין געמוזט זיין אין באַן. בין איך געלאָפֿן איבערן זייטיקן, איינגעשלאָפֿענעם געסל צו מיין האָטעל. מער ווי מיינע טריט האָב איך נישט געהערט. ערשט ווען איך האָב זיך אָפּגע־שטעלט אויף אַ מינוט, האָב איך פֿאַרנומען ווייטע, פֿרעמדע שפּרייזן. בין איך אַליין אינם טויבן געסל? זעט אויס, אַז נישט. די טריט זענען געוואָרן איילעוודיקער, נענטער און אויסגעזען ווי דער עכאָ פֿון מיינע. האָב איך גענומען איילן שנעלער. זינט די לאַגער־צייטן האָב איך אַ באַהאַלטענע אימה פֿאַר שאָטנס און זינט די געטאָס ציטער איך פֿאַר אומבאַקאַנטע טריט, וואָס לויפֿן מיר נאָך אין קליינע געסלעך. אָבער פֿאַרוואָס זיך צו שרעקן האָב איך דאָ אייגנטלעך נישט געהאַט. דאָס רעקלאַמע־לעמפּל איבער מיין האָטעל איז שוין געווען גאָר נאָענט. אין אַ מינוט אַרום האָב איך שוין געקענט אַרויפֿקלעטערן די פּאָר טרעפּלעך און אַריינפֿאַלן אין וואַרעמען, ליכטיקן קאָרידאָר. נאָר אין יענער פֿיבער־מינוט האָב איך געהערט אַ שטום רופֿן, אַ מין געשריי וואָס האָט מורא אַרויסצוקומען דורך לשון. מיינט עס מיך? איך בין שוין געווען אויף די ערשטע טרעפּ און ער האָט מיך נאָך אַלץ נישט דערגרייכט. האָב איך שוין געוואָלט אַריינשפּרינגען אין אויפֿנעם־זאַל. נאָר צוזאַמען מיטן זיפֿץ פֿון דער טיר האָב איך געהערט אַ קול, וואָס האָט זיך געבעטן שטיל און פֿאַרצווייפֿלט: איין מינוט בלויז! איך מוז אייך זען...

מיך? עס האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט אַריין אין אַ באַהעלטעניש, פֿון וואַנעט איך זאָל מער נישט געזען ווערן. דער נייגער האָט מיך אָבער אָפּגעהאַלטן. וואָס איז דאָ צו שרעקן זיך אויפֿן טרעפּל פֿון אַ האָטעל אין אַ פֿרייער הויפּטשטאָט? בין איך אַראָפּ צוריק, דעם קול אַנטקעגן. צוליב וואָס? דוכט זיך, בלויז בכדי יענער זאָל נישט מיינען, אַז איך האָב מורא. ווער איז עס דער „ער", מיט וועלכן איך רעכן זיך, נאָך איידער איך האָב אים געזען? זיין האַסטיקייט האָט מיך גע־צוימט און נישט געלאָזט ווייטער קלערן. ער האָט זיין רוף איבער־גע׳חזר׳ט. אין די פּאָר געציילטע ווערטער איז געלעגן דער אָפּקלאַנג פֿון אַלע הילפֿס־געשרייען, וואָס עס קומט נאָר אויס אַמאָל צו הערן. בין איך אים פֿאַראויסגעלאָפֿן און דערקענט. ס׳איז געווען דאָס עלנטע מענטשל פֿון קאַפֿע־הויז. ביים צוקומען גאָר־נאָענט האָט ער גענומען פּרעפּלען עפּעס אַ שפּראַך, וואָס דאַרף זיין ענלעך צו דייטש און דאָך זאָל עס קיין דייטש נישט זיין. אין אייראָפּע פֿון 1946 איז עס נישט פֿון

די געוויינלעכע זאַכן. ער האָט אָבער דערמיט בלויז געמיינט צו רעדן אַ נישט־דרייסטן יידיש און דערביי זאָל מען דאָס לשון נישט דערקענען.

אַ ייד? זיין אויסזען האָט דאָס נישט געזאָגט. אויב אפילו יאָ, האָט עס די נאַכטיקע טונקלקייט אָפּגעווישט. צווישן אונדז איז נאָר געבליבן זיין שטילער שעפּטש, וועלכן ער האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן און איך האָב אים דערהערט ווי אַ באַפעל: מיר וועלן אַוועקגיין אַביסל ווייטער... אָט דאָרט! דאָס ליכט שטעכט מיר די אויגן...

אַהאַ! דאָס איז איינער פון יענע וואָס ציטערן, מען זאָל אין זיי נישט אָנזען דאָס אויסבאַהאַלטענע. האָט ער מורא אפילו פאַרן לעמפּל, טאָמער וועט עס אַמאָל באַקומען לשון... פאַרוואָס האָט ער גראָד מיך אויסגעזוכט? איך דערמאָן זיך: עפּעס האָט ער דאָרט אויסגעטרינקען אַ שפּאָר ביסל גלעזלעך פון אַ שאַרפער משקה. איז עס נישט קיין געוויינטלעכער שיכור? ער איז אָבער מאָדנע זיכער געווען, אַז איך וועל דאָ שטיין און אויסהערן זיינע דערשראָקענע רייד. ער האָט זיך בלויז געוואונדערט: איז וואָס? וועלן מיר טאַקע שטיין און שמועסן אויף דער קעלט?

ווער דאַרף דען איבערהויפּט דעם שמועס? דאָס איז שווער געווען צו פרעגן. ער האָט מיך שוין געהאַלטן פעסט ביי דער האַנט: איר וועט גיין נעבעטיקן צו מיר, וועלן מיר קענען שמועסן אומגעשטערט...

וואָס האָט מען אונדז צו שטערן? ווער? איך האָב אפשר געוואָלט און דאָך אים נישט געקענט פרעגן. עס האָט מיך אַפילו נישט גע־וואונדערט זיין פאָרשלאָג. צוויי מינוט קען איך אים — און שוין האָט מיך אַדורכגענומען זיין פאַרצווייפלטע זיכערקייט. איך האָב אים בלויז געמוזט אָפּזאָגן: איך פאָר מאָרגן גאַנץ פרי. מיינע זאַכן זענען אין האָטעל. ער איז שטיין געבליבן צעטומלט. דערנאָך האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט פרישער רעזיגנירטקייט: פאַרפאַלן. וועלן מיר דאָ שפּאַצירן אַהין און צוריק. שלאָפן וועט איר שוין אין באַן.

3

קיין מערב־אייראָפּע איז ער געקומען ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט שוין געפלאַקערט. ער איז אַנטלאָפן פון רוסלאַנד. פאַרן קריג אַליין האָט ער זיך נישט געשראָקן. זיין פאָטער איז געווען רייך און געקענט באַזאָרגן, אַז דער זון זאָל זיצן אין אַ שטילער ביורא. איז ער אָבער אויסגעמישט געווען מיט דער אינטעליגענץ. דאָרט האָט מען זיך געקאָכט אַ סך אין פּאָליטיק. האָט ער געהערט, אַז עס רוקן זיך אָן גרויסע געשעענישן, קאַטאַסטראָפעס. דאָס פאָלק איז אויפגערעגט... און פון דער נאַטור האָט ער ליב אויסצומיידן טומל. זאָל זיין שטיל! איז עס אַ סך פאַרלאַנגט?

ער איז נישט געווען צוגעבונדן צו רוסלאַנד. ווײַבאַלד אָבער עס איז שוין איינגעשטעלט אַן אָרדענונג — זאָל זיין אַזוי. ער איז אויך נישט געווען קעגן די, וואָס האָבן זי געוואָלט ענדערן. ער האָט אָבער געהערט, אַז דערביי וועט מען דאַרפן קעמפן, שיסן, פאַלן... בלוט וועט זיך גיסן, יאָ! אָט, וואָס ער האָט נישט געוואָלט...

דער פאָטער האָט עס נישט געקענט פאַרשטיין: אַזאַ געלאַסענער — און וויל גאָר זיך לאָזן אין דער גרויסער וועלט, דווקא ווען זי ברענט. ס׳איז אים נ׳שט געקומען אויפן געדאַנק, אַז דער זון זיינער זוכט מנוחה און טאַקע דערפאַר איז ער אומרואיק. נאָר דער זון האָט אויסגעפירט. ער איז אַוועק און געזוכט זיין רו דורך גרעניץ־שמוגלע־רייען. דערנאָך איז ער שוין אַריינגעטריבן געוואָרן אין אַלערליי געפאַרן, הגם ער האָט זיי געוואָלט אויסמיידן אין דערהיים.

נישט איינמאָל האָט עס אים פאַרדראָסן. ער האָט איבערגעלאָזט אַ זאַט לעבן און זיך אַוועקגעלאָזט איבער לענדער, וואָס זענען טאַקע רואיק, אָבער פרעמד. צוליב וואָס? ערשט פון דערווייטנס האָט רוסלאַנד געצויגן... נאָר אויף איינער פון די גרויסשטאָטישע גאַסן האָט ער דערזען ווי די צייטונגען שרייען געוואַלד: אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד! האָט ער ראַפּטום באַנומען ווי קלוג ער איז. האָט ער אין מיטן דער גאַס געוואָלט אויסשרייען זיין צופרידנקייט מיט זיך אַליין.

4

אין דעם קליינעם לאַנד, וואו ער האָט זיך באַזעצט, האָט ער די ערשטע צייטן געהאַט בלויז איין ציל: באַהאַלטן זיך ביים לעבן אין אַ ווינקל. ער האָט אַפילו נישט גע׳חלומ׳ט פון ווערן פּאָפּולער און געניסן פון כבוד. דאָס איז נישט פאַר אים! פּאָפּולער זיין הייסט: געניסן פון אומרואיקער פרייד, וואָס טרייסלט אויף און מאַטערט אויס. ער האָט נישט געוואָלט האָבן קיין אינטענסיוו גליק, ביי וועלכן אין כוואַליע יאָגט די צווייטע און מען קען גאָרנישט געניסן אין דער פולער מאָס. מען דאַרף כסדר קלעטערן העכער און מען ווערט אַריינגעצויגן אין אייביקן געלאָף. ביי אים איז דאָס לעבן אַלעמאָל געווען ווי אַ גלאָז ווייַן ביים פראַנצויז אין דער האַנט. מען דאַרף עס זופּן געלאַסן און טראָפּנוויַיז. האָט ער געוואָלט ווערן אַ מענטש וואָס מען זעט קוים אַרויס. ער האָט זיך פאַרמאַסטן צו אַ לעבן אין דער זייט. זיין דירה האָט ער אויסגעזוכט אין אַ שטילער גאַס און זיין געשעפט האָט געפירט גלייכע און שטילע מסחרים, וואָס רייצן נישט דאָס אויג. ער האָט זיך אויך באַמיט נישט צו ברענגען קיין מענטשן נענטער צו זיך. וואָס נאָך האָט ער געקענט טאָן, בכדי צו לעבן במנוחה?

יאָ, אין רוסלאַנד, ווען ער איז נאָך געווען אין די פריע צוואַנצי־

קער, האָט ער געהאַט אינטערעסן. ער האָט געהאַט אַ חשק צו מוזיק און ליטעראַטור. דאָס איז געווען זיין פּאַרגעניגן. האָט ער געלייענט וויפל עס האָט זיך אים געוואָלט און באַזוכט קאָנצערטן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געמאַטערט צו שטודירן דורך שלאָפלאָזע נעכט, נאָר ער האָט צופרידנגעשטעלט זיין נטיה. סתם קעמפן מיט דעם אייגענעם האַרץ האָט ער נישט געוואָלט. טאַקע פאַרן בלויזן פאַרגעניגן האָט ער עטלעכע מאָל אַריינגעטראָגן זיינס אַ קריטישע נאָטיץ אין אַ זייטיקער צייטונג. זיינע אַרטיקלען האָט ער געשריבן מיט נאַכלעסיקייט, אָן דעם סוביעקטיוון טאָן פון התפעלות. זיי זענען געווען קיל, אָפּגעטיילט פון זיך און פון דער טעמע, נאָר בלויזער חשבון: אָט יענע זאַך איז גוט, מ׳קען פון איר הנאה האָבן... און די אַנדערע? לאַנגווייליקט.

אין דער רוסישער פּראָווינץ, וואו ער האָט געלעבט, איז מען דערצו נישט געוואוינט געווען. דאָרט האָט מען געשריבן מיט האַרץ און פייער־פלאַם. האָט זיין שטייגער, פון אָפּזאָגן זיך זיינס, געמאַכט דעם איינדרוק פון קלוגער, שטילער באַהערשונג און אַדורכגעטראַכט־קייט. מען האָט אים אפילו געגומען דרוקן גערן — און ער האָט זיך קיינמאָל סייווי נישט געריסן צו גרויסע אַרבעטן. מ׳קען נישט זאָגן: ער איז אין דעם ענין אַביסל אַריינגעצויגן געוואָרן. נאָר דאָ האָבן די יינגלע־רישע חלומות זיך געוואַלגערט אויף אַלע וועגן און ער האָט נאָר געהאַט איין ציל: רייך ווערן און לעבן באַקוועם. ער האָט זיך אויסגעקליבן דעם האַנדל מיט מוזיק־אינסטרומענטן און מיט פאַך־ליטעראַטור. דאָס האָט אים אויסגעוויזן גאָר לייכט צו זיין. ער האָט אָבער געמוזט אַרבעטן שווער, אַריינלייגן אַ סך געדולד און מי אין די שופלאָדן פון זיין געוועלב. בלויז איין שטערנדל האָט אים באַלויכטן דעם וועג און באַגלייט מיט טריישאַפט זיינע טעג און נעכט: שפּעטער...

5

נאָך אין דערהיים איז ער געווען אַן עלעגאַנט, מיט באַזונדערע מאַניערן. דערצו האָט ער שפּעטער אויפגעכאַפּט אַלץ, וואָס ער האָט געזען סיי ביי די רואיקע סקאַנדינאַוויער און סיי ביי די קאָכיקע פראַנצויזן. ער האָט אויך געהאַט וואָס צו זען, בעת ער איז אַמאָל אַריינגעפאַלן קיין לאָנדאָן. דאָס אַלץ האָט זיך ביי אים אויסגעמישט און אַראָפּגעשיינט פון זיין יעדן קער און ווענד. אין דער געמיטלעכער הויפּטשטאָט איז געווען וואו צו גיין פאַרברענגען. אַלע האָבן זיך דאָרט געקענט און בלויז ער האָט דערמאָנט אין אַ פרעמדלעך־ציענדיקן אַריסטאָקראַט, וואָס דרייט זיך דאָ אַרום פאַרהוילן. אויף עטלעכע בעלער, אין שוואַך־באַלויכטענע טאַנץ־זאַלן מיט מוזיק, האָט מען אים אָנגעהויבן באַמערקן, אינטערעסירן זיך מיט זיין געשלאָסענער איינגעהאַלטנקייט.

ער האָט זיך אין אַזעלכע קרייזן באַקענט מיט מיידלעך. ער האָט זיך אָבער נישט געלאָזט מיטרייסן מיט די ערשטע, הייסע רעפלעקסן. דאָס איז אַן עסק פאַר היציקע יינגלעך. ער האָט פריער געמוזט אָבסערווירן פון דער נאָענט די מענטשן וואָס אינטערעסירן אים. זענען אַזעלכע מיידלעך געקומען, געטאַנצט מיט אים און פאַרשוואונדן. טייל־מאָל האָבן זיי געגעבן אַן אַדרעס. ער האָט אָבער נישט געקענט אַריינגיין און באַווייזן זיך, דאָרט וואו מען ריכט זיך שוין אויף אים. דערבײַ ווייסט מען שוין וואָס אויסצובאַהאַלטן, וואָס אויסצוגלעטן און פיין מאַכן — ביז ער וועט עפענען די אויגן נאָך אַלעם. האָט זיין צוריק־געהאַלטנקייט נאָכמער אינטריגירט און געשאַפן אַרום אים אַ לופט פול מיט סודות. אָבער נישט ווייט פון זיין דירה האָט זיך געפונען אַ בכבוד׳יקע פאַמיליע. די טאָכטער פון יענער שטוב האָט ער אַלע טאָג געזען פאַרבייגיין און ער האָט זי אָנגעהויבן האַלטן אויפן אויג. ער האָט זי געזען, די עלטערן, זייער הויז, זייער גאַנג ביז ער האָט אַלץ געוואוסט. ערשט דערנאָך האָט ער באַשלאָסן זיך מיט איר צו באַקענען, אַזויווי צופעליק. אַן אַלטער טריק? אָבער מיט אַלטע וועגן האָט מען די קלענסטע צרות.

וואָס איז דאָ צו דערציילן וועגן אַ ראָמאַן וואָס האָט זיך אָפּגע־שפּילט מיט צענדליקער יאָרן צוריק? יאָ, זי איז געוואָרן זיין פרוי. סיי זי און סיי אירע עלטערן האָבן נישט געוואוסט, אַז ער איז אַ ייד. סתם אַזוי: אַן עמיגראַנט פון רוסלאַנד, וואָס איז אַנטלאָפן פאַר דער רעוואָלוציע. מער האָט ער זיי נישט צוגעגעבן. אין דעם קליינעם לאַנד זענען אָבער אָנגעקומען אַנדערע קלאַנגען. מען האָט געשמועסט וועגן רוסישע פירשטן און פרינצן וואָס פאַרפלייצן די אייראָפּעאישע הויפּטשטעט. זיי וואַרפן זיך מיט גאָלד, אָדער וואַשן די טרעפּ פון אַלטע הייזער. צום קליינעם לאַנד האָבן בלויז דערגרייכט די לעגענדעס. נאָר די נייגעריקע בענקשאַפט האָט זיך אָנגעהאָנגען אין יעדן מאַן מיט מאַניערן, וואָס איז געקומען פון רוסלאַנד. אויך איבער אים האָט מען זיך גענומען שושקען, אַריינטראַכטן וועגן זיין הויכער קרובה׳שאַפט און וועגן קייזערלעכע פאַרמעגנס וואָס ער האָט ערגעץ ליגן אין רוסישע קעלערס. פאַקטיש האָט ער גאָרנישט געדאַרפט טאָן, אַז מען זאָל אים חושד זיין. אויך דאָס אָפּלייקענען וואָלט נישט געהאָלפן. וואָס מער ער האָט דערציילט, אַז ער שטאַמט אָפּ פון געוויינטלעכע מענטשן, אַלץ מער האָט מען צווישן זיך דערווידערט: ער שעמט זיך מיט זיין איצטיקן מצב... און מורא האָט מען אויך. ווער ווייסט ווי ווייט די האַנט, וואָס זוכט אַריסטאָקראַטן, קען דערגרייכן?

האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געלאָזט רעדן איבער זיך, וואָס איינער וויל נאָר אַליין.

## 6

אין די קרייזן, וואו ער פלעגט אַמאָל קומען, האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ נטיה צו שוועבן אויף פליגל. דאָס איז געווען אַ שטיק מאָדע, נאָכן מיטמאַכן די מלחמה־יסורים. טייל מיידלעך, אפילו פון בעסערע קרייזן, האָבן זיך אָנגעשיכור׳ט מיט די באַשרייבונגען פון אַנדערע לענדער און זיי האָבן פאָרשנדיק נאָכגעקוקט אַ נייעם מאַן, וואָס איז געקומען פון דער ווייט. איז ער געוואָרן דער ציל פון אַ סך מיידלשע חלומות. די היימישע קאַוואַלערן האָט מען געקענט פון קינדווייז אָן. זייער יחוס איז געווען אַן אָפענע קאָרט — און אַזאַ מענטש ווי ער איז פאַר זיי נישט געווען אויפגעדעקט ביז צו זיינע קינדהייטוואָרצלען. דערפאַר האָבן עטלעכע פאַרטרוימטע מיידלעך געהאַט די געלעגנהייט צו פאַנטאַזירן פון אַ פּרינץ, וואָס וואַרט דאָ באַהאַלטן אויף זיין מאָרגנדיקער קרוין... סענטימענטאַלע צייטן געווען! אויך זיינע, די ניכטערע און קלוגע, האָט זיך געלאָזט פאַרכאַפּן פון ווינט. ער האָט זיי געוואָלט באַווייזן, איר און די עלטערן, אַז ער איז בלויז אַ רייכער זון, מער גאָרנישט. זיי האָבן אָבער אַריינגעשמייכלט קלוג אין זיך. האָט ער אויפגעהערט.

אויך זיין יידישקייט האָט ער ספּעציעל נישט פאַרלייקנט. קיינעם איז אפילו נישט איינגעפאַלן וועגן דעם צו פרעגן. ער האָט עס בלויז נישט אַרויסגעוויזן. סיידוי האָט ער מער ווי בלייכע שפּורן נישט געטראָגן אין זיך. וואָס־זשע האָט ער צו דערציילן? ער האָט וועגן דעם צופיל נישט געטראַכט. ער האָט אויך געוואוסט: אַ ייד זיין הייסט — זיין אַנדערש. אויב ער וויל אָדער נישט, וועט מען אים אַוועקשטעלן באַזונדער פאַרן אויג. איז ער דערפון אַנטלאָפן, פונקט ווי מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַר דער רעוואָלוציע. זיין שוויגן האָט אים געבראַכט די געהאָפטע רו. מען קען זאָגן: אויך דאָס גליק. דאָס מיידל איז געווען יינג, שיין און רייך. זאָל ער צוליב אַ נאַרישקייט אַלץ צעשטערן? איבער דרייסיק ווילט זיך שוין אַ פרידלעכע נעסט.

וואָס אַן אמת איז אים נישט איינגעפאַלן אַזוי אָנצוהאַלטן כסדר. ווידער די זעלבע מעשה: ער האָט צופיל נישט אַריינגעטראַכט. זיין שכל האָט נאָר געזאָגט, אַז מען קען נישט לעבן מיטן נאָנטסטן מענטש און דערביי כסדר טראָגן אַ מאַסקע. ער האָט געוואָלט זיין גלאַט מיט אַלעמען — און די לאַסט פון אויסבאַהאַלטן זיך אין דער אייגענער היים איז אויך געווען שווער. האָט ער באַשלאָסן, אַז זיין יידישקייט וועט ער נישט פאַרלייקענען. זי מוז זיך אָבער פריער איינלעבן מיט אים, עס מוזן זיך באַווייזן קינדערלעך און די גאַנצע שטוב זאָל צו אים צוּוואַקסן. אפשר וועט ער עס איר דערנאָך אַליין דערציילן?

נאָר שפּעטער האָט זיך עס שוין גענומען ציען און ציען. דאָס געשעפט איז גרויס געוואָרן. עס זענען געבוירן געוואָרן קינדער, זיי

זענען אונטערגעוואַקסן און דאָס לעבן האָט זיך אַזוי שטיל געצויגן, אַז מען האָט קיין צייט נישט געהאַט עס צו באַמערקן. זיין פּלוצימדיקע אַנטדעקונג וואָלט איבערגעקערט די גאַנצע שטוב. דאָס ווייב מיט די קינדער וואָלטן זיך באין אופן נישט איינגעלעבט אין דעם אומהיימלעך־נייעם — איז גלייכער ס׳זאָל שוין אַזוי בלייבן. ערנוואָרט, ווי בלויז זיי האָט ער גענומען אין באַטראַכט! זיי וועלן דערפון ליידן, אַראָפּפאַלן פון אַלע הימלען... עס האָט אים אויך צופיל נישט באַאומרואיקט. ער האָט זיך נישט געפילט טאָג־טעגלעך ווי אַ גנב. ער איז געווען צופרידן מיט זיך. האָט די צעשמייכלטקייט פון גורל אויך איינגעשלונגען דאָס קליינע וואָלקנדל, הגם עס האָט זיך טיילמאָל פאַרצויגן ווי אַ דין הייטל איבערן געמיט.

7

די יאָרן אין מיטן זענען אַוועק גרוי און פריילעך. ס׳איז געווען אַ לעבן, אין וועלכן עס האָט גאָרנישט געפעלט און ס׳האָט גאָרנישט פּאַסירט. אַפילו זיינע געדאַנקען זענען שטיין געבליבן און קיין בייעסן נישט אויסגעקלערט. ער וואָלט געווען גרייט צו שווערן, אַז ער איז מיט גאָרנישט עלטער געוואָרן אין משך פון פופצן יאָר. אין שטוב האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פרוי, וואָס איז נאָך אַלץ געווען יינג און שיין. די קינדער זענען זיך צעוואַקסן ווי די ביימער. די צימערן זענען פול געוואָרן מיט אַזויפיל קליינע ברעקלעך פרייד, אַז מען האָט מיט זיי געקענט אָנשטאָפּן אַ גאַנץ לעבן. אָט האָט די טאָכטער אַ גוטן נאָמען אין שולע, און אָט האָט דער זון באַקומען אַן אויסצייכענונג...

ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט פון די ווענט און פון טיש אַראָפּגעלויכטן דער נחת. יעדער אבר זיינער האָט געשפּירט, אַז דאָס אַלץ איז זיין. ער מעג דערפון נעמען וויפל ער וויל. דאַרף מען דען נאָך עפּעס אין די וואַרעמע חדרים? דאָס איז אויך אמת: אַ מענטש קען זיך נישט אָפּזונדערן. אָבער דעם גאַנצן טומל פון דרויסן האָט ער נאָר געוואָלט זען פון דערווייטנס. אויב עס האָט זיך אים געוואָלט אַרויסגיין פון דער זיס־קלעפּיקער רו, איז ער אַוועק מיט דער פרוי צו אַ פאָרשטעלונג אָדער אַ קאָנצערט. ער איז געגאַנגען צו דער וועלט ווען אים האָט זיך געגלוסט. ער האָט זיך אָבער געהיטן, אַז זי זאָל אים נישט נאָכלויפן ביז איבער דער שוועל פון הויז. אין געשעפט איז ער מיט אַלעמען געווען העפלעך, פריינטלעך. אָבער קיין נאָנטערע פאַר־בינדונגען האָבן זיך נישט איינגעשטעלט. אַפילו די פליכטן וואָס פאַלן אַמאָל־צו אַ בירגער, האָט ער נאָר דערליידיקט ביי זיין ביוראָ־טישל. ער האָט זיך געהיטן איינצולאַדן געסט אין שטוב. אַזעלכע קענען ווערן גאַנצע איינגייער און ס׳וועט זיך אָנהויבן רוישן. עפּעס האָט ער בכלל

געהאַט מורא, אַז ווי נאָר מען וועט דערהערן אַ פּרעמד קול אין שטוב, וועט זיך אַלץ איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ...

נאָר אויסמיידן אַלעמען איז אויך נישט מעגלעך געווען, איבער־הויפּט ווען די קינדער זענען אויסגעוואַקסן. זיי זענען געגאַנגען אין שולע און ביסלעכווייז אָנגעהויבן מיטצוברענגען אַ חבר אָדער אַ חבר׳טע. האָבן זיך איבער דער שטוב טיילמאָל גענומען טראָגן קולות און געלעכטערן, וואָס זענען שוין מער נישט געווען זיינע. קיין מענטש פון וואַלד איז ער אויך נישט געווען. האָט ער זיך אַליין געפּרוּווט איינרעדן, אַז ער איז דערפון צופרידן: קינדער דאַרפן נישט זיין אין אַ תפיסה, אַפילו ווען דאָס איז די אייגענע היים. נאָר אַלעמאָל האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן אַ באַהאַלטענער פּחד: אָט גייען זיי... אָט קומען זיי... אויב דאָס אַליין איז נאָך וויניק געווען, האָט ער איינמאָל צווישן די קינדערס חברים דערהערט אַ יידישן נאָמען... וואָס איז דען? און וואָס האָט ער דאָ צו שרעקן זיך? גאָרנישט. נאָר דאָס האַרץ האָט פּאַרט, נאָך לאַנגע יאָרן גליווערן, אומהיימלעך אַ זעץ געטאָן.

8

גליק ביים מענטש...

אַמאָל ווערט עס אַרויסגעריסן פון די הענט דורך אַ שטורעם־ווינט און אַמאָל רינט עס אויס דורך אַ קליין, אומגעזען לעכל. עס טרעפט אָבער אויך, אַז דאָס גליק ווערט צעשטערט דווקא דורך דעם וואָס עס ציט זיך אָן איבעררייס. ערשט גאָר־שפּעט האָט ער עס פאַרשטאַנען: נאָך יאָרן וואַלגעריש איז יעדער רואיקער טאָג אַ גליק. אויב מען וויל אָבער אויך דערנאָך זיין גליקלעך — מוז מען אַלעמאָל לאָזן איבער זיך געשען כלערליי זאַכן. אויב עס געשעט גאָרנישט — הערן אומרו־איקע נאַטורן אויף צו שפּירן זייער גליק. ביי מענטשן מיט פאַרשלאָפן בלוט דויערט עס לענגער. עס מוז זיך אָבער אַמאָל ענדיקן. וויאַזוי זאָל ער דאָס אָפּ׳משל׳ען? אָט ווי אַ טויט־מידער וואָלט צוגעפאַלן מיט זיין צערוישטן קאָפּ צו אַ ווייכן קישן. די ערשטע מינוטן פילט ער די כישוף׳דיק־גלעטנדיקע ווייכקייט. דערנאָך גייען אַוועק לאַנגע שעה׳ן ווען ער זינקט איין אין אַ זיסן, מחיה׳דיקן שלאָף. עס איז אָבער נישט מעגלעך אָפּצוליגן אַ גאַנץ לעבן אין ווייכן פּוך. מען מוז אויפשטיין, אַרומלויפן — בכדי מיט לאַנגע שעה׳ן שפּעטער ווידער צו האָבן דעם ערשטן תענוג. קיין אומגליק איז עס נישט, אָבער דער פאַרגעניגן רינט אויס. דאָס האָט ער פאַרשטאַנען נאָכדעם ווי לאַנגע יאָרן זענען אַוועק און נאָך זיך קיין שפּור נישט געלאָזט. ער האָט מער נישט געקענט געדענקען וויאַזוי ער האָט איבערגעלעבט דאָס יאָר און וויאַזוי דאָס אַנדערע. ער האָט זיך געמוזט אויסזוכן קליינע, לעכערלעכע סימנים, בכדי ער זאָל זיי קענען אונטערשיידן.

אפילו אַ בעטלער אויף דער גאַס האָט אַמאָל אַן עמאָציאָנעלן אויפטרייסל. אפילו ביי אים פּאַסירט אַמאָל אַ וואונדער, וואָס לויכט־אויף מיט דער גאַנצער שטראַליקייט אויף אַ מינוט. דאָס קומט אָבער מיט אַזאַ שאַרפער קאָנטיקייט, וואָס מ׳קען נאָר איבערלעבן ביי נייע געגנוסן. ווען מען גייט עס דען אָן, וואָס ביי יענעם קען דאָס גליק העגנגען אין אַ קליינקייט? אָבי עס רייסט זיך איבער, לויפט אַוועק ווייט און קומט ראַפּטום ווידער צוריק, מיט דער שמחה פון אַ ווייטן און נייעם גאַסט. אַ מענטש איז נאָר אַ מענטש. אַז עס פעלט אים עפּעס — זוכט ער. טאָמער ווייסט ער אַליין נישט וואָס, קלערט ער אַריין. טאָמער ווייסט ער נישט וויאַזוי צו קלערן — בענקט ער סתם אין דער וועלט אַריין, נישטערט ער אַרום אין די זכרונות ביז ער האָט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן. האָט אויך אין אים זיך אַ רודער געטאָן אַ פאַר־טייעטע ציעניש צו די קליינע פריידן פון אַמאָל.

דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן, האָט ער איינגעזען, איז אייגנטלעך נאָר אַ שווינדל. ווען מען איז נאָנט פון דער איבערלעבונג — נעמט מען זי אויף, לעבט מען זי אָפּ און מען בלייבט נאָך טיילמאָל נישט צופרידן. ערשט שפּעטער, ווען אַלץ זינקט איין און מען קען מער גאָרנישט צוריקברענגען — הויבט אַלץ אָן צו רופן מיט פריידיקע, בלויע סטענגעס פון אַ כישוף־מאַכער. דאָס אָפּגעלעבטע וויל זיך נוקם זיין אין מענטש, דערפאַר וואָס ער האָט עס בשעת־מעשה נישט אָפּ־געגעבן דעם געהעריקן כבוד. קומט עס צוריק מיט אַ פאַרהוילענעם שלייער און רייצט זיך... און ציט אַרויס די נשמה. נעכטיקע טעג מוזן ווערן שיין, ווייל מען קען זיי מער נישט נעמען אין דער האַנט אַריין און זיי נאָכאַמאָל באַטראַכטן פון דער נאָנט. דער מענטש ווייסט עס טיילמאָל אַליין און דאָך לאָזט ער זיך פאַנגען.

נאָר ביי אים איז עס געקומען געלאַסן. דאָס איז נאָך ערגער געוועזן. ווען איינעם באַפאַלט אַ בענקשאַפט מיט דער גאַנצער האַס־טיקייט, זעט ער וואו די שריפה איז און קען זי שנעל איינלעשן. ביי אים האָט זיך עס אָבער אָנגעהויבן ברעקלעכווייז. יעדער פיצל געדאַנק פון דעם מין האָט זיך טיף איינגעגראָבן און געהאַט צייט צו וואַרטן. ערשט גאָר שפּעט האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט שוין אַ סך נאָכ־געגעבן... און דער וועג צוריק איז שוין פאַרוואָקסן געוואָרן.

9

נאַרישקייטן... עס האָט אים ווידער אַ צי געטאָן עפּעס אָנצו־שרייבן. קיין גרויסע אידייען האָבן אין אים נישט אויפגעשטורעמט. ער האָט נאָר אַזוי לייכט אַ טראַכט געגעבן, אַז ער וועט זיך פאַרגינען אָנצושרייבן אַ נאָטיצל. דאָס האָט זיך געדרייט אַרום אַ געדאַנקעלע,

וואָס איז ביי אים אויפגעקומען נאָך אַ קאָנצערט. דאָס געשריבענע האָט ער לאַנג געלאָזט ליגן צווישן זיינע געשעפט־חשבונות. דערנאָך האָט ער ווידער עס גענומען אין דער האַנט אַריין און עפּעס צוגעשריבן, אויסגעמעקט — גלאַט פון שפּיל־וועגן. אין אַ צייט אַרום האָט ער עס ווידער געזען און פּויל אַ טראַכט געטאָן, אַז עס וואָלט כדאַי געווען עס אַריבערצוטראָגן אין אַ צייטונג. ער וואָלט נאָך איינמאָל געוואָלט זען. אויב מען וועט אים דרוקן... סתם אַזוי. דערנאָך האָט ער עס גענומען מיט זיך. שוין ביים גיין, מיטן באַשריבענעם בלעטל אין בוזעם־טאַש, האָט ער איבערגעלעבט אַ פאַרגעסענע דערוואַרטונג. אין דער יוגנט האָט ער טאָקע אַלץ אויפגענומען מיט וואַכע חושים און די געפילן האָבן געיערט מיט ליכטיקער פאַרשמאַכטקייט. אָבער אויך איצט האָט זיך אומגעקערט דאָס זיס־הייסע האַרץ־קלאַפּעניש: וועט ער עס אָננעמען, דער רעדאַקטאָר? וואָס וועט ער זאָגן?

ער האָט אויפסניי דערהערט דאָס זעלבע וואָרט וואָס אין די יינגע יאָרן. ס'איז גוט? עס וועט דערשיינען? ער האָט ווידער דערשפּירט דעם שאַרף־שיכור'ן, יוגנטלעכן עקסטאַז וואָס איז צוריקגעקומען נאָכן בלאָנקען אַ שאָק מיט יאָרן. איז ער אַהיימגעקומען אַ באַנייט־צופרידע־נער, דערמיט וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן אַ שפּיצל זיך אַליין.

און אַז מען גיט נאָר אַ וועק די ערשטע זכרונות, רופן זיי שוין אַרויס די אַנדערע און מאַכן זיך היימלעך. האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין שפּיל. ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב, האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעשריבן אַ קלייניקייט און עס אַוועקגעשיקט. נאָכן עפענען אַ צייטונג און דערזען זיינס אַ געדרוקט זאַכעלע, האָט זיך אים געגלוסט אויסצושרייען די פרייד אין מיטן גאַס. העי, ער איז דאָך צוריק יינג געוואָרן! דער גליקלעכער שוידער, וואָס איז אים אַדורך איבער די איינגעשלאָפענע בלוטן, האָט אים אַ רייץ געטאָן. באַלד האָבן זיך באַוויזן זיינע אַרטיקלען אין עטלעכע צייטונגען. די רעדאַקטאָרן איז אפילו געפעלן, וואָס ער איז נישט קיין פּראָפעסיאָנאַל און וואָס ביי אים איז עס געקומען ראַפּטום. אַ שטיקל סענסאַציע אין דער רואיקער מדינה.

פאַר זיין פרוי איז עס געווען אַן איבערראַשונג. פאַר די קינדער אויך. זי האָט אים אפילו געמאַכט אַ גליקלעכן פאָרוואורף: פאַרוואָס האָסטו מיר קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז דו ביזט אַ שרייבער? אין יענע מינוטן איז ער געווען באַרוישט, פאַר'שיכור'ט. דערפאַר האָט אים אַ פּאַק געטאָן דאָס קינדעריש־שטאָלצע ביסל ווילן — וואָס בלייבט אין מענטש אויף אייביק — זיך צו באַרימען, אויסצופּיינען. האָט זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט האַלב־סודות'דיק און האַלב־שפּאַסיק: עס זענען פאַראַן נאָך זאַכן וואָס איך קען און דו ווייסט נישט...

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. נאָכן קענען זיך אַזויפיל יאָרן איז ער פאַר איר ווידער געוואָרן אַ רעטעניש. עס זענען אָנגעקומען לאַנגע, אויסגעצויגענע אָוונטן אין וועלכע זי האָט אים נישט אָפּגעלאָזט:

— דערצייל עפּעס... רעד... פון וועמען ווילסטו עס פאַרבאָרגן?

האָט ער גענומען צוריקדרייען: זאָל זי נישט נעמען ערנסט זיינס אַ שפּאַס. ער האָט עס אָבער געלייקנט אַזוי אומגעלומפּערט, ביז זי איז נאָך זיכערער געוואָרן, אַז דאָס נאַרט ער זי שוין אַ לעבן־לאַנג. מיטאַמאָל האָט ער גענומען שפּירן אין שטוב יענעם געררייצטן חשד, וואָס זאָגט גאָרנישט און איז נישט געפערלעך. ער קען אָבער פּאָרט אויפרייסן צו יעדער רגע. אין טעג שפּעטער האָט ער אפילו איינגעזען, אַז ער מיטן וייב רעדן שוין צווישן זיך ווי דורך אַ פאָרהאַנג. עס איז ביי אים דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט גענומען בענקען ס׳זאָל נאָך עמעצער זיין צווישן זיי. זאָל מען דאָ זיצן, רעדן, שרייען — אַבי מען זאָל אים אָפּטיילן פון איר פאָרשנדיק אויג, פון איר ברוגז שווייגעניש... און דאַן איז אים פּלוצים איינגעפאַלן דאָס צווייטע משוגעת אין קאָפּ אַריין:

— מ׳דאַרף אַמאָל איינלאַדן אַ גאַסט...

10

דערנאָך האָט ער שוין אַליין נישט געקענט וויסן וועמען ער האָט איינגעלאַדן און ווער עס קומט אַליין. סײַוווי איז די שטוב פול געוואָרן מיט זיי. עס האָט אים אויסגעזען, אַז די מענטשן זענען נייגעריק: אַזוי־פיל יאָרן איז אַ שטוב געשטאַנען געשלאָסן — און דאָ האָט זיך פּלוצים געעפנט די טיר! האָבן זיי אַריינגעשטורעמט ווי אין אַ באַזיגטער פעס־טונג. איז ער אַרויסגעפאַלן פון דער גאַנצקייט, וואָס ער האָט אַלעמאָל געשפּירט אין אייגענעם הויז. ער האָט ראַפּטום געוואוסט, מיט אַן אומקלאָרן וויסן, אַז דאָ איז פאַראַן אַ קליין לעכל וואָס ער דאַרף באַ־צייטנס פאַרשטאָפּן. האָט ער זיך געראַנגלט מיטן שאָטן וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט נאָך זיך, געוואָלט אויסווישן נאָך זיי די ווענט און די לופט — און דאָך האָט ער געשאָקלט פריינטלעך מיטן קאָפּ ווען עס איז געקומען איינער, אַ דריטער, אַ צענטער... טיילמאָל לאָזן זיי אים נישט אַליין מיט איר פאָרשערישן בליק ביז עס ווערט שפּעט, און זי — מיד.

אויך אירע ברידער, די צוויי הויכע באַאַמטע און אַנדערע קרובים האָבן זיך גענומען אָפּטער באַווייזן. עס האָט זיך אים אפילו גענומען דוכטן, אַז זיי קוקן זיך דאָ צופיל אַרום; זיי שמעקן די לופט און ווילן עפּעס דערגיין גאָר וויכטיקס... און אפשר איז עס נאָר געווען אַן איינ־רעדעניש? שולדיק זענען געווען זיינע נערוון, וואָס האָבן זיך אַ ריס געטאָן פון די פעסטע ביישטיידלעך. דערפאַר טאַקע האָט ער זיי טייל־מאָל געוואָלט אַריינקוקן להכעיס׳דיק אין די אויגן און אַ זאָג טאָן:

— נישטאָ וואָס צו שמאָרען מיט די נעז... יאָ, אַזוי איז עס!

ער האָט עס טאַקע נישט געזאָגט. אָבער דאָס איז געווען אַ בולט'ער סימן, אַז מיט זיינע געדאַנקען איז עפּעס דער מער. וואָס טוט מען? ער האָט זיך אַליין צום וויפלטן מאָל געענטפערט: צוימען זיך... מאַכן זיך נישט וויסנדיק... נאָר עס האָט אים שוין געטריבן ווייטער ווי ער אַליין האָט געמיינט.

טאַקע דער ערשטער רעדאַקטאָר זיינער איז געווען אַ ייד. וויאַזוי? קיינער האָט דערפון קיינמאָל נישט גערעדט. ער אַליין האָט דערפון ערשט געהערט ווען יענער איז שוין געזעסן ביים טיש און אפילו מיט־געבראַכט נאָך עטלעכע פריינט. דאָס זענען געווען מענטשן מיט אַ נאָמען און באַציאונגען. האָט איינער מיטגעצויגן אַ צווייטן, ביז ער האָט דערהערט די נעמען ביים פאָרשטעלן זיך: מינצבערג... קראַקאָווסקי!

אים האָט עס חלילה נישט געאַרט. וואָס איז ער דען, אַן אַנטי־סעמיט? און אַרויסווייזן זיין שרעק דאַרף ער אויך נישט. אדרבא, ער וועט זיין דער ערשטער וואָס וועט דעם שמועס אַרויספירן אויף יידישע טעמעס. זאָלן זיי נישט מיינען... און אפשר מיינט זי שוין?

איז געקומען דערצו. ווער עס האָט אים געצויגן ביי דער צונג, האָט ער שפּעטער אַליין נישט געוואוסט. עס האָט עמעצער אַריינגע־וואָרפן דאָס וואָרט „יידן", אָבער אַזוי זייטיק, אַז ס'איז נישט געווען אין וואָס זיך אָנצוכאַפּן. די געסט אַליין האָבן עס אויסגעמיטן. האָט עס אים אָבער אַ פּאַק געטאָן: זאָל מען נישט מיינען, אַז אויך אים איז נישט באַקוועם. דערצו האָט זיך אין אים צעברענט אַ ווילדע תאווה זיך אַביסל אויסצורעדן וועגן יידישקייט. שוין איבער צוויי צענדליק יאָר, אַז ער האָט עס נישט אַרויפגעלאָזט אויפן געדאַנק — האָט זיך אַלץ געריסן מיט געוואַלט: אָ, איך קען יידן... אין רוסלאַנד האָב איך געלעבט צווישן זיי, געקענט טייל פון זייערע קינסטלער און אפילו אויסגעלערנט זיך זייער שפּראַך...

דאָס אָפענע באַקענען זיך האָט געדאַרפט אַראָפּנעמען זיין פאַר־זענלעכע שייכות צו יידן, באַווייזן זיין גאַנצע פרעמדקייט. נאָר טיף אין אים האָבן זיך צונויפגעקנאָטן מחשבות און זיך איינס דאָס אַנדערע איבערגעלאָפן: דערווייטערן זיך... דערנענטערן... כאָטש מיט די רייד! די געסט אַרום האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף אַ בייז וואונדער. עפּעס אַ שטילער גאַסט האָט אים צוגעוואָרפן: יידן זענען היינט אַק־טועל... דייטשלאַנד לאָזט זיי פון מויל נישט אַרויס. קענט איר דאָך עפּעס אָנשרייבן... אַ גאָלדענע געלעגנהייט!

צוריקציען זיך איז שוין נישט מעגלעך געווען. דאָ האָט זיך אויך אַריינגעמישט זיין אַמביציע: ער באַרימט זיך נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין! זאָל ער נאָר קומען צו אַביסל געדולד, וועט ער זיך

פרואוון דערמאָנען... ס׳איז שוין אַזאַ לאַנגע צייט... אַך, ווי לאַנג!
און אַלע האָבן אים צוגעגעבן מוט.

11

צווישן זיך גערעדט האָט ער שוין טאַקע אַלץ פּאַרגעסן. קיין סך האָט ער אויך פריער נישט געוואוסט. נאָך זייענדיק אַ סטודענט האָט ער געזען אַ יידישן שרייבער. אַזויפיל סטודענטן זענען אים געלאָפן זען, איז ער מיטגעלאָפן. ער וואָלט זיך אפילו דערמאָנט זיין נאָמען, ווען עמעצער ברענגט אים אויף די ליפּן. דערנאָך האָבן אים חברה אַמאָל מיטגענומען צו אַ רעפעראַט פון אַ העברעאישן פּאָעט... און עפּעס אַ יידישע טרופּע האָט ער אויך געזען אַמאָל פאַרשטעלן. געווען דאָרט אַן אַקטריסע וואָס האָט פאַרכאַפּט מיט איר פּנים. שאַ, ער מוז זיך דערמאָנען איר נאָמען!

נאָר דעם כּבוד האָט ער שוין געמוזט ראַטעווען: פאַר זיי, פאַרן ווייב, פאַר די קינדער וואָס האָבן זיך צוגעהערט. איז דער פּלאַן אויך געווען אַ פּשוט׳ער: ער וועט אַרויסגיין אין יידישן פערטל און דאָרט איינקויפן אַ פּאָר יידישע ביכער. אויך זיין פרוי וועט ער מיטנעמען, זאָל זי אַליין זען, וויאַזוי ער וועט מיט זיי רעדן. דערנאָך וועט ער איבערבלעטערן די ביכער, זיך דערמאָנען אַביסל אייגנס און האָבן וואָס צו ווייזן זיינע פריינט. זיי ווילן דען פון אים אַ סך? מיט קיין רב וועט ער זיך נישט פאַרמעסטן.

דאָס ערשטע איז אים טאַקע געפאַלן אין דער האַנט אַריין מענדעלעס אַ בוך. אים האָט ער באַלד דערקענט. דערנאָך האָט ער אויפגעזוכט שלום־עליכמ׳ען. אין דעם געוועלבל זענען געווען נאָך יידישע ביכער. ער האָט זיי אָבער נישט געוואָלט קויפן: ער קען נישט די שרייבער. די יידן וואָס זענען גראָד געשטאַנען אין ביכער־געוועלבל האָבן זיך נישט געקענט אָפּוואונדערן: אויף וואָס דאַרפן אַזעלכע לייט יידישע ביכער? און דערביי האָבן זיי געקוקט מיט קרום־לעכן חשד אויף זיין בלאָנד־אָנדולירטער פרוי. דער פאַרקויפער האָט זיי אָבער צוגעוואונקען מיט אַן אויג: זיי ווייסן דען וואָס פאַר אַ טשור־דאַקעס עס קומען דאָ זוכן מאַטעריאַלן? אפילו דייטשן פון דייטש־לאַנד! איז עס נישט קיינעמס דאגה. וואָס טוט אַ סוחר? ער דאַרף נאָר אָנפּעפּערן אַ פּרייז און פאַרטיק...

אַזויאַרום האָט זיך דאָס ערשטע ברעקל יידישקייט צו אים אַריינ־געשלייכט אין שטוב אַריין גאַנץ בכבוד׳יק. ער האָט זיך דערביי בלויז אָנגעטאָן דאָס שמייכעלע פון אַן עקזאָטיק־זוכער. אָבער די פיר־קאַנטיקע אותיות׳לעך האָבן שטילערהייט אַרויסגעקוקט פון די ביכער מיט אַ באַהאַלטענעם טריאומף: אַהאַ, האָסט זיך אויסבאַהאַלטן, צוגע־

שלאָסן די טירן... האָבן מיר געהאַט צייט צו וואַרטן! אָבער איצט? זע, ווי דו האָסט אונדז אַליין געמוזט אויסזוכן...

דעם באַהאַלטענעם חוזק, וואָס האָט צו אים אַרויסגעפּינטלט פון די יידישע זייטלעך, האָט ער לייכט אַראָפּגעשלונגען. דאָס מאָל איז די פּרווי גראָד צופרידן געווען, וואָס ער קען זיך אפילו אויף אַזאַ סודות׳דיקער שריפט. פאַר די ברידער אירע האָט זי אפילו אַריינגע־וואָרפן אַ שטאָלץ וואָרט, פול מיט דרך־ארץ: וואָס ער קען אַלץ!

ווען ער האָט זיך אָפּגעשלאָסן אין זיין צימער און שווער געהאָ־רעוועט, ביז ער האָט געקענט צונויפשטעלן אַ זאַץ מיט אַ זאַץ, האָט זי זיך געדרייט אויף די שפּיץ פינגער. זי אַליין האָט אים אַריינגעבראַכט די טיי צום טרינקען און דערביי מיט ווילדן נייגיר אַדורכגענומען די יידישע בלעטלעך. ער וואָלט געשוואוירן, אַז זי איז אַרומגעכאַפּט מיט עפּעס אַ מיסטיש געפיל. זי אַליין האָט שוין מסתמא לאַנג געוואַרט, אַז אין איר לעבן זאָל אויפקומען עפּעס אַן ענדערונג — און דאָ האָט זי זיך באַוויזן...

דאָס ערגסטע איז אָבער פאַרט געשען מיט די קינדער. זיי זענען געווען נייגעריקע פייגל פון קינדוויין־אָן. איז איצט די גאַנצע שטוב פאַר זיי אָנגעזאַפּט געוואָרן מיט אַ באַהאַלטענעם סוד, מיט פריילעכער אימה. ווי נאָר ער איז אַרויס פון שטוב, האָבן זיי זיך אַריינגעכאַפּט צו אים אין צימער, געדרייט מיט די בלעטלעך און מיט גרויס פלייס זיך איינגעקוקט אין יעדן פיר־עקיקן צייכן. דערנאָך האָבן זיי אים שוין נישט געלאָזט איינרוען: פאָטער, וואָס באַדייט אָט־יענער אות? און וואָס באַצייכנט אָט־דער? איז טאַקע יעדער שריפט־צייכן ביי יידן פול מיט פאַרבאָרגענישן?

פון וואַנעט ווייסן זיי עס? וואָס גייט עס זיי אָן? ער האָט נישט געהאַט קיין עצה. דאָס בעסטע איז געווען זיי קלאָר צו מאַכן, אַז דאָס איז אַ שפּראַך גלייך ווי אַלע. אויך מיט די יידן בכלל איז מער לע־גענדע ווי עפּעס. דאָס זענען מענטשן גלייך ווי אַלע. נאָר וואָס מער ער האָט זיי דערציילט אויף אַ טרוקענער שפּראַך, אַלץ מער זענען זיי אַריינגעצויגן געוואָרן. ער האָט שוין פאַר זיי געמוזט האַלטן גאַנצע לעקציעס. דאָס בלאָנדע מיידל זיינס האָט אפילו אָנגעשטעלט אויף אים אַ פּאָר הייסע אויגן: פּאַפּאַ, דאָס וואָס דו דערציילסט אונדז איז אַזוי אינטערעסאַנט... נאָר ביי אונדז אין שולע זענען דאָ עטלעכע יידישע, וואָס באַהאַלטן זיך אויס דערמיט. ווי נאָר מען זאָגט עפּעס וועגן יידן ווערן זיי רויט. פאַרוואָס שעמען זיי זיך? זאָג מיר, פּאַפּאַ...

ער זאָל עס איר גאָר זאָגן; נו, ווען זי ווייסט... אָבער זי וועט נישט ויסן! פון וואַנעט? דערנאָך האָט ער אַליין נישט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן, בעת ער האָט דערזען אַז די צוויי קינדער זיינע קענען שוין די יידישע אותיות. די שפּראַך פון לאַנד איז היפּש ענלעך צו

ייִדיש. איז נאָר פאַר זיי געגנוג געווען צו האָבן דעם שליסל צו די אותיות, בכדי זיי זאָלן נישט אויפהערן צו בלעטערן די צוויי ביכלעך.

זאָל ער זיך פרייען אָדער שרעקן? אויף וואָס דאַרפן זיי פּטר׳ן זייער צייט? קינדערישע קאַפּריזן האָבן נישט קיין גרעניץ. ער האָט זיי אויך נישט געוואָלט צופיל אָפּרעדן. דאָס קען ווידער וואַרפן אַ חשד. איז פאַר אים גלייכער געווען אונטערצושמייכלען גוטמוטיק. דאָס מינדסטע וואָרט קען אים שטרויכלען. ער האָט זיך אפילו געמאַכט נישט־וויסנדיק, ווען דאָס געפיל האָט זיך אין אים איינגעשטאָכן מיט ווייטיק: וואָס זוכן דען זייערע נשמות אין די פרעמדע אותיות? פאַר־וואָס האָבן זיי זיך אַזוי צוגעכאַפּט דערצו? ער האָט זיך געפוילט צו דערטראַכטן זיין געדאַנק ביזן סוף. דערפאַר האָט ער זיך איינגעטוליעט אין דער גלייכגילטיקייט, כאָטש דאָס האַרץ האָט אים געוואָרנט אַז ער דאַרף זיך היטן... ער דאַרף!

12

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך צעדונערט איבער אַלעמענס קאָפּ. אויך זיין לאַנד איז אַרומגענומען געוואָרן מיט אַן אייזערנער רייף. אַרמייען האָבן זיך פאַרמירט, שלאַכטן האָבן זיך צעפייערט און אָפּגע־שפּילט זייערס גאָר שנעל, ווי אויף דער סצענע. די דייטשן מיט זייער שטיינערנעם רויש האָבן אייליק אַריינמאַרשירט פון דער זייט און מען האָט געשמועסט, אַז דער קעניג אַליין האָט זיי איבערגעגעבן די שליסלען. פאַטריאָטן האָבן אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ פאַר חרפּה און אַ סך פירער פון לאַנד האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן אין די לעכער.

מיט ייִדן האָט זיך אָנגעהויבן אַזויווי אומעטום. בלויז ער איז געווען אויסער יעדער געפאַר. דאָס האַרץ האָט אים אָבער וויי־געטאָן. באמנות. ער האָט נישט געקענט צוזען וואָס עס טוט זיך אָפּ אַרום אים. די בלעטער האָבן זיך צערוישט און צעזשומעט מיט האַס און גיפט: ייִדן! ייִדן! נישט איינמאָל האָט זיך אים געגלוסט אַריינצו־שרייבן אַ בריוו אין די העץ־רעדאַקציעס: ס׳איז אַ ליגן, וואָס איר שרייבט! נישט אַזוי זענען ייִדן... איך קען זיי בעסער! ער האָט זיך געפילט שולדיק קעגן יעדן ייִד. ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. דאָס לעבן איז בילכער. אויסער דעם האָט ער קיינמאָל נישט ליב געהאַט אַריינצושטעקן דעם קאָפּ אין דער היץ.

פון דער צווייטער זייט אָבער האָט ער ערשט איצט איינגעזען ווי גרויס חכם ער איז: ער האָט דען נישט געקענט זיין אין דער זעלבער סכנה? אַרום און אַרום בושעוועט עס: ייִדן! אָבער ער מיט זיינע קינדער דאַרפן נישט אַרומלויפן ווי פאַר׳סמ׳טע. זיי נויטיקן זיך נישט אין קיין געמאַכטע „אַריער״־פּאַפּירן. ער איז אַ בכבוד׳יקער גוי און פאַרטיק! אָבער מיט די דייטשן דאַרף מען זיין געהיט. האָט ער

אויסגעמיטן געזעלשאַפט און געזעסן אין שטוב. ס׳איז דאָס בעסטע וואָס מען קען טאָן אין אַזעלכע ווילדע צייטן. אויך די קינדער האָט אַרומגענומען אַ משונה׳דיקער פּחד פֿאַר דער גאַס און פֿאַר דער וועלט. וואָס שרעקן זיי זיך? מען האָט געשמועסט, אַז די דייטשן וועלן די בעסטע יוגנט אַרויספֿירן צו זיך. האָבן זיי די ערשטע אָנגעהויבן טראַכטן פֿון באַהעלטענישן.

אין די אָוונטן זענען זיי געזעסן אין שטוב, געלייענט ביכער און געהאַט מער צייט צו זיין מיט אים צוזאַמען. האָבן זיי דווקא געוואָלט ביי אים אַרויסבאַקומען מער ידיעות פֿון זיין אַמאָליקן לעבן. די יידן זענען געוואָרן אַ טעגלעכע טעמע אין דער פֿאַרקויפֿטער פּרעסע. די רוסן אויך... און ער קען זיי ביידע. טאָ ביי וועמען זאָלן זיי פֿרעגן, אויב נישט ביי אים? האָט ער זיי גענומען דערציילן. וואָס מער ער האָט אַרויסגעבראַכט פֿון זיך, אַלץ מער האָט ער זיך דערמאָנט. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז דאָס דערציילט ער נאָר זיך אַליין דאָס פֿאַרבענקטע מעשה׳לע, וואָס פֿאַרכאַפּט אים און רעגט אים אויף. אויך אַ בושה האָט אים נישט געלאָזט רוען: וואָס איז ער דען? אַ ייד... אַ ייד! און דאָך כאַפּט מען זיי אַלעמען, מען פּייניקט זיי בעת ער האַנדלט, קומט אַהיים, וואַרעמט זיך... דערנאָך דערציילט ער וועגן יידן, ווי וועגן עפּעס אַ וויטן שבט וואָס ער האָט צופֿעליק אָנגעטראָפֿן... און וועמען? זיינע אייגענע קינדער! איז ער אַ מענטש?

דאָס האָט ער נאָר געטראַכט אין אויסערגעוויינלעכע מינוטן און טיף אין זיך... ענדערן דאָס לעבן און אָפּטאָן משוגעת׳ן האָט ער נישט געהאַט בדעה. מיט די מחשבות האָט ער זיך אויסגעקויפֿט. דערפֿאַר אָבער האָט ער זיך גענומען מער צוביינדן צו מענטשן. אפשר קען זייער נאָענטקייט מער שיצן פֿאַר דער אימה פֿון דער גאַס? ער האָט געזען וויאַזוי מענטשן זוכן זיך צו דערנענטערן, אַרומהילן זיך מיט דער היימישקייט פֿון אַ שטוב — אַבי נישט צו דאַרפֿן אַרומשפּרייזן צווישן די זעלנערישע שטיוול. אַזעלכע האָבן זיך אויך צוגעשאַרט צו אים, געבעטן מיט אַ בליק זיין פֿריינטלעכקייט. האָט ער זיי איינגעלאַדן צו זיך, אָדער אַריינגעכאַפּט זיך צו זיי. מיט זיין שפּירעוודיקייט האָט ער נישט אין איינעם פֿון זיי דערקענט דעם ייד, וואָס באַהאַלט זיך אויס אונטער אַ פֿאַפּירענעם צודעק. עס איז זיי געגאַנגען אין לעבן צו האָבן קאָנטשאַפּט מיט אַזעלכע ריינע קריסטן ווי ער. דאָס האָט ער געדאַרפֿט ווערן אַ טייל פֿון זייער געפּערלעכער מאַסקע. האָט ער עס געוואָלט אויסמיידן און נישט געקענט. דערפֿאַר האָט ער אויסבאַהאַלטן אין געדאַנק זיין דערקענטעניש, געציטערט אַז זיי זאָלן דאָס נישט פֿילן — גלייך ווי ער וואָלט זיך דאָ אויסבאַהאַלטן און נישט זיי...

נאָר ער איז אָפּגעקומען מיט הוילער שרעק. אין אַ שיינעם, העלן טאָג האָבן יינגע פּאַטריאָטן זיך געשלאָגן מיט די דייטשן איבער די

גאַסן. זיין אייגענער זון איז עטלעכע נעכט נישט אַהיימגעקומען און עמעצער האָט אים געזאָגט, אַז מען האָט אים געזען אין אַ מונדיר פון די פּאַרטיזאַנער. מער האָט ער נישט געפרעגט. דורך די פענסטער האָט מען געזען די דייטשן לויפן אין בהלה צו דער פראַנצויזישער גרעניץ.

13

ווען די באַפרייאונג איז געקומען, האָט זיך אין לאַנד אָנגעהויבן צו רודערן. דער קעניג פון לאַנד איז געלאָפן אין גלות און איבער אַלע גאַסן האָט מען זיך געאַמפּערט, אויב מען זאָל אים צוריק אַריינלאָזן. אַ סברא, אַז ער איז מיט די דייטשן געווען גאָר היימיש. קיינער האָט דעם אמת נישט געקענט וויסן. אויך ביי די יידן האָט זיך לעבעדיק גערודערט. עס וואָלט גאָר קיינעם נישט איינגעפאַלן, אַז עס זענען נאָך געבליבן אַזויפיל יידן און אַז זיי קענען נאָך אַזוי רירעוודיק זיין.

ער האָט איצט דערקענט אַ סך פון זיינע נייע באַקאַנטע. אין דער אָקופּאַציע־צייט זענען זיי אָנגעגאַנגען פאַר קריסטן; אָבער איצט האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן ווי הייסע טוער פון דער יידישער געזעלשאַפט. גראָד זענען עס געווען אַזעלכע, וואָס ער וואָלט געווען געגעבן זיין קאָפּ פאַר זייער קריסטלעכקייט און דערפאַר זיך מיט זיי גוט באַפריינ־דעט. האָט ער זיי שוין נישט געקענט אויסמיידן אין דער פרייער וועלט. פאַר זיי איז ער געווען גאָר אַ מאָדנער מענטש: אַ קריסט וואָס קען נישט שלעכט יידיש — און דערצו האָט ער אויסגעלערנט אַביסל זיינע אייגענע קינדער. האָבן זיי אים געוואָלט פאַראינטערעסירן מיט זייער טעטיקייט; באַוויזן אים, אַז זיי זענען נישט מער קיין ציטער־דיקע פייגל, וואָס זוכן זיך צו באַהאַלטן אונטער אַ פּאַפּירענעם בלעטל... יידן מיט שטאָלץ זענען זיי — און מיט אַן אייגענער וועלט!

טאַקע זיי האָבן אים גענומען איינרעדן, אַז ער זאָל אַמאָל מיטגיין אויף אַ יידישער פאַרזאַמלונג. איינמאָל מעג ער זיך טאַקע באַקענען מיט די יידישע פריידן און ליידן... צווייטנס, זאָל ער טאַקע זען וויאַזוי זיי האָבן היינט פּאָזיציעס, שטייען אין קאָנטאַקט מיט דער גאַנצער וועלט און מען רעכנט זיך מיט זייערס אַ וואָרט. איז ער גע־גאַנגען. זיינע באַקאַנטע האָבן זיך גוטמוטיק געוויצלט איבער אים. נאָר צווישן זיך האָבן זיי גערעדט מיט ליבשאַפט וועגן דעם איידעלן קריסט, וואָס האָט זיך אַזוי איבערגענומען מיט דער יידישער לאַגע.

וואָס ער האָט דאַן געפילט? אין דער לופט האָט נאָך געברענט דער צאָרן קעגן די דייטשן. אַ סך קריסטן האָבן נאָך געקוקט מיט סימ־פּאַטיע אויף די, וואָס זענען געווען פאַר׳משפט צום טויט דורך די נאַציס און דאָך זיך אַרויסגעדרייט פון גורל. מען האָט געקענט מיינען, אַז די וועלט האָט זיך איבערגעקערט און עס וועט ווערן אַ כבוד צו

זיין אַ ייד. דערביי האָבן די אַרויסגעקומענע פון די באַהעלטענישן אָנגעהויבן צו מאַכן אסיפות מיט אַזויפיל ברען, אַז עס האָט פאַרכאַפּט דאָס האַרץ. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די יידן גייען צוריק אויפֿשטעלן אַ פאָלק מיט אַזאַ עקשנות׳דיקער ענערגיע ווי אַ שטורעם. אַט באַלד וועלן זיי ווערן איינס פון די מעכטיקסטע פעלקער!

אין יענער צייט האָט ער פאַרלוירן דעם קאָפּ. אַ חרטה האָט פון אים געריסן שטיקער. דאָס פאָלק, פון וועלכן ער האָט זיך באַהאַלטן, האָט אַזויפיל איבערגעליטן. איבער די יאָרן וואָס ער האָט עס פאַרלאָזט, איז ביי יידן געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ליטעראַטור; מיט די מאַגערסטע מיטלען האָבן זיי בליץ־שנעל אויפגעשטעלט אַ גאַנצע קולטור און זיך געריסן אַלץ ווייטער און ווייטער. אפילו אַן אייגן לאַנד האָבן זיי באַוויזן אויסצובויען אין די וויסטענישן! אַ מורא׳דיקער טייפון איז אַדורך איבער זייערע קעפּ, זיי זענען אפילו דערנידעריקט געוואָרן ביז צום טיפסטן — נאָר זע, ווי זייער מענטשלעכער שטאָלץ איז נישט געבויגן!

איבער זיין לאַנד האָבן זיך פאַרבייגעצויגן מחנות אָפּגעבערענטע, ריזיקע בהורים מיט געווער און מונדיר. דעם יידישן צייכן האָבן זיי געטראָגן אויפן אָרעם און ברוסט. דאָס האָבן זיי געקעמפט ווי אַ יידישע בריגאַדע אויף אַלע פראָנטן. יידן זענען אַרויס פון די הייזער און זיי צוגע׳יובל׳ט מיט אַלע כוחות. אַ סאָלדאַט פון פאַלעסטינע איז געווען דער גאַסט פון יעדער הויז און באַיאָרטע מענער האָבן געוויינט ווי קליינע קינדער אין זייער אַנבליק... וויאַזוי איז דאָס באַשאַפן געוואָרן? ער איז געלעגן אין פחד ביי זיך אין שטוב בעת זיי, די קינדער פון די דערשראָקענע יידן, האָבן אַדורכגעמאַכט אַלע שלאַכטן מיטן שונא. וואָס האָט ער מיטגעהאָלפן דערצו? גאַנצע הערואישע עפּאָכעס זענען פאַרבייגעלאָפן נעבן אים... און ער? יידישע ייִנגלעך מיט נאַקעטע פויסטן האָבן צעשמעטערט דייטשע טאַנקן אין וואַרשע; מיידלעך מיטן ברען פון יידישע אויגן אין די וועלדער האָבן אויפגעריסן דייטשע צוגן — און ער איז אין דער זעלבער צייט געשטאַנען אין געשעפט, געגלעטעט די פרוי, געטרונקען טיי און געשריבן חשבונות — — —

אַ נבזה׳דיק געפיל האָט אים אַרומגעכאַפּט צו זיך אַליין. ער איז שוין איינמאָל אַ מענטש מיט קולטור, מיט אייגענער ווערדע... ווי אַ מויז באַהאַלט ער זיך אויס אַ גאַנץ לעבן! איז ער געלאָפן אויף יידישע מיטינגען, אויסגעהערט אַלע פלענער וואָס יידן מאַכן וועגן זייער צוקונפט: אויפסניי בויען... אויפסניי לעבן... אויפסניי באַווייזן זיך מיט דער יידישקייט, צולהכעיס די שונאים! צולהכעיס וועמען? מיינט מען אויך זיין פחדנות דערביי?

ס׳איז ביי אים נאָר געווען אַן עגאָאיסטיש געפיל: ער האָט זיך געשפּירט שרעקלעך שמוציק. האָט ער זיין דאָזיקן ווידערגעפיל צו זיך

אַליין געוואָלט אָפּוואַשן דורכן אַריינקריכן אין זייער באַגייסטערונג, אין זייערע האָפענונגען. ער איז עס אַליין מודה. ער איז געווען באַ־הערשט פון אַ הונגער און ער האָט זיך געוואָלט אָנזעטיקן. דערנאָך וועט ער מיט אַ פולן בויך ווידער קענען קוקן גלייכגילטיק אויפן ברויט און פלייש... וויפיל דאַרף דען אַ מענטש, בכדי ער זאָל ווערן זאַט?

## 14

די פרוי זיינע האָט געמוזט זען די ענדערונג. זי איז געווען, ווי זי אַליין האָט עס ליב געהאַט איבערצו׳חזר׳ן, אַ מענטש אָן פאַראורטיילן. דאָך איז עס איר געוואָרן אומבאַקוועם: אַ מענטש לויפט באָר אַרום גאַנצע טעג און נעכט מיט יידן, רק יידן! זי האָט נישט דאַקעגן. זאָל ער זיך באַפריינדן מיט עטלעכע, זיי אפילו איינלאַדן אין הויז... זיי זענען אויך מענטשן. זי ווייסט עס. אָבער אַזוי צוגעקלעפּט ווערן? וואָס וועלן זאָגן די צוויי ברידער? די קרובים? די שכנים?

הייסע צייטן זענען דאַן געווען. אין אים און נאָך מער אַרום אים. האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט פאַר איר: אייגנטלעך... יאָ, אייגנט־לעך בינדט אים עפּעס מיט זיי. דאָס הייסט: ער אַליין — גאָרנישט... נאָר זיינע עלטערן... וויאַזוי זאָל ער איר עס אָפּטייטשן? זיינע פרי־ערדיקע דורות זענען געווען... זענען געווען... נו, אַז מען האָט מיט־געמאַכט אַזאַ צייט! זאָל זי פאַרשטיין... זאָל זי...

האָט זי שוין אַלץ פאַרשטאַנען אין איין אויגנבליק. צוערשט איז ביי איר דער געדאַנק אָפּגענומען געוואָרן. דערנאָך האָט זי אָנגעהויבן נאָכקלערן און זיך דערמאָנט, וויאַזוי זי האָט שוין לאַנג באַמערקט... ניין, שטענדיק האָט איר דאָס האַרץ געזאָגט... פון דער ערשטער מינוט אָן! זי האָט עס נאָר נישט צוגעלאָזט ביז צו די געדאַנקען... און זי איז געבליבן זיצן ווי אַן אויסגעפּאַטשטע, אַ דערנידעריקטע, אַ פאַרצווייפלטע.

ער איז נאָך אַלץ געבליבן דער מענטש וואָס זוכט רו. ער וויל קיינעם נישט וויי־טאָן. איר זיכער נישט. נאָר אין איר פאַרצווייפלונג האָט ער ערשט דערזען, אַז ער האָט איר אָפּגעטאָן אַ שרעקלעכע זאַך. פאַרוואָס זאָל זי נישט פאַרברעכן מיט די הענט? איז ער צוגעפאַלן צו איר, זי געבעטן מיט טרערן אין די אויגן: וואָס איז דען געשען? איז ער דען מיט עפּעס אַנדערש געוואָרן? זי קען דאָך אים די גאַנצע צייט, טאָ זאָל זי אים זאָגן: מיט וואָס איז ער דאָס ערגער געוואָרן? זי איז דאָך אַזאַ קלוגע!

האָט זי זיך לאַנג געוואָרפן, געזאָגט אַז ער איז אַפילו נישט ווערט מען זאָל אים ענטפערן. אַ קלייניקייט? אַ מענטש נעמט און נאַרט זי אָפּ אַ גאַנץ לעבן... אַ לעבן! פאַרוואָס איז עס איר געקומען? ווען זי

זאָל עס געווען וויסן! זי האָט דאָך געקענט... ווער האָט זיך דען נישט געיאָגט נאָך איר? אַז זי וויל זיך גאָרנישט דערמאָנען, ווייל דאָס האַרץ קען פּלאַצן! נאָר איצט זעט זי ערשט, וויאַזוי זי האָט אָפּגעפּינסטערט אַ לעבן און נאָך דערצו — מיט וועמען...

פון אירע אויגן האָבן זיך געגאָסן קיילעכדיקע פּערעלעך האַס. האָט שוין אויך אים דער צאָרן אַרומגעכאַפּט: זי באַליידיקט אים!? וואָס האָט ער ביי איר צוגענומען? ער האָט דאָך פאַרשוויגן, אויסבאַ־האַלטן, זיך אַליין געפּייניקט — נאָר דערפאַר ווייל ער האָט זי ליב געהאַט, געוואָלט זיין מיט איר... פאַרשטייט זי עס נישט? האָט ער איר געוואָלט זאָגן עפּעס האַרבס, ווייטיקדיקס. זאָל זי וויסן, אַז אויך ער האָט צוליב איר פאַרלוירן אַ וועלט, אַ גאַנצע וועלט וואָס זי קען גאָר נישט באַגרייפן... נאָר וואָס וועט שוין אַרויסקומען פון אַזעלכע טענות? קען מען דען ענדערן די יאָרן, וואָס זענען אַוועקגעפלויגן מיטן ווינט? האָט ער זיך באַהערשט, אַריינגערעדט אין איר, געזוכט איר אַ גלעט צו טאָן, קושן... נאָר זי האָט אים אָפּגעטריבן מיט געוויין: אַוועק! אַוועק פון מיר... אויך פאַר איר איז אָבער שוין צו שפּעט געווען. קיין גרעפּין קען זי שוין מער נישט ווערן. האָט זי נאָר געקענט אויפסניי זיך צעכליפּען און שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אַזוי איז עס. ס'האָט אפילו געהייסן, אַז צוליב אים וואָלט זי דאָ אַ טאָג נישט געבליבן. עס גייט איר אפילו נישט אין יידישקייט. אירע פריינט האָבן קיינמאָל נישט פיינט געהאַט קיין מענטשן צוליב זייער גלויבן... נאָר דאָס באַשווינדלען זי! גאָט, וויאַזוי האָט ער עס געקענט? אָבער — די קינדער! וועלכע קרבנות איז זי דען נישט גרייט צו ברענגען פאַר זייערטוועגן?

ווי געשריגן, וויפל רייד זי האָט עס יענעם אָוונט אויסגערעדט! ערשט נאָך אַלעם האָט ער איר געמוזט צוזאָגן איינס: קיינער וועט דערפון מער נישט וויסן. היטן זאָל ער זיך „דערמיט" מער ווי פריער. איר איז טאַקע אַלצאיינס. עס טוט איר בלויז וויי: וואָס האָט ער זי געהאַט צו גענאַרן? פאַר וועמען האַלט ער זי? ער איז ביי איר אויך אַנדערש נישט געוואָרן. נאָר די משפּחה אירע! זיי וועלן זיכער נעמען קוקן מיט אַנדערע אויגן אויף אים און אפילו אויף די קינדער. זאָל ער זיך אויך דערמאָנען אין די מענטשן, מיט וועלכע ער האַנדלט און וועלכע קענען אים די גאַנצע צייט... וועט ער דען נישט אויסזען ווי אַ לאַנג־יאָריקער שווינדלער?

ער איז די גאַנצע צייט געווען אַ נאָכגיביקער. האָט שוין דאָס באַגייסטערטע פייערל אויך נאָכגעלאָזט: עפּעס האָט ער טאַקע ביי די יידן נישט געפונען וואָס ער זוכט. ער האָט געבענקט — און דאָ האָט ער געפונען צופיל רעש, צופיל אַמפּעריי וואָס קער זיך קיין סך נישט אָן מיט די שטילע חלומות. ער האָט זיך די אַלע פרעמדע יאָרן דער־

בענטערט צו אַ לעגענדע — און דאָ לעבט זי גאָר! זי איז אַ ווירק־לעכקייט אין וועלכער עס קאָכן זיךליידנשאַפטן, אַמביציעס און אויפ־ברויזן. אויסער דעם איז ער שוין נישט קיין יינגעלע. אים איז שוין שווער זיך אַריבערצוּוואַרפן אויף אַן אַנדער שטייגער לעבן, פּונקט ווי אַ קאַץ שפּרינגט אַריבער אַ פּלויט און בלייבט ווידער שטיין אויף די פיס. איז אים סיווי בעסער צו בלייבן פון דערווייטנס און גאַרן נאָך אַ יייִדישקייט, וואָס ער זוכט אין חלום. ווּעמען־זשע איז נויטיק די איבערקערעניש אין זיין קליין וועלטעלע?

האָט ער איר צוגעזאָגט. די פּינקטלעכקייט איז דערביי שוין לאַנג געוואָרן זיין צווייטע נאַטור. ווען ער זאָגט צו — האַלט ער וואָרט.

## 15

אַלץ איז ווידער געוואָרן ווי אַמאָל. נאָר דאָך איז עס מער נישט געווען אַזוי ווי פריער. דער פּחד האָט אַזוי אַרומגענומען זיין פרוי, אַז זי האָט אים געוואָרנט ביי יעדער שריט: דאָ זאָל ער נישט גיין, דאָרט זאָל ער נישט קומען און היינט זאָל ער זיך נישט ווייזן — ווייל...

האָבן די קינדער באַמערקט די אַנדערשקייט. זיי האָבן איינמאָל אויפגעכאַפּט אַ וואָרט, דאָס צווייטע מאָל אַ בליק מיטן אויג — און זיי האָבן פאַרשטאַנען. ביסלעכווייז האָבן זיי אַלץ באַנומען. דערנאָך האָט דאָס ווייב געהאַט אַ שווערע אַרבעט ביים אַרויסקלאַפּן זיי פון קאָפּ דאָס משוגעת: זיי שעמען זיך נישט! אַז מען איז — איז מען. עס מעג אפילו זיין אַ כבוד...

וואָס זי האָט אַלץ אויסגעוויינט, אַז „דאָס" זאָל בלייבן אַ סוד צווישן די פיר ווענט! נאָר אַלץ איז שוין סיווי איבערגעבראָכן געוואָרן. דאָס מיידל איז שוין געווען איבער די צוואַנציק. דער בחור — ביי די ניינצן. דערוואַקסענע מענטשן! האָבן זיי צוליב געטאָן דער מוטער און זיך געהיטן פאַר אַנדערע... נאָר צווישן זיך? וואָס יינגוואַרג קען אַלץ איינפאַלן! זיי האָבן צווישן זיך גענומען רעדן מיט זייער קוים־אויס־געלערנטן יידיש... דאָס האָבן זיי נעבעך געוואָלט איבערשרייען די מורא פאַרן באַליידיקט ווערן אומגעריכטערהייט — און זיך גענומען גרייטן צום אויפנעמען דאָס יידישקייט באַצייטנס.

דאָס גאַנצע לעבן אין שטוב האָט שוין פאַרלוירן דעם טעם און די געלאַסנקייט. זיי האָבן זיך שנעל דערוואוסט פון עטלעכע משפּחות וואָס זענען שוין שטעקן געבליבן אין זייער „אַרישער" הויט, אויך נאָך דער באַפרייאונג. האָבן יענע אָנגעהויבן צו קומען. מען האָט זיך אָפּגעזונ־דערט אין גרויסן סאַלאָן און דאָרט געגריבלט זיך אין דער צעטראָגטע־נער יידישקייט ביז שפּעט אין דער נאַכט. ס'האָט אַזש אָנגענומען אַ רחמנות! נאָר אויסער דער שטוב איז געווען שאַ און שטיל. נישט זיי

האָבן זיך געוויזן אין אַ יידישער געזעלשאַפט און נישט זיי האָבן גע־זוכט אַ קריסטלעכן קרייז... גאָרנישט. זיין אייגענע פרוי איז שוין געוואָרן אומרואיק: וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? דאָס מיידל מוז זיך דאָך אַרויסווייזן, קומען צווישן מענטשן — און די יאָרן גייען! יענע מאַכט זיך אָבער גאָרנישט דערפון. זי זיצט נאָר און אַרבעט איבער זיך, לייענט, שטודירט... זי וועט זיך אויסלערנען, זאָגט זי, אַ סך שפּראַכן און זי וועט אַוועק ווייט, גאָר ווייט פון דאַנעט. נאָר וואוהין, ווייסט זי נאָך אַליין נישט. דער זון ווערט סתם נעלם אויף גאַנצע נעכט און קומט אַהיים אַ טרויעריקער, אַ שווייגעוודיקער ווי די וואַנט... ווייסט שוין דער טאַטע אַליין נישט: וואָס וועט אַרויסקומען פון גאַנצן עסק? ס'איז נישטאָ דער קלוגער, וואָס זאָל עס אים פּאַראויסזאָגן...

אוי, די יידן! זיינע יידישע פריינט האָבן אים אַמאָל געזאָגט, אַז מען דאַרף זיין אַ שוואַכער כאַראַקטער בכדי זיך צו אַסימילירן... אָבער ער איז געקומען צו אַ פאַרקערטן אויספיר: מען דאַרף זיין שטאַרק דערצו! אַ גיבור קען עס בלויז באַווייזן, אַ העלד, אַ שמשון, אַ גאון — — —

## 16

...אויפן הימלס לייב האָבן זיך באַוויזן די ערשטע בלויע צייכנס. דער טאָג האָט גענומען שטעלן זיינע ערשטע, וואַקלדיקע טריט. איך בין נאָך אַלץ געגאַנגען ביי זיין זייט און אים אויסגעהערט. זעט אויס, אַז איך וועל שוין מוזן כאַפּן אַ דרימל אינם צוג קיין פּאַריז. איך וויל נאָר וויסן: פאַרוואָס דערציילט ער עס גראָד מיר, דעם ווילד־פרעמדן? איך האָב געטראַכט: דאָ האָט ער זיך מורא צו פאַרטרויען אפילו דעם אייגענעם שאָטן. האָט ער געכאַפּט אַ מענטש, וואָס וועט אין אַ שעה אַרום אַוועקפירן זיין סוד איבער גרעניצן — און אים וועט דערווייל לייכטער ווערן. ער איז אָבער נאָך אַלץ געשטאַנען און געוואָרט. אויך ער וויל מסתמא הערן אַ וואָרט. קען איך אים מיט עפּעס העלפן? וויל ער מיך עפּעס פרעגן צום סוף?

ער האָט האַסטיק אָפּגעטרייסלט די מידיקייט פון לאַנגן שפּאַציר, זיך אויסגעגלייכט: יאָ, איך וועל עס מאַכן קורץ. כל זמן איך האָב באַהאַלטן דעם סוד פאַר אַלעמען איז מיר לייכטער געווען. מען טאָר נישט און שוין. איצט בין איך אָבער אַ צעריסענער. אין שטוב בין איך פריי, און גאַס אָבער — איינגעשלאָסן. אַזאַ שפּיל קען איך נישט. ווי נאָר איך קום נאָנט צו יידן, מוז איך אָנשטרענגען דאָס אויער. אַליין רעדן טאָר איך נישט, אָבער אַריינציען אין זיך יידישע שמועסן — מוז איך. איך כאַפּ ברעקלעך וואָס פאַלן אַוועק און מוז זיך נאָך היטן, אַז קיינער זאָל נישט זען וויאַזוי איך קלייב זיי... קען מען אַזוי?

איך בין שוין מיד געווען פון דער אינערלעכער איילעניש. עס האָט מיך אויך פאַרדראָסן אויף אַ מענטש, וואָס מאַכט זיך אַליין פּראָב־לעמען און דערנאָך קרעכצט ער. וואָס זענען דאָס פאַר אַ מאַטערנישן? זאָל ער אַראָפּוואַרפן די מאַסקע! ער קען נישט? זאָל ער זיצן אין דערהיים ביי פאַרמאַכטע לאָדנס! קיינער וועט אים נישט העלפן. די אייגענע קינדער וועלן פון אים אַוועק. וואָס מיינט ער? זיי מעגן אים פיינט האָבן אויך: פאַרוואָס מאַכט ער פון זייער פאָטער אַ צערודערטן פּחדן? אָט אַזוי...

ער איז פון די רייד איינגעקאָרטשעט געוואָרן, שווייגנדיק. האָב איך זיך אַליין פאַרשעמט. וואָס האָב איך אים צו פּייניקן? ווי נישטיק ער האָט אָבער אויסגעזען אין זיין איינגעבויגנקייט! פאַרוואָס נישט אַוועקגיין און אים איבערלאָזן? איך מוז נעמען מיין וואַליזע, קויפן אַ בילעט, פאָרן צו דער סטאַציע... וואָס שטיי איך דאָ? וואָס וועל איך נאָך אויסהערן און אויסרעדן? זיין קוק פון אַ געשלאָגענעם האָט מיך אָבער נאָך פאַרהאַלטן. דעם סאַמע עיקר האָט ער מיר נאָך נישט געזאָגט... וואַרט, נאָך עטלעכע געציילטע מינוטן! אָט באַלד...

די לעצטע רייד זיינע האָבן זיך שוין אַריינגעפלאָכטן איינס אין דאָס צווייטע. מיט אָנשטרענגונג האָב איך זיי אַרויסגעקליבן פונם געמיש: איר מיינט אַוודאי, אַז איך בין איינער? איך קום אָפּט קיין פראַנקרייך. האָב איך אין פּאַריז עטלעכע, וואָס לעבן אַזוי געגוי ווי איך. אויך זיי בענקען, דערציילן זיך שטילערהייט מעשה׳ס און רייסן זיך — גאָט ווייסט צו וואָס. ביי דעם בלייבט עס. איר וועט זען, אַז עס וועט נאָך אויסוואַקסן אַ גאַנצער שבט אַזעלכער... וואָס וועט זיין? איר ווייסט נישט? אָבער איך האָב זיך דערקלערט צו אַ פּלאַן: אין פּאַריז קענען מיך ווייניק. מעג איך זיך אַראָפּכאַפּן אַהין און קומען מיט אַן אָפּן פּנים צווישן יידן; אָבער צווישן די אמת׳ע. איך וועל זיך אָנזאַפּן מיט יידישקייט, וויפל עס וועט נאָר אַריין און דערנאָך וועל איך צוריקפאָרן אַ באַרואיקטער, אַן אָנגעזעטיקטער... ווילט איר מיר העלפן? גיט מיר אייער אַדרעס און דאָרט וועט איר מיך פירן צווישן די עכטע יידן. איך וועל זיך אויסשטעלן אַ פּלאַן ווען צו פאָרן קיין אויסלאַנד און דאַן וועל איך שפּירן דעם אמת׳ן טעם... און נאָך עפּעס: מיינע פריינט אין פּאַריז וועל איך געבן די זעלבע עצה. זאָלן זיי זיך אַרויסכאַפּן קיין אַנטווערפּן, קיין לאָנדאָן אָדער גאָר קיין אַמעריקע. זיי קענען דערביי לאַכן פון דער וועלט און הנאה האָבן, ביז זיי וועלן מוזן צוריקפאָרן. און אפשר איז עס אַ פּלאַן אויך פאַר מיינע אייגענע קינדער?

איך האָב זיך שוין געריסן צום האָטעל. זיין דיק, קלעצלדיק הענטל האָט זיך אָבער נאָך אַלץ געקלאַמערט אין מיין האַנט: אַלזאָ? טרעפן מיר זיך אין פּאַריז? אַהאַ... גוט. איך בין די פּינקטלעכקייט אַליין! אַ דאַנק

אייִך, אַ גרויסן דאַנק. פאַרגעסט נישט. דריי אַזייגער נאָכמיטאָג. דינסטיק... אַדיע, אַדיע!

17

נאָך אין צוג האָב איך כמעט ווי פאַרגעסן דעם לאַנגן מאָנאָלאָג, וואָס האָט אַזוי אויסגעמאַטערט. איך האָב בעסער געכאַפּט אַ טרייסלענדיקן דרימל און זיך ערשט דערמאָנט אין אים ווען דער באַשטימטער טאָג איז געקומען. אויך דאָ האָב איך לאַנג נישט געדאַרפט קלערן. ער האָט זיך נישט געוויזן. פאַרוואָס? אפשר האָט ער זיך אַליין דערשראָקן פאַר זיין צוטרוי צו מיר. איך האָב זיך אפילו מער נישט געקענט דערמאָנען זיין אויסזען. וואָלט איך אים נאָכאַמאָל דערקענט? קען זיין, אַז איך אַליין האָב אים אָפּגעשטויסן. פאַרוואָס האָט אַזוי אַ ציטער געטאָן, ווען כ׳האָב אים געפרעגט זיין נאָמען? ער האָט נאָר געוואָלט זאָגן וואָס אים ליגט אויפן האַרצן. איך בין פאַר אים נאָר געווען אַ שטיק חפץ, וואָס טאָר קיין אייגענעם נייגיר נישט אַרויסווייזן. דערפאַר טאָר ער מיך מער נישט זען. אפשר וועט ער זיך גאָר אויסזוכן אַ צווייטן, וואָס וועט זיין טויב און שטום? אויך אין דעם קען איך נישט זיכער זיין. דאַרף מען פאַרגעסן. ווייניק מענטשן טרעפט איר אַן, וואָס בלייבן שפּעטער אין אַ זייט פון אייער זכרון?

די וואָכן זענען דערווייל געלאָפן. איבער פאַריז האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט גאָלדענע טעג. ס׳איז גראָד געווען דער לעצטער טאָג פּסח. איבער די גאַסן האָט זיך געוואַלגערט גאָט׳ס צירונג ביי אַלעמען אונטער די פיס — און דאָך האָט געשוועבט אין דער לופט אַ יידישלעכער טרויער. זאָל עס זיין דערפאַר וואָס היינט איז מען מזכיר נשמות?

איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן צו אַ נאָנטער סינאַגאָגע. פון אינעווייניק האָט מען געהערט דעם אָרגל, באַגלייט פון געמישטע כאָרשטימען. יידישע אָדערלעך וואַרפן זיך נאָך און ציען זיך צום יידישן גאָט׳ס ווינקל פון אַלע זייטן. עס איז דערביי נישט קיין חילוק, אויב דאָס דאָזיקע ווינקל איז אַרומגעהילט מיטן שפּינוועבעכץ, ווי אויפן צעקראָכענעם הויף פון פאַריזער „פּלעצל״ — אָדער עס איז אויסגעפוצט מיט קלויסטערישקייט, אַלטאַרן און מיידל־כאָרן, ווי אויף רי דע קאָפּערניק. איך האָב ליב צוצוזען, וויאַזוי דער יידישער גאָט האָט נאָך אַלץ נישט אַרויסגענומען זיין טראָן פון יידישע הערצער...

און אַ שוואַכקייט האָב איך דערביי: איך קוק אַלעמען אין די פּנים׳ער. איך טראַכט גאָרנישט דערביי — און דאָך וויל איך פון זיי אַראָפּלייענען וואָס עס ברענגט זיי אַהער. מיר דוכט זיך אַלץ, אַז יעדער איינער האָט אַ באַזונדער וועג צו דער זעלבער טיר. אַ פּריוואַטע לוקסוס־מאַשין האָט אַ רויש געטאָן גראָד ביי מיין אויער. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און פון איר האָט זיך אַרויסגעלאָזט אַ דיק, מיטלוואוקסיק

מענטשל. ער האָט מיט האַסטיקע טריט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער סינאַגאָגע.

איז אין דעם פאַראַן עפּעס אויסערגעוויינלעכס? ניין. אין מיינע מחשבות האָב איך מיט אים קיין שום שייכות נישט. בלויז דאָס אויג האָט זיך גאַנץ באַזונדערע זכרונות און קוקט אים נאָך. דאָס אויג מיינס קען דעם גאַנג, די טריט... וואו האָב איך אים דען געזען? ער האָט זיך שנעל פאַרבייגעשאַרט, מיט אַ שאַרפן אויסשפּירן דעם וועג, ווי אַ געהיימער פאַרשווערער. דאָס פּנים האָט ער געהאַלטן אַרונטערגעלאָזט און דער שוואַרצער צילענדער האָט צוגעדעקט אַ האַלבן שטערן. איך וואָלט געשוואוירן, אַז ער האָט אין מיר איילעווודיק אַריינגעקוקט!

די סינאַגאָגע איז פול געווען ביז דער גאַס אַרויס. איך האָב זיך אַדורכגעשפּאַרט דעם וועג און אים אָנגעיאָגט. איז עס ער אָדער נישט? ער האָט אָבער מורא געהאַט אויסצודרייען דעם קאָפּ צו דער טיר. האָב איך זיך אַרויפגערוקט העכער און געקוקט אויף אים פון דער זייט. ער האָט עפּעס איינגערוימט דעם סינאַגאָגע־לאָקיי און יענער האָט אים צוגעבראַכט אַ טלית, וואָס איז גאַרנישט ענלעך צו די אַקסל־טליתים׳לעך. יענע ווערן פאַרוואַרפן אַרום דעם האַלדז ווי אַ שאַלעכל; אָבער דער איז אַ לאַנגער, אַ ברייטער — פאַרוועבט מיט שוואַרץ־ווייסע פּאַסמעס ווי אַ קאָלאָמייער מתנה פאַר אַ גאַליצישן חופּה־בחור. ביי דעם מענטש האָט דער טלית געציטערט אין די הענט. ער האָט זיך גענומען אַרומקוקן אומבאַהאָלפן אין אַלע זייטן. פּלוצים האָבן זיך זיינע אויגן אָנגעשטויסן אין מיינע... אַ מינוט בלויז.

פון גרויס איבעראַשונג האָב איך אים נישט געקענט זען ווי געהעריק, נישט געקענט אויפכאַפּן, אויב זיין בליק איז אַזוי מילד און נידערשלאָגן ווי געווען. ער האָט שנעל פאַרוואַרפן דעם טלית איבערן קאָפּ און זיך אַרויפגעלאָזט העכער, זוכן אַ ניי אָרט צום שטיין... פּונקט ווי עס וואָלט נישט געווען קיין געצוימטער טעמפּל, וואו אַלץ איז שטייף און טויט־רואיק, נאָר אַ פּאָליש ערגעץ אין אַ קליין, ווייס־רוסיש שטעטעלע... ענדלעך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיטן טלית איבערן קאָפּ און מער קיין ריר נישט געטאָן מיטן מינדסטן אבר. איך האָב זיך זינלאָז גע׳עקשנ׳ט פאַר זיך אַליין: כ׳וועל אים זען... כ׳מוז אים זען. איז עס טאַקע ער?

עפּעס אַ האַנט האָט מיך אַ צי געטאָן. ס׳איז געווען מיינס אַ פריינט, וואָס האָט זיך נישט געקענט אָפּוואונדערן: וואָס זעסטו דען דאָ? קום בעסער אין אַ וואַרעם, יידיש אָרט, וואו דער זכר פון דער אַלטער היים איז נאָך נישט אָפּגעווישט געוואָרן... קום!

איך האָב דאָ אָבער עפּעס געזען און כ׳ווייס נאָך אַלץ נישט, אויב איך האָב עס טאַקע געזען. מיין חבר האָט מיך געצויגן און איך בין געגאַנגען. נאָר ווען ער האָט נישט אויפגעהערט צו ברומען, אַז דאָ

זעט מען לגמרי גאָרנישט, האָב איך אים געוואָלט עפּעס אָפּענטפערן. נאָר דערצו האָב איך געמוזט נאָכאַמאָל וואַרפן דעם בליק אַהין, אין יענער זייט אַריין. דער פרעמדער איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַרהילט אין זיין טלית און איך האָב נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. פאַרהילט ער דאָרט זיך אַליין, זיינע צעטרייסלטע קינדער, זיין גאַנצע וועלט? אָדער אפשר שטייט דאָרט קיינער נישט, ממש קיינער נישט?

אין דער לעצטער מינוט האָט זיך דאָרט אַ טרייסל געטאָן. פון ווי־ווייט האָט אַ בליק זיך גנבה׳ש געטראָגן צו דער טיר, אַנגעשטויסן זיך אין מיין אויג און איך האָב געפילט אַ שאַרף געשריי, אַ פאַר־צווייפלט געבעט... מיינט ער מיך? ציטערט ער? דער קאָפּ איז ווידער פאַרשוואונדן אונטער דער ברייטער עטרה. ניין, איך האָב גאָרנישט וואָס צו ענטפערן. ס׳איז באמת נישטאָ וואָס צו זען דאָ... קום, לאָמיר גיין...

האָב איך טאַקע גאָרנישט געזען אין יענעם גאָלדענעם פּסח־טאָג, אויפן שפּיץ פון דער מתפללים־רייע אין דער פאַריזער סינאַגאָגע?

פאַריז, 1946

# שמחה שרייער׳ס וועלט גייט נישט אונטער

1.

עס האָט אויסגעזעען אַזויווי די גאַנצע וועלט איז דאָ ברוגז׳ערהייט איינגעשלאָפן. בלויז איין ווייבעריש קול האָט געפּרואווט אויפרודערן די שטילקייט און קלאָגן זיך, אַז דאָס גאַנצע געשעפט וועט נאָך חרוב ווערן. אָבער אויך די פּאַרוויינטע פּרוי האָט זיך אין עפּעס דערמאָנט און דערשראָקן אָפּגעהאַקט. איז אָנגעפאַלן אַ פּחד: שוין דעם דריטן טאָג האָט איר צעוואָקסענער שותּף נישט אַרויסגעשטעלט זיין פּוס פונעם רעסטאָראַן. ער איז בלויז געלעגן אויף דער האַרטער באַנק ביים בופעט און געכראָפּעט. טאָמער ער האָט זיך איבערגעוועקט, האָט ער נאָר געדענקט אין דער פלאַש מיט קאָניאַק. דערנאָך האָט ער אַזוי לאַנג געזופּט, ביז די הענט זיינען אים אַראָפּגעפאַלן ווי צוויי טויטע פליגל. ער האָט אפילו נישט געוואָלט זען דאָס אייגענע ווייב, וואָס איז אַהער אָנגעפלויגן אַ צעפּאַטלטע. דער גרויסער בויך איז אים מיטאַמאָל איינגעפאַלן און פון פּנים האָבן גענומען אַראָפּהענגען שוואַרץ־רויטע און האַריקע טאָרבעס הויט. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געליגן איינגעקנורעט אין עפּעס אַ ווילדער הייל. בלויז פון ליימענעם שלאָף אַרויס האָט ער געשריגן און געקרעכצט ווי פּאַר גסיסה.

די פּאָר קאָרטן־שפּילער פון דער קנייפּע זיינען איצט געזעסן שטיל און פאַרגאַפט. מען האָט קוים געקענט הערן דעם דינעם שאָרך פון זייערע פינגער. זיי האָבן געמוזט האַלטן ס׳מויל, די חברה, ווי נאָר דער טומל האָט זיך גענומען רייסן ביי איינעם פון דער צונג, האָט עפּעס בייז אַ הילך געטאָן מיט אַ האַרטן זעץ אין דרערד. עט־לעכע פון זיי איז טאַקע נמאָס געוואָרן דאָס שפּיל. ס׳איז דען אַ תּכלית? איז אויך נישט קיין וואונדער, וואָס די עלטערע שותּפטע האָט פון זיך געריסן שטיקער. איר טאָכטער, דאָס דאַמעלע מיט די רויט־פאַרנאַשטע ליפּן, האָט שוין דווקא אַלץ אויסגעפּרואווט. זי האָט אַרומגענומען שמחהן, געגלעט אים איבער די שיטערע האָר און געוואָלט באַווייזן, אַז מיט קונים דאַרף מען אַנדערש אומגיין. נאָר פון זיין ערשטן ברום האָט זי פאַרלוירן דאָס לשון. ער האָט

אויף איר אָנגעיאָגט אַ גאַנצן וואָלקן מיט פאַרברענטן אָטעם: גייען זיי צו אַלדע שוואַרצע יאָר! דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט, צולהכעיס אויסגעלאָשן דאָס ליכט און זיך צעברילט: אַרויס!! כ׳זאָל מער אייערע טריפה׳נע צורות נישט אָנזען... איז אויס מיט די חכמות.

די פּאָר גוטע ברידער וואָלטן זיך שוין לאַנג צעלאָפן. נאָר דאָס שיינע דאַמעלע האָט זיי צוגעהאַלטן מיט אַלע כוחות. טאָ גיי, האָב אַ האַרץ און לאָז זי איבער. איר מוטער האָט שוין אַוועקגעקוקט, ווען עמעצער האָט אויף איר געלייגט אַ האַנט און זי אַליין האָט מער נישט געקאַרגט די הייסע ליפּן פאַר די האַרט־האַריקע פּנימער. אַלע האָבן געוואוסט, וואָס דאָ טוט זיך אַזוינס נאָר עס מורא געהאַט צו ברענגען אויף די ליפּן... און אַז זי בעט זיך אַזוי, איז שמחה סוף כל סוף אַן אייגענער. מוז מען וואַרטן ביז דאָס משוגעת וועט אים איבערגיין. נאָר צום בופעט איז נישט געווען צוצוטרעטן. דאָס דאַמעלע האָט געמוזט אַוועק׳גנב׳ענען די קאָניאַק־גלעזלעך מיט די שפּיץ־פינגער און די קאַווע האָט זי געקאָכט ווי אין זייד. די טעפּ זיינען געווען צוגעדעקט מיט אַ שווייגעניש און די קעכין האָט טאַקע באַקלאָגט איר מזל: אויף מיינע שונאים! שטיי אין אַזאַ גיהנום און האַלט נאָך פאַרמאַכט דאָס שלעסל! האָט זיך שוין די אַלטע אין עפּעס דערמאָנט: שמחה, אפשר זאָל איך גאָר אויפהענגען אַ שלאָס אויף דער טיר? נאָר דאַסמאָל האָט ער גראָד אָפּגעענטפערט: גיי און ווער ראָד־געבראָכן! וואָס פרעגסטו? האָט זי זיך בלויז געקענט צעיאַכמערן אויף דער טאָכטער: עס וועט פון אַלעמען ווערן אַ תל עולם... וועסט שוין זען! גלייך ווי יענע וואָלט דאָ געקענט העלפן נאָר זי וויל נישט.

.2

אָנגעהויבן האָט זיך עס דווקא פריילעך. שמחהס רעסטאָראַן האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו ווערן געפּאַקט, קאָפּ אויף קאָפּ. קיין פּאַריז זיינען אָנגעפאָרן גאַנצע מחנות ייִנגעלייט און געחלשט נאָך אַ לייטיש קאָפּ עסן. טייל פון זיי זיינען באַלד געוואָרן גאַנצע פּאַרדינער, נאָר עס האָט זיי געשמעקט דאָס ביסל היימישקייט. זיינען זיי זיך פאַרזעסן אַביסל לענגער, געשפּילט אַ שאַך און אַפילו געכאַפּט אַ טענצל צווישן די טישן. ביסלעכווייז האָבן זיי אַריינגעצויגן אַהער עטלעכע באַלע־באַטישע מיידלעך, וואָס נעמען זיך שדכנען. די ערשטע צייטן האָט עס שמחהן געהויבן פון אָרט: ער האָט נישט געמאַכט קיין שידוכים־קלוב... באַצאָלט און געגאַנגען! נאָר עפּעס האָט אים אָפּגעהאַלטן. ער האָט שוין באַמערקט, ווי טייל יאַטן צעלייגן זיך מיט בלעטער אין פאַרשידענע לשונות און אַנדערע שלעפּן פּעק מיט ביכער. שמעקט

עס שוין מיט אַן איידעלען ריח און ער האָט מוראָ געהאַט זיך אַריינ־צומישן מיט זיין גראָבן קול. אויך דאָס בלאָסע בחורל, פאַר וועלכן שמחה איז שוין לאַנג געווען די כפרה, האָט געגומען פאַרזיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט. האָט שמחה אַליין שוין אויך צוגעלייגט אַן אויער: זיי שמועסן פון תורה־זאַכן, אַזויווי דאָ וואָלט געווען אַהרן סאַרדינערס שול. מילאָ, וואָס זיי גייען דערביי אַן היטלען? דערויף איז עס פּאַריז. סיווי האָט עס אים הנאה געטאָן און ער איז שוין צוגעזאָטן געוואָרן צו דער חברה.

דערנאָך האָט פּאַסירט אַן אויסטערלישע זאַך: ווען זיין טעכ־טערל האָט איינמאָל אַריינגעשטעקט דאָס נעזל, האָט זי שמחה מער נישט געטריבן. אַדרבאָ, ער האָט זי גאָר פאַרהאַלטן מיט ליבן ירגזון: וואָס שטעקסטו אַריין די מאַסקע און לויפסט? עס שטייט דיר נישט אָן דעם טאַטנס יחוס? האָט מען פאַרשטאַנען, אַז ביי שמחהן פּלאָנטערט זיך עפּעס אין קאָפּ. ווען נישט, וואָלט ער דאָ נישט געלאָזט אַרומ־הוליען אַזעלכע שמיגעגעס. עס האָט זיך אויך געלייגט אויפן שכל: אַ גראָבע פעל — ציט אים צו יחוס, צו שמינטעליגענץ. זעט אויס, אַז ער האָט חשק צו פאַרהוידען זיין רעזשינען צו איינעם פון דער חברה. דערפאַר שמעלצט ער זיך פון נחת, וואָס זי קומט אַהער כמעט יעדן אָוונט און די האָלאַדריגעס טאַנצן אַרום איר. די ייִנגען ביים קאָרטן־טיש האָט עס טאַקע לייטיש פאַרדראָסן, נאָר שמחהן וועט קיינער נישט זאָגן קיין דיעות. זיי האָבן בלויז געקענט חוזקן שטילערהייט: געטץ נאָר אַ קוק אין אירע שליפּיעס, וועט עטץ זען אַז דאָס איז בלאַט ווי די קאָרט. ווי קומט דער קליינער פלוישער צו איר? נאָר שמחה גיסט שוין אין יענעם דאָס שמאַלץ, אַזויווי עס וואָלט געהאַלטן פאַר תנאים. ער חלומט פון אַ גדולה אין בויך — זאָל אים וואויל באַקומען!

וואָס אַן אמת, האָבן אים באַלד נישט געפעלט קיין דאגות. עפּעס האָט נישט אויסגעזען, אַז יענע חברה־לייט זאָלן אַרבעטן ווי מענטשן. באַלד פרימאָרגנס זיינען זיי געקומען כאַפּן אַ קאַווע און זיך פאַרזעסן ביז עלף. מיטאָג האָט ביי זיי פאַרנומען עטלעכע שעה און ביינאַכט האָבן זיי אָפּגעשמועסט ביז אַזייגער צוויי. קיין געלט האָט זיי ווייזט אויס נישט געפעלט, אָבער ער האָט נישט געקענט דערגייך פון וואַנעט זיי האָבן עס. מען האָט אויך נישט געקענט וויסן געגוי, פון וואַנעט זיי קומען און ווער זיי זיינען. אָבער קריכן זיי אין גרגרת האָט ער נישט געוואָלט. טיילמאָל בלויז, ווען ער האָט זיך צוגעזעצט און געוואָלט כאַפּן אַ וואָרט, האָבן זיי געגומען מאָלן שנעל־שנעל — און אויף העברעאיש. נו, ייִנגלעך וואָס רייבן אַזוי געביפּט לשון־קודש וועלן זיך מיט קיין גניבות נישט אָפּגעבן. נאָר עס האָט אים פאַר־דראָסן: וואָסי, מאַמע־לשון איז אַ ממזר? און פאַר אים דאַרף מען זיך

נישט היטן! יענע האָבן זיך אָבער צעלאַכט: זאָרגץ נישט, רב שמחה, מיר וועלן אייערס נישט פאַרקויפן! האָט ער שוין אויך צוגעשמייכלט. נאָר אין די געדערים האָט עס פאָרט אַ דריי געטאָן: ווען שטעלן זיי אויס צום נאַר?

אויך דאָס בלייכע יאַטל, מיט די איידעלע ליפּן, האָט אים נישט איינמאָל אַרויסגעפירט פון געדולד. דוכט זיך: אַ געלערנטער און שטיל ווי אַ קעצל. אָבער קיין טאָלק וועסטו ביי אים נישט דערגיין: ווער איז ער? וואָס טוט ער? קען מען דען לעבן פון בלויזע ביכער? מילא, שמחה וואָלט שוין אויף גאָרנישט געקוקט. ער וועט זיך דאָ זיכער נישט אָפּנאַרן. הלוואַי וויל נאָר יענער — וואָלט ער אים געבלאָזן די טריט, אַ האַלבע פאַבריק אים אָפּגעשריבן... שפּעטער וואָלט מען שוין געוואוסט וואָס, ווער און ווען. האָט אָבער דער לאַפּיטוט אַפילו קיין בליק נישט געטאָן אויף רעזשינען. עטלעכע מאָל האָט שמחה געפּועלט, אַז זי זאָל אים צוטראָגן דאָס עסן. נאָר יענער מישט די בלעטער, אַפילו ווען ער טראָגט צו דעם לעפל צום מויל און ווייסט נישט ווער עס האָט אים געשלייערט. וואָסזשע טויג עס? ביי שמחה׳ן איז נישטאָ קיין קונצן. ווען דאָס זאָל זיין אַן אייגענער — גייט מען צו, מען טאַפּט דעם וואָגן אָדער מען פרעגט טאַקע אָפּן: האַלסט דערביי אָדער נישט? איז עס אָבער אַ יינגל אויף וועלכן דו טאָרסט זיך רעכט נישט פאַרגינען צו קוקן. טאָ גיי און האַלט עס אויס!

זי אַליין האָט עס דווקא נישט אַזוי שטאַרק געאַרט. וואָס ווייסט אַ קאַלב דעם חילוק צווישן אשר יצר און יקום פורקן? נאָר אים האָט עס געוואָרפן אין דער זיבעטער נכפה: וואָס בלאָזט ער זיך, ער האָט שוין געזען שענערס? ביי שמחהן וואָלט מען געפּועלט, אַז ער זאָל אים אַראָפּטראַסקען פון אַלע טרעפּ: האַלסט נישט דערביי — טאָ שפּיל נישט אויף די נערוון! איז דאָך אָבער אַ מענטש אַ בהמה — מיינט ער: אפשר... טאָמער! דערצו האָט דער קליינער אַ טריפה׳נע גבורה און די יינגען קלעפּן צו אים. ווי נאָר ער וועט לייגן אַ האַנט אויף יענעם, וועלן אַלע מאַכן פליטה. דאָס איז שוין אַ שאָד. צווישן זיי זיינען פאַראַן עטלעכע, מיט וועמען מען קען זיך אויך נישט פאַרפּאַטשקען דעם יחוס. אין ערגסטן פאַל, האָט זי אַליין שוין געוואָרפן אַן אויג אויף איינעם. אַ צוויי־דריי מאָל האָבן זיי זיך שוין אַדורכגעדרייט איבערן זאַל אין אַ שטיקל טאַנץ און יענער האָט זי באַשמעקט מיט נאַשערישע אויגן. טאַקע גאָרנישט, אָבער קיין רעש דאַרף מען נישט אָנמאַכן. אַבי צו קיין שייגעץ וועט זי שוין נישט אַריינפאַלן. סיידוי קען ער נאָר מאַכן פון זיך ס׳לייטישע געלעכטער: עמעצער האָט מיט אים אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט? דאַרף מען לאָזן גיין ווי עס גייט — און האַלטן אַן אויג.

3.

די חברה האָבן דאָ געטאָגט און גענעכטיקט, אָבער שמחה האָט באַמערקט נאָך אַ זאַך: טיילמאָל איז פאַרשוואונדן איינער, אַ צווייטער — אַזויווי מיטן ווינט. דערנאָך האָבן זיי זיך ווידער באַוויזן, ווי קיינמאָל גאָרנישט. שמחה'ן האָט בעיקר געפעלט דער קליינער, כאָטש ער האָט אים נישט איינמאָל געוואָלט אויסמעסטן די באַקן. וואָס זיינען דאָס פאַר אַ געשעפטן? פאַרקערט, ווען זיי קומען אַרויס מיט לשון, האָט ער אַן אָפענע האַנט. טאָמער פירן זיי גרויסע מסחרים, דאַרפן זיי זיכער אַמאָל האָבן די פּאָר זבובים — וואָס־זשע איז דער סוד? אַפילו אַן עצה קען מען ביי אים פרעגן. סוף־כל־סוף זיינען זיי דאָ פרעמדע. אָבער פאַר שמחה'ן האָבן זיך אַלע מיילער געשלאָסן. אַפילו אירער, דער ייִנג מיט די העלע וואָנסעס וואָס וויל זיך ביי אים איינקויפן, האָט אויך געדרייט מיט דער צונג: בע־מע, געפּאָרן דערליידיקן עפּעס... זען אַ שוועסטער! נאָר שמחה קען זיך אויף בלאָטע זאַכן. דערצו האָט ער נאָך דערקנאָסט, ווי איינער ציט אַמאָל אַרויס אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט און באַווייזט זיינע חברה דעם פרישן סטעמפּל. יענע האָבן זיך דערנאָך גניבה'ש איבערגעוואונקען און געלאָזט זיך צו די טרעפּ... וואָס טוט זיך דאָ?

קיינער פון דער קנייפּע האָט עס רעכט נישט באַמערקט, נאָר שמחה האָט געהאַלטן חשבון. האָט ער שוין אויך דערשנאַפּט, אַז זייער גאַנץ לשון קודש איז פול מיט ווערטלעך, וואָס משה רבינו האָט זיכער נישט פאַרשריבן אין דער תורה. אויב דאָס איז ווייניק, האָט אים נאָך די קעכין מיט די גרויסע אויגן איינמאָל אַוועקגערופן אין אַ ווינקל. זי האָט קוים אַרויסגעסאַפּעט מיט אַ האַלב מויל: בעל־הבית־לעבן... ווי איז מיר! די גאַנצע חברה געפעלט מיר נישט. געדענקט וואָס אַ יידענע זאָגט אייך: ס'זאָל זיך נאָר אויסלאָזן צום גוטן... די ערשטע מינוט האָט ער איר געוואָלט אויספליאַסקען די גראָבע צורה: וואָס ווייסט אַ קאָזע פון סליחות? זאָל זי זיך בעסער מישן צו אירע טעפּ. עפּעס האָבן די פיש לעצטנס דעם טעם פון חרוסת. אָבער זי האָט זיך געשוואוירן ביי די אייניקלעך און גע־ווישט די אויגן: אַז וואָס רעדט איר, בעל־הבית טייערער... איך האָב אַליין געהערט!

און פון דעם וואָס זי האָט געהערט, האָט מען געקענט משוגע ווערן. זעט אויס, אַז זיי פאַרנעמען זיך מיט דער אמת'ער פרנסה. ווען זיי זיינען צווישן זיך אַליין, שמועסט מען וועגן איינגעקויפטע ביקסן, רעוואָלווערן און גראַנאַטן. עפּעס האָבן זיי עסקים מיט פינסטערע שיפן ביי ווייטע האַפנס. זיי זוכן דאָ אַרום אַ סחורה, וואָס פּאָליציי טאָר פאַר די אויגן נישט אָנזען און מען שלעפּט זי אַרויס פון באַהאַלטענע קעלערס אין די פאַרטאָגן... אַזוי די מעשה?

אַזעלכע זאַכן קענען לאַנג קיין סוד נישט בלייבן. איז נאָר געבוג מען זאָל אָנווייזן, וואו די חברה האָט זייער גניאַזדע. מער פעלט אים נישט! אַזעלכע לאַכודרעס...

אַז שמחה האָט נישט געקריגן די פּאָפּלעקסיע אויפן אָרט, איז ער טאַקע פון אייזן. נאָר צופיל פלוישן האָט ער אויך נישט געוואָלט. קודם כל — אפשר מאַכט די יידענע אַ טעות. וואָס פאַרשטייט זי? זי האָט געכאַפּט אַ וואָרט און מאַכט דערפון אַ גלאָק. אפשר האָבן זיי זיך געוויצלט? און טאָמער זיינען עס גאָר שמירער אין די בלעטער, וואָס טראַכטן אויס אויפן בוידעם אַ יריד? אמת'ע חברה־לייט וועלן זיך נישט אַוועקזעצן שמועסן תכלית, ווען אַ קעכין קען זיך אונטערהערן. באַלד אָבער האָט אים אַ ברען געטאָן: רעזשין! עפּעס האָט זי זיך שוין צופיל אויסגעמישט מיט דער כאַ־ליאַסטרע און טאָמער עפּעס — מעג ער זיך אָנטאָן אַ מעשה. דאָס האָט אים אַזוי צעבייצט, אַז ער האָט מער נישט געקענט איינזיצן אין רעסטאָראַן. נאָך לאַנגע יאָרן איז ער דאָס ערשטע מאָל אַריינגעפאַלן צו זיך אין שטוב אַריין מיטאָג־צייט. דאָס ווייב האָט זיך שטאַרק דערשראָקן: וואָס עפּעס, שמחה? נאָר ער האָט צו איר קיין געדולד נישט געהאַט. אָן אַ וואָרט האָט ער זיך אַריינ־געריסן צו דער טאָכטער אין צימער. הלמאי לייקענען? זינט זי האָט זיך באַקענט מיט די לצים איז זי געוואָרן אַ גאַנצער מענטש. אין דרויסן האָט די זון געצויגן ווי אַ מאַגנעט, אָבער זי איז גאָר געזעסן איבער די ביכער... שטודירט! נאָר דאָסמאָל האָט ער קיין נחת נישט געקענט האָבן דערפון. די גאַנצע רציחה איז אים מיט־אַמאָל געקומען אין קאָפּ: דאָ איז ער ביי זיך און דאַרף נאָך קיינעם נישט פרעגן! מיט איין ראַזמאַך האָט ער צעשליידערט די פּאַפּירן, אַרויסגעריסן דאָס בוך און איר האָט ער באַלד אַראָפּגעלאָזט אַ פלעם: איצט זיצט זי דאָ! וואו ביזטו געווען נעכטן ביינאַכט?

אים איז פּלוצים קלאָר געוואָרן, אַז טאָמער עפּעס — ווייסט זי עס, נאָר מאַכט אַ שווייג. קומט עס איר! בשעת מעשה האָט ער זיך אַפילו געריכט אויף אַ גאַנצן אַליאַרם: שמחה'ס טאָכטער — און אַזאַ מתנת־יד! דאָ איז נישט גריצע נאָר פּאַריז און אַ מיידל איז נישט קיין לעמעשקע. אָבער זי האָט זיך בלויז געלאָסן אויפגעהויבן פון אָרט און אים אַריינגעקוקט אין די אויגן: כ'האָב שפּאַצירט מיט זאַב'ן. עס האָט אים אויסגעזען, אַז אירע געשלאָגענע ליפּן לאַכן פון אים: וואָס קאָכט ער זיך אַזוי? נו, דאָס האָט ביי איר געדאַרפט טרעפן מיט אַ יאָר צוריק! נאָר אים איז דווקא נישט געפעלן איר ראַפּטום'דיקער דרך־ארץ פאַרן טאַטן: ווי געלאָסן זי ענטפערט אים אָפּ! דאָס איז אַ סימן, אַז די הויט ציטערט אויף איר. האָט אים שוין געוואָרפן הייזער־הויך: וואו איז ער איצט, דיין זאַב?

איך מוז אים זען... אָבער באַלד! איז זי נישט נתפעל געוואָרן: נישט מעגלעך היינט, פּאַפּאַ... ער איז פּאַרטאָג אָפּגעפאָרן קיין מאַרסיי אויף אַ גאַנצער וואָך. די בלוטן זיינען אים אַזש געזעצט געוואָרן: מאַרסיי! ער האָט טאַקע גאָרנישט געוואוסט, אָבער דער קעכינס ווערטער האָבן גענומען טאַנצן אין דער לופט: שיפן, ביקסן, פּאָליציי — און מאַרסיי! האָט ער שוין איינגעקלאַמערט איר זיידן הענטל אין זיין גרויסער לאַפּע: דו ווייסט, מיט וואָס ער גיט זיך אָפּ? האָט זי שוין פאַרגעסן אינעם פּאַטש און אים אַריינגעלאַכט אין פּנים אַריין: אַפילו ווען כ'ווייס, וועל איך דיר נישט זאָגן. דאָ האָט ער זיך שוין צעבושעוועט: כ'וועל דיך ממיתן, אויב דו וועסט נאָך איינמאָל אַריינשטעלן אַ פוס אין דער בודע... אָבער אויך דאָ האָט ביי איר אויפגעוואַכט די אַלטע חוצפה: אַז כ'וועל ביי דיר פרעגן, פּאַפּאַ...

ווען ער לויפט נישט אַרויס באַצייטנס, וואָלט זיכער געקומען צו אַן אומגליק. צו שמחה'ן רעדט מען נישט אַזוי — בפרט אַן אייגענע ראָצערין. נאָר צוריקגעשמועסט: וואָס איז זי שולדיק? ער האָט זי דאָך געשלעפּט, געוואָלט זי זאָל זיך פאַרהיימישן מיט דער חברה. וואָסזשע שפּרינגט ער פון דער הויט? מילא, קיין קלעפּ קענען שוין דאָ נישט העלפן. נאָר אין רעסטאָראַן האָט ער אָנגע־מאַכט אַ חורבן. ער איז אַרויף אין דער הויך, געכאַפּט ביים קאָלנער איינעם נאָכן אַנדערן און אַראָפּגעזעגעט פון די טרעפּ. טייל פון זיי זיינען אויך נישט קיין מלופים־קינדער. אָבער זיי האָבן זיך נישט אָפּגעווערט, נישט געפּרואווט אַפילו הויבן אַ האַנט, זיך פאַר־ענטפערן. דער אמת'ער סימן! שמחה האָט בשעת מעשה געפילט, אַז זיינע אייגענע לאַפּיטוטן האָבן דערפון נישט ווייניק הנאה. זיי האָבן איצט די אמתע נקמה אין אים: יחוס האָט זיך אים געגלוסט! נאָר שפּעטער איז דאָ געוואָרן שטיל ווי אין אַ קבר. אַפילו טייל אַלטע שטאַם־געסט האָבן גענומען אויסמיידן דאָס פּלאַץ, געמיינט אַז ער איז אַראָפּ פון זינען. וואָס האָט ער זיך פריער מיט יענע אַזוי גע־צאַצקעט און דערנאָך זיי שיעור געדורסט? דאַרף מען אים וויכן פון אַ מייל. די צרה איז געווען, וואָס ער האָט זיך אַפילו נישט געקענט פאַרענטפערן, דערציילן וואָס ער ווייסט. קיין מסור ביי זיינע יאָרן וויל ער נישט ווערן — און מענטשנס פּיסקעס קענען נאָך אָנשלאָגן דער רוח ווייסט וואו. האָט ער אַלעמען אין ויאמר. אַבי ער איז פון זיי פּטור געוואָרן!

4.

נאָר פון דער טאָכטער האָבן זיך אָנגעהויבן די אמת'ע יסורים, וואָס מיט דער גאַנצער חברה איז געוואָרן, האָט ער נישט געקענט

וויסן. עמעצער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געזען דעם קליינעם זיך דרייען צווישן די חברה־לייט, וואָס פאָרן איבער די שטעט איינקויפן מעטאַלן און אַלטע אייזנס. נו, יענע זיינען די אמת'ע צדיקים און ס'איז גלייכער אַז מען פרעגט נישט צופיל. נאָר ער האָט נישט געקענט וויסן, אויב זיין רעזשין זעט זיך נאָך מיט עמעצן פון זיי אָדער נישט. צובינדן זי צו דער שטוב איז נישט געווען פאַר זיינע כוחות. איינמאָל ביינאַכט האָט זיין ווייב באַמערקט, ווי יענע פּאַקט די זאַכן. טאַקע נאָר אַ שטיף־מאַמע, אָבער זי האָט שיעור נישט געחלשט: וואָס הייסט? וואוהין? נאָר די מויד האָט זיך געוואָרפן ווי אין פיבער: זי וועט אַנטלויפן! איז אים שוין געוואָרן פּאַסקודנע, בפרט נאָך ווען דער בן־יחיד האָט אים אויך אויפגעהערט צו זאָגן גוט מאָרגן. וואָס איז זיין עסק? ער האָט זיך נישט געפילט שולדיק. אדרבאָ, ער האָט נאָר געוואָלט פאַרהיטן פון אַן אומגליק. אָבער ער האָט דאָ געמוזט פאַרקאָכן די אמת'ע קאַשע און ווייסט אַליין נישט. האָט ער זיך בלויז געקענט מאַכן האַרץ: נישקשה, עס וועט זיי איבערגיין.

בלויז אין די אָוונטן, ווען די שטאָם־געסט האָבן אָפּגעגעסן און אַוועק, האָט אים שוין עפּעס געפעלט. מיט די קאָרטן־שפּילער פון דער אונטערשטער קנייפּע האָט ער קיינמאָל קיין גרויסע מחזקות נישט געמאַכט. איז ער אַרויפגעקראָכן אין דער הויך, געשמאָדערט מיט די אויגן אין אַלע ווינקעלעך און אַראָפּגעקומען ווי אַן אָפּגעשמיסענער. אַזאַ שוטה ווי ער האָט גאָר גענומען בענקען. זאָלסט כאָטש זאָגן: נאָך וועמען?! נאָר שמחה האָט שוין איבערגעלעבט ערגערע זאַכן און — נישט ביי זייער לעבן! איז אָבער געווען אַ רחמנות אויף דער מויד. זי איז אַרומגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און שטיל ווי אַ טויב. דאָס האָט אים אויך פאַרדראָסן: ער איז פאָרט אַ טאַטע. ווען זי זאָל האָבן אַביסל שכל, וואָלט זי געמעגט אים פאַרגינען דאָס איינציקע — צוקומען און זיך אָפּרעדן דאָס האַרץ. אפשר וואָלט ער גאָר פאַרבויגן דעם יחוס און אויסגעזוכט דעם קליינעם אָדער דעם בלאָנדן. עס שטייט נישט אין ערגעץ געשריבן, אַז אויב מען הויבט אָן מיט יענע זאַכן מוז מען זיך שוין ביי זיי האַלטן. שמחה אַליין איז אויך נישט קיין געבוירענער יאָלד און ער ווייסט, וואָס עס הייסט טריפה בלוט. אפילו אַ רבי'ן קען עס אַראָפּפירן פון וועג. אָבער נאָך אַזאַ חורבן איז דען נישט בעסער, ווען אַ ייד ליגט איינגעלייגט? ער וואָלט זיי דאָס געפרעגט קליפּ און קלאָר: וואָס טויג זיי דער גאַנצער הו־האַ און דער פיף־פאַף? אַי, ווען ער איז אין זייערע יאָרן און קען זיך אויף די שוואַרצע פינטעלעך אַזוי ווי זיי! נאָר אַז זי שווייגט, וועט ער נישט גיין חוזק מאַכן פון זיך אַליין. בלויז איינמאָל, ווען דאָס האַרץ האָט געשניטן

ווי מיט מעסערס, האָט ער זיך צוגעזעצט צו איר און געוואָלט אַרויספירן דעם עסק אויף אַ דרך. זעט אויס, אַז דער גאַנצער זאב האָט אין איר פאַרגעסן. ער ווייזט זיך נישט. לוינט זיך פּאַר אַזעלכן אָוועקצוברענגען? ווען דאָס זאָל כאָטש זיין אַ שטיקל לייט — ווי שרייבט מען נישט אַ פּאָר ווערטער? זי האָט דאָך אים זיכער גאָר־נישט געטאָן! נאָר דבר אל העצים. די וואַנט ענטפערט? האָט ער גאָר אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. סיווי האָט ער זיך שוין געהאַט מייאש געווען פון די קינדער. ער איז דען איינער ביי גאָט? נאָר אַז זי אַליין האָט אַ שטיקל צייט געלאָזט רעדן צו זיך, געפּאָלגט — האָט ער געמיינט, אַז אַ זכות איז אים אַנטקעגנגעקומען. איז ווייטער נישט באַשערט. וואָס קען מען זיך העלפן?

5.

דערנאָך איז ווידער געוואָרן לעבעדיק. קיין פּאַריז האָט עס אָנגעטראָגן אַ כאַפּטע ווייבער פון אַ וויטן אַמעריקאַנער לאַנד. שמחה אַליין האָט זיך קוים געקענט דערמאָנען, ווען ער האָט זיי געזען. אַהאַ, ווען ער איז דאָרט געשטאַנען צו דער חופּה מיט זיין היינטיקער יידענע. איז אים לכתחילה נישט אָנגעשטאַנען זיך אַריינצולאָזן מיט זיי אין לאַנגע טענות. נאָר זיין ווייב האָט זיך מיט זיי צעקושט, אַזויווי מיט אייגענע שוועסטער. דערצו האָט זי אים אַלעמאָל גע־מונטערט: געדענקסט כאָטש? דערקענסט נישט רחלען? דאַרף מען נישט זיין קיין חזיר און זיך אויך צעקושן מיט דער חברה.

זיי האָבן באַלד פול געמאַכט דעם רעסטאָראַן מיט זייערע קולות, קוים אַריינגעקראָכן אין דער טיר מיט זייערע פעטע לייבער און זיך געהייסן דערלאַנגען פון וואָס דאָס מויל רופט אָן. דאָס ווייב זיינס האָט מער נישט געפרעגט נאָך אים, נאָר אָפּגעלעגן דאָ פונעם פרימאָרגן. זי איז מיט זיי געגאַנגען איינקויפן די גאַרדעראָבעס, געפירט זיי איבער פּאַריז און עס האָט איר גאָרנישט אויסגעפּעלט אויף ווען מען זיך נאָכצופרעגן. אַפילו אויף אירע צוויי פריערדיקע געשפּאַנען. שמחה האָט זיך אין די ווייבער קוים דערמאָנט: גראָבע פליגל, וואָס האָבן געלעבט פון נאַכאַלסטווע און ווייסעך וואָס דאָרט! האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז היינט זיינען זיי אין די פעדערן. מיט פּרנסה איז מען פאַרזאָרגט אויף אַ לייטישן וועג, די מענער זיינען גאַנצע מאַכער און לאָזן זיך קאָסטן אויף קהל מער ווי אַנדערע פּאַרמאָגן. זיי האָבן שוין איצט געטראָגן סיגנעטלעך אויף אַלע פינגער, דערציילט זיך פון געלערנטע איידעמס און פון קינדער וואָס אָט־אָט ווערן זיי דאָקטוירים. וועמען עס איז באַשערט נחת! איז שוין שמחה ביי זיך אַראָפּגעפאַלן, כאָטש ס'האָט אים געמיגלט פון זייערע רייד.

זיי האָבן געהאַט אַפּעטיט ווי די וועלף און אויפגעגעסן די גאַנצע קיך. דערביי האָבן זיי זיך אויסגעטוישט מיט די נחת׳דיקע בריוו פון דער היים און פאַרצויגן מיט אַ זיפץ די פעטע מיילער. אַלץ האָבן זיי זיך דאָ געוואָלט נאָכגעבן. ס׳איז נישט געווען קיין זאַך, וואָס זיי זאָלן זיך ביי איר אָפּשטעלן און זאָגן: ביין, דאָס איז נישט פאַר זייערטוועגן. נאָכן עסן האָט עס זיי רק געצויגן צום טאַנצן. נישט אַנדערש, נאָר רוף פאַר זייערטוועגן מוזיקאַנטן אָדער גאָר אַ גאַנצן אָרקעסטער. וואָסי, זיי קענען נישט באַצאָלן די פּאָר באַרישע פראַנק? זיי ווילן אויך זען שפּילן יידיש טעאַטער. אוי, ווען ער קען דאָ אויסזוכן אַ פּאָר אַקטיאָרן, וואָס זיי האָבן געזען מיט אַ בינטל יאָרן צוריק! און פאַרוואָס נישט גיין אין קיין קאַבאַרעט? אין רעסטאָ־ראַן איז געוואָרן יום־טוב. די ווייבער האָבן אויסגעהערט אַלע לידלעך פון דער רומענישער חתונה, וואָס אַן אַלטער אַקטיאָר האָט אויס־געווײנט, זיי האָבן זיך געווישט די אויגן און באַשטעלט גרויסע פּאָרציעס קליסקעלעך מיט לעבער. שמחה האָט דערנאָך אַליין נישט געדענקט, ווען ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער גאַנצער קאַרו־זעלע. עס האָט אים אויסגעזען, אַז די גאַנצע וועלט געהערט צו די דאָזיקע ווייבערישע לייבער. צו זיי קלעפּט זיך נישט קיין טרויער — און אַפילו ווען זיי ווישן זיך די אויגן, איז עס אויך נאָר דערפאַר ווייל זיי האָבן הנאָה זיך אויסצואוויינען אַביסל. איז אים ביסלעכווייז געפעלן: אָט דאָס הייסט געוואוסט פון אַ לעבן! נישט ווי ער האָט זיך פאַרזויערט די שענסטע יאָרן, פאַר גאָרנישט און פאַר נישט. האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין זייער קרענצל, אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט אַ דיקע יידענע, וואָס האָט זיך צו אים אַמאָל גע׳שדכנ׳ט איידער ער איז אַדורכגעקומען מיט זיינער — און ער האָט זיך מיט איר צעהאָפּסעט ביז צו דער סטעליע. די אַנדערע האָבן צוגעפּליעסקעט מיט די הענט און אפילו זיינע האָט הנאָה געהאַט, וואָס ער איז צוריק אַרויס פון די האַלאַבליעס. ער האָט געהערט ווי זי שושקעט אַריין אַ חברטע: ער דאַרף עס נויטיק, ווי ס׳לעבן... אַנישט וועט ער נאָך אַראָפּ פון זינען. עס האָט אים אויך הנאָה געטאָן, וואָס אַלע ווייבערישע געסט נעמען אים אַדורך מיט די אויגן און באַלעקן זיך. מיט אַלע האָט ער געמוזט טאַנצן און עס האָט אים אויסגעזען, אַז ער געפינט זיך אויף אַ לאַנגער חתונה, וואָס וויל זיך גאָרנישט ענדיקן. איז אים אָבער די מעשה ביסלעכווייז קאַפּויער געקומען מיט נייע יסורים.

6.

איינע פון די ווייבערישע געסט איז, נישט פאַר אונז געדאַכט, געווען אַן אלמנה. אַזוי האָט איר דווקא גאָרנישט געפעלט. די

קינדער זיינען שוין געווען באַזאָרגט און פון איר האָבן אַראָפּגעפינקלט די דימענטן. זי האָט זיך נאָך דאָרט געקענט אויסזוכן אַ לייטישן מאַן און וויסן פון אַ לעבן. האָט זי זיך אָבער דערמאָנט אין וועלוולען. אין שמחה'ס חרובן זכרון האָט זי קוים געקענט אויפוועקן די אַלטע מעשה. זי איז אַמאָל געווען אין פּאַריז, געגאַנגען מיט אים אין אַ יידישן רעסטאָראַן און געזען זיינס אַ גוטן ברודער — וועלוולען. יענער האָט דאַמאָלסט געהאַט אַ וואויל ווייבל און אַ דריי־פיר קינדער. זי האָט אויך געהאַט דעם מאַן, אָבערביידע זיינען צוגעזאָטן געוואָרן איינס צום אַנדערן. וואָס שפּעטער איז געשען האָט ער נישט געקענט געדענקען. דוכט זיך, אַז זי איז צוריק אַוועקגעפאָרן אַהיים און דער וועלוול האָט איבער דער מלחמה געהאַט קאַלטס און וואַרעמס. נאָר אַז שמחה האָט איר דערציילט, וויאַזוי וועלוולס ווייב איז ביי די דייטשן געכאַפּט געוואָרן אין מיטן גאַס און נעלם געוואָרן — האָבן זיך ביי איר די אויגן אָנגעגאָסן... בקיצור: טאַקע שמחה'ס ווייב האָט יענעם אויסגעזוכט פון אונטער דער ערד און אין אַ וואָך אַרום האָט מען שוין געשטעלט אַ חופּה. זי האָט געוואוסט, אַז דער יינג פּאַרמאָגט נישט דאָס אייגענע העמד און דאָך האָט זי קיין לאַנגע שהיות נישט געמאַכט. זאָל דאָס זיין איר לעצטע דאגה!

שמחה'ן איז דווקא געפעלן אַזאַ מין ליבשאַפט. האָט ער זיך אויסגעפּיאָקעוועט אינעם שענסטן אַנצוג און אַוועק מיטן ווייב באַשיינען דאָס פּאָרפאָלק. ער האָט זיך געהאַלטן פאַרן חשוב'סטן גאַסט וואָס זיי האָבן און אַפילו צופרידן געווען, וואָס ער קען זיך אַראָפּלאָזן פון יחוס. די גאַנצע כאַפּטע ווייבער זיינען שוין געבליבן שטעקן אין פּאַריז אויף נאָך עטלעכע וואָכן און זיך צעגאַנגען פון נחת. די ערשטע גרוסן זיינען שוין לאַנג אויסגעשמועסט געוואָרן און דערפאַר האָט מען זיך געקענט אָפּגעבן צו היימישע זאַכן. קודם כל זיינען געווען צרות מיט וועלוולען. אַ יינג אַ גאָרנישט, אָן אַ סאַנטים ביי דער נשמה, האָט זיך גאָר איינגע'עקשנ'ט: ער וועט זיך נישט רירן פון אָרט. ער איז שוין אויסגעווען אַ וועלט און געקומען צום געדאַנק, אַז החוץ פּאַריז איז קיין לעבן נישטאָ. דאָס פרישע ווייב זיינס האָט גע'טענה'ט, אַז ביי זיך האָט זי אַ פּאַלאַץ, אַ טייערע פּרנסה און קינדער — פּראָפעסאָרן... וואָס וועט זי דאָ אויסזיצן? נאָר וועלוול האָט זיך איינגעשפּאַרט: פּאַריז! האָט זי אַרומגעפּלאַטערט אַ פּאָר טעג אין פּאַררויטלטער שרעק, זיך געסודעט מיט די חברטעס, געשריבן בריוו אַהיים און צום סוף געמוזט נאָכגעבן: מילאַ, מ'וועט שפּעטער זען! דערווייל האָבן זיי געוואוינט אין אַ האָטעל און גע־קומען יעדע נאַכט אויף געסט צו שמחה'ן אַהיים...

טאַקע דאָ האָט זיך זשעניע, וועלוולס ביי ווייב, איינמאָל אַ כאַפּ געטאָן: שמחה־לעבן, וואָס הערט מען עפּעס וועגן ארץ ישראל?

דאָס גאַנצע בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין. ער האָט שוין יאָרן קיין צייטונג נישט געזען. עפּעס האָט זיך דאָרט געקאָכט מיט פּאָליטיק און אַנדערע שווערע זאַכן. איז עס נישט פאַר זיין קאָפּ געזאָגט געוואָרן. אָבער ווי נאָר זשעניע האָט אָנגעהויבן, האָבן זיך שוין די אַנדערע אויפגערודערט און די פולע באַקן זיינען ביי זיי פּלוצים ערנסט געוואָרן: טאַקע אַזוי, וואָס הערט מען?

מיטאַמאָל איז ער ביי זיך שרעקלעך אַראָפּגעפאַלן: זע נאָר, מיט וואָס די ווייבער פאַרנעמען זיך! זיי האָבן געוואוסט דערפון, אַז ענגלאַנד טוט אָן די יידן כל המינים שפּיצלעך. אין די דייטשע לאַגערן ליגן נעבעך יידן אויף גרויסע צרות, נאָר די בייזע פּייקעס לאָזן זיי נישט רירן זיך פון אָרט. זיי האָבן פאַרשטעלט דעם ים — און שריי חי וקיים. גראָד ווילן אַלע יידן פאָרן קיין ארץ ישראל... ווייבער! און ער, דער מאַנסביל וואָס בלאָזט זיך, הויבט גאָרנישט אָן צו וויסן פון דער גאַנצער מעשה. ער וואָלט איינגעזונקען אין דער ערד פון חרפּה! עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין יענעם לאַנד זייערן געהערן כמעט אַלע מאַנספּאַרשוינען צו פּאַרטייען. עס וואָלט געוועזן גאָר אַ מיאוסע זאַך, זיך אַרויסצודרייען דערפון. אין אַזאַ צייט? אַפילו זייערע אייגענע מענער לויפן ביינאַכט אָפּוואַרטן די מאָרגנדיקע צייטונגען און מען הערט גאָרנישט אויף צו רעדן פון פּאָליטיק. אַ ייד וואָס גיט נישט קיין געלט אויף ארץ־ישראל לאָזט מען דאָרט נישט אַריבער די שוועל, ווי אַ משומד. מען מאַכט גרויסע פאַרזאַמלונגען יעדע וואָך, עס קומען רעדנער מיט געשליפענע מיילער און עס קאָכט זיך אַ גאַנצער יריד. עפּעס זיינען דאָ אַזעלכע וואָס טענה'ן: נאָר מיט גוטן... און די אַנדערע רעדן דיבורים, פון וועלכע עס באַפאַלט אַ שרעק. זיי זאָגן, אַז אויב ענגלאַנד האַלט שוין דעם שטעקן — דאַרף מען זיי ווייזן ווער ס'איז עלטער און שוין... אויך יידן קענען נעמען אַ רעוואָלווער אין דער האַנט אָדער אַ באָמבע און זאָגן צום פאַרריסענעם צילענדער: מיינסט, אַז מיר קענען נישט די מלאכה?

שמחה האָט געהערט, געהערט און ס'איז אים געוואָרן אַ מינוט צום טויט: וואָס מ'קען אַלץ וויסן פון די בלעטער! און ער האָט גאָר אויסגעפּיעט איבער דער צייט אַ גאַנצע גאַזשעלניע... ער האָט איצט מיט אַלע כוחות געוואָלט אָנהאַלטן זיין ווערדע, באַווייזן אַז מיט שכל קען ער זיך פאַר קיינעם נישט פאַרשעמען. דערפאַר האָט ער זיך אַריינגעמישט, אַזויווי די גאַנצע מעשה איז פאַר אים קיין נייעס נישט: עט, לויזערס, כ'בעט איבער אייער כבוד... ווער ס'גייט מלחמה האַלטן מיט ענגלאַנד! אָבער די זשעניע האָט זיך גאָר צעפלאַמט: זאָג עס נישט, שמחה... אַלע גויים האָבן אייגענע לענדער, בלויז די יידן פאַרגינט מען נישט דאָס פּיצעלע ארץ־ישראל. אַז

מ׳עט וואַרטן אויף זייער יושר וועט מען זיין אַ לייט. איז דאָס בעסטע צו טאָן ווי די אַנדערע: אָדער טויט אָדער ברויט. נישקשה, יידישע יינגלעך שלאָפן נישט! אָט הערט מען שוין, וויאַזוי יידישע בחורים קויפן איין אַלטע שיפן, זעצן אַהין אַרויף טויזנטער יידן — און מ׳פאָרט אויפן אָפענעם ים. מען שמועסט יאַקאָש, אַז די זעלבע יינגלעך האָבן שוין איינגעקויפט געווערן פאַר גאַנצע אַרמייען. ביי־נאַכט לערנט מען אַלעמען שיסן אויף לידיקע פלעצער — און עס זיינען שוין אַפילו דאָ יידישע גענעראַלן. מען דאַרף נאָר אַביסל צוואַוואַרטן — און עס וועט אויסוואַקסן אַ יידישע אַרמיי וואָס די וועלט האָט נאָך אַזוינס נישט געזען. מען ווייסט דערפון, מען סודעט זיך שטילערהייט — אָבער אַ מכה וועט מען עמעצן דערציילן, איידער די גאַנצע מעשה וועט זיין פאַרטיק... נאָר אין יענעם לאַנד, פון וואַנען זי קומט, זאַמלט מען כסדר געלט דערויף. איר אייגענער איידעם האָט שוין צונויפגעקראַצט אפשר צען מיליאָן...

ביי שמחה׳ן אין קאָפּ האָט זיך עפּעס ראַפּטום גענומען מישן, בושעווען, דערמאָנען זיך און פאַרגעסן. ער האָט זיך נאָכאַמאָל פאָרגע־שטעלט דעם קליינעם ביכערניק, דעם בלאָנדן זאב, די גאַנצע חברה — און עס האָט זיך אים פּלוצים געוואָלט אי לאַכן און אי וויינען: אוי, ס׳אַראַ פינסטערע בהמה ער איז! נאָר געזאָגט האָט ער גאָרנישט. ער האָט בלויז שנעל אָפּגעהאַקט דעם שמועס און אַוועקגעשלעפּט זיך מיטן ווייב אַהיים. אין יענער נאַכט האָט ער שוין קיין אויג נישט צוגעטאָן. קיינער אין שטוב האָט עס אָבער נישט באַמערקט.

7.

עס איז געקומען די צייט, ווען די ווייבער האָבן געדאַרפט אַהיים־פאָרן. זיי האָבן שוין איינגעקויפט גאַנצע וואַגאָנעס מיט שמאַטעס און אויפגעגעסן אַ גאַנצן פאַלוואַרעק מיט געגזענע פולקעס. נאָר עפּעס האָט זיי נאָך צוריקגעהאַלטן. שמחה האָט זיך קוים דערוואוסט, וואָס און ווען. אַ גאַנצע מעשה: רחלע צימבל, די יידענע מיט וועמען זיין ווייב האָט זיך די ערשטע צעקושט, קען נישט אַהיימפאָרן. זי מוז איִם זען... און אַלע האָבן איר צופּאָטאַקעוועט מיט צעגלאַנצטע אויגן. ס׳הייסט אַזוי: אים אַליין קען זי נישט. ווען זי איז אַוועק־געפאָרן פון וואַרשע האָט ער נאָכנישט געטראַכט פון געבוירן־ווערן. אָבער ווער האָט נישט געקענט אויף ניסקע־גאַס דעם גנב, זעליקל קישקע? קליינערהייט איז זי ביי אים אָפּגעלעגן גאַנצע טעג. שכנים געווען. טאָ גיי און ווייס: ער אַליין איז נעבעך פאַרפאַלן געוואָרן ביי די דייטשן, טאַקע מיט דער גאַנצער משפחה. נאָר איין בחור זיינער האָט זיך געראַטעוועט קיין רוסלאַנד. מען זאָגט, אַז ער איז פון דאָרט

אַרויס אַ גאַנצער גענעראַל און געלערנט — ווי צען דאָקטוירים. ער איז געווען אין ארץ־ישראל און פון דאָרט האָט מען אים געשיקט קיין פוילן. האָט ער גע׳גנב׳עט גרענעצן, אַנגעשלאָגן ביז מאָסקווע, געשלעפּט יידישע קינדער פון די קלויסטערס אין אַ זאַק און זיי אַריבערגעפּעקלט קיין ארץ־ישראל. די בלעטער האָבן שוין וועגן דעם געשריבן גאַנצע היסטאָריעס פון טויזנט און איין נאַכט. עפּעס זאָל ער זיין אַ יינג ווי אַ ליכט. ווי אין דער זון, איז נישט אַריינצוקוקן אין זיין ליכטיקער צורה — און פלינק איז עס ווי דער ווינט. דער טאַטע נעפּריטשקעם האָט געקענט אונטערקויפן אַ נאַרישן, פּוילישן מענטש — אָבער ער באַווייזט אָפּצוקויפן זעלנער און מיניסטאָרן. אַלע גרענעצן שטייען פאַר אים אָפן. איבער אַלע בערג איז ער שוין אויסגעקראָכן און וואו אַ לאַנד — דאָרט האָט ער שוין אָנגע־שלאָגן. די גרעסטע מענטשן קוקן אים אין מויל אַריין. טאַקע ער, זאָגט מען, איז עס געוואָרן דער גאַנצער קאַפּיטאַן, וואָס פירט די באַהאַלטענע שיפן. עפּעס האָט ער אַ גאַנצע אַרמיי, וואָס קיינער זעט נישט אָן פאַר די אויגן. זי האָט עפּעס אַזאַ נאָמען, וואָס עס איז שווער נאָכצוזאָגן — אָבער מען ציטערט פאַר איר. זיינע זעלנער דרייען זיך אַרום איבער דער גאַנצער וועלט: ווילסטו איטאַליע — זיינען זיי דאָ... ווילסטו פּאַריז, לאָנדאָן, ניו־יאָרק אָדער בוענאָס־איירעס — האָסטו זיי. מען דאַרף נאָר געבן אַ באַפעל — וואַקסן זיי אַרויס פון אונטער דער ערד. קענסט קיינמאָל נישט זיכער זיין, מיט וועמען דו טרעפסט זיך. אָט זעסטו אין פּאַריז אַ יידיש יינגל, וואָס קען קיין צוויי נישט ציילן. צום סוף איז ער גאָר אַ גאַנצער קאָמאַנדיר... וועגן דעם האָט מען שוין געשריבן גאַנצע פּלאַקטעס אין די בלעטער. אַפילו די גוישע צעלייגער מוזן זיי נאָכלויפן גאַנצע טעג, ביז איינער באַוויליקט זיי צו זאָגן אַ וואָרט... ווייסט מען, אַז די אַראַבער ציטערן פאַר זיי. די ענגלענדער האָבן שוין באַשטימט אַ פאַרמעגן, אַבי מען זאָל זיי ברענגען זעליקל קישקעס בן־יחידל — טויט אָדער לעבעדיק... נאָר אַ מכה פאַרן וועלן! ער דרייט זיך ביי זיי אונטער דער נאָז, פאָרט זיך איבער אַלע באַנען, קומט אפילו קיין לאָנדאָן — און זיי קריגן ס׳קדחת... יאָ, אַנטקעגן־וואָס די גאַנצע רייד? ווייל נאָך ביי איר אין שטאָט האָט מען געשריבן, אַז ער קומט אַלעמאָל קיין פּאַריז. האָט זי צוגעזאָגט אין דערהיים, אַז זי וועט זיך נישט אָוועקרירן פון פּאַריז, ביז זי וועט אים נישט זען אַ לעבעדיקן. נישקשה, אַ היימישן מענטש מעג ער זיך פאַרטרויען! די צרה איז בלויז, וואָס ער האָט אַ טוץ פּאַספּאָרטן און אויף יעדער אָרט האָט ער אַן אַנדער נאָמען: אין עסטרייך קען ער הייסן גדליה, ווי אין דערהיים, אין שווייץ קען ער

שוין הייסן האַנס, אין פראַנקרייך זשאַק און אין ארץ־ישראל — זאב... טאָ גיי וויס, אויף וועמען זיך צו פרעגן!

שמחה׳ן האָבן אָנגעהויבן טאַנצן פאַר די אויגן רויטע און גרינע רעדער. עס האָט זיך אים געגלוסט אי צו שרייען און אי צו פאַר־שטומען אויף שטענדיק. געוואָלט, וואו געפינט מען נאָך אַזאַ מין בולוואַן ווי ער! וואו האָט ער געהאַט דעם קאָפּ? ער וואָלט איצט געלאָפן און אויסגעקושט זיין רעזשיינען דאָס מינדסטע נעגעלע, גע־וואָרפן זיך צו אירע פיס. האָט ער נישט קיין כח דערצו און ווייסט נאָך אַליין נישט, אויב דאָס איז עס. האָט ער זיך אין יענע טעג געהאַלטן אַזוי נידעריק ווי דאָס מינדסטע גרעזעלע. ער האָט אַלעמען אָפּגעענטפערט מיט אַ שטיל קול, געשעמט זיך צו קוקן אין די אויגן אַריין און בשעת מעשה נאָר געציטערט טאָמער ווייסט נאָך עמעצער, טאָמער דערקענט מען עס אים אויפן פּנים... נאָך אַ נס, וואָס זיינע האָט גלייך ווי ער אויסגעהערט די גאַנצע מעשה און אַפילו נישט געכאַפּט זיך ווער עס האָט זי געשלייערט.

8.

אויב מען וויל קען מען זאָגן, אַז טאַקע דערפון האָט זיך גענומען דאָס גאַנצע אומגליק. אָנגעהויבן האָט זיך עס פון דעם, וואָס וועלוול האָט באַשלאָסן צו עפענען אַן אייגענעם רעסטאָראַן נישט וויט פון פּלאַץ רעפּובליק. זשעניעס האַנט איז געווען דערין, אַז ער זאָל ערגעץ אָפּדינגען אַ גאַנצן פּאַלאַץ. פון רעפּובליק ביז צום בעלוויל איז פּאָלג מיך אַ גאַנג און שמחה׳ן האָט עס נישט געקענט אַרן. זאָל נאָך אַ ייד לעבן! ער האָט געגנוג אַן זיין בעלווילער קנייפּע. דערפאַר האָט ער אַפילו צוגעזאָגט צו קומען אַהין מאַכן אַ כוסה, ווען נאָר עס וועט אים צוגעגעסן ווערן זיין אייגענע נאַרע. דאָס ערשטע רעדל, אַ מיליאָן פראַנק, האָט אים טאַקע שמחה געגעבן אַן הלוואה. עס האָט געהייסן, אַז זשעניע קען נישט אַזוי לייכט אַרויסבאַקומען קיין גרעסערע געלטער פון איר לאַנד. מען טאָר נישט אַרויספירן פון דאָרט און עס דאַרף דויערן, ביז איר אײדעם וועט עס קענען דערליידיקן. מוז מען דערווייל איינצאָלן און שמחה איז נישט קיין פרעמדער. זי איז אַפילו געקומען צולויפן צו אים אַהיים, געקושט זיך אויפסניי מיטן ווייב און געפאַלן זיין רעזשיינען אויפן האַלז: האָסט אַ גאָלדע־נעם טאַטן... נו, ער האָט סיזוי געוואָלט זיך ביי איר איינקויפן, געשעמט זיך פאַר איר — דער רוח ווייסט פאַרוואָס — און דערפאַר איז ער צופרידן געווען, וואָס זי לעקט אים די פידל.

דעם רעסטאָראַן האָט וועלוול געעפנט מיט גרויס פּאָמפּע, ווי עס פּאַסט פאַר נאָש בראַט. אַ האַלבער בעלוויל איז געווען אויף דער

שמחה. די נייע טישלעך האָבן זיך געבראָכן פֿון די פֿלעשער משקה, פֿיש, מילצן, גריישלעך, געהאַקטע לעבער און געפֿילטע קישקע. אויף די ווענט האָט זשעניע געלאָזט אויסמאָלן דאָס שענסטע וואָס ס׳קען נאָר געבן — פֿון אַ קאַטשקע אויפֿן וואַסער ביז משה רבינו מיט די לוחות אויף די הענט. שמחה׳ן איז עס דווקא נישט געפֿעלן: וואָס איז דאָ, אַ בית־המדרש? און ווי ווערט מען קענען קוקן משה רבינו אין פּנים אַרײַן, אַז דאָ האָט מען שוין גענומען קנאַקן מיט די קאָרטן און איבערווינקען זיך מיט יענע מיידלעך? נאָר ס׳איז נישט זיין עסק און די לעצטע יאָרן האָט ער זיך אויסגעלערנט פֿאַרשווייגן אַ סך זאַכן. אדרבא, צו דער פּאָמפּע האָט ער זיך אויס־געפּוצט אין בלויעם אָנצוג מיטן שענסטן קראַוואַט. דער בנ׳אָק זיינען האָט זיך שוין געשעמט מיטצוגיין, נאָר דאָס ווייב מיט דער טאָכטער האָט ער מיטגענומען.

די טייערסטע מתנה האָט דווקאָ ער געקויפֿט און נישט קיין אַנדערער. קען מען נישט לייקענען: דער לאַנגער וועלוול האָט אים אויפֿגענומען ווי אַ קייסער. ער האָט זיך געדרייט אַרום אים, זיך געבויגן און געטרעלט, ווי ער וואָלט געהאַט פֿאַר זיך אַ געבראָ־טענעם יאָלד: שמחהלע, אפשר נאָך אַ פּיצעלע עוף? אפשר אַ לעק ליקער? אַזויווי ער וואָלט געהאַלטן ביים געלעגן ווערן... ביי אים איז ער גאָר געוואָרן „שמחהלע״. נאָר מילאָ, אַ מיליאָן פֿראַנק גייען נישט צופּוס.

איין זאַך איז אים יאָ אַרײַן אין דער נאָז: וואָס זיי, וועלוול מיט זשעניען, האָבן זיך אַזויפֿיל אַרומגעפּאָרעט מיט זיין טעכטערל: רעזשין אַהין און רעזשין אַהער... וואָס איז זייער פּאַסקודנער עסק, אויב עס איז שוין צייט פֿאַר איר צו ווערן אַ כלה אָדער נישט? מיט שמחה׳ן זיינען זיי טאַקע גאַנצע פּשיאַטשעלעס, אָבער מיט איר? נאָר צו וועמען זאָל ער האָבן טענות? ער אַליין האָט זי דאָך מיט־גענומען, געוואָלט זי זאָל זיך אַביסל אויסטשוכען — דאַרף מען האַלטן דאָס מויל. האָט ער זיך אפֿילו איינגעהאַלטן, ווען דער סמאַראָ־וואָז, וועלוולס בכור, האָט זיך צו איר צוגעזעצט... ווי שטאַרק שמחה איז נישט געווען פֿאַרנומען מיטן באַלאַקען, דאָ מיט דעם און דאָ מיט יענעם, האָט ער פֿאָרט באַמערקט: וועלוולס ליאַלקע כאַפּט זי אַלעמאָל ביים הענטל, לייגט אַ לאַפּע אויף אירע אַקסל און זי צעגייט זיך גאָר פֿאַר תענוג. נאַדיר איר גאַנצן טרויער נאָך עפּעס אַ זאַב, וואָס פֿאָרט קיין מאַרסיי! אַבי ער האָט זיך די גאַנצע צייט געדרייט אַרום איר, געוואָלט איר גרינגער מאַכן, געשעמט זיך... וואוהין איז זי דאָס נעלם געוואָרן מיט יענעם אויף אַ גאַנץ־קיילעכיקער שעה? אָבער מאַכן זיך נאַריש פֿאַר אַלעמען אין די אויגן האָט ער נישט געוואָלט, בפרט נאָך ווען זשעניע האָט איבערגענומען דאָס רעדל.

עפּעס האָט זי דערציילט וועגן אַ גרויסער שיף מיט יידן, וואָס די ענגלענדער האָבן געכאַפּט און זיי פירן זי איצט קיין פראַנקרייך... אַלע האָבן געטרינקען שנאַפּס און זיך געבייזערט. האָט זיך שוין שמחה ווידער פאַרלוירן, וואָס ער קען זיך נישט אַריינמישן אינעם שמועס. נישט אַנדערש, נאָר ער וועט מוזן אויספּראַסקען די מויד פונעם רעסטאָראַן. וויפל מאָל ער האָט איר שוין אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל באַשטעלן דאָס יידישע בלאַט — פאַרגעסט זי. קען זיין, אַז ער וואָלט סיווי נישט געהאַט קיין געדולד צום לייענען. אָבער אַז עס איז דאָ — כאַפּט מען אַ קוק, לייענט עמעץ אַנדערש און דערציילט. דאָס האָט אים אַזוי אַראָפּגעוואָרפן פון דער גאווה, אַז ער האָט אפילו פאַרגעסן אין זיינע נקמה־געדאַנקען, ווי נאָר ער וועט קומען אַהיים.

נאָר ווערלוול איז נישט שמחה און די צונג האָט זיך אים שוין לייטיש געפּלאָנטערט. ווען דאָס פּאָרל איז צוריק אַריינגעקומען, האָט ער זיך צוגערוקט צו שמחה׳ן, גאָרנישט געמיינט מכלומרשט און דאָך אַלצדינג אַרויסגעפּלאַפּלט: לאָמיר שוין האָבן אַזאַ יאָר... ווער? וואָס? גאָרנישט. האָט ער געזאָגט! נאָר שמחה׳ן איז דאָס גאַנצע בלוט אָפּגערינען אין די זאָקן אַריין: מיט וועמען רעדט ער עס אַזוי? מיטן לעצטן כח האָט ער זיך געפּרואווט צוריקהאַלטן: מילא, וואָס יענער האָט דאָרט אַ שאָקל געטאָן מיטן אויג! און וואָס האָט ער דען גע־זאָגט? פאַר ווערלן קומט קיינעם נישט צו שמייסן. אָבער צוריקגע־שמועסט, האָט יענער דאָ אָנגעגרייט ווי פאַר אַ היימישער שמחה. אויך געסט האָט ער דאָ אָנגעפּלאָדיעט איבער דער מאָס. אַלע זעען, וויאַזוי ווערלוולס יינג לאַכט אַריין אין דער נאַרישער מויד. כאָטש נעם און דינג זיי באַלד אַ דירה. דערצו פאַרמאַכט נישט ווערלוול דאָס פאַרפוילטע מויל מיט ציין. אַלעמאָל רופט ער אַוועק אַ היימישן מענטש און שושקעט אים אַריין עפּעס אַ פריילינכן סוד. דערנאָך קומט צו איינער און אַ צווייטער צו שמחה׳ן, קוקט אים אָן און שמייכלט צופרידן. דאָס אויער זיינס האָט אַפּילו אויפגעכאַפּט ווערלוולס פאַרקייכן זיך פון נחת: אַז דאָס האָט זיך ליב, ווי דאָס לעבן... צוויי גאָלדענע קינדער...

שוין פאַרטיק? שמחה׳ן האָט זיך געגלוסט צוצוגיין, אים אויס־האַקן אַלע געלע ציין מיט איין שאָס: ליב? נאָר ווער קען וויסן! אפשר האָט ער זיך אַליין איינגערעדט אַ נאַרישע מעשה מיט אַ זאב, בעת זי שלעפּט זיך אַרום מיט דעם יינג גאַנצענע נעכט. זינט די באַנדע ווייבער האָבן זיך דאָ אַראָפּגעלאָזט, האָט ער דען געהאַט צייט צו כאַפּן אַ בליק אין שטוב? נו־נו, ליב ווי דאָס לעבן האָט ער געזאָגט... און שמחה איז אַ הונט? אים דאַרף מען שוין גאָרנישט צו פרעגן? דאָס האַרץ האָט אים געצויגן צוצוגיין צו דער מויד און באַפעלן מיט אַ וואַזשנעם טאָן: מאַרש, אַהיים! דאָ איז נישט קיין

אָרט פאַר דיר... אָבער באותה הרגע האָט ער געזען, ווי זי נעמט זיך אָן מיטן יינג פאַר די הענט און זיי גליטשן זיך אַרויס פון דער טיר. שמחה האָט דערפון פאַרלוירן דעם קאָפּ. ער האָט זיך האַסטיק אַ ריס געטאָן צו דער גאַרדעראָבע, געוואָלט כאַפּן זיין הוט און נאָכלויפן. אָבער וועלוול האָט עס באַמערקט פון דערווייטנס און אים חניפה׳דיק נאָכגעקראָכן: שמחהלע, וואָס איז געשען? לאָז דאָס קינד זיך פילן היימיש...

אַזוי! אַנדערש שטייט אים נישט אָן. ער האָט שוין אָפּגע׳פּסקנ׳ט זיינס... האָט זיך ביי שמחה׳ן אַ דריי געטאָן דער מוח. גאָרנישט האָט אים מער געקענט איינהאַלטן. מיט איין פאָך פון דער האַנט, האָט ער וועלוולען אַוועקגעשליידערט צו יענער זייט טיר און ער אַליין האָט ווילד געזעצט אין ערשטן־בעסטן טישל: דרך־ארץ! מיט וועמען רעדסטו דאָ, דו לאַטעק איינער? היימיש מאַכן, זאָגט ער... זי איז אפשר אויף דיין מיסט געוואָקסן? אַ מיליאָן פראַנק קען איך דיר באָרגן... אָבער אַ טאָכטער? מיינע!? עס איז אָבער שוין געווען אַ סך שפּעטער ווי ער אַליין האָט געמיינט. וועלוול האָט פּלוצים אויסגעטאָן דאָס קריכערישע שמייכעלע פון פּנים:

— דע, פילדער נישט אַזוי! האָסט אפשר געזען זיין יחוס? די קאַפּאָטע האָב איך אים דאָ געקוילעט! איין קלייניקייט — שמחה שרייער! הערן דאָ עדות: מיין זשאַקעלע האָט דיין טאָכטער אפילו נישט אין זינען געהאַט. עס פעלן אים מיידן? שענערע און פון גרעסערן יחוס. זע נאָר פריער, אויב דו האָסט שכל מיט אים אַרויס־צורעדן אַ וואָרט — און דערנאָך שריי... דאָס קינד האָט אים דערזען, אים נאָכגעקראָכן, געקומען אַהער מיט אַלערליי אויסריידן... זיינען מיר נישט בלינד. האָט זי, מיין ווייבל מיין איך, אַ זיפץ געטאָן: דאָס קינד נעבעך דאַרט איין, גייט אויס... שמחה איז אַ לייטישער מחותן און ס׳וואָלט געווען אַן עבירה פאַר גאָט. וואָסזשע שטייט דאָ נישט אָן דעם יינג? אַן אייגענע טיר מיט אַן אייגענער קליאַמקע. נאָר גיי רעד מיט אים, וואָס און ווען! אַז מיר האָבן געזען ווי דער יינג גייט מיט איר אויס אַ נאַכט, איז דאָס האַרץ געוואָקסן פון נחת: וויאַזוי וואָלט איך דען געקענט שמחה׳ן קוקן אין די אויגן? וואַרפט ער זיך גאָר... האָסט נאָך נישט געפּועלט ביים צווייטן צד, שמחהלע. וואַרט נאָך אַביסל!

ווי אַלעמאָל, ווען שמחה הערט אַ שווערע זאַך וואָס זיין מוח באַנעמט נישט מיטאַמאָל, האָט ער ווידער פאַרלוירן די צונג. אין אַזעלכע מינוטן קען ער נאָר שפּאַלטן ווילד און בלינד די קעפּ, אָדער אַרויסלויפן אויף דער פרישער לופט. האָט דאָס ווייב שוין געזען, אַז די בראָך איז פאַרטיק און זי האָט אים אַרויסגעשלעפּט אויף יענער זייט. ער האָט נאָך אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר, אַז אַלע שויבן האָבן

געציטערט. אָבער אויפן וועג האָט ער זיך אָפּגעקילט, געקראָכן שטילערהייט איבער די גאַסן ווי נאָך אַ לויה און אין שטוב אַריין האָבן זיך ביידע אַריינגעשליידערט ווי אויסגעפּאַטשטע.

9.

וואו נעמט מען טאַקע אַביסל שכל פונקט צו דער צייט? אַלעמאָל טוט ער שוין עפּעס אָפּ, וואָס בשעת מעשה איז ער כשר־גערעכט. נאָר שפּעטער ווייזט זיך אַרויס, אַז ער בלייבט דער נאַר און נישט יענער. וואָס אין שטוב האָט זיך דערנאָך אָפּגעטאָן! קודם האָט ער געוואָרט אויף דער מויד ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין. און ווען זי איז געקומען, האָט ער זי קודם געכאַפּט פאַר די האָר און אַריינגעפּליאַסקעט אין ביידע באַקן. זאָל זי כאָטש איצט וויסן, אַז ס׳איז דאָ אַ טאַטע אויף דער וועלט. ערשט דערנאָך האָט ער זי געפרעגט: ס׳איז אמת וואָס וועלוול דערציילט, אָדער נישט? האָט זי צומערשט אַרויס־געוויזן די תמ׳עוואַטע הכנעה פון אַ קעצל: וואָס איז שוין ווידער? נאָר ווען ער האָט איר אַראָפּגעלאָזט אַ פרישן פּלעם, איז איר אָנגע־קומען די גאַנצע העזה. מיט איר געבראָכענעם יידיש האָט זי אים אַריינגעשריגן אין דער נאָז אַריין: איך אַזוי וויל! דו נישט שלאָגן מיר... זשאַק מיין מאַן שוין געוואָרן...

וואָסזשע איז דאָ פאַראַן צו טענה׳ן? צומערשט האָט ער פּשוט געוואָלט לאַכן פון זיך אַליין: די לעצטע צייט איז ער אַרומ־געגאַנגען מיט חלומות, פאַנטאַזיעס וועגן אויסזוכן יענעם בלאָנדן בחור, אים איבערבעטן און איר מאַכן אַן איבעראַשונג. ער האָט געמיינט, אַז דערפאַר וועט זי אים אויסקושן הענט און פיס. ער האָט זיך אפילו אָנגעפרעגט און עמעצער האָט אים איינגערוימט אַ סוד, אַז דערווייל איז עס נישט מעגלעך. עפּעס האָט ער זיך געפונען אויף אַ שטיקל בלעכערנער שיף, וואָס די ענגלענדער האָבן פאַרכאַפּט אויפן ים. זיי האָבן אַלעמען אַוועקגעפירט אויף אַן אינזל, וואו דער רוח זאָגט אַ גוטע נאַכט. קען זיין, אַז מ׳וועט אים באַלד באַפרייען און אפשר וועט ער אַליין אַנטלויפן. סייווי גייט ער דאָרט אָן אויף אַן אַנדער נאָמען. וואָס נאָך האָט ער געקענט טאָן? האָט ער אָבער פאַרגעסן, אַז אויך זיין טעכטערל איז נישט מער ווי אַ יידענע — און דערצו האָט זי נאָך דער מאַמעס בלוט אין זיך: נישט דער — איז יענער. וואָס וועט זי אויסוואָרטן? אויסן אויג — אויס דער נשמה. וואָס איז דער חילוק: אַ קאַץ אָדער אַן אינדיק — אַבי אַן עוף! אָבער דאָס דערמאָנען זיך אין דער גאַנצער מעשה האָט אים אַרויסגעשלאָגן דאָס ביטערע געלעכטער: סוף־כל־סוף איז עס זיין בראָך. און אין פראַנקרייך קען מען ווייט נישט דערגיין מיט די אייזערנע הענט —

סיידן אין קרימינאַל. ער קען בלויז ערגער מאַכן. זי איז שוין פֿול־יעריק און ס׳וועט זיין ווי צו די יאָרן, אויב די שכנים וועלן עפּעס דערהערן. אַ ייד וואָלט זיך נאָך אָפּגעווישט דאָס מויל. האָט זיך אים אָבער פֿאַרגלוסט צו וואוינען צווישן אידעלע קריסטן — מוז מען זיך היטן מיט אַ פּיפּס. אפילו דער אייגענער זון, וואָס איז שוין געוואָרן אַ גאַנצער פּראַנצויז, האָט אים געוואָרנט מיט אַן איינגעהאַלטן אָבער זיכער קול: פּאַפּאַ...

ער האָט זיך פּלוצים ווידער דערשפּירט אַליין. זיין גאַנץ לעבן האָט ער זיך געוואָלט צוטוליען צו מענטשן און צום סוף האָט אים די אַליינקייט ווידער אַ כאַפּ געטאָן ביים גאָרגל. נישט קיין קינדער, נישט קיין פֿריינט — און אפילו דאָס אייגענע ווייב האָט אים אויפֿגעהערט צו בלאָזן די טריט. זי האָט געשוויגן, גאָרנישט אויף איר שטייגער און די מויד האָט גאָר געכאַפּט און זיך אַריבערגעטראָגן אין אַ קליינעם האָטעל. וואָס וועט פֿון איר דאָרט ווערן? ס׳איז זיך לייכט אויסצומאָלן. האָט ער געמוזט ווייכער ווערן, אַריבערשיקן דאָס ווייב צו איר — איידער זי טוט אים אָן נאָך גרעסערע חרפּות. דערנאָך האָט ער אַליין שוין געמוזט אַוועק צו איר, בעטן זיך: וואָס האָט זי צו זיין לעבן? ער מיינט דען איר שלעכטס? מיט קיין סך רייד האָט אים גאָט נישט געבענטשט — אָבער ער האָט זי צוריקגעבררענגט. אַזוי לייכט איז עס נישט צוגעגאַנגען. פֿריער האָט ער געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט גיין איבערבעטן וועלוולען, זשעניען... אויך פֿאַר זשאַקן וועט ער זיך מוזן אַנטשולדיקן: מילא, וואָס מען זאָגט אַלץ נאָך דער צוועלפֿטער כוסה! און וואָס האָט ער דען געזאָגט? דערלעבט יאָרן, האַ? זיין בלוט־צאַפּעניש זאָל נאָר גיין פֿאַר גאָט. ער איז דען געגאַנגען? די יסורים האָבן אים געטריבן!

נאָר ביי וועלוולען האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמת׳ע חתונה: ער האָט זיך אָנגעטאָן אַ כח, געוואָלט רעדן מיט אַ טאָלק, וויסן ווען מ׳קען אָפּשטעלן דעם זמן החתונה. מ׳קען נישט ציען צו־לאַנג, ווייל דוכט זיך, אַז עס איז שוין אויף יענער זייט שליטן. איז אַ שפּיל מיט דער פֿידל — און אַ סוף זאָל עס נעמען! אָבער דאָ איז שוין יענער געשטאַנען אין גרויסן: ער ווייסט דען? דער גאַנצער זשאַק איז נאָך אַ ייִנגל. קודם וויל ער נאָך עפּעס לערנען, שטודירן... זשעניע דערציילט זיך אָן פֿון אירע קינדער און איידעמס, אַז ס׳איז מקנא צו זיין. וואָס קען פֿון אים איצט ווערן? אַ לאַכודרע ווי דער טאַטע, אָדער שמחה׳ס שותּף צו דער קנייפּע. איז זשעניע גערעכט: אַז ס׳איז געבליבן איין שטיקל קינד — מעג מען זיך פֿאַרגינען. מער ווי צו געלט וועט עס נישט אויסגיין. האָסטו דיר איינס אַוועק, צווייטנס — האָט ער בלויז געזאָגט, אַז די קינדער האָבן זיך ליב. ווער האָט דען גערעדט פֿון אַ חתונה?ביידע טויגן נאָך צו גאָרנישט.

די מלחמה האָט ביי זיי צוגענומען די בעסטע יאָרן און ס׳איז נישט צו גאָט און נישט צו לייט. קען מען זיך אין פראַנקרייך ליב האָבן יאָרן און נישט דאַרפן לויפן באַלד צום רב, ווי אין פיטשאָטש... און דריטנס — וואָס פרעגט ער אים? זשאַק האָט נישט קיין דעה?

די גאַנצע צייט האָבן שמחה׳ן געביסן די פינגער: ווער עס רעדט! האָט זיך אים געגלוסט צו באַמאַלעווען דעם וועלוול זיין צורה, אַז ער זאָל זיך אַליין נישט דערקענען. אויך זשאַקן וואָלט ער שוין אויסגעזזוכט און באַצאָלט וואָס אים קומט. ווי דאָס רעדט זיך אָפּ וועגן זיין טאָכטער! האָט ער זיך אָבער דערמאָנט אין אירע איינגעפאַ־לענע אויגן און אין געדאַנק האָט עפּעס פאַרביסן געבויערט מיט אירע ווערטער: מיין מאַן שוין געוואָרן... זשאַק! האָט אַ פינסטערע בושה צוזאַמען מיט אַ געפאַלנקייט אים פאַרשטאָפּט דאָס מויל. מען דאַרף שרייען געוואַלד — און ער קען נישט! מען דאַרף דאָ שפּאַלטן קעפּ — און ער האָט נישט דעם כח פון אַ פליג! מען דאַרף זיך בעטן, פאַלן צו די פיס — זעט ער גאָר פאַר זיך וועלוולס מיאוסע צורה... און עס פאַרגייט אים דער חשק... וואָסזשע בלייבט? כאָטש הענג זיך אויף און פאַרטיק!

מילאָ די בושה! די חרפּה... נאָר ווי קומט עס צו דער רשעות? דער וועלוול איז טאַקע אַ געוועזענער חברה־מאַן, אָבער ווי האָט מען אַזאַ יאַנדעס!? דעם מיליאָן פראַנק, האָט ער אים געלאָזט וויסן, וועט ער אים אָפּשיקן ווען אים וועט זיך גלוסטן. דאָס בלוט, וואָס ער האָט אים געצאַפּט אויף דער שמחה, איז סייווי נישט אויסצו־צאָלן. צווייטנס, האָט ער צעפּויקט פאַר אַלע היימישע, אַז שמחה איז זיך ביי אים געקומען בעטן — נאָר ער האָט אים פּשוט אַרויסגעטריבן. ער דאַרף ניט קיין ווילדע חיות פאַר קיין מחותנים. דריטנס — פאַרט זיין זשאַק קיין בעלגיע זיך לערנען אויף אינזשינער. וואָס עפּעס דאָרט? אַזוי וויל ער. פערטנס — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גאַנצע רעזשיין — דאָס שטילע מלאכ׳ל — איז שמחה׳ס טאָכטער. זשאַק איז ביי איר נישט געווען דער ערשטער און וועט אויך נישט זיין דער לעצטער. אַן אומגליק, זעסטו. איז בעסער, אַז שמחה זאָל זיך אָפּווישן דאָס מויל און מ׳זאָל זיין קוויט. ס׳איז פאַר זיין טובה־וועגן, ווייל ביי וועלוולס מויל וועט ער זיכער גאָרנישט געווינען.

שמחה האָט זיך פּלוצים דערפילט ווי איין זעלנער קעגן גאַנצע אַרמייען. זאָלסט זאָגן, איינער זאָל קומען און זיך פאַר אים אָננעמען! טאַקע אַזויווי אין סדום... די יינגעלע, וואָס שפּילן ביי אים אין קנייפּע, האָבן סתם דערלעבט אַ נקמה. ער האָט זי געהיטן, נישט געלאָזט אָנרירן זייער טישל — ווי זיי וואָלטן געווען קרעציק. האָט ער זיין נחת! זיי זאָגן עס נישט, אָבער שמחה פילט עס אַרויס פון זייער מינדסטן קער און ווענד. זיינע אייגענע גוטע־ברידער קומען

ווייטער אַריין צו וועלוולען, טרינקען דאָרט אַ גלעזל און קייכן אפשר פּאַר געלעכטער, ווען יענער משל׳ט פּאַר זיי אָפּ די סצענע. אלא די מויד, איז זי דאָך סתם אַ בהמה. עלעהיי זיין ווייב. פּאַר וועמען־זשע זאָל ער זיך אַראָפּרעדן און ווער זאָל אים העלפן? די שותפ׳טע, וואָס האָט אין זין די פּאָר פראַנק און ווייטער גאָרנישט? איר טעכ־טערל? אָדער אפשר גאָר די קעכין? גאָרנישט! ס׳איז אַ וועלטעלע, וואָס אַ פייער זוכט עס. נישטאָ פאַרוואָס און פאַר וועמען. גיב זיי אַ פּלעשל, וועלן זיי קומען ווינטשן לחיים. דאָס אַלץ. אַ יושר וואָלט נאָר געווען, ווען ער נעמט אַ שפּייער אין די הענט — און שיסט. אַ קויל פאַר וועלוולען, אַ קויל פאַר זיין פרומער גבאי׳טע, אַ כמאָל פאַרן יינג — אַלע חשבונות דערליידיקן מיט איין טראַסק. ס׳איז קיין וועלט נישט און ס׳זיינען קיין מענטש נישט. ס׳איז אַ קלאָג צו די יאָרן, אָבער פון גאַנצן טאַראַראַם איז ער געבליבן ביי איין צעפוילט שטיקל האַרץ מיט וועלכן מ׳קען נאָר גיין שיסן פליי. דאַרף מען נישט. איז אַן עבירה וואָס ער שטייט דאָ ביים בופעט, מענטשלט זיך, קוקט אַלעמען אין די שליפּיעס — כאָטש די טריפה׳נע פאַלשקייט הענגט זיי אויפן פּרצוף. וואָסזשע לוינט זיך דאָס גאַנצע שפּיל? ער וועט זיך נאָך אַרומדרייען אַביסל, אויפנאַשן נאָך אַ פּאָר פּולמיסעקס פּיש און אַריינגאָרגלען נאָך עטלעכע פעסער שנאַפּס... שוין? איז טאַקע בעסער זיך אַוועקצולייגן אויף דער באַנק, שלאָפן און זויפן, שכורן און ווידער איינשלאָפן — ביז די גאַנצע וועלט וועט ווערן זיין כפּרה. אפשר וועט ער זיך גאָר אויסליגן, ביז אים אַליין וועט קלאָר ווערן: אַהין אָדער אַהער. אַז גאָרנישט וועט אים מער אַ שאָד זיין, וועט אויך וועלוולען מיט זיין בכור טרעפן אַ וויי־בראָך. דאַמאָלסט וועט ער זיך שוין פאַר גאָרנישט אָפּשטעלן... טאַקע פאַר גאָרנישט. שפּעטער וועט ער זיך קענען וואַרפן אין וואַסער אַריין און אפשר... אפשר וועט ער גאָר אויסזוכן דעם קליינעם באַנדיט אָדער דעם בלאָנדן זאַב און זיי פאַלן צו די פיס: זאָלן זיי אים לאָזן! ער וועט ווידער טראָגן קאַסטנס, הייצן דעם קעסל, שלאָגן מיט די פויסטן... זאָלן זיי אים בלויז זאָגן! פאַרוואָס האָבן זיי אים באַלד נישט דערציילט?

אָבער די בייזע שכרות האָט אים נישט געלאָזט זיך רירן פון אָרט. ער האָט געוואָלט צעהאַקן די גאַנצע קנייפּע אויף פּיץ־פּיצלעך — און די הענט האָבן זיך נישט געהויבן. ער האָט געוואָלט לויפן אויף דער גאַס, שרייען און בעטן זיך ביי עפּעס אַ היימישן: העלף, גיב אַן עצה! נאָר אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז וואו ער וועט באַווייזן דאָס פּנים — דאָרט וועט מען לאַכן פון אים, פון רעזשינען און יענע וועלן אויסגיסן דאָס באָד אויפן אָרט פון וועלוולען. איז שוין גלייכער ווידער אַריינצוגיסן אַ קאָניאַק, ווידער איינצושלאָפן ביז ער אַליין וועט אַוועק׳פּגר׳ן אָדער די וועלט וועט זיך איבערקערן. עפּעס מוז

איצט געשען. אַז נישט איז קיין גאָט נישטאָ, קיין אמת נישטאָ און מען דאַרף אַלעמען צעבייסן די גאָרגלען, אונטערצינדן און אַן עק!

11.

גאָטעניו, איז עס אמת!? די פיר טעג שכורן און אויסליגן אויף דער באַנק האָבן שמחה׳ן אַזויווי משוגע־־פויל און טויב געמאַכט. האָט ער געהערט און נישט געהערט ווי אין דער קנייפּע נעמט זיך רודערן, אויפשטורעמען. ער איז געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, געוואָלט צעקנאַקן אַ פלאַש אויפן שטיינערנעם באָדן, אַז די מוחות זאָלן זיי אַרויסזעצן. דאָ איז ער נאָך דער שטאַרקער, דער באַפעלער. אָבער מיט איין אויער האָט ער אויפגעכאַפּט ווי די חברה לייגן אַוועק די קאָרטן, פּאַטשן אַרויס מיט די צערוישטע פיס און פאלן דערנאָך אַריין מיט פריילעכע געשרייען. האָט עס שוין אויך אים אַ ריס געטאָן פון געלעגער, נאָר ער האָט זיך נישט געוואָלט נאָכגעבן: וואָס איז די גדולה? אויפן טראָטואַר האָבן זיך באַוועגט הונדערטער טריט, יידישע ייִנגלעך מיט מיידלעך האָבן דאָרט עפּעס געשריגן מיט באַנומענע קולות: עם ישראל חי! חי! חי וקיים! אויפן בעלוויל — און אין אַ פּראָסטן מיטוואָך... עס האָט אים דערמאָנט אין אַ שמחת־תורה אויפן גזשיבאָוו. וואָס איז געשען? אַ כוואַליע מענטשן האָבן זיך אַריינגעריסן דורך דער טיר, געטופּעט מיט די פיס, געהייסן זיך דערלאַנגען אַ כוסה און איינער האָט בגילופין אַ זעץ געטאָן איבער שמחה׳ס פּלייצע: וואָס שלאָפט ער איצט! נישט קיין ייד אפשר? שמחה האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט, געוואָלט יענעם מיט די לעצטע כוחות אַ שליידער טאָן און דערזען אַ ייד מיט אַ שוואַרצן קאַפּעלוש... האָבן זיך אים די הענט געגומען וואַרפן, ציטערן... ווי קומט אַזאַ ייד אַהער? די באָרד האָט ביי יענעם גע־פיבערט מיט זיידענעם גלאַנץ און שמחה האָט זיך געמוזט רייבן די אויגן: וואו איז ער ערגעץ אין דער וועלט?

ניין, ס׳איז נישט קיין פאַרחלשטער חלום. די טישלעך אין קנייפּע זיינען געווען אויפגערודערט, די קאָרטן האָבן זיך געוואַלגערט אויף דרערד און ביז צו די טרעפּ איז פול געווען מיט פרעמדע מענטשן, וואָס ער האָט קיינמאָל פאַר די אויגן נישט געזען. אַלעמאָל איז עמעץ אַנדערש אַרויסגעלאָפן, געבערענגט אַ פרישע צייטונג און אַלע־מאָל האָט אַ נייער געשריי אים געוואָרפן פון דער באַנק: הוראַ! ווייזט זיך אַרויס, אַז אין אַמעריקע זיינען זיך צונויפגעקומען אַלע פעלקער און גע׳פּסקנ׳ט, אַז אַ האַלב פון ארץ־ישראל גיט מען אוועק די יידן: נאָט אייך און פאַרווײנט נישט דעם קאָפּ! אַזוי שרייבן די בלעטער, אַזוי דערציילט דער ראַדיאָ און אַזוי שרייען די קינדער

איבער די גאַסן. מען שמועסט, אַז איבערן פּלעצל לויפן יידן אַרום ווי די משוגעים, קושן זיך איינס דאָס אַנדערע און ווינטשן זיך מזל־טוב. אויך דאָ אַהער איז אַריינגעלאָפן עפּעס אַ ייד, אַ זעץ געטאָן אין טיש: יידן, וואָס שטייט איר? וואָס שוויגט איר? מיט איין שלעפּ האָט ער שמחה׳ן אַראָפּגעוואָרפן אויף דער ערד. דערנאָך האָט ער אים אַ הויב געטאָן און אַוועקגעשלעפּט צו אַ טיש. איידער שמחה האָט נאָך געכאַפּט דעם געדאַנק, האָט אים שוין יענער אַרומגענומען, געדרייט זיך מיט אים אין אַ ווירבל־טאַנץ — און ער האָט נאָכגעגעבן. די ווילדקייט איז דערביי אויך אים געקומען אין קאָפּ. האָט ער זיך שוין צעלאָזט, געטופּעט מיט די פיס, געגריטשעט — כאָטש מיט אַ האַלבער שעה צוריק האָט ער אַליין נישט געוואוסט אויף וועלכער וועלט ער איז...

גאַנצע טעג דערנאָך איז נישט געווען מיט וועמען צו רעדן. קען אויך זיין, אַז דאָס האָט זיך בלויז שמחה׳ן אַזוי אויסגעדוכט. ער האָט בלויז געדאַרפט האָבן עפּעס אַ גרויסע פרייד, אַן איבער־קערעניש וואָס זאָל אים אויפוועקן. זיינע אָדער יענעמס — וואָס איז דער חילוק? אַבי מען קען בושעווען, זיך פּלאָנטערן צווישן מענטשן, טופּען מיט די פיס, אַריינפּלעכטן זיך אין יענעמס באָרד — און קיינער זאָל נישט חוזק מאַכן, נישט אָפּשטויסן, נישט אַריינלאַכן אין די אויגן אַריין. איז ער אַוועק אויפן פּלעצל, פאַרקראָכן אין אַ בית־המדרש אַריין, אויסגעזוכט עפּעס אַ יידישע אָרגאַניזאַציע און אומעטום גע־זעצט אין טיש, אויסגעדאַמפט זיין גאַנצע שריפה: יידן — מזל טוב! מזל טוב!!! עלעהיי ער גיט אָפּ דעם צוגערויבטן מזל טוב זיך אַליין. ווער זעט דען איצט זיין בושה? ווער דערקענט זי ביי אים אין פּנים? לאַנגע טעג פון יום טוב האָבן זיך אָנגערוקט אויפן יידישן פּאַריז. מסתמא האָט מען אויך ווייטער געהאַנדלט, געזאָרגט, געקריגט זיך — אָבער שמחה האָט עס נישט באַמערקט. ער האָט זיך איצט אָפּ־גענומען פאַר אַלע צייטן. וואו אַ רעדל יידן — דאָרט איז ער אַריינ־געקראָכן און וואו אַ יידישע פאַרזאַמלונג, דאָרט איז ער געווען דער ערשטער... און דאָס האָט נישט געפעלט! מען האָט גערופן יידן אין לאַנקרי־טעאַטער, אין זאַל פּלעיעל, אין פּאַלאַץ שאַיאָ, אין צירק ד׳היווער — און אומעטום זיינען די גאַסן אַרום פול געוואָרן מיט יידן. שמחה איז פּלוצים געוואָרן אַ טראָפּעלע אין ים און ס׳איז אים גוט געוואָרן דערפון. די מאַסע האָט אים געשלעפּט, פאַרטראָגן, געלאָזט שרייען און פּאַטשן מיט די הענט. האָט ער פאַרגעסן אין דער גאַנצער היים, אין אַלעמען. ער איז געווען באַרוישט און דאָך זיך נישט געקענט צוגלויבן, אַז יידן זאָלן דערלעבן אַזאַ גדולה. ס׳איז אַ צו־לאַנגער שמחת תורה. אָבער די מענטשן האָבן פאָרט דערציילט נסים ונפלאות: אין די דייטשע לאַגערן טאַנצן טויזנטער יידן און

די עמלקים לאָזן אַראָפּ דעם קאָפּ פאַר חרפּה. איבער דער גאַנצער וועלט פּאַקן יידן די פּעקלעך, אַזויווי משיח וואָלט זיך געגרייט צו קומען. אפילו באַקאַנטע פראַנצויזן האָבן אים אָפּגעשטעלט אין גאַס, געדריקט די האַנט — אַזויווי שמחה וואָלט דאָ געפּראַוועט אַן אייגענעם יום־טוב. געוואַלד, ווי גוט עס איז פּלוצים געוואָרן! ס׳זאָל נאָר קיין עין־הרע נישט פאַרשאַטן. עשיו וועט דען פאַרגינען? נאָר די רעדנער אויף די טריבונעס האָבן זיך געהיצט און געשפּריצט מיט פייער. שמחה איז נישט קיין בעל־חשבון, נאָר מען האָט געמוזט גלויבן אַזעלכע לייטישע יידן, ווען זיי האָבן דערציילט פאַר אַלעמען אַזוי געניי: שוין צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר וואַרטן... ווי איז מיר, שוין צוויי טויזנט יאָר אַדורכגעלאָפן!

שמחה׳ן האָבן זיך אַזש געשטעלט טרערן אין האַלז. אים האָט זיך געגלוסט צו וויינען, צופאַלן צו יעדן איינעם און אַריינשרייען אין אים מיטן גאַנצן כח: שוין צוויי טויזנט יאָר! פאַרוואָס האָבן זיך אים דווקא די יאָרן אַזוי איינגעגעסן אין מח? אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט זיך פאַרפייניקט עטלעכע וואָכן און שוין בלויז דערפון איז ער שיעור משוגע געוואָרן... איצט דערציילן זיי: צוויי טויזנט יאָר — און מ׳האָט איבערגעהאַלטן!

אויב דאָס איז ווייניק, האָט ער זיך איינמאָל צוגעשלאָגן ביז צו דער טריבונע. עפּעס זיינען דאָרט געזעסן לאַנגע צוויי רייען מיט רעדנער און חשובע לייט. בייביידע זייטן זיינען געשטאַנען אויס־געשטרעקט צוויי הויכע יינגעלייט מיט פענער אין די הענט. שמחה האָט זיך געוואָלט איינהערן וואָס מען זאָגט דאָרט, פאַרוואָס דער זאָל דונערט נאָך יעדער וואָרט. אָבער דאָס ווינקל האָט אים געלאָקט. האָט ער זיך צוגעשאַרט זייטיק, געשטויסן זיך און צוגעגאַנגען אַזוי נאָענט — אַז ער האָט שיעור באַרירט די ווייס־בלויע פאָן. דערנאָך איז אים מיטאַמאָל געוואָרן פינסטער אין די אויגן. שפּעטער איז ווידער געוואָרן ליכטיק און ווידער פינסטער... עס איז נישט מעגלעך געווען, נאָר ער האָט זיך פאַרט באַמיט אויפצורייסן די אויגן, זיך נאָכאַמאָל איינקוקן און זען... זען! דער בחור מיט דער פאָן אין דער האַנט איז געשטאַנען גלייך ווי אַ ווירע, קיין ריר זיך נישט געטאָן — אָבער שמחה האָט פּלוצים געוואָלט איבערשרייען אַלעמענס קול, צעדונערן זיך מיט דער לעצטער גבורה. קען זיין, אַז ער האָט עס טאַקע געטאָן. דאָס קול האָט זיך פון אים געריסן, אַדורכגעשניטן דאָס האַרץ און דעם מח — נאָר געבליבן שטעקן צווישן די ליפּן. קיינער האָט נישט אויפגעציטערט, קיינער האָט גאָרנישט געהערט — אָבער שמחה האָט אין זיך אַריינגעשריגן עפּעס שאַרפס און שכור׳ס: וויקטאָר! וויקטאָר!... און אים האָט זיך אויסגעוויזן ווי דער גאַנצער זאָל וועט שטיל אַ ווייל, אַלע אויגן גיסן זיך צונויף

אין איין גרויס אויג און דער גאַנצער עולם גיט זיך פּלוצים אַ צעדונער איבער זיין קאָפּ: פּאַפּאַ!... נו, טאַקע זיין וויקטאָר?

ווען ער איז אַריין אין שטוב, איז ער שוין געווען מיד און שיכור. דוכט זיך, אַז ער האָט ערגעץ אַריינגעגאָסן וויפל ס'איז נאָר אַריין. באַלד אויף דער שוועל האָט ער זיך אַרומגעכאַפּט מיטן ווייב ווי אַ מטורף און אַריינגערעוועט: צוויי טויזנט יאָר געליטן! זי האָט זיך צעוויינט. עס איז שוין געווען גאָר שפּעט, אָבער ער האָט נאָך געהאַט עפּעס צו טאָן. ער האָט געלאָזן אויפגעעפנט די טיר צו זיין טאָכטערס צימער, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני פאַר איר בעט און מיט שווערער מי אַרויסגעצויגן פון זיך וואָרט נאָך וואָרט: האָסט אַלעמען אין דרערד, טעכטערל... זי האָט זיך קוים־קוים אויפגעזעצט, אים אָנגעקוקט מיט פאַרשלאָפענע אויגן. דערנאָך האָט זי אים ראַפּטום אַרומגענומען אָן אַ וואָרט און האָסטיק אים אַ קוש געגעבן אין נאָסן שטערן.

## 12.

שפּעטער האָט שוין שמחה נישט געקענט נאָכלויפן מיטן געדאַנק די גאַנצע פּאָליטיק. יידן, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געוואוסט וואָס נעכטן איז געשען, האָבן זיך איצט גענומען צום לערנען די צייטונגס־אַרטיקלען. אָבער שמחה האָט שוין נישט געקענט באַ־גרייפן וואָס דאָרטן טוט זיך. עס איז אים שוין ווידער באַפאַלן אַ וויסטע ניכטערנקייט. מען האָט נאָך אַלץ געפּראַוועט יום־טוב און געמאַכט פאַרזאַמלונגען, אָבער אים איז די גאַנצע מעשה נישט געפעלן. דאָס האַרץ האָט זיך ביי אים געוואָרפן, געפרעגט און גע־וואָרנט: עשיו וועט דען האַלטן וואָרט? דערווייל האָט עס נאָך אַלץ געהאַלטן ביי די שיינע רייד: דער האָט געזאָגט און יענער האָט דערקלערט... ווען וועט שוין האַלטן ביי דער אמת'ער הילף? נאָר קיינער האָט זיך מיט אים נישט גערעכנט. דערווייל זיינען געקומען בשורות, וואָס מען האָט רעכט נישט געוואוסט: גוט אָדער שלעכט? ענגלאַנד גייט איבערלאָזן ארץ־ישראל אויף גאָטס באַראָט און די אַראַבער שלייפן זיך די לאַנגע מעסערס... דערנאָך האָט מען ווידער געהערט, וויאַזוי עטלעכע לייטישע יידן זיינען זיך צונויפגעקומען אין ארץ ישראל, געמאַכט אַ ברכה איבערן לאַנד און ס'איז פון זיי געוואָרן אַ רעגירונג. אויך דאָס האָט שמחה נישט געקענט באַנעמען: וויאַזוי זעצן זיך עטלעכע יידן אַוועק ביי אַ טיש און ווערן איינס און צוויי מלוכה־לייט, אַלע מיטאַמאָל? אָבער ווער פרעגט דען נאָך זיין קאָפּ!

די פרייד האָט זיך געריסן פון אַלעמענס העלזער. יינגלעך און אַלטע לייט האָבן געפּילדערט איבער די קליינע, פאַריזער געסלעך

און דאָס האַרץ האָט זיך גערירט פון אָרט. צענדליקער טויזנטער זיינען געלאָפן צום גרויסן צירק, וואו עס איז באַלד געפּאַקט געווען קאָפּ אויף קאָפּ. מען האָט זיך מער נישט געקענט אַריינקוועטשן — איז מען געשטאַנען אין דרויסן אויפן גאַס רעגן און מ׳האָט געזונגען ווי אין אַ טאַנץ־זאַל. בנאמנות, ווי עס איז נישט געווען צום פאַרשטיין די יידן — נאָר שמחה אַליין איז אויך מיטגעלאָפן, זיך איינגעקוקט אין די פּנימער און געוואָלט ביי זיי דערגיין: איז עס טאַקע אמת? וועט עס שוין אַזוי בלייבן? וועלן יידן שוין אַזוי שטיין און זינגען פון נחת, זייערע שפּיצן וועלן ווערן פּרעזידענטן און מיניסטאָרן — און קיין עין־הרע וועט נישט שאַטן? נאָר אַ גאַנצע וועלט איז נישט משוגע... און אַלע האָבן שוין געוואוסט אויף זיכער: אַמעריקע האָט געזאָגט אמן נאָך יענער ברכה, וואָס די יידן האָבן געמאַכט אין תל־אביב. אפילו רוסלאַנד באַשטייט שוין, אַז די יידישע מיניסטאָרן זאָלן נישט זיין אַ ברכה לבטלה און נאָך זיי האָבן שוין אַנדערע פעלקער געגעבן זייער הסכמה. איין נס האָט נאָכגעיאָגט דעם צווייטן. וואָסזשע איז דאָ נאָך פאַראַן אַריינצוקלערן? פון דעם אינזל ציפּערן האָט מען באַפרייט טויזנטער יידן און זיי זיינען שוין אויפן וועג. אין איטאַליע שטייען גרייט שיפן צו פירן יידן קיין ארץ־ישראל. עס לויפן שוין יידן פון פוילן און דייטש־לאַנד, פון רומעניע און אַפריקע — וועט עס ווערן אַ לענדל, ווער מיר גיטס גינט. איז נישט קיין וואונדער, וואָס דער עולם האָט זיך געשפּאַרט און געשריגן פון פרייד. די רעדנער אויף דער גרויסער טריבונע האָבן געוויינט, געלאַכט, באַשוואוירן און געדונערט איבער די קעפּ: איצט זיינען מיר געוואָרן אַ פאָלק... אַ פאָלק! און אַ גאַנצע כוואַליע מענטשן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טריבונע, געוואָלט אַלעמען אַרומכאַפּן — ביז די ברעטער האָבן געקראַכט... צענדליקער מענטשן זיינען אַרונטערגעפאַלן, צעבראָכן זיך אברים, געקרעכצט... אָבער די ווילדע פרייד האָט זיי איבערגעשריגן. מ׳האָט דער געוואוסט וואו מען איז אין דער וועלט?

נאָר ווער ס׳איז שיין — שמחה איז קלוג. אַזויווי דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט: פון אַלע זייטן האָבן זיך די אַראַבער אַ לאָז געטאָן אויפן ביסל יידן. מילא, דאָס וואָס די ענגלענדער האָבן צוגעהאַלטן ביי די יידישע יאַטן די הענט, האָט ער נאָך געקענט פאַרשטיין: עס קרענקט זיי די מפּלה, ווילן זיי נעמען נקמה. אָבער אויך די אַלע שיינע רעדנער, וואָס האָבן אויף דער אַמעריקאַנער פעלקער־טריבונע געהאַלטן אַזעלכע וואַזשנע דרשות, האָבן זיך אויך אָפּגעזאָגט זייערס און פאַרטיק. זיי האָבן שוין יוצא געווען די מצווה פאַרן געשלאָגענעם פאָלק ישראל און געפּאַטשט זיך אין בייכל פון פאַרגעניגן: אפשר נישט געטאָן קיין גרויסע זאַך? נאָר די אַראַבישע ביקסן און זעלנער זיינען

געשטאַנען הינטער דער נאָז, געשאָסן אויף הייזער און מענטשן. האָבן די אַלע דרשות נישט געקענט לעבעדיק מאַכן קיין איין געהרגעטן. די יידן האָבן קוים באַוויזן איינצוקויפן אַביסל כלים צום אָפּוערן זיך און ס'איז נישט געווען צו וועמען צו שרייען. יעדער פּאָליטישער צדיק האָט זיך געמאַכט תמ'עוואַטע ווען עס איז געקומען צו תכלית. קיינער האָט נישט אָנגעשריגן מיטן האַרבן וואָרט אויף די רוצחים. קיין איין שטאַרקע שיף איז נישט אָנגעלאָפן, קיין איין אַעראָפּלאַן איז נישט אָנגעפלויגן און קיין איין האַרמאַט האָט נישט געדונערט איבער די רוצחימס קעפּ: ניטע, שיסט נישט ווייל מיר וועלן אייך מאַכן מיט אַ קאָפּ קירצער... גאָרנישט. נסים זיינען געשען, וואָס דאָס ביסל יידן האָבן פאַרמאָגט אַ פּאָר דאָלאַר — און פּאַר מזומנע ממתקים האָט זיך נאָך געיאַוועט עמעצער, וואָס האָט זיי פאַרקויפט אַביסל אייזן פאַר געזאַלצענע פרייזן. איז שוין אויך דאָס געווען אַ גדולה אויף זייער קאָפּ — און מען וועט זיך ביי זיי קיינמאָל נישט קענען אויסקויפן: אַ קלייניקייט, וואָס זיי האָבן דאָ געטאָן? געמאַכט אַ פּאָר שיינע דאָלאַר און נאָך געבליבן צדיקים אין פּעלץ... און אַז עס איז געקומען צו די אַנדערע — האָט מען פון זייערטוועגן געמעגט אויס־שעכטן ביז צום לעצטן ייד. אַבי זיי האָבן שוין זייערס אָפּגעזאָגט און געגלעט די יידישע יסורים איבערן קעפּל מיט אַ קאַלטער האַנט. וואָס נאָך? אַז די יידן ווילן אַ מלוכה — זאָלן זיי זיך נעמען... מען לאָזט זיי נישט? מען האָט דאָך זיי געגעבן די דערלויבעניש. אלא־וואָס, די אַראַבער זיינען מער און פאַרמאָגן מער כלים? טאָ ווער האָט די יידן געהייסן קריכן אַהין? זיי האָבן דאָך אַזוי געוואָלט...

שמחה האָט די גאַנצע פּאָליטיק אָפּגעטייטשט אויף זיין שטייגער, געזען וויאַזוי די גרויסע לייט פירן מסחרים פונקט ווי די קאָרטן־שפּילער ביי אים אין קנייפּע — אָבער מיט ווינציקער יושר. אַז דאָס האַרץ האָט אים אין יענע טעג נישט געפּלאַצט — וועט ער שוין טאַקע דערלעבן משיח'ן. ער האָט געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט גייט חרוב ווערן. אין די נעכט האָט ער נישט געקענט איינשלאָפן, זיך אַליין געוואָלט אויספּאַטשן: נישט גענוג וואָס ער האָט קיין שכל נישט געהאַט צו העלפן די פּאָר יאַטן באַקומען מער געווער, האָט ער זיי נאָך באַליידיקט און אַרויסגעוואָרפן... איצט וואָלט מען דאָך געמעגט קומען און קושן די פּאָדלאָגע פון זיין רעסטאָראַן, וואו זייערע פיס האָבן געטראָטן. אַ בית־המקדש קען דען זיין הייליקער? דורך יעדן גניבה'שן וואונק זייערן האָט מען געקויפט אַ כלי — און יעדער ביקס זייערע קען איצט ראַטעווען יידישע קעפּ... וואוזשע איז געווען זיין מעשענער צילענדער?

דערפאַר האָט ער זיך געשעמט צו קוקן זיין אייגענעם וויקטאָר אין די אויגן אַריין, כאָטש דאָס האַרץ האָט אָנגעקוואָלן פון נחת. עס

האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין בכור איז גאָר געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער ביי די ציוניסטן. באַלד פאַרטאָג איז ער פאַרשוואונדן פון שטוב, אַוועק אין עפּעס אַ ביוראָ אויף דער „גראַנד אַרמיי" און קיין צוויי שעה אַ נאַכט נישט אויסגעשלאָפן. ווער האָט עס געלערנט זיין גוישן זון? האָט ער טאַקע נישט געוואוסט, שמחה. ער האָט נאָר געהאַט אַ חשד, אַז דאָס האָט ער זיך אויסגעלערנט אין דער פראַנצויזישער ווידערשטאַנד: אַ מערדער ענטפערט מען נישט מיט קיין פסוקים, נאָר מען דערלאַנגט אים צוריק... און אַ יידיש יינגל איז ער דאָך פאָרט! וואָס דערציילט ער דען דעם טאַטן? גאָרנישט. נאָר מענטשן האָבן שוין געוואוסט, אַז זיין וויקטאָר טרעפט זיך מיט זיינע אַמאָליקע חברים פון דער פראַנצויזישער אַרמיי, ער פאַרהאַנדלט מיט זיי וועגן די כלים וואָס מען דאַרף... טייל פון זיי האָבן גאָר איבערגעלאָזט ווייב און קינד, גענומען אַ ביקס און אַוועקגעפלויגן קיין ארץ ישראל זיך שלאָגן צוזאַמען מיט די יידן. אויב גאַנצע לענדער האָבן זיך נישט אַרויסגעוויזן פאַר קיין צדיקים, האָבן זיך אָבער געוואָלגערט איבער פאַרשידענע מקומות טייערע הערצער וואָס האָבן נישט געקענט רוען, וואָס גייט זיי אָן די סכנה פון אַ יידיש פאָלק? צום סוף לאָזן זיי איבער די היים, דאָס וואַרעמע בעט און גייען איינשטעלן דאָס לעבן. איז עס נישט קיין נס? שמחה'ן האָט זיך אָנגעהויבן אויסווייזן, אַז אפילו גויים האָבן זיך זייערע ל"ו צדיקים. זיין אייגענער זון גייט אַרום איבער פאַריז און זוכט זיי אויס, ווי איינער זוכט אַרויס בריליאַנטן פון די לעכער.

אויך זיין רעזשין איז מיטאַמאָל לעבעדיק געוואָרן. זי האָט אַזוי־ ווי פאַרגעסן אין דעם גאַנצן בזיון פון וועלוולס סמאַרקאַטש. דאָס האָט זי גאָר געמאַכט פאַר אַ גאַנצן מענטש, וואָס קען שוין די וועלט. ביינאַכט האָט זי זיך געהאַלטן אין איין סודען מיט וויקטאָרן און אויך בייטאָג איז זי נעלם געוואָרן, דער גוטער יאָר ווייסט וואוהין. שמחה האָט זיך דערטראַכט, אַז דאָס גאַנצע ארץ ישראל איז אַ גוטע רפואָה פאַר אַלע, וואָס האָבן ערגעץ געכאַפּט אַן עוולה. אויב זיי האָבן ביז איצט געמיינט, אַז זיי קענען פאַר קיינעם נישט ווייזן די אויגן פון בושה — איז געקומען די פּאָליטיק און זיי אויסגעהיילט פון דער מכה. זיי זיינען נישט בעסער פאַרן גאַנצן, יידישן פאָלק וואָס מ'האָט פאַר־ שעמט און באַשפּיגן פון אַלע זייטן. דאַרף עס זיך פילן שולדיק דערפאַר? אדרבאָ, יידן הויבן איצט אויף דעם קאָפּ און נעמען זיך גאָר אויסגלייכן דעם חשבון מיט אַלעמען. אַ קליינער וועלוול אָדער אַ גרויסער — וואָס איז די נפקא מינה? אַבי די רפואה איז געפונען געוואָרן... איז נישט קיין וואונדער, וואָס אפילו אַזאַ נאַרישע מויד איז געקומען צום שכל און פאַרשטאַנען וואו איר אָרט איז. אויך זיין וויקטאָר האָט מסתמאָ באַנומען, אַז די גאַנצע מעשה מיט ארץ ישראל מיינט אים

מער פאַר אַנדערע. ער האָט באַקומען אַ שפּיי אין פּנים פון עפּעס אַ שיקסע — ווייל ער שוין אָפּווישן די חרפּה נישט בלויז פון זיין אייגן פּנים... אַז נישט, וויאַזוי קומט ער צו דער חברה? שמחה'ן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז צום אַלעם ערשטן וועלן צושטיין צו די יאָטן פון ארץ ישראל די אַלע, וואָס האָבן ערגעצוואו געליטן יסורים און נישט געוואוסט פאַרוואָס. איצט וועלן זיי זיך צונויפנעמען אין גאַנצע אַרמייען, אויסגלייכן אַלע קרומקייטן און דערנאָך אַריינשרייען זייערע פאַרשעמער אין די אויגן אַריין: איר זעט כאָטש ווער מ'יר זיינען און וואָס מיר קענען אויפטאָן? אפילו פאַר אים אַליין איז דער גאַנצער נס פון ארץ ישראל געשען מער ווי פאַר אַנדערע... ווייל יעדער איינער, וואָס האָט קיינמאָל קיין אומזיסטע חרפּה נישט געליטן, וועט גאָרנישט וויסן מיט וואָס מען עסט דאָס מין.

שמחה האָט געשוויגן, כאָטש אין קאָפּ האָט ווידער גערוישט און אים האָט זיך געוואָלט אָפּשטעלן מיט יעדן איינעם וואָס ער באַגעגנט נאָר און פרעגן: וואָס זאָגט איר צו שמחה'ס קינדער, האַ? נאָר עפּעס האָט אים אויך געשראָקן. ער האָט זיך שוין איינגעלעבט מיט דעם גאַנצן פּאַריז און ער וואָלט זי נישט אויסגעביטן פאַר קיין לאַנד אין דער וועלט. דאָ האָט ער אָנגעהויבן, פאַרליאַפּעט זיך אין דער ערשטער יידענע, זי פאַרלוירן, אויפגעכאָוועט די קינדער... און דאָ האָט ער געהאָט אַלע גוטע ברידער. זיינע קינדער האָט ער שוין געהאַלטן פאַר גאַנצע פראַנצויזן, וואָס זיינען צוגעבונדן צו יעדער שטיין אין דעם דאָזיקן לאַנד. צום סוף האָט ער ראַפּטום דערזען, וויאַזוי זיי רייסן זיך פון דער ערד, פליען איבער די דעכער און ווער־ווייסט וואוהין זיי וועלן עס פאַרפליען... עס איז פאַר אים מיטאַמאָל קלאָר געוואָרן, אַז זיי ציט נישט מער די אייגענע היים, די פאַרמעגנס וואָס ער האָט פאַר זיי אָנגעזאַמלט. אָט באַלד וועלן זיי אַ צעפּאַך־טאָן מיט די פליגל, אַנטלויפן ערגעץ־ווייט און ער וועט זיי אפילו נישט קענען נאָכקריכן. זיי וועלן אים איבערלאָזן ווי אַן איבעריקע זאַך וואָס קיינער דאַרף נישט מער — און שוין... ער וועט בלייבן נאָך עלנטער ווי ביז אַצינד, כאָטש דווקאָ איצט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַ שטומע נאָענטשאַפט צווישן זיי און אים, וואָס ער שפּירט עס קוים אין אייגענעם האַרץ. איז אים אַ שאָד געוועז אָפּגעריסן צו ווערן פון זיי גראָד איצט, ווען דער שטילער נחת האָט אים גענומען צעשפּאַרן די געדערים. ער וואָלט זיך גאָר צעוויינט אויך... וואָסזשע וועט ער גיין טענה'ן מיט ווילד־פרעמדע מענטשן?

נאָר טייל מענטשן האָבן סייווי געמוזט וויסן דערפון. והראיה: יידן מיט וועלכע ער האָט קיינמאָל קיין וואָרט נישט אויסגעטוישט האָבן אים פּלוצים גענומען גריסן, באַטראַכטן אים מיט אַ נייגעריקן דרך ארץ. כאָטש נעם און צעוויין זיך פאַר זיי אין די אויגן. דאָס איז

נישט פאַר זיין געלט, אָדער דערפאַר וואָס ער קען פונדעוועגן אַ כוסה... גאָט באַהיט! ער האָט זיך אפילו געשעמט פאַר זיינע קינדער מיט נאָך אַ זאַך: וואָס האָט ער דען געטאָן פאַר זייערטוועגן? אפילו פון דעם מלמד, וואָס ער האָט נאָכן קריג פאַר זיי געדונגען, האָבן זיי גאָרנישט געלערנט! נישט זיי זיינען אַמאָל געווען משוררים אין וואַרשע ווי ער און נישט זיי האָבן גענומען אַ יידיש וואָרט אין מויל אַריין. וואָסזשע האָט זיך אין זיי אַזוי צעקאָכט דאָס יידישע אָדערל? טאַקע מעשי־נסים. נישט אַנדערש, נאָר די מאַמע זייערע האָט זיך דאָרט געמיט און געקומען זיי צו חלום... צו אים האָט זי טאַקע געהאַנדלט ווי אַ נפקא, אָבער לייטיש איז זי געבליבן די גאַנצע צייט. האָט מען עס איר דאָרט נישט גערעכנט, אָדער זי איז שוין אירס איבערגעקומען. שמחה ווייסט דען, וויאַזוי מען חשבונ׳ט זיך דאָרט אָפּ? איצט זיינען די אייגענע קינדער בעסערע יידן פאַר אים. אַבי ער האָט זיך געקלאָגט, גענומען זיך דאָס לעבן, וואָס אַ פּאַריזער ראָצער האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף זיין רעזשינגען... ער איז דען ווערט צו פוצן אירע שיך? נאָר טיילמאָל האָט שמחה אַליין נישט געוואוסט אויב ער דאַרף זיך שוין פרייען אָדער נאָך מער טרויערן אויף זיין מזל: אָדער זיי זיינען צופיל גוים, אָדער זיי וועלן אַנטלויפן צו אַזאַ יידישער וועלט אין וועלכער די טויערן זיינען נישט פאַר שמחה׳ן געדאַכט געוואָרן... קען זיך טאַקע די וועלט קיינמאָל נישט אויס־גלייכן? אָבער ביז וואָס און ווען האָט ער גאָר מורא געהאַט, אַז ער זאָל זיך אַליין קיין עין־הרע נישט געבן.

13.

איין זאַך האָט שמחה׳ן געאַרט מער ווי אַלצדינג אין דער וועלט און קיינער האָט אים נישט געקענט העלפן. וויפל מאָל ער האָט געוואָלט צוגיין צו זיין וויקטאָרן און פרעגן, האָט אים פאַרפעלט קוראַזש. אָט איז ער שוין געשטאַנען נישט ווייט פון אים, שוין געעפנט דאָס מויל און צום סוף גענומען דרייען מיט דער צונג: בע־מע... וואָס הערט מען דאָרטן, אויפן פראָנט? נישט דאָס האָט ער געוואָלט פרעגן. נאָר ער אַליין האָט זיך נישט געקענט צוגלויבן, אַז דאָס איז דאָס זעלבע יינגל זיינס, וואָס ער האָט מיט אַ פאָר יאָר צוריק געטריבן פון רעסטאָראַן... מיטן גאַנצן נחת זיינעם האָט ער פאַרלוירן די העזה צו די אייגענע קינדער. זיי זיינען ראַפּטום געוואָרן ווייט פון אים און פרעמד. ער האָט איצט געמוזט לאַנג טראַכטן איידער ער האָט געזאָגט צו זיי אַ וואָרט, כאָטש פריער האָבן באַלד די ערשטע סעקונדן גענומען פאַלן ווערטער פון זיינע ליפּן. עס איז אַנדערש געוואָרן און שמחה האָט זיך אַליין נישט געקענט געבן צו פאַרשטיין צוליב וואָס. האָט

ער טאָקע נישט געפרעגט און די שאלה איז אים שטעקן געבליבן אין די אינגעווייַדן ווי אַ מעסער.

די נייַעסן זייַנען דווקא געווען גוטע. עס זייַנען געווען די ערשטע טעג פון מלחמה מיט די אַראַבער. קיין געוויעס האָט מען נאָכנישט געוואוסט, אָבער יידן זייַנען געוואָקסן אין דער לענג און אין דער ברייט: די יידישע ייִנגלעך דערלאַנגען קלעפּ ווי ברעטער. זיי האָבן כמעט גאָרנישט אין די הענט. אייגער פון זיי שטייט קעגן גאַנצע חמרים מיט אַראַבער, וואָס האָבן נאָך דערצו די בעסטע כלים — נאָר יענע פאַלן ווי די פליגן... ממש ווי שמחה האָט אַמאָל געלערנט אין חדר וועגן לאַנד כנען. מיט וועלכן כח? פרעגט בעסער נישט! הייַנט גיי און זאָג, אַז ס׳איז קיין גאָט אויף דער וועלט נישטאָ. מען האָט זיך דערציילט, אַז יידישע אָפיצירן און גענעראַלן פון רוסלאַנד האָבן איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר, גע׳גנב׳עט גרענעצן און געקומען זיך בעטן מען זאָל זיי שיקן אויפן פראָנט. זיי זייַנען בידיי גרייט צו זייַן פּראָסטע זעלנער, אַבי זיי זאָלן קענען שטיין ביי דער זייט פון זייערע ברידער... דאָס זעלבע האָט מען דערציילט פון אַנדערע יידישע אָפיצירן: ענגלישע, אַמעריקאַנישע, פראַנצויזישע, קאַנאַדישע... גאָטס פינטעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט אין יידישע הערצער פון דער גאַנצער וועלט, אַזויווי אַ מלאך וואָלט געשטאַנען ביי זיי צוקאָפּנס און געשריגן צו זיי: גייט! פאָרט! העלפט ראַטעווען אייער בלוט און פלייש... זיין וויקטאָר איז נישט דער איינציקער. יידישע ייִנגלעך האָבן זיך גענומען ציען דורך פּאַריז פון ניו־יאָרק און בוענאָס איירעס, פון מאָסקווע און סיביר, פון וואַרשע און בוקאַרעשט, פון לאָנדאָן און קאַזאַבלאַנקאַ. זיי זייַנען געקומען, איבערגענעכטיקט און געפלויגן ווייטער. יידישע יאַטן, וואָס האָבן קיין וואָרט נישט געקענט אַרויסרעדן איינס מיט דאָס אַנדערע און זיי וואָלטן זיך אפשר גאָר קיינמאָל נישט צוזאַמענגעטראָפן, האָבן זיך איצט געקוקט מיט שטומער ליבלעכקייט אין די אויגן אַרייַן. דער ערגסטער שונא וואָלט שוין איצט נישט געקענט לייקענען, אַז זיי זייַנען ברידער. זיי האָבן זיך אייַנגעזעצט אין דער זעלבער שיף אָדער אין זעלבן אַעראָפּלאַן, גענומען די זעלבע ביקס אין דער האַנט און עס האָט אויסגעזען אַזויווי פון זייערע אַלע הערצער איז געוואָרן איין האַרץ וואָס שווימט אויפן יידישן ים — — —

מסתמאָ דערפאַר האָט שמחה אַזוי אויפגעציטערט, ווען איינמאָל ביינאַכט האָט זיך פּלוצים באַוויזן אין זייַן רעסטאָראַן דער קליינער ביכער־שלינגער, וועמען ער האָט אַמאָל פאַרלוירן פון אויג. ער האָט זיך באַגריסט מיט שמחה׳ן אַזויווי צום ערשטן מאָל און נאָר צוגעלייגט ממזריש דעם פינגער צום מויל: געשוויגן זאָל ווערן! נאָר שמחה האָט שוין דווקא אַ סך געפרעגט ביי אים. ווי נאָר ער האָט אים דערקענט, איז ער צוגעפאַלן צום קליינעם מיט דער גאַנצער שווערקייט

פון זיין גוף. קען זיין, אַז פון גרויס צעטומלטקייט האָט ער זיך טאַקע צעוויינט. ער געדענקט דען? ער האָט אים אַרומגעכאַפּט, שיעור נישט דערשטיקט מיט זיינע בערישע לאַפּעס און אים אויסגע־קושט וואו נאָר ער האָט אָנגעטראָפן. אָבער דאָס נפשל האָט זיך גאָר אַרויסגעריסן און מיטאַמאָל געגעבן אַ באַפעל ווי אַ גאַנצער קאָ־מאַנדיר: גענוג! ס'איז איצט נישט קיין צייט דערויף... געהערט ווערטער? נאָר ביי שמחה'ן האָבן זיך ראַפּטום אַראָפּגעלאָזט די הענט ווי ביי אַ גולם.

עס האָט שוין געהאַלטן אין סאַמע ברען פון דער מלחמה. די יידן פון ארץ ישראל האָבן שוין געהאַט אָפּגעטריבן די אַראַבער פון אַ סך ערטער. עס איז אָבער פאָרט נישט געווען אַזוי פריילעך. מען האָט געשמועסט, אַז זיי פאַרמאָגן אַ ים מיט מענטשן. טויזנט פאַלן און צען טויזנט נייע קומען אויף זייער אָרט. די יידישע יאַטן האָבן זיך טאַקע אַרויסגעוויזן פאַר גיבורים, אָבער אויך זיי בלייבן ליגן פון אַ קויל — און מען שמועסט, אַז עס זיינען שוין געפאַלן צוויי טויזנט, דריי טויזנט... פינף! פון די יידישע צייטונגען, פון די פאַרזאַמלונגען, פאַרטיי־לאָקאַלן, בתי־מדרשים און להבדיל קנייפּעס האָבן זיך גע־טראָגן איין גרויס געשריי: הילף!!! מען דאַרף האָבן הילף אין מענטשן, געלט, געווער, פאַכמענער, אַעראָפּלאַנען... אַלץ! מער דאַרף הילף, איידער די אַראַבער קומען צו זיך און מאַכן אָן אַ נייעם חורבן. איז ער דען נישט גערעכט, דער קליינער? וואָס פאַר אַ קושן זיך אין מיטשקע דערין?

אָבער יענער איז גאָר געקומען רעדן וועגן געשעפט: ער וויל באַשטעלן עסן פאַר אַ הונדערט חברה־לייט. דריי מאָל אין טאָג וועלן זיי קומען אַהער. ווילאַנג ווייסט ער נישט. אפשר אַ טאָג און אפשר גאַנצע צוויי וואָכן. זיי האָבן גענומען אַ האָטעל נישט ווייט פון דאַנעט און עס טויג נישט, מען זאָל זיי זען אַרומשפּאַצירן צופיל איבער די גאַסן, ביז זייער אַוועקפאָרן. אפילו ביי די טישן מעגן זיי געזען ווערן פון וואָס ווייניקער אויגן... פאַרשטאַנען? אויב שמחה פאַרשטייט אַן עסק? מילא. די שטאַם־געסט האָט ער שוין געמוזט אַרויסנאַרן מיט אַלערליי קונצן און זיי נישט לאָזן דוכנ'ען איבער די טעלער. אויך מיט די פאָר קאָרטן־שפּילער האָט ער געהאַט די אמתע עבודה, ביז ער האָט זיי געקענט משלח זיין באַצייטנס. ערשט דערנאָך האָט זיך די חברה אַריינגעגליטשט, איינציקווייז... אַזויווי זיי וואָלטן זיך גאָר־נישט אָנגעהערט איינער מיטן צווייטן. שמחה אַליין האָט געגרייט צום טיש, געשטעלט דעם שנאַפּס מיטן וויין, אונטערגעטריבן די קעכין און אַליין נישט געוואוסט וואו ער איז אין דער וועלט. אַזעלכע געסט! ער האָט אפילו נישט געלאָזט די מיידן פירן אַ חשבון, וואָס און ווען. ער האָט זיך גאָרנישט געקענט זאַט אָנקוקן אין זייערע פּנימער: יינגען

ווי די ריזן, פנימער ווי ביי די שקצים און העגט ווי צוואַנגען...
אַזוינס גייט גאָר אָפּגעבן דאָס פריילעכע שטיק לעבן פאַר יידנס וועגן!
ווען ער קען, וואָלט ער איצט אַרומגעכאַפּט גאָט אַליין און אים געקושט
דעם שטויב פון די פיס, פאַרן איבערלאָזן דעם יידישן פאָלק אַזעלכע
יינגען מיט ביינער. ס׳איז דען צום גלויבן? שפּעטער זיינען אָנגעקומען
אַ כאָפּטע מיידלעך פון אַלע עקן וועלט און שמחה האָט אויפגעכאַפּט
פון דער זייט: הוילע דאָקטאָרשעס און סטודענטקעס, פון רייכע,
מיליאָנערסקע היימען וואו מען באָדט זיך אין האָניק... אויך געקומען!
אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי זיך כמעט נישט אַרויסגערירט פון זיין
אויבערשטן סאַלאָן. צווישן איין עסן און דעם צווייטן האָבן זיי עפּעס
געלייענט פון ביכלעך אַרויס. דערנאָך זיינען אַרויפגעקומען עטלעכע
יאַטן, מסתמא גאַנצע שישקעס און איינגעטיילט דעם עולם אין גרופּ־
קעס. זעט אויס, אַז מען האָט נאָך געמוזט צו זיי רעדן אויף פאַרשידענע
לשונות. דערנאָך זיינען טייל גרופּקעס פאַרשוואונדן און אויף זייער
אָרט זיינען געקומען אַנדערע... די אמתע פאַבריק! האָט ער, שמחה,
גאָרנישט געזאָגט. נאָר איינמאָל, ווען דער קליינער חברה־מאַן איז
אַריינגעקומען בעטן אַ חשבון פאַר דער גאַנצער צייט — האָט זיך שמחה
צעקאָכט, רויט געוואָרן און דערנאָך גאָר אויסגעשאָסן אין אַ געוויין:
געלט? אַ חשבון, האָט ער געזאָגט? ביי שמחה שרייער?
און אויך ביי יענעם האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן.

14.

דאָס וואָס שמחה קען נישט פרעגן ביי קיין אייגן קינד, וועט ער
נישט גיין פאַרטרויען קיין פרעמדן. אַ לייטיש קינד ווי זיינער וואָלט
פון דעסטוועגן געמעגט צוקומען צו אַ טאַטן און זאָגן: הונט־טייוול,
ביזט דאָך אַ טאַטע... וויל איך דיך פרעגן: איך פאַרשרייב דאָרט
אַלעמען, וואָס ווילן פאָרן העלפן... עס קומען יידן און גויים, אַלטע און
יינגע... ווער עס האָט נאָר כח און ווילן. וואָס זאָגסטו דערצו? אַ
געזונט אים אין קאָפּ אַריין — אָבער דעם טאַטן האָט ער שוין אויסגע־
מעקט פון די לעבעדיקע... אַן אַלטער שכור און עבר ובטל, פון
וועלכן מען קען שוין גאָרנישט האָבן און מען דאַרף אים אפילו נישט
פרעגן. אפילו וועגן קיין געלט האָט ער מיט אים נישט גערעדט. דאָס
האָט געדאַרפט קומען מאָגען אַ פרעמדער. וואָסזשע וועט ער גיין
באַלאַקען מיט ווייסעך וועמען דאָרט!
נאָר ס׳האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט: מען האָט געהאַלטן ביי
דער לעצטער וועטשערע. פאַרטאָג האָט מען די גאַנצע חברה געדאַרפט
אָפּפירן מיט לאַסט־אויטאָס ביז צו אַ שטילער זייט פון אַ ווייטן פאָרט.
אַ סברה, אַז די פראַנצויזישע רעגירונג האָט זיך געבעטן: אַן רעש...

זאָל מען נישט רודערן צופיל און זיך נישט וואַרפן אין די אויגן. זעט אויס, אַז אפילו גרויסע מלוכות דאַרפן טיילמאָל ציטערן ווי די קינדער, מען זאָל זיי נישט כאַפּן ביי דער האַנט. פאַר וועמען האָבן זיי דען מורא? נאָר שמחה מישט זיך נישט אין פּאָליטיק. מען זאָגט אַזוי — זאָל זיין אַזוי. ער האָט בלויז געפאָלגט וואָס מ׳האָט אים געהייסן. אין גאַנצן סאַלאָן איז געווען געפּאַקט און מ׳האָט נישט געקענט אַרויסזען די אייגענע נאָז. חברה האָט שוין אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען די שוואַרצע קאַווע און עס האָט אויסגעזען, אַז באַלד וועלן זיי גיין כאַפּן אַ דרימל איידער מען לאָזט זיך אין טונקעלן וועג אַריין. נאָר עפּעס האָט מען נאָך געוואַרט. וואָס גייט דאָ געשען?

שמחה האָט דערפילט אַ פּרעסטל אין די ביינער. די ליכט זיינען מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן. בלויז דאָס קליינע לעמפּל ביים קיך־פענסטערל איז געבליבן צאַנקען, ווי תשעה־באָב נאָך די קינות. די ראָלעטן פון די פענסטער האָט עמעץ פלינק אַראָפּגעצויגן און די גאַנצע שטוב האָט באַקומען ס׳פּנים פון אַ פאַרמאַכטן קאַסטן. מען האָט קוים געהערט דאָס אייגענע אָטעמען און אַ שוויס האָט גענומען זעצן פון דער פאַרשטיקטער לופט. ערשט מיטאַמאָל האָט מען געהערט עפענען דאָס טירל צום גאָרן און פעסטע טריט האָבן גענומען זעצן אויף די טרעפּ... בוך־בוך, ווי עפּעס אַ פויק וואָלט אַריינגעהעמערט אין דער שטילקייט. ווער האָט דאָרט געקענט עפענען די טיר? שמחה האָט זיך געוואָלט אַדורכרייסן דעם קלעם פון לייבער, אָנזידלען דער שותפטעס געמאַלעוועטער פּאָנפּעראָניע: מען האָט דאָך עפּעס גע־שמועסט, קיינעם נישט אַרויפצולאָזן... יאָ אָדער נישט?

ער האָט אָבער דערפילט, אַז די אַלע וואָס זיצן דאָ, דערוואַרטן עמעצן און שטעלן גאָר אָן די אויערן צו די פעסטע טריט. איז נישט זיין עסק. איצט איז ער דאָ קיין בעל־הבית נישט. ער קען נאָר בלייבן שטיין און זיך איינהערן מיט דער זעלבער, וואַכער פאַרגליווערטקייט. די טרי׳ט זיינען דערווייל אויסגעוואָקסן אין אַ טונקעלן קאָפּ, וואָס האָט זיך געהויבן אין דעם חושך, גרעסער געוואָרן, געבליבן הענגען אויף אָקסל, אויף אַ בויך, אויף באַשטיוולטע פיס... יענער האָט שוין אַריינגעשפּרייזט אין דער פינסטער, שטיין געבליבן אַ רגע ווי ער וואָלט דאָ זיך באַמיט עפּעס אויסצושמעקן. דערנאָך האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן מיט זיכערער היימישקייט צום שפּיץ פון די טישן, אַ ווײַלע זיך אַראָפּגעבויגן צו עמעצן און שטיין געבליבן פּונקט אַנטקעגנאיבער דעם בלאַסן לעמפּל. שמחה האָט אים מיטאַמאָל דערקענט און נישט דערקענט. ער האָט געוואָלט אויסשרייען מיטן גאַנצן כח און זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. בלויז אינעווייניק אין אים האָט עס געוויינט און געלאַכט, געשטיקט און געשראָקן, גערעוועט און געהעשעט שטילער־הייט... אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס גאַנצע לעבן האָט ער זיך

אַרומגעדרייט אויף דער וועלט און געזוכט, געוואָלט עפּעס און קיינמאָל נישט געוואוסט וואָס אַזוינס — ביז דער איצטיקער מינוט. איצט האָט ער געפונען און ער ווייסט נאָכנישט וואָס אַזוינס. ער ווייסט נאָך גאָרנישט און דאָך צעגיסן זיך ביי אים אַלע אברים, זיי צעשמעלצן זיך, צעפליען שטיקערווייז אין דער חושכ׳דיקער לופט. בלויז דאָס האַרץ אַליין שטייט נאָך אויף דער וואָך, זעט, הערט, זאַפּט אין זיך אַריין דעם גאַנצן באַרג מיט שטילקייט און פּויקט נאָך דערצו אין אַלע בלוטן: געפונען אים... געפונען!!! אין איין רגע האָט ער זיך אַזויווי מטושטש דערמאָנט, וויאַזוי זיין טאַטער ווערט איצט נעלם אויף גאַנצע טעג. זי פּאָרעט זיך עפּעס אַרום צווישן די יינגען מיט ווייס־בלויע פּענדלעך אין די לאַצן און — גאָרנישט... ער ווייסט נישט. נאָר איצט איז גאָר אויסגעוואַקסן אויף איר אָרט יענער בלאָנדער יינג, וואָס ער האָט אים שיעור נישט אָפּגעשיילט די הויט פון פּנים, ווען ער טרעפט אים אין יענער מטורף׳ער נאַכט... ער און — זי... ביידע שטייען און סודען זיך עפּעס, טראָגן מיט זיך לאַנגע ביקסן הינטער דער פּאָלע און שיסן אַריבער דעם ים... ער וויל זיך צע־שרייען: זאב!!! זאב, איך וויל דיך עפּעס פרעגן... נאָר זיי לויפן אַוועק גאָר ווייט, קאַטשען זיך איבערן וואַסער און ווערן פאַרשוואונדן, ער שטייט בלויז און שרייט אַריבער די צעשטורעמט־וואַסערדיקע ליידיקייט: רעזשין! זאב! נאָר קיינער הערט אים נישט. בלויז אַ כוואַליע גיט ווילד אַ פאַרהויב איר מענטשלעכן קאָפּ און שוואַרצע האָר גיבן זיך אַ צעבעזעם איבערן וואַסער מיט אַ קאַלט געלעכטערל: פאַפּאַ... אַדיע, פּאַפּאַ... און ער בלייבט שטיין מיט אויסגעשטרעקטע הענט. אַ שוויס באַגיסט אים פון קאָפּ ביז די פיס. די לופט נעמט אים שטיקן די נאָז־לעכער. ער וויל רופן הילף און דאָס מויל איז פאַרשטאָפּט, דערשטיקט. שרייט ער ביי זיך אינעווייניק און קיינער הערט נישט... אַ לאַנגער רויך שניידט זיך איין מיט אַ פייף אין די געדערים און ער בלייבט אַליין, אַ פאַרלאָזטער, אַן עלנטער... ער וויל מיטלויפן, שרייען זיי זאָלן אים מיטנעמען. נאָר אַ וואַנט רינגלט אים אַרום, לאָזט אים נישט באַוועגן זיך, קיין טריט נישט שטעלן. ער קען בלויז נאָך שטאַרקער אויפרייסן די אויגן, זיך אויפטרייסלען און דערזען אַז דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַן אויסדאַכטעניש אויף אַ מינוט... ער האָט פאַרלוירן די געדאַנקען אויף אַ רגע. אָבער עפּעס אמת מוז דאָ פאָרט זיין: דער בלאָנדער זאב שטייט טאַקע אויבנאָן...

15.

עס איז נישט געווען קיין צייט פאַר איבעראַשונגען. דער בלאָנדער בחור האָט זיך אויסגעשטייפט, מיליטעריש זיך אויסגעצויגן און

שטילערהייט אַ שפּיל געטאָן איבער די קעפּ: איך קום היינט צופליען פון אונזער מדינה! אַ שטום געראויש האָט אַרומגענומען דעם עולם. אָבער ער האָט ווייטער גערעדט, דערציילט. נישט אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט איז שמחה מסוגל געווען צו באַנעמען. דאָס ערשטע מאָל קומט אים אויס צו הערן אַ מענטש וואָס האָט נאָך היינט געשמעקט מלחמה־פּולווער. נאָר וואָס שפּילן אַ ראָלע ווערטער? פאַר אים איז גענוג געווען דאָס שטילע קול, דער מאָך מיט דער האַנט, דער קרעפּקער גוף אין מונדיר, די גאַנצע זיכערקייט זיינע... גאָט, פאַרוואָס האָסטו זיך אַזוי שפּעט דערמאָנט אין דיינע יידן? קיין סך האָט יענער נישט געזאָגט, אָבער שמחה׳ן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער הערט אים שוין יאָרן:

— איר פאָרט זיך שלאָגן מיט אַ שונא — דאַרפט איר וויסן פאַר־וואָס מיר ראַנגלען זיך. גלייך פון דער שיף וועט מען אייך נעמען צום פראָנט. נישטאָ קיין עצה. דאָרט האָט מען נישט קיין צייט פאַר ווערטער. איז בעסער, ווען מען שמועסט זיך דאָ אַדורך. דאָס געווער אין אייערע הענט וועט דאַן בעסער שפּילן...

עטלעכע שפּאַלטן אין דער מענטשן־ריי ביי די טישן האָבן שטיל איבערגעפּרעפּלט זיינע ווערטער. דאָס האָט מען מסתמאָ איבערגעזעצט זיינע רייד אין אַנדערע לשונות, וואָס זיי פאַרשטייען. דערנאָך האָט זיך שוין זאב צעהיצט:

— טייל פון אייך קומען נאָר־וואָס פון פּוילן. וואָס האָט איר דאָרט געזען? קברים און חורבות. אייערע קברים און אייערע חורבות. דאָרט האָט איר באַגראָבן נישט בלויז אייערע ברידער און שוועסטער, נאָר אויך אייערע אייגענע האָפענונגען. דאָרט וואַרט אויף אייך דער טויט... און טייל פון אייך קומען איצט פון סאָוועט־רוסלאַנד. האָט איר געזען, וואָס דאָרט איז געוואָרן פונעם יידישן לעבן? פון וואַנעט איר זאָלט נישט קומען — האָט איר געזען: מען האָט אונז געלאָזט אויף הפקר. פאָרט איבער דייטשלאַנד און זעט, וויאַזוי אונזערע מערדער דרייען זיך אַרום אויף די גאַסן מיט זאַטע פּנימער. דערקענט זיי איבער רומעניע, אונגאַרן, אוקריינע, עסטרייך און וואו נישט? איבער גאַנץ אייראָפּע. אַלץ וואַרט אויף אַ נס — און דעם נס דאַרפן מיר גאָר באַשאַפן מיט אונזער אייגענער האַנט, מיט אונזער אייגענעם געווער. אויב נישט, מעגן זיי אויף אונז ווייטער שפּייען, צעטרעטן מיט די פיס... טייל פון אייך קומען פון אַמעריקאַנער לענדער. האָט איר יענע יסורים נישט אָנגעזען פאַר די אויגן. נאָר וויסן מעגט איר: אויב מיר וועלן דאָסמאָל נישט באַזיגן אונזער שונא — וועט מען אפילו אין אַמעריקע קוקן אויף אייך ווי אויף לייז. אפילו איר וועט מער קיין אָרט אונטער דער זון נישט האָבן...

— וואָס ווילן מיר? נישט בלויז ראַטעווען די זעקס הונדערט טויזנט יידן פון ארץ ישראל! מיר ווילן אָפּראַטעווען דעם שטאָלץ פון יעדער ייד אין דער וועלט. עס גייט אונז דען בלויז אין דעם שטיקל אייגענער מלוכה? אינעם באַוווייזן, אַז אויך מיר קענען האָבן אַן אַרמיי, וואָס קען זיך שלאָגן? שטותים. דאָס ווילן מיר נאָר קענען טראָגן דאָס יידישע פּנים אומעטום — און עס זאָל נישט דאַרפן מער בעטלען ביי די טויערן, נישט חנפ'ענען יעדן איינעם וואָס האַלט אַ שליסל אין דער האַנט. מיר ווילן האָבן אַ ברירה. איצט קומט פאַר די לעצטע שלאַכט און די ערשטע. מיר גייען זיך איצט שלאָגן פאַר די יידן פון בוענאָס איירעס און סיביר, פון דייטשלאַנד און וואַרשע. מיר וועלן איצט מוזן פרייער מאַכן דאָס געמיט פון יעדן איינעם ייד אין דער פרעמד, וואָס האָט מוראָ צו פינטלען מיט די יידישע אויגן.

— וואָס ווילן מיר דערגרייכן? גאָרנישט, אויסער אַן אָפענע טיר. אונזערע יידן אין ארץ ישראל זיינען פאַרהאַקט פון אינעווייניק. אַנדערע יידן זיינען פאַרהאַקט אויף זיבן נישט-געזעענע שלעסער פון דרויסן. ברעכן מיר אויף די וואַנט. מיר ווילן אַליין שטיין ביי אונזער טיר און דאָרט אַריינבעטן יעדן איינעם, וואָס די פרעמד שטיקט אים אין האַלז. אומעטום זיינען פאַראַן צעבראָכענע און נידערשלאָגענע יידן, וואָס קענען זיך קיין אָרט נישט געפינען. מען האָט אייך געזאָגט, אַז דאָס מיינט מען נאָר די געראַטעוועטע יידן פון אייראָפּע. עס איז נאָר אַ האַלבער אמת. מען קען זיין אומגליקלעך אפילו אין פּאַלאַצן און מען קען רייסן פון זיך די יידישע הויט, אפילו ווען מען האָט מיליאָנען און פולע זעט. אַלע דאַרפן האָבן יענע נייע טיר, ביי וועמענס שוועל מען קען פאַרגעסן אַלע נעכטנס. נישט איינער פון אונז קומט פון סאָמע תהום. אַ סך פון אונז זיינען געבוירן אין מיסט, אין פאַרדאָרבנ־קייט. מיר מוזן אַריין אין אַ וועלט, וואו אַלץ הויבט זיך אָן ערשט היינט אָדער מאָרגן. מיטן נעכטן אין איין הויז קענען מיר זיך מער נישט געפינען. מיליאָנען פון אונז גייען אַרום מיט פאַרשפּיגענע אויגן. דערפאַר זעען זיי די גאַנצע וועלט, ווי זי ליגט אין שפּייעכץ. קען דאָס קיינער נישט ענדערן, סיידן אַ האַנט וועט זיך אויסשטרעקן און זאָגן: פאַרגעס! וואַש זיך אויס די אויגן, ווי ניי־געבוירן קינד. דאָרטן וועט עס מעגלעך זיין. פאָרן מיר זיך איצט נישט באַוווייזן ווי גוט מיר האָבן געלערנט שיסן. מיר פאָרן געבוירן ווערן נאָכאַמאָל און אויסגלייכן אַלע עוולות וואָס דאָס לעבן האָט אונז אָנגעהאָנגען, נישט פרעגנדיק ביי קיינעם... אונזער וועלט גייט אונטער. אַזוי האָט באַפוילן דער גורל. עס האָבן זיך אויסגעלאָשן הונדערטער יידישע שטעט. טויזנטער יאָרן מי האָט מען אָפּגעווישט אָן אַ קרעכץ — ווילן מיר נישט... דערלאָזן מיר נישט... נעמען מיר נישט אָן דעם באַפעל, וואָס הייסט אונז אַליין אַריינקריכן אין גרויסן קבר... מיר שטייען ביי זיין ברעג

— און ווילן נישט! מיטן געוועער אין דער האַנט שרייען מיר אַרויס אונזער: ניין!!!

ער האָט נאָך גערעדט ווייטער, אָבער שמחה איז פול געוואָרן... מער נישט געקענט פאַרנעמען קיין וואָרט. ווען עס איז ווידער שטיל געוואָרן, האָט ער מער נישט געקענט אויסהאַלטן. אין די אויגן האָט אים געביסן און די הענט זיינע האָבן זיך געקנוילט, געצאַפּלט. האָט ער זיך אַדורכגעשניטן דורך די צוזאַמענגעדריקטע לייבער, דורך מוסקולירטע אָרעמס און צעשויבערטע קעפּ. ער איז צוגעפאַלן ביז צום סאַמע רעדנער און ווי נישט מיט זיין קול קוים אַרויסגעסאָפּעט:

— זאב... פאַרוואָס נעמט מען נישט מיך? איר זאָגט אַלץ: יינגוואַרג... אייזן זוכט איר! אָבער גיב מיר איינעם אויף יעדער האַנט — און וועסט זען וויאַזוי שמחה איז אַלט געוואָרן... פאַרוואָס פרעגט מען מיך נישט, האַ?

ביי די טישן איז געוואָרן אַ שטיקל גערירטע בהלה. אויך זאב האָט זיך ראַפּטום פאַרלוירן, נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. ער האָט געמאַכט אַ טריט צוריק, זיך נאָכאַמאָל איינגעקוקט אין שמחה׳ס צעהיצטן פּנים, אין די אַרויסגעקוילערטע אויגן. דערנאָך האָט ער זיך צו אים אויסגעדרייט מיטן רוקן. שמחה האָט שוין געמיינט, אַז דער אַלטער רוגז וועקט זיך אין אים. האָט ער אים געוואָלט אַרומנעמען, דערציילן, פאַרענטפערן זיך, וויינען... אָבער יענער האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, צוגעקומען גאָר נאָענט און אים שטיל אַריינגעפּאַטשט אין פּנים אַריין: איר האָט שוין גענוג צעשטייער געגעבן... ער? שמחה? נישט מעגלעך געווען צו פאַרשטיין: וואָס מיינט ער? וואָס זאָגט ער? נאָר זאב האָט שוין זיינס אָפּגעזאָגט, קורץ און גוט. ער האָט אַרויס־געברומט אַ מיליטערישן „שלום" און זיך געלאָזט צו דער טיר. שמחה׳ן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער טאָר אים נישט לאָזן אַוועקגיין. ער מוז אים נאָכקריכן, איינקלאַמערן אין די פעסטע לאַפּעס און נישט לאָזן... נאָר די העזה האָט אים פאַרלאָזט. איז ער בלויז שטיין געבליבן אַנטקעגנאיבער אים מיט שטעכיקן געבעט און הכנעה׳דיקן פּראָטעסט. אין זיין מטושטשדיקן קאָפּ האָט זיך אפילו עפּעס אויפגעפלאָנטערט מיט אַלטן כעס: זאָל ער אָנהויבן מיט גוטן אָדער מיט בייזן? נאָר זאב האָט שוין אַוועקגעשטעלט זיין פוס אויפן ערשטן טרעפּל. ווי ער וואָלט זיך געגרייט אויף אַ קלאַפּ, האָט ער זיך האַסטיק אַ שטעל געטאָן, כמעט ווי צוגעלייגט זיין נאָז צו שמחה׳ס און טרוקן, מיליטעריש־קורץ אים צוגעוואָרפן דעם לעצטן זאַץ:

— מאָרגן פאַרטאָג פליען מיט מיר אָפּ וויקטאָר מיט רעזשינען...

ווען שמחה האָט זיך אַ וואַקל געטאָן איז שוין יענער געווען אויף דער אַנדערער זייט טיר.

## עפּילאָג

ניין און ניין — נישט ווי אין די מעשה־ביכלעך. עס האָבן געדויערט חדשים, ביז שמחה האָט באַקומען אַ געשריבן וואָרט פון זיינע צוויי נחת׳ן. איבער דער צייט זיינען אים די האָר אויסגעקראָכן פון קאָפּ. וועגן וויקטאָרן האָט מען זיך דערציילט גבורות. ער איז נאָך אין דער אַרמיי געווען אַ גוטער פליער און איצט איז ער געפלויגן מיט אַ קליינער מאַשינקע ווי אַ טיוול. מען האָט אים צוגעשיקט אַ פאָטאָגראַפיע אין אַ בלאַט און דאָרט איז געווען געשריבן, אַז דער יינג איז זיי דאָרט צוגעשיקט געוואָרן ווי פון הימל. ער האָט קוים אָפּגעזוכט דעם ייד מיט דער באָרד, וואָס האָט עס אים איבערגעלייענט מיט גרויסע צרות... אַ לשון זיי האָבן דאָס צוגעקלערט! די מויד האָט זיך געוואַלגערט אין שפּיטאָלן, געוואַשן העמדער און געלייגט באַנדאַזשן. נאָר שמחה האָט עס געמוזט הערן פון אַנדערע. האָט ער איינמאָל אַ קוש געטאָן די מזוזה, אַרומגענומען דאָס ווייב, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גאַנצער צדיקת אויב זי האָט פון אים אויסגעהאַלטן — און ער איז אַוועק נעמען אַ וויזע.

מילאָ, ביז ער איז געפאָרן איז אָפּגעלאָפן אַ קנאַקעדיק יאָר. וואָס איז ער געלאָפן אַזוי פרי? סתם אַזוי. ווייל ער האָט געוואָלט זען, צי ס׳איז טאַקע דאָ אַ יידישער קאָנסול. אויפגענומען האָט מען אים גאַנץ פיין. דער יינגערמאַן מיטן טשין פון קאָנסול איז דווקא געווען אַ ייד מיט פרומע אויגן. שמחה האָט אים געוויזן דאָס שטיקל בלאַט מיטן זונס פאָטאָגראַפיע און יענער האָט באַלד געלייגט אַ סטעמפּל. דערנאָך האָבן עס געמוזט זען אַלע מיידלעך וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט. זאָלן זיי כאַטש וויסן, אַז שמחה קומט נישט גלאַט אַזוי אָנקוקן דאָס בייזע וואונדער. ערשט שפּעטער האָט ער געמוזט אַרומגיין איבער אַלע יידישע רעסטאָראַנען, ווייזן יעדן איינעם: האַ, ס׳איז אפשר וועלוולס ליאַלקע? שמחה׳ס קינדער לאָזן נישט דאָס יידישע פאָלק אויף הפקר... האָט געדויערט, ביז ער האָט זיך מיטן גאַנצן עסק אָנגעזעטיקט.

ווען ער איז אָנגעקומען קיין ישראל, האָט זיך שוין דאָרט גערוישט מיט אַ נאָרמאַלן יריד — ווי אויפן פּלעצל. רעזשין האָט שוין געהאַט אַן אייגן מיידעלע — די מאַמע אויסן אויג. דווקא נישט מיט זאב׳ן. יענער איז געפלויגן אין די הימלען און זי האָט זיך דערווייל גאָר באַקענט מיט אַ בחור פון אַרגענטינע. ווי דער גלגול קומט קאַפּויער! נאָר שמחה׳ס ווייב האָט זיך שוין אָנגעפרעגט ביי דער רחלען און יענע האָט נישט געהאַט קיין ווערטער: סאַמעט און זייד... איז זי שוין געבליבן אין אַ קיבוץ און געהאָרעוועט צוזאַמען מיטן מאַן. שמחה אַליין האָט שוין דווקאָ געוואָלט נעמען דאָס ביסל קלינגערס און זיך

דאָרט באַזעצן. ער קען גאָר פאַרקויפן די גאַנצע פאַבריק און אַוועק־שטעלן אַ געשעפטל — די וועלט זאָל קלינגען. איז אָבער נישט באַשערט געווען. יידן זיינען נעבעך געווען אויסגעהונגערט, צוגעפאַלן צו יעדער ברעקל וואָס די אויגן האָבן געזען און ווידער געזוכט פּרנסה אין אַלע לעכער. שמחה האָט געוואָלט אָנטרעפן בלויזע פּרינצן, וואָס שטייען כסדר מיטן געווער אין דער האַנט און די גויים ציטערן. אויב זיי האָבן אַביסל צייט — זיצן זיי און לערנען תורה. האָט ער אָבער אָנגעטראָפן יידן אַזויווי אויפן בעלוויל. ס׳זאָל נישט אויסגערעדט זיין, האָבן אים אָפּגעשטעלט עטלעכע יידן אין ירושלים און געבעטן אַ נדבה. יידן מיט צעפלויגענע פּאָלעס האָבן אָפּגעשלאָגן די טיר פון זיין האָטעל און געוואָלט קויפן וואָס דאָס מויל רופט אָן. עס איז ביי זיי אפילו רעכט געווען אָפּצוקויפן ביי אים די פּאָר פראַנצויזישע פראַנק און די נייע שליאַפּע... אַז מען שמועסט פּרנסה... די דאגה וועסטו מיט קיין העלדישקייטן נישט פאַרטרייבן.

מיט איין ייד איז ער שוין דווקא געווען אויף אַ וועג. יענער האָט זיך געקענט מיט אַלע קנעפּלעך און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך דאָ דאַרף מען זיך מיט זיי קענען. איז ער אָפּגעלעגן ביי אים גאַנצע טעג, געמאָלן מיט ווערטער און יעדע מינוט גרייט געווען אונטערצושרייבן אַ קאָנטראַקט. נאָר דערוויל האָט שמחה געעפנט די וואַליזע און יענער האָט דערזען די זיידענע העמדער... מער האָט מען נישט באַדאַרפט. אַלץ איז פאַר אים געווען אַ קרן: די סקאַרפּעטן, די גאַטקעלעך פון ניילאָן, די העמדער... שמחה׳ן האָט זיך אויס־געוויזן, אַז אָט באַלד לאָזט ער אים ביים לעצטן העמד — נאָך איידער ער גייט מיט אים אין מסחר. איז גאָרנישט געוואָרן... צוליב עטלעכע פּאָר נאַרישע סקאַרפּעטן!

זיין וויקטאָר האָט אים דווקא אויסגערעדט: ווער הייסט אים קריכן צווישן נאַש בראַט פון תל אביב? ער האָט אים געוואָלט פירן איבער די זאַמדן, וואו יידן שטייען און באַגיסן זיך מיט שווייס און מיט פרייד. ער האָט אים געוואָלט וויזן די שיינע קיבוצים, די אַרבעט־טער אויף די מויערן און אין די פאַבריקן. אָבער וואָס קען עס העלפן שמחה׳ן? ער וועט זיך שוין סיווי מוזן אויסלעבן מיט זיינע יידן — און דערוויל גייט עס נישט. קען ער בלויז גיין און טאַנצן איבער די גאַסן פאַר שמחה, נאָר פאָרט מוזן צוריקפאָרן קיין פּאַריז אין זיין קנייפּע אַריין. דאָרטן קען מען כאָטש זיצן און בענקען. ער זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד — האָט ער איינמאָל געמאַכט אַ כוסה אין יפו און עפּעס געשעמט זיך: דאָ האָט עס גאָר קיין טעם נישט געהאַט. עס פּאַסט פאַר פּאַריז. אין ארץ ישראל דאַרפן זיך אַרומדרייען למד־וואָווניקעס... אויב נישט — זאָלן זיי כאָליען וואו זיי זיינען!

אויך מיט וויקטאָרן איז נישט געווען גלאַטיק. ווי נאָר ער האָט

אויסגעטאָן דעם נייעם מונדיר איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ וואַכעדיקייט. נישט ער האָט געקענט דאָס לשון און נישט מען האָט דערקענט אויפן פּנים, אַז ער איז אַזוי פלינק אַרומגעפלויגן אין דער קליינער מאַשינקע. עס האָט אויסגעזען, אַז ער אַליין ווייסט נישט צו וואָס זיך צו נעמען. האָט ער געפּאָנפעט, געשטאַמלט ביז ער האָט אויסגעקרעקט: איצט מוז ער נאָך אַביסל צוריקפאָרן קיין פּאַריז... שמחה וועט אים מער קיין שאלות נישט פרעגן. מסתמא ווייסט ער וואָס ער רעדט. האָבן זיי ביידע זיך אַרויסגעלאָזט צו רעזשינען, זיך אָנגעקושט מיט איר, מיטן קליינעם נפש׳ל און — יאַזדאַ... אויס יום־טוב.

נאָר עפּעס האָט זיך נישט געקלעפּט. דער וויקטאָר איז שוין אויסגעגאַנגען מיט אַ גאַנצן באַטאַליאָן מיידן. נאָר ס׳איז גאָרנישט געוואָרן. ער זאָגט נישט, נאָר שמחה׳ן דאַרף מען דען לייגן אַ פינגער אין מויל? ער פאַרדינט גוט, פּוצט זיך ווי אַ קייסער און גוטע ברידער גייט אויס דאָס חיות נאָך אים. אַזאַ דרך ארץ! ס׳איז דען נישטאָ פאַר וועמען? נאָר דער יינג איז גאָר געוואָרן אײן שטיק טרויער. טיילמאָל ביינאַכט פאַלט ער אַריין אין דער קנייפּע, קריכט אַרויף אין דער הויך, באַטאַפּט די ווענט, די טישן און אָטעמט אַריין די לופט. דערנאָך קומט ער אַראָפּ און זעצט זיך אַוועק נעבן טאַטן. שמחה זאָגט גאָרנישט און יענער שווייגט. גייט אַזוי אַוועק אַ שעה און צוויי. עס ליגט אים עפּעס אויפן האַרץ, נאָר ער זאָגט גאָרנישט. ער קוקט בלויז צו דער טיר, צום אָפּגעכוימלטן בעלוויל און זיינע אויגן טראָגן זיך פאָרט אַוועק ווייטער און ווייטער. ביז ער האָט טיילמאָל איבער מיט אַ פראַגע: מען וועט מיך נאָך דאַרפן דאָרט, טאַטע?

אַהאַ, ער האָט נאָך אַלץ מורא זיך אַוועקצוזעצן, אַריינצונעמען אַ ווייב אין שטוב אַריין און ברענגען אַ פּאָר קינדער — טאָמער וועט מען אים דאַרפן...

און אַז ער וועט פאָרן אַהין, ווי נאָר מען וועט אַ רוף טאָן, איז שוין ביי שמחה׳ן געוועזן קלאָר ווי דער טאָג.

פּאַריז, 1950.

## ביכער פון זעלבן מחבר:

**צו אייך ברידער און שוועסטער באַפרייטע**

פאַרלאַג ציקאָ..........................ניו־יאָרק, 1945

**אין אַ פרעמדן דור, לידער און פּאָעמען**

פאַרלאַג פאָלקספאַרבאַנד.......................פּאַריז, 1947

**מיידאַנעק**

פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום"............אַרגענטינע, 1947

**די ערשטע ליבע פון קאָפּל מאַטש, ראָמאַן**

פאַרלאַג פאָלקספאַרבאַנד.......................פּאַריז, 1948

**אין די פאַבריקן פון טויט**

פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום"............אַרגענטינע, 1948

**ווערק צע, צוויי בענדער**

פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום"............אַרגענטינע, 1950

**גורלות, צוויי בענדער**

פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום"............אַרגענטינע, 1952

**געאָרעמט מיטן ווינט, היסטאָרישער ראָמאַן**

פאַרלאַג „דאָס פּוילישע יידנטום"............אַרגענטינע, 1955

**גרות שדעכו**

„עם עובד"............................תל־אביב, תש"ח